# היימלאנד

ליטעראריש־קינסטלערישער
אלמאנאך

ארגאן פונעם פאריין סאוועטישע
שרייבער פון פססר

3

בוך

יאנואר—פעווראל

אָגיז ★ מעלוכע־פארלאג „דער עמעס" מאָסקווע ★ 1948

## מיט 30 יאָר צוריק האָבנ לענינ און סטאַלינ געשאַפנ די סאָוועטישע אַרמײ



„איר גאַנצע געשיכטע איז א לעבעדיקער בײַשפּיל פונ העראָיזמ, פונ דינענ מעסיראָס־נעפעשדיק דעמ היימלאַנד און פונ העלדנמוטיקנ אויספילנ דעמ מיליטערישנ כויוו. דאָס האָט מיט א באַזונדער בולטקײַט זיכ אַרויסגעוויזנ אינ די מערקווירדיקע ניצחוינעס, וואָס די סאָוועטישע אַרמײ האָט אָפּגעהאַלטנ אינ דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. דאָס היימלאַנד וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסנ די העראָישע אופטועונ פונ זײַנ אַרמײ".

(סטאַלינ).

צוויי מאָל העלד פון סאָוועטן־פארבאנד גווארדיע פּאָלקאָווניק

דאָוויד דראגונסקי

---

# סאָוועטישע טאנקיסטן

(זיכרוינעס)

איך דערמאָן זיך די ערשטע שווערע כאראָשים פונעם ערשטן מילכאָמע־יאָר.

מיר געפינען זיך צאָפּנדיקער פון סמאָלענסק, און דאָס ערשטע מאָל פיר איך מײַן טאנקען־באטאליאָן קעגן דעם דײַטש. דער סוינע איז אין צאָל פיר—פינף מאָל שטארקער פון אונדז. אין מעשעך פונעם טאָג האָבן די היטלערישע טאנקען זיבן מאָל זיך געלאָזן אין אטאקע און אלעמאָל האָבן מיר זיי געצוווּנגען אָפּצוטרעטן צוריק.

אין אונדזערע רייען זײַנען שוין פאראַן פארלוסטן. טקאטשאָוו, דער קאָמיסאר פון מײַן באטאליאָן, א געוועזענער לאָקאָמאָטיוו־מאשיניסט, האָט מיט דרײַ טאנקען זיך געפונען אפן רעכטן פלאנג און האָט בוכשטעבלעך אײַנגעהאלטן א שטראָם דײַטשישע טאנקען. צוויי שאָ נאָכאנאנד האָט טקאטשאָוו געפירט דעם געראנגל. זײַן טאנק האָט זיך אָנגעצונדן. אָבער דער קאָמיסאר האָט ניט פארלאָזט די ברענענדיקע מאשין און האָט מיט די לעצטע קויכעס פאָרגעזעצט שיסן. אין די לעצטע מינוטן פון זײַן לעבן האָט ער נאָך באוויזן אונטערצוקלאפּן א דײַטשישן טאנק. נאָך איינער פון מײַנע אָפיצערן, איוואן מאָסקאליאָוו, קאָמאנדיר פון א טאנקען־ראָטע, אגעוו, א געבוירענער פון סמאָלענסק, וואָס האָט זיך איצט געשלאָגן אף דער ערד פון זײַן געבורטס־שטאָט, איז שווער פארוווּנדעט געוואָרן.

שוין אין דער ערשטער שלאכט האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן פארניכטן דרײַ דײַטשישע טאנקען. אין די קורצע מינוטן פון צײַטווײַליקן שטילשטאנד האָבן די שלאכט־לײַט און קאָמאנדירן פון מײַן באטאליאָן ארומגערינגלט די צעקלאפּטע מאשינעס. איך שטויסט זיך דאָך אָן, מינאסטאמ, מיט וואָס פאר א פרייד מיר האָבן באקוקט די דרײַ קופּעס מעטאל־ברוך... דער פארוווּנדעטער מאָסקאליאָוו, אַן ארומגעברענטער און א פארבאנדאזשירטער, האָט מונטער ארויסגערעדט:

— נישקאָשע, פרײַנט מײַנע! ס'וועט נאָך קומען א צײַט, ווען הונדערטער דײַטשישע טאנקען וועלן פלאקערן אף די גאסן פון בערלין...

דאָס איז געווען דעם 23־טן יול 1941!

און אָט פארלויפן פיר און פערציק כאראָשים.

ווידעראמאָל דער 23־טער...

ביים די בלוטיקע שלאכטן פון סאָף ווינטער 1945 באם טײַך אָדער, בין איך שטארק פארוווּנדעט געוואָרן. איך האָב דאן אָנגעפירט מיט א טאנקען־בריגאדע, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „גווארדייִשע וואסילקאָווער”. און וואָס אף איר פאָן האָבן שוין געפינקלט דרײַ שלאכט־אָרדענס: רויטע פאָן, סוואָראָוו און באָגדאן כמעלניצקי.

ליגנדיק אין שפּיטאָל, איז פאר מיר קלאָר געוואָרן, אז אין מעשעך פונעם נאָענטן כוידעש — אָנדערהאלבן וועלן מיר, אָן ספק, ענדגילטיק צעקלאפּן די היטלערישע ארמייען, עס וועט אָנקומען דער לאנג־געגארטער טאָג — דער טאָג פון ניצאָכן. און איך בין דעמלט געקומען צום אויספיר, אז פאר א מענטשן, וואָס נעמט אָנטייל אין דער מילכאָמע פון די סאמע ערשטע וואָכן אָן, וועלכער האָט איבערגעלעבט די ביטערע לײַדן פון אונדזער צײַטווײַליקן צוריקמארש און דערנאָך געהאט דאָס גרויסע גליק זיך באטייליקן אין פילצאָליקע זיגרײַכע אָנגריפן, פאר א מענטשן, וועלכער איז אפן פראָנט פינף מאָל פארוווּנדעט געוואָרן און אין דער היים, אינעם שטעטל סוויאטסק, אין געטאָ, פארלוירן זײַן גאנצע מישפּאָכע — פאר אזא מענטשן זיך

געפֿינען אין דער סאַמע אַנטשיידענער צײַט ערגעץ אין הינטערלאַנד, זיך היילן און אָפּרוען — איז פּראָסט אַ כאַרפּע.

איך האָב געפֿאָדערט, מע זאָל מיך אויסשרײַבן פֿון שפּיטאָל, און מיטן ערשטן צוג אָפּגעפֿאָרן קיין מאָסקווע. פֿון מאָסקווע צום פֿראָנט האָב איך זיך שוין געטראָגן אויף אַ „ווילים". עמעס, די ווונדן האָבן זיך נאָך היפּש געלאָזט פֿילן, באַזונדערס, ווען די מאַשין פֿלעגט אונטערשפּרינגען אויף די כאָרעווע וועגן. אויסער דעם איז ניט אַלץ געגאַנגען גלאַט. אַשטייגער, אין איין אָרט אין פּוילן באַם ווײַסל זײַנען די בריקן געווען אופגעריסן, בלויז דער באַן־בריק איז געווען גאַנץ. אָבער איבער אַזאַ בריק, ווו עס ציִען זיך רעלסן, איז דורכפֿאָרן אויף אַן אויטאָ־מאַשין אוממעגלעך. צוהילף זײַנען געקומען די פּוילישע אײַזנבאַנער: זיי האָבן צונויפגעפעסטיקט צוויי פּראַכט־פּלאַטפֿאָרמעס, אַרופגעשטעלט אויף זיי מײַן „ווילים" צוזאַמען מיט מיר און מײַן שאָפֿער, צוגעטשעפּעט צו די פּלאַטפֿאָרמעס אַ דרעזינע און אויף אַזאַ אופֿן מיך אַריבערגעפֿעקלט אויפֿן צווייטן ברעג פֿון ווײַסל.

ענדלעך האָב איך זיך דערקליבן צו מײַן בריגאַדע אויף די פֿאָדערשטע פּאָזיציעס. צום אַלעם ערשטן האָב איך זיך געמעלדעט צו מײַן קאָמאַנדיר — גענעראַל־פּאָלקאָווניק (איצט מאַרשאַל) פּאַוועל ריבאַלקאָ. זײַן שטאַב האָט זיך געפֿונען אויף די וועגן צום סוינעם הויפּטשטאָט, דאָרעמדיקער פֿונעם טעלטאָוו־קאַנאַל. אין צימער באַם קאָמאַנדיר האָב איך געטראָפֿן די רומפֿולע קריגספֿירער: דעם גענעראַל־פּאָלקאָווניק גאַליצקי, די גענעראַלן מיטראָפֿאַנאָוו, נאָוויקאָוו, סוכאָוו. קענטיק, אַקאָרשט האָט זיך פֿאַרענדיקט אַ וויכטיקע מיליטערישע באַראַטונג. אויף מײַן ראַפּאָרט, אַז איך בין אָנגעקומען אין זײַן רעשות, האָט ריבאַלקאָ געענטפֿערט מיט אַ לאַקאָנישער פֿראַזע:

— מאָרגן דאַרפֿט איר זײַן מיט אײַער בריגאַדע אין בערלין!

דאָס איז געזאָגט געוואָרן דעם 23־טן אַפּריל 1945, פּונקט אין 45 כאָדאָשים אַרום נאָך יענער ערשטער שלאַכט צאָפֿנדיקער פֿון סמאָלענסק.

מער האָט ריבאַלקאָ קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. איך האָב אָבער גוט געוווּסט דעם ווערט פֿון דעם קורצן באַפֿעל. העכער צוויי יאָר ווי די עקיפּאַזשן פֿון מײַן גוואַרדייִשן טאַנקען־טייל, אַלע שלאַכט־לײַט און אָפֿיצערן קאָנען דעם טאַלאַנטפֿולן קאָמאַנדיר. אונטער זײַן אָנפֿירונג האָבן מיר זיך באַטייליקט אין דער באַפֿרײַונג פֿון כאַרקאָוו און קיִעוו, בערדיטשעוו און לוואָוו, וואַסילקאָוו און פּאַוואָלאָטש, טשענסטאָכאָוו און קאַטאָוויץ, פֿאָרסירט דעם דניעפּער, די ווײַסל, דעם אָדער און פֿיל אַנדערע טײַכן.

מײַנע צוריקערן זיך אין טייל איז גראָד צונויפגעפֿאַלן מיטן דורכברײַס פֿון גענעראַל ריבאַלקאָס טאַנקען אויפֿן טײַך נייסע. אַן אָפּשטעל, ווי אַן עכטע לאַווע, האָבן זיך געטראָגן אונדזערע טאַנקען צו דער דײַטשישער הויפּטשטאָט, דערלאַנגט דעם סוינע פֿאַרניכטנדיקע קלעפּ פֿון דאָרעם און פֿון מײַרעוו.

דעם זעלבן טאָג אין אָוונט איז מײַן טאַנקען־בריגאַדע באַשטימט געוואָרן אַלס אַוואַנגאַרד־אָטריאַד פֿון אונדזערע אָנגרײַפֿנדיקע טאַנקען־קרעפֿטן. מיר האָבן פֿאַרנומען דעם נייטיקן אויסגאַנג־פּונקט אויפֿן דאָרעמדיקן ברעג פֿונעם טעלטאָוו־קאַנאַל.

ווי נאָר עס האָט אַ שאַרײַע געטאָן אויף טאָג, האָבן „דאָס וואָרט באַקומען" אונדזערע האַרמאַטן און „קאַטיושעס". די אומופּהערלעכע קאַנאָנאַדע פֿון דער אַרטילעריע אויף דער ערד און דאָס פֿײַער פֿון אונדזער אַוויִאַציע פֿון דער לופֿטן האָט פֿאַר אונדז, סאָוועטישע סאָלדאַטן, געקלונגען, ווי אַ הערלעכע סימפֿאָניע. דאָס האָבן אונדזערע „באַאַרבעט" די דאָרעמדיקע פֿאָרשטעט פֿון בערלין.

ענדלעך איז די ריי דערגאַנגען צו אונדז, טאַנקיסטן.

דער סוינע האָט אַרויסגעוויזן אַ פֿאַרביטערטן ווידערשטאַנד. אַלע בריקן זײַנען געווען אופגעריסן. ער האָט אויסגענוצט יעדעם קוסטל, יעדע קלענסטע מעגלעכקײַט עטוואָס זיך צו פֿאַרהאַלטן. אונדזערע אויטאָמאַטלער איז אויסגעקומען שווימען אויף אָנגעבלאָזענע גומענע שיפֿלעך, אויף ברעטלעך, אויף אַראָפּגענומענע טירן, אויף פֿעסלעך — אויף וואָס ניט! אַבי זיך אַריבערקלײַבן אויפֿן צאָפֿנדיקן ברעג פֿונעם קאַנאַל.

„זיך אַריבערקלײַבן"... ס'איז גרינג צו זאָגן! די ווענט פֿונעם קאַנאַל זײַנען געווען ווערטיקאַלע, בעטאָנירטע. קריך, בוכשטעבלעך, אויף די גלײַכע ווענט. פֿאָרסירן דעם קאַנאַל איז געווען אוממעגלעך. די צײַטווײַליקע בריקן, וועלכע אונדזערע האָבן באַנאַכט אופגעבויט, זײַנען גאָר אינגיכן פֿאַרניכטעט געוואָרן פֿון דעם סוינעם אַרטילעריע. דער סוינע האָט אויף דעם באַצירק קאָנצענטרירט אַזאַ אוראַגאַן־פֿײַער, אַז דאָס וואַסער אין קאַנאַל האָט, דאַכט זיך, געזאָדן. ס'איז אָבער ניטאָ אַזאַ קויעך, וואָס זאָל פֿאַרהאַלטן דעם ווילן און העלדנמוט פֿונעם סאָוועטישן שלאַכט־מאַן! בלויז די ראָטע פֿונעם לייטענאַנט בעזסאָנאָוו האָט אין מעשעך פֿונעם טאָג אָפּגעשלאָגן זיבן קאָנטראַטאַקעס. שפּאַן נאָך שפּאַן, מעטער נאָך מעטער האָט די ראָטע פֿאַרכאַפּט אַ קליינעם פּלאַצדאַרם אויפֿן צאָפֿן־ברעג פֿונעם קאַנאַל. די דײַטשן האָבן געמאַכט אומגעהייערע אָנשטרענגונגען אַראָפּצוואַרפֿן דאָס סאָוועטישע מיליטער אין וואַסער אַרײַן, נאָר צו פֿאַרנאַכט צו האָבן אונדזערע אויטאָמאַטלער זיך פֿאַרפֿעסטיקט אויפֿן צווייטן ברעג און דאָרט פֿאַרזיכערט אַ פֿעסטן פּלאַצדאַרם.

מיר האָבן ניט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, ווי

די סאַפּיאָרן האָבן שוין אופגעשטעלט עפּעס אַן אַנדײַט פון א בריק און מײַנע טאַנקען האָבן זיך אריבערגעקליבן אפן צווייטן ברעג.

מיר, טאַנקיסטן פון ריבאַלקאָס פאַרייניקונג פונעם ערשטן אוקראַיִנישן פראָנט, האָבן געהאַט אַן אופגאַבע: דורכלייגן א וועג פאַר די איבעריקע טיילן פון דער פאַראײַניקונג, קעדיי ניכער זיך פאַרייניקן מיט די טיילן פונעם ערשטן ווײַסרוסישן פראָנט. דעריבער, ווי נאָר מײַן בריגאַדע האָט זיך אריבערגעקליבן אפן צווייטן ברעג פונעם קאַנאַל, האָבן מיר אָן אָפּשטעל זיך געלאָזט פאָרויס פאַרפאָלגן דעם אָפּטרעטנדיקן סוינע.

ווי געזאָגט, איז מײַן בריגאַדע געגאַנגען אין אוואַנגאַרד. זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, אַזוי צו זאָגן, דעם שאַרפשפּיץ פונעם קלין, וואָס מיר האָבן אַרײַנגעהאַקט דעם סוינע אין סאַמע האַרץ. דעם אוואַנגאַרד־אָטריאַד קומט שטענדיק אויס אופצונעמען די ערשטע און סאַמע שווערע קלעפּ. און וואָס איז דאָ צו לייקענען: דער סוינע האָט בלוטיק און האַרטנעקיק זיך געשלאָגן פאַר יעדן שפּאַן ערד. אין אַזעלכע פאַרביטערטע שלאַכטן האָבן מיר אײַנגענומען די בערלינער פאָרשטעט ליכטענפעלד און צעלענדאָרף. בלויז באַם צײַטווײַליקן בריק איבער דער אָזערע קרומע־לאַנקע האָט זיך אים אײַנגעגעבן אונדז עטוואָס פאַרהאַלטן.

אָבער טאַקע ניט מער, ווי עטוואָס. די האַרמאַטן און קוילנוואַרפער פון אונדזערע טאַנקען האָבן אויך אַפּ דעם באַצירק אָפּגעוואָרפן דעם סוינע, און די קרומע־לאַנקע איז פאַרבליבן הינטער אונדז.

מיר האָבן איבערגעשניטן די אויטאָסטראַדע בערלין—פּאָטסדאַם.

לויטן אָנגעמערקטן פּלאַן האָבן מיר א קערעווע געטאָן א ביסל אַן א זײַט, אַפּ מײַרעוו. מיר זײַנען אַרײַנגעפאָרן אינעם באַדײַטנדיקן בערלינער וואַלד־מאַסיוו. אין וואַלד־באַדינגונגען איז, נאַטירלעך, די מאַנעווריר־מעגלעכקײַט פון טאַנקען שטאַרק געפּענטעט. אויסער דעם איז לינקס פונעם וואַלד געלעגן די גרויסע אָזערע האַפעל, רעכטס—די מײַרעוודיקע פאָרשטאָט פון בערלין. די דײַטשן האָבן דאָס אַלץ דיסקאָנטירט און האָבן געוואָרפן קעגן אונדז אויטאָמאַטלער און פאַוסט־פּאַטראָן־שיסער. זיי האָבן געשאָסן אין אונדז פון די ביימער און פון הינטער די ביימער. מיר זײַנען אָבער קיין באַלכויוועס ניט פאַרבליבן. פון די קלעפּ פון אונדזערע טאַנקען האָט זיך דער וואַלד מאַמעש געטרייסלט. נאָכן אָפּרייניקן דעם וואַלד האָבן מיר דעם וועג באַשאָטן מיט פײַער און שטאָל. הויז נאָך הויז, ראָג נאָך ראָג איז אויסגעקומען אײַנצונעמען, קעדיי רוקן זיך פאָרויס.

און אָט איז מײַן גוואַרדייִשע טאַנקען־בריגאַדע אַפן רײַכ־ספּאָרט־פעלד — דעם צענטראַלן בערלינער סטאַדיאָן, וווּ די פאַשיסטן פלעגן דורכפירן זייערע ספּאָרט־אָלימפּיאַדעס, וווּ צוועלף יאָר נאָכאנאנד האָט דער אָבער־באַנדיט היטלער געגרייט זײַנע מערדערישע האָרדעס, וועלכע האָבן אונדזער לאַנד און פאָלק געבראַכט אַזויפיל לייד און אומגליק.

אָבער דער סאַמע פריידיקער און גליקלעכער טאָג פאַר די שלאַכט־לײַט און אָפיצערן פון מײַן בריגאַדע איז אויסגעפאַלן דעם 28־טן אַפּרעל. דעם דאָזיקן טאָג, צען אַזייגער אינדערפרי, האָט דאָס מיליטער פון אונדזערע צוויי פראָנטן פאַרשלאָסן באַם טײַך שפּרע דעם אינערלעכן רינג אַרום דער דײַטשישער הויפּט־שטאָט. אין ראַיאָן פונעם בערלינער היפּאָדראָם האָבן זיך פאַרייניקט די טאַנקען פונעם מאַרשאַל ריבאַלקאָ (1־טער אוקראַיִנישער פראָנט) מיט די טאַנקען פונעם מאַרשאַל באָגדאַנאָוו (1־טער ווײַסרוסישער פראָנט).

מײַן בריגאַדע, וועלכע איז געגאַנגען אין אוואַנגאַרד פון ריבאַלקאָס טאַנקען־קרעפטן, איז אויסגעפאַלן די גרויסע ערע און דאָס גרויסע גליק די ערשטע זיך צו פאַרייניקן מיט דער מעכאַניזירטער בריגאַדע פון גענעראַל־לייטענאַנט קריוואָשייִנס קאָרפּוס — ערשטער ווײַסרוסישער פראָנט.

און דאָ האָב איך דאָס ערשטע מאָל אין לעבן דערפילט, וואָס זײַנען אַזוינס טרערן פון פרייד. יאָ, דערוואַקסענע מענטשן, קאָמאַנדירן און סאָלדאַטן, וואָס האָבן אין מעשעך פון דער מילכאָמע אַזויפיל מאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגן, האָבן איצטער געוויינט און איינער דעם אַנדערן געהאַלדזט און געקושט.

אַצינד האָבן אונדזערע הויפּט־קויכעס א קערעווע געטאָן צום צענטער פון דער דײַטשישער הויפּטשטאָט. עס האָבן זיך פאַרבונדן שאַרפע גאַסן־שלאַכטן. פילנדיק דעם עלנבויגן פון די טאַנקיסטן פונעם ערשטן ווײַסרוסישן פראָנט, האָבן מיר אָפּגערייניקט א הויז נאָך א הויז, א קוואַרטאַל נאָך א קוואַרטאַל, צוזאַמען מיט זיי פאַרגעזעצט פאַרניכטן דעם בערלינער גאַרניזאָן. די היפּשע רעשטלעך פונעם דעמאָראַליזירטן דײַטשישן מיליטער האָבן אַוועקגעלייגט דאָס געווער און אופגעהויבן די הענט.

אפן רייכסטאַג האָט זיך צעפלאַטערט אונדזער פאָן פון ניצאָכן!

מידע און פאַרמאַטערטע פון די אומופהערלעכע שווערע שלאַכטן אין מעשעך פון די לעצטע נײַן מעסלעס, זײַנען מיר, דעם צווייטן מײַ אין אָוונט, געשטאַנען באַ די ראַדיִאָ־רופּערס און מיט א פאַרהאַלטענעם אָטעם געהערט דעם באַפעל פונעם גרויסן סטאַלין: די טיילן פון דער רויטער אַרמיי האָבן פולקום אײַנגענומען די דײַטשישע הויפּטשטאָט בערלין!

אונדזער יובל, אונדזער פרייד האָט ניט געהאַט קיין גרענעצ.

מעקוייעם געוואָרן איז אַלץ, וואָס אונדזער פאָטער און פירער סטאַלין האָט פאָרויסגעזען און פאָרויסגעזאָגט.

דעם טרוים, וואָס מיר אַלע האָבן אויסגעטראָגן אַפּ די פעלדער פון סמאָלענשטשינע,

אינ די טיפע שנייענ פונ קאַלינינער געגנט, אינ די רעגנס אונ פרעסט הינטער מאָסקווע, אַפּ די פאַרווישטע סטעפּעס פונ אוקראַינע — אַט דעם טרוים האָבנ מיר דערלעבט צו זענ אַפּ דער וואָר: דער פאַשיסטישער בערלינ איז געלעגנ אינ אַש אונ אינ שטויב.

פאַר איר אָנטייל נעמענ אינ שטורעמענ בערלינ, האָט די טאַנקענ־בריגאַדע, מיט וועלכער איכ האָב אָנגעפירט, באַקומענ די העכסטע באַלוינונג פונעם פאָלק — א לענינ־אָרדענ.

* * *

ווי אינ א טראָפּנ וואַסער שפּיגלט זיכ אָפּ די זונ, אַזוי האָט דער מענטשנ־באַשטאַנד פונ יעדער סאָוועטישער מיליטער־טייל אונ אויכ פונ מײַנ בריגאַדע אָפּגעשפּיגלט אינ זיכ די גרויסע פעלקער־פרײַנטשאַפט פונ אונדזער מעכטיקנ היימלאַנד. מיט וואָס פאַר א פרייד האָט אויפגענומענ, אַשטייגער, דער סיביריאַק פּאַוויל די ידיעה וועגנ דער באַלוינונג פונעם גרוזינער גאַזאָשווילי! ווי טיפ איז געווענ דער טרויער פונעם אוקראַינער טינדראַ, ווענ אינ שלאַכט איז געפאַלנ דער ייִד סאַמוילאָוויטש!

סערזשאַנט ליסונאָוו. ער איז געווענ אַנ אוקראַינער. אַפּ מילכאָמע איז ער אַוועק פרײַוויליק, באַלד נאָכנ ענדיקנ די צעניאָריקע שול. אַט דאָס מיטלווּקסיק בלאָנד באָכערל איז געווענ אַנ אויסשפּירער. זײַנ קאַלטבלוטיקײַט, זײַנע קלוגע האַמצאָעס אינ אויסשפּיר האָט אונדז שטענדיק איבעראַשט. אָבער די עמעסע געשטאַלט פונעם העלדישנ סערזשאַנט האָט זיכ אַנטפּלעקט אינ די סאַמע לעצטע מילכאָמע־טעג.

אונדזער בריגאַדע האָט אָנגעגריפנ אַפּ דער בערלינער פאָרשטאָט צעלענדאָרפ. די דײַטשנ האָבנ אויפגעבויט אָנ א שיר דאָטנ אונ אַרויסגעוויזנ א שטאַרקנ ווידערשטאַנד. באַזונדערס האָט אונדז געשטערט איינער א דאָט, וואָס האָט געשטאַרצט אַפּנ סאַמע וועג. אַרומגיינ אים איז געווענ אוממעגלעכ: פונ ליינקס — א טײַכ, פונ רעכטס — מויערנ. דער סערזשאַנט ליסונאָוו האָט, פּויזענדיק אַפּנ בויכ, זיכ דערקליבנ צו דער הינטערשטער וואַנט פונעם דאָט. וואָס איז דאָרט פאָרגעקומענ ווײַטער — איז שווער צו זאָגנ. נאָר פּלוצעם איז דער דײַטשישער קעגנ־טאַנקענ־האַרמאַט שטום געוואָרנ. אונדזערע טאַנקענ האָבנ באַקומענ א פרײַענ וועג. מיר האָבנ זיכ א ריס געטאָנ פאָרויס. דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבנ דערזענ — דרײַ דערהאַרגעטע דײַטשנ אונ דעם סערזשאַנט ליסונאָוו, וואָס איז געלעגנ אויסגעצויגנ אַפּ דער ערד אונ מיט ביידע הענט געהאַלטנ פעסט אַרומגעכאַפּט דעם שלאָס פונעם דײַטשישנ האַרמאַט. אונדזער העלדנמוטיקער ליסונאָוו איז געווענ טויט. ערע זײַנ אָנדענק!

סאַשע טינדראַ איז געווענ אויכ אַנ אוקראַינער אונ אויכ אַנ אויסשפּירער. צוזאַמענ מיט ליסונאָוונ, נאָוויקאָוונ אונ לייטענאַנט סעראַזשימאָוונ איז ער אָפּט געגאַנגענ אינ אויסשפּיר. די ידיעות, וועלכע זיי פלעגנ ברענגענ, האָבנ שטענדיק געהאָלפנ דערפאָלגרײַכ דורכצופירנ די אָנגעמערקטע אָפּעראַציע.

איינמאָל — דאָס איז געווענ ביים אונדזער באַפרײַונג־מאַרש אינ פּוילנ — האָט דער פירלינג זיכ אַרײַנגעריסנ אַפּ א טאַנק אינעם שטעטל סטאַשאָוו, אַרויסגעפאָרנ אַפּנ מאַרקפּלאַץ אונ אויפגעהאַנגענ אַפּ דער ראַטושע א רויטע פאָנ. דער שטאַלטנער, בראַווער סערזשאַנט טינדראַ האָט אויסגעשריגנ צום פאַרגאַפטנ עולם אַפּנ מאַרק:

— אייביק וועלנ מיר זיכ אומקערנ!.. וואַרט אַפּ אונדז!

זיי האָבנ פאַרכאַפּט א דײַטשישנ טאַנק, געפאַנגענ אַנ אָפיצער אונ א יעפרייטער אונ בעשאָלעם געקומענ צוריק אינ זייער טייל. די ידיעות, וואָס דער פירלינג האָט דעמאָלט געבראַכט, האָבנ אונדז געהאָלפנ אינ צוויי טעג אַרום אַטאַקירנ סטאַשאָוו, פאַרטיליקנ דעם דײַטשישנ גאַרניזאָנ אונ שוינ אַפּ שטענדיק פאַרפעסטיקנ אונדזער באַפרײַונג־פאָנ אַפּ דער ראַטושע פונעם פּוילישנ שטעטל.

דער אויבנדערמאָנטער טאַנקיסט יאָסיפ סאַמוילאָוויטש איז העלדיש אומגעקומענ אינ די שלאַכטנ פאַר פּוילנ, ביים די אָפּעראַציעס אַפּנ סאַנדאָמירער פּלאַצדאַרם.

— יאָסעלע סאָלאָוויי, — האָב איכ גערופנ אָט דאָס ייִדישע באָכערל.

שטענדיק א לעבנסלוסטיקער, א מונטערער, מיט א לידל, מיט א טענצל. ער איז געווענ נאָכ גאָר יונג. גלײַכ פונ דער שול־באַנק איז ער אַוועק אינ דער טאַנקענ־שול אונ דערנאָכ אַפּנ פראָנט. אָבער ווי נאָר ער האָט פאַרנומענ אינ טאַנק זײַנ שלאַכט־אָרט באַם האַרמאַט, איז ער גאָר איינגיכנ געוואָרנ א דערפאַרענער אונ געוואַגטער שלאַכטמאַנ טאַנקיסט.

סערזשאַנט וואַסילי גאַזאָשווילי, איינער פונ אונדזער רומפולער מישפּאָכע טאַנקיסטנ, איז בא זיכ אינ גרוזיע געווענ א טראַקטאָריסט. אינעם טאַנקענ־עקיפּאַזש האָט דער סערזשאַנט געדינט אַלס טורעמ־שיסער. א בראָכ איז געווענ צו די דײַטשנ, ווענ גאַזאָשווילי פלעג שיקנ פײַער אינ זייער ריכטונג. ניט־איינ צענדליק היטלערישע סאָלדאַטנ אונ אָפיצערנ האָבנ באַקומענ אַנ אָרט אינ דער ערד אַדאַנק סערזשאַנט גאַזאָשווילים פינקטלעכנ אונ טרעפלעכנ שיסנ.

די שלאַכט־לײַט סיביריאַקעס האָבנ אַרויסגעוויזנ אומגעהייערע בײַשפּילנ פונ שרעקלאָזיקײַט אונ העלדנמוט. וועגנ דעם סיביריאַק פּיאָטר פּיאָדאָראָוו וויל איכ עטוואָס דערציילנ.

דאָס ערשטע מאָל אינ זײַנ לעבנ האָט פּיאָדאָראָוו דערזענ א מאַשינ, ווענ ער איז אַלט

געווען 14 יאָר. א מאָרנע מאַשין: זי שלעפט נאָכ זיכ דעמ אקער, די בראָנע, די זייעלקע, אונ דאָס פערצניאָריקע יינגל לערנט זיכ אויס די מעלאָכע פירנ די מאשינ—דעמ טראקטאָר.
אינ פינפ יאָר ארומ גייט ער אוועק פרייוויליק אינ דער ארמיי אונ זעצט זיכ אריבער פונעמ טראקטאָר אפ א טאנק.

מיירעוו־פראָנט. לייטענאנט פיאָדאָראָוו פירט זיינ סובאָפטייל אינ שלאכט. זיינ טאנק פליט ארופ אפ א מינע. דער טורעמ־שיסער איז געפאלנ טויט. דער ראדיסט אונ דער מעכאני־קער־שאָפער זיינענ פארוונדעט. לייטענאנט פיאָדאָראָוו האָט זיי אָפגעשיקט אינ נאָענטסטנ סאניטאר־פונקט, אליינ האָט ער זיכ נאָכ פאר־האלטנ לעבנ דעמ טויטנ כאווער. מיטאמאָל האָט ער דערהערט, מע רעדט אפ אונ אומבא־קאנטער שפראכ: „דייטשנ!“

אינ איינ אויגנבליק האָט ער איינגעטונקט די פינגער אינ נאָכ ניט אָפגעקילטנ בלוט פונעמ טורעמ־שיסער, אויסגעשמירט זיכ דאָס פּאָנעמ, דעמ האלדז אונ געבליבנ אומבאוועג־לעכ ליגנ. פונ הינטער די קוסטעס האָבנ זיכ באוויזנ צוויי דייטשנ. איינער האָט א שטויס געטאָנ פיאָדאָראָוונ מיטנ שטיוול אינ זייט אריינ אונ געזאָגט: „קאפוט!“ די דייטשנ האָבנ זיכ לאנג ניט פארהאלטנ, אונ דער „דערהארגע־טער“ פיאָדאָראָוו האָט עטוואָס אויסגעווארט, ארויסגעצויגנ דעמ רעוואָלווער אונ מיט צוויי טרעפלעכע קוילנ אוועקגעלייגטביידע דייטשנ.

פיאָדאָראָוו באלאנגט צו יענעמ מינ מאנ־קיסטנ, וואָס ווייסנ, אז אפ מילכאָמע זיינענ ניט פאראנ קיינ אויסנאנגלאָזע לאגעס.

וועגנ איינעמ אזא ביישפיל לאָמיר דאָ דער־ציילנ:

דאָס איז געווענ אפ מאָרגנ נאָכנ באפרייענ קיעוו. אויספילנדיק דעמ באפעל פונ דער העכערער קאָמאנדשאפט, האָט מיינ בריגאדע אינ יענעמ טאָג פארנומענ די פאָרשטאָט פונ פאסטאָוו אונ זיכ דורכגעלייגט א וועג אפ דאָ־רעמ־מיירעוו צו פאוואָלאָטש. היטלער האָט אומ יעדער פרייז געוואָלט אומקערנ קיעוו, האָט ער פונ מיירעוו־פראָנט אריבערגעוואָרפנ אהער באדייטנדיקע מיליטער־קרעפטנ אונ גלייכ פונ מאריש זיי געוואָרפנ אינ שלאכט.

אינ יענע טעג האָבנ גענאָסנ שלאקסרעגנס. די נעכט זיינענ געווענ פינצטערע. פיאָדאָראָוו האָט אויסגענוצט די פינצטערניש אונ ארויס־געשיקט אנ אויסשפיר. אינגיכנ האָט פיאָדאָ־ראָוו מיר ראפּאָרטירט, אז סאכאקל עטלעכע קילאָמעטער פונ אונדז שטייענ אפ א ביוואק צוויי באטאליאָנענ פונ א דייטשישנ גרענאדיר־פאָלק. ווי נאָר עס האָט א בליאסק געטאָנ אפ טאָג, האָבנ מיר צעוויקלט די בריגאדע אונ אינ מעשעכ פונ איינ שאָ אָפגעפּארטיקט זיכ מיט היטלערס גרענאדירנ!

צו נייע אזייגער אינדערפרי האָבנ מיר פארנומענ פאוואָלאָטש — א גאָר וויכטיקנ קנופ־פונקט פונ שאָסיי־וועגנ אפ דעמ סוינעמס קאָמוניקאציע־ליניעס. נאָר די דייטשנ האָבנ אלצ פאָרגעזעצט רייסנ זיכ צו קיעוו. זיי האָט זיכ איינגעגעבנ איינ אָרט א רוק טאָנ זיכ פאָרויס. מיינ בריגאדע איז געבליבנ באמ סוי־נע אינ הינטערלאנד, לעערעכ בא 50—60 קי־לאָמעטער פונ דער פראָנט־ליניע.

זיבנ שווערע טעג האָבנ מיר איבערגעלעבט. די פאוואָלאָטשער עפּאָפּיי פארדינט א באזונ־דער קאפיטל. איכ וויל דאָ בלויז דערציילנ וועגנ פיאָטר פיאָדאָראָוונ. לויט זיינ אייגענער איניציאטיוו האָט ער זיכ פארבונדנ מיט די אָרטיקע פארטיזאנער. מיט זייער הילפ האָט ער פעסטגעשטעלט די דיסלאָקאציע פונעמ סוי־נעמס קרעפטנ. מיט דער הילפ פונ די פארטיזא־נער האָבנ מיר אינ ראדיוס פונ פופצנ קילאָ־מעטער אופגעריסנ אלע באנבריקנ אונ וואַ־סער־פּאָמפעס אפ די באנסטאנציעס. אפ אלע וועגנ האָבנ מיר צעשטעלט לויערונג־פונקטנ. איז טאקע קיינ איינ דייטשישער טאנק אָדער־אוטאָ־מאשינ אפ די וועגנ ניט דורכגעגאנגענ.

מיט אונדזער טאנקענ־בריגאדע האָט פיאָ־דאָראָוו דורכגעמאכט דעמ גאנצנ שלאכט־וועג פונ הינטער מאָסקווע ביז פראָג. ער האָט אָנטייל גענומענ אינ באפרייענ יאסנאיא פּאָ־ליאנא אונ קאלוגע, זיכ געשלאָגנ אפנ בריאנ־סקער פראָנט, בא אָריאָל, באמ דניעפּער, באמ נעמענ לוואָוו אונ אזוי ביז איינעמענ בערלינ, ביז באפרייענ די שטאָט פראָג.

פאר די אָפעראציעס באמ טייכ אָדער איז מאיאָר פיאָטר פיאָדאָראָוו באלוינט געוואָרנ מיטנ טיטל העלד פונ סאָוועטנ־פארבאנד.

מיינ טאנקענ־בריגאדע, וואָס האָט געטראָגנ דעמ בעקאָוועדיקנ נאָמענ „גווארדייישע, וואַ־סילקאָווער, פיר מאָל אָרדענטרעגערישע“, האָט געציילט אינ אירע רייענ פערצנ העלדנ פונ סאָוועטנ־פארבאנד, אונ איינער פונ זיי האָט געהאט דאָס גרויסע גליק צו באלוינט ווערנ מיט צוויי גאָלדענע שטערנס.

צווישנ די פערצנ העלדנ פונ סאָוועטנ־פאר־באנד זיינענ געווענ מענטשנ פונ פארשיידענע פעלקער אונ פונ אלע עקנ פונ אונדזער פיל־נאציאָנאלנ היימלאנד. יעדערנ פונ זיי האָט באגייסטערט אינ שלאכט די גרויסע אידיי פונ לענינ אונ סטאלינ!

אָט די אידיי איז אונדז ביי'געשטאנענ אינ די שווערסטע שלאכטנ. זי האָט אונדז שטענ־דיק געוויזנ א וועג צומ ניצאָכנ. באוואָפנט מיט דער גרויסער לעבנסמוטיקער אידיי, וועלנ מיר אויכ ווייטער אָפגעבנ אלע אונדזערע קוי־כעס צו קרעפטיקנ אונדזער העלדישע, אונדזער אומבאזיגבארע, אונדזער באליבטע סאָוועטישע ארמיי.

## א. קושנירָוו

# פון בוך „מילכאָמע“

## די באַכמע פונעם לעבנ

זײַ געבענטשט, דו באַכמע פונעם לעבנ,
ניינ, ניט גרינג האָסטו זיכ מיר געגעבנ,
אָט אזוי פילזײַטיק, פילגעשטאלטיק,
מיט דײַנ דרייסטער נײַקײַט, קלוגער אלטקײַט;
מיט דײַנ מונטערקײַט אונ מיט דײַנ גלויבנ,
וואָס האָט מיכ באוועגט אונ מיכ געהויבנ;
מיט די וועגנ, וואָס כ'האָב אויסגעמאָסטנ,
וואָס פאר מיר זיי אויסגעפלאסטערט האָסט ניט...
אכ, ווי איכ בינ זיי אדורכגעגאנגענ,
ווענ מיט פרייד, אונ ווענ מיט ציינ פארקריצטע,
ווענ מיט ביקס אינ האנט מיט אָנגעשפיצטער —
אָבער קיינמאָל, קיינמאָל אָנ געזאנגענ.

## מארוסיע קאָגוט

ווײַט, ווײַט אונטער היימישער זונ דאָרט
לעבט א מיידל מארוסיע קאָגוט.
איכ ליג אפ שניי דאָ פארוואונדעט,
אונ ס'טריפט פונ מײַנ וואונד איר בלוט.

ערשט צוריק מיט עטלעכע וואָכנ
מע האָט עס אריבערגעגאָסנ מיר,
ווענ איכ בינ געלעגנ צעבראָכנ
פונ שלאכט, וואָס איז דורכ איבער מיר.

אנ אלטינקער דאָקטער דערנעבנ
האָט אינ מיר זיכ אײַנגעקוקט הארב
אונ פלוצלינג א שמייכל געגעבנ —
מײַנ פאָנעם באקומענ האָט פארב.

ווי ריטשקעלעכ פריליגדיק-זוניק
אינ די אייוורים בא מיר — אזוי גוט —
א ווארעמקײַט איז זיכ צערונענ
פונ בלוט דײַנס, מארוסיע קאָגוט.

דערנאָכדעמ דורכ שלאָפ אונ דורכ דויער,
אינ מונטערנ אופוואכ דערפילט:
דײַנ יונגער, זאפטיקער קויעכ
מיט לעבנ אינ מיר זיכ צעשפילט.

פאר אונדזער גערעכטער מילכאָמע
א הארצ מוזטו האָבנ א דרייסטס,
ניט ווייסנדיק מער ווי דײַנ נאָמענ,
איכ האָב דאָס געפילט אזוי הייס,

ווענ ווידער אינ שלאכט כ'בינ געגאנגענ,
אונ ס'האָט צו מײַנ הארצנ דײַנ בלוט
געשטראָמט אונ באמיט זיכ דערלאנגענ
מיט פרישער געוואגטקײַט אונ מוט.

אָ, ברוינער פארשאָלטענער סוינע,
ווי האָט ער גאָר בײַשטיינ געטראכט:
אנטקעגנ פארצווייפאכטנ קויעכ,
מיט וועלכנ מיר גייענ אינ שלאכט.

און מאַקע ניט בײַנעשמאַנען...
מאַרוסיע, איך וואָלט דיר געזאָגט,
ווי ווײַט שוין, ווי ווײַט שוין פֿונדאַנען
דעם סוינע מע טרײַבט און מע יאָגט.

נאָר מיך האָט א קויל אָפּגעזונדערט
פֿון שלאַכט אין דער הייסטער מיגום,
און כ'ליג אפֿן שניי דאָ פֿאַרוווּנדעט,
און ס'טריפֿט פֿון מײַן וווּנד דײַן בלוט.

מיר טוט אַזוי באַנק יעדער טראָפּן,
וואָס לעשט זיך אין שניי, ווי א פֿונק.

מיט פֿרירנדע פֿינגער פֿאַרשטאָפּן
איך פּרוּוו זיך די אָפֿענע וווּנד.

און ס'דרייט זיך, און וויכערט, און שווינדלט
דאָס פֿעלד אין א פֿינצטערער שפּיל,
און כ'ווייס ניט, צי רופֿ איך אַצינדערט,
צי פֿריִער גערופֿן צוהילף.

און עפּעס א מיידל מאַרוסיע
בייגט אָן איבער מיר זיך צאַרט,
מאַרוסיע! א גרוס איר, א גרוס איר
פֿון אונדזער פֿאַרוווּנדעטן האַרץ.

## קיינעמס ערד

צווישן אונדזערע און דײַטשישע אָקאָפּעס
ליגט א שמאָלינקע שטיקל קיינעמס ערד.
מיט א שטיקל קיינעמס ערד צוקאָפּנס
א סאָלדאַט א טויטער ליגט און קלערט:
וועמען איצט געהערט די קיינעמס ערד?

וואָלט א טויטער קאָנען קלערן טאַקע,
וואָלט ער דאָך באַגלײַך מיט אונדז געוווּסט,
אַז אין יענער נאַכטיקער אַטאַקע,
ווען אים האָט געטראָפֿן גלײַך אין ברוסט,
מיר האָבן צוריקציִען געמוזט.

איז די קיינעמס ערד געבליבן קיינעמס.
זעקס אַטאַקעס — און ניט אָפּגעגליקט —
נאָר דער טויט דאָרט נישטערט אום אין
שכיינעס,
נאָר דער ווינט די ווילדע גראָזן וויגט,
און דער טויטער שוין א וואָך דאָרט ליגט.

ענדע נאַכט, עס קומט די פּאָסט אין ראָטע,
יעדערער מיט פֿרייד זײַן בריוול נעמט —
לייענען לייענט מען מיט פֿאַרכאַפּטן אָטעם...
נאָר דאָס האַרץ בא יעדערן פֿאַרקלעמט:
איין א בריוו געבליבן איז פֿאַרשעמט.

ווער האָט דעם פֿאַרשעמטן בריוו געשריבן,
ווער האָט אים פֿאַרכאַסמעט מיט א טרער?
אָפּגעשיקט מיט האָפֿענונג און ליבע,
אָט דעם בריוו, וואָס שוין ניט אָנקומען וועט ער
צום סאָלדאַט, וואָס דאָרט אפֿ קיינעמס ערד.

ליגט און ליגט דער בריוו א טאָג א לאַנגן,
שוין פֿון יעדנס בליק באַדויערט שטיל,
שוין פֿון האַנט צו האַנט אַדורכגעגאַנגען...
און אין האַרץ וואַקסט אויס אַזא געפֿיל,
אַז דאָס האַרץ אַרויסשרײַען עס וויל:

— צו דער לעצטער זיבעטער אַטאַקע,
הייב שוין אוף מיך, גרויזאַמער באַפֿעל,
איך וועל הײַנט דורך פֿײַער און דורך פֿלאַקער
זי אַריבערשפּאַנען הײַנט איך וועל,
פֿון דער קיינעמס ערד די טויטע שוועל...

וואָס איז קלאַנג פֿון שאַלנדיקן האָרן,
וואָס איז שרעק, וואָס שטעקט אין מויעך טיף,
קעגן טראָפּן ברויזנדיקן צאָרן,
וואָס האָט דאָ צום האַרצן צוגעטריפֿט,
פֿון פֿאַרשעמטן, ניט געלייענטן בריוו.

אונטער ווײַטע, אונטער קאַלטע שטערן
ליגט פֿאַרטײַעט א מילכאָמע־נאַכט,
ביז א שאָס רײַסט אוף איר די נעדערים,
ביז דער ערשטער אופֿרײַס זי צעקראַכט —
אונדזער ראָטע ווידער גייט אין שלאַכט.

דער, וואָס גייט אפֿ בײַשטיין אָדער פֿאַלן,
טראַכט דען וועגן העלדישקײַט און רום?
וועגן טויטן טראַכט ער עפּשער אַלע,
כאָטש אפֿ אים מע קוקט זיך ניט אַרום.
ער באַגלייט אונדז, ווי א טויטער — שטום.

וואָלט א טויטער קאָנען קלערן טאַקע,
וואָלט ער איצט באַגלײַך מיט אונדז געוווּסט,
אַז די לעצטע, זיבעטע אַטאַקע
איז אַדורכגעגאַנגען זייער גוט —
ניט אומזיסט פֿאַרגאָסן איז זײַן בלוט.

## ניקאנאָר איוואניטש

זיבן מאָל צום גוטן איך דערמאָן איצט
מײַן פעלדפעבל ניקאנאָר איוואניטש.

אין סיבירער דריטן פּאָלק אין אַלטן
האָט ער מיך א ביקס געלערנט האלטן,
מיך געלערנט שטרענג און אויסגערעכנט
מיטן שטיק צו פעכטן און צו שטעכן,
מיט „הורא"־געשריי זיך וואַרפן אין אטאקע.

אַך, ווי מיר איז דאָס צוניץ געקומען טאקע
אין אָקטיאבער־נאכט פון איין און פערציק,
ווען מיר האָבן בא דעם דאָרף פּאָווערצי
פון ארומרינגלונג זיך דורכגעריסן...

ווייל צו דעם, וואָס האָט געקאָנט גוט שיסן,
ווייל צו דעם, וואָס האָט מיט שטיק מיט שאַרפן
אין אטאקע פלינק געקאָנט זיך וואַרפן,
כאָטש געווען איז אונדז, פארשטייט זיך, שווערלעך...

מיר האָט אויך מײַן שטיק געדינט דאָרט ערלעך,
ערלעך מיר געדינט דאָרט און מיט ערע;
דעם פארהאסטן דײַטש — אין בויך, אין די געדערים,
גוט האָב איך אין יענער שלאכט געשטאָכן,
זיך א וועג צום לעבן דורכגעבראָכן.

אָט פארוואָס צום גוטן איך דערמאָן איצט
מײַן פעלדפעבל ניקאנאָר איוואניטש.
אין סיבירער דריטן פּאָלק אין אַלטן
האָט ער מיך א ביקס געלערנט האלטן,
מיך געלערנט שטרענג און אויסגערעכנט
מיטן שטיק צו פעכטן און צו שטעכן.
מיט „הורא", אָן וואַקל און אָן מוירע.
דרײַסיק יאָר — און איך געדענק זײַן טוירע.
און מיט דאנק דעם רעבן איך דערמאָן איצט
מײַן פעלדפעבל ניקאנאָר איוואניטש!

## א גוטער באָלעם

אַן עשעלאָן געקומען פון בערלין,
מיט זיג און פרייד געלאָדן די וואגאָנעס.
ס'איז שפּעטע נאכט, ס'איז ווײַט נאָך ביז באגין,
און א סאָלדאט ארויס אפן פעראָן איז.

דורך גאסן נאכטיקע געלאָזט זיך גיין
מיט טריט אזעלכע הילכיקע געשפּאנטע

און בא א ווײַטער שטוב געבליבנ שטיינ,
און אָט איז שוינ די טיר די גוט-באקאנטע...

ניט איינ סאָלדאט האָט פאָרכטיק און געהיימ
דורכ אלע שלאכטנ, אומגליקנ און פלאָגנ
פארהיט בא זיכ דעמ שליסל פונ זײַנ היימ
און, ווי א האָפענונג, אימ דורכגעטראָגנ.

שטיל עפנט אופ איצט דער סאָלדאט די טיר,
און היימלעכ נעמענ אופ די ווענט זײַנ שאָטנ,
נאָר ס'גיט דער שאָטנ מער זיכ ניט קיינ ריר,
ווײַל באמ סאָלדאט אליינ פארכאפט דער אָטעמ.

אינ אָט דעמ צימער אלצ אזוי באקאנט:
דאָס קינדעריש בעטל הינטער פאָרהאנג טונקלט,
אפ בעט ניט אויסגעבעטער בא דער וואנט
זײַנ ווײַב אינ טיפנ, טיפנ שלאָפ פארזונקענ.

ער וואָלט מיט שטילסטנ וואָרט זי אופגעוועקט,
נאָר פאָלגנ וויל ניט איצט זײַנ אייגנ קאָל אימ —
א מילדער שמייכל אפ איר פאָנעמ שוועבט,
איר כאָלעמט זיכ אצינד א גוטער כאָלעמ.

זי זעט: א צוג געקומענ פונ בערלינ,
מיט זיג און פרייד געלאָדנ די וואגאָנעס...
ס'איז שפעטע נאכט, ס'איז ווײַט נאָכ ביז באגינ,
און א סאָלדאט ארויס אפנ פעראָנ איז.

דורכ גאסנ נאכטיקע ער לאָזט זיכ גייג
מיט טריט אזעלכע הילכיקע געשפאנטע,
און אָט איז ער געקומענ צו זײַנ היימ
און עפנט אופ די טיר די גוט-באקאנטע

און בייגט זיכ אָנ צו איר און קושט זי שטיל,
און זאָגט אזוינס איר עפעס ניט געשטויגנס...
„א גוטער כאָלעמ“ — ארויסריידנ זי וויל —
און עפנט מיטאמאָל אופ אירע אויגנ.

---

הערצ ריווקינ

# אַרומ דעמ קעסל־צעכ

(דערציילונג)

I

אַ פּאָר טעג נאָכ דעמ, ווי דמיטרי קאַזאַטשקאָוו איז אָפּגעפאָרנ אינ דער מיליטער־שול, איז אַפ זײַנ פּלאַצ באַשטימט געוואָרנ אַלס עלטערער פּראָראַב פונ בוי־באַצירק דער יִינגסטער דעסיאַטניק הערשל מיאַסקיווקער. די ידיעה האָט אַרויסגערופנ אַ גאַנצנ אופריר. געשמועסט אָבער אָפנ וועגנ דעמ האָט מענ ניט. נאָר דער אַלטער פּראָראַב פונ די וועבערײַ־קאָרפּוסנ, אַ ייִד, וואָס האָט פײַנט צו בלײַבנ שולדיק יענעמ אַ וואָרט, האָט נישט געקאָנט בײַקומענ דעמ יעיצער־הערע און האָט אַ זאָג געטאָנ:

— יאָ. מע דאַרפ שוינ אָפּאָנעמ באַצײַטנס באַשטעלנ „ליאַלקעס". אינגיכנ וועלנ מיר שוינ האָבנ דאָ אַ גאַנצנ קינדער־גאָרטנ.

דער וויצ האָט געטראָפנ אינ פּינטל. ס'איז געווענ קלאָר, וועמענ מע מיינט. דער אָנפירער פונ באַצירק, יורי אָסיפּאָוויטש כאַנאָוו, איז אַ יונג איזשעניערל. און איצט — אַ נײַעס: ער האָט זיכ אויסגעקליבנ אַלס פאַרטרעטער דעמ יִינגסטנ פונ די דעסיאַטניקעס.

הערשל מיאַסקיווקער, כאָטש טאָמיד אַ „מיוחס אַפ אַ טשאַד", האָט דאָס מאָל עפּעס גאָרניט כוישעד געווענ, אַז זײַנ באַשטימונג האָט אַרויסגערופנ אַזויפיל ריידערײַ. בײַסנ אַרומגיינ מיטנ שעפ, מיט כאַנאָוונ, די בוי־אָביעקטנ איז ער געווענ אַזוי פאַרטאָנ מיטנ פאַרצייכענענ זיכ אינ זיקאָרנ דעמ צושטאַנד אַפ די בוי־פּונקטנ, אַז ער האָט פּאַשעט ניט באַוויזנ צו באַמערקנ דעמ קאַלטנ קאַבאַלאַספּאָנעמ פונ אייניקע טעכניקער.

פאַרוואָס זשע איז אימ דאָכ געווענ אַזוי פריקרע די ערשטע טעג זיכ זעצנ צו קאַזאַטשקאָווס שרײַבטיש, וואָס איז געשטאַנענ אינ כאַנאָוס קאַבינעט? ווײַזט אויס, עס איז געווענ פּאַשעט דאָס אײַנגעבוידענע געפיל פונ מאָס, וואָס האָט אימ אונטערגעזאָגט, אַז דער פּלאַצ מוז זיכ אַ ביסל אָפּרוענ, אויסשטיינ.

עס איז אימ אָבער סײַווי אויסגעקומענ וויי־ניק צו זיצנ אינ בוי־קאָנטאָר. ער פלעגט פאַרפאַלנ ווערנ אַפ זײַנ קליינעמ בוי־אָביעקט בײַ דער נײַער אונטער־סטאַנציע, כאָטש דאָרטנ האָט שוינ אָנגעהויבנ קאָמאַנדעווענ אַנ אַנדערער. די בויער האָבנ זיכ געפרווט מאַכנ ניט ווויסנדיק און אָנגעהויבנ קומענ נאָכ אָנ־ווײַזונגענ צומ אָנפירער, צו כאַנאָוונ, כאָטש אַלע האָבנ גוט געוווסט, אַז ער איז לויטנ פאַכ נאָר אַ מעכאַניקער.

כאַנאָוו האָט דעריבער געשיקט רופנ מיאַס־קיווקערנ, און דער שמועס צווישנ זיי איז פאָרגעקומענ אונטער פיר אויגנ.

כ א נ אָ ו: דער ערשטער גוט־מאָרגנ באַשטימט דעמ גאַנג פונ גאַנצנ טאָג.

מ י א ס ק י ו ו ק ע ר: ס'איז מיר שווער זיכ אָפּצורײַסנ פונעמ נאָפּל. גאָרנישט געוווסט, אַז כ'בינ אַזוי ערײַנגעוואַקסנ אינ דער אונטער־סטאַנציע.

כאַנאָוו האָט אונטערגעשמוכט קיימ־קוימ. ס'איז פאַר אימ נישט געווענ קיינ נײַעס. דאָס זעלביקע האָט ער איבערגעלעבט צוריק מיט אַ קנאַפּ יאָר, ווענ ער איז פונ פּראָראַב איבער דער קלײנער מאָנטאַזש־גרופּע אַרויסגערוקט געוואָרנ אַלס אָנפירער און נאָכ קאַזאַטשקאָווס אָפּפאָרנ אויכ אַלס פאַרטאָרג פונ גאַנצנ בוי־באַצירק.

— נישקאָשע, מ'אַנטוויינט זיכ גיכער, ווי מ'מיינט. אַברײַעס איז אַ גוטער פּאַטער. פאַר־זעמ קאָנענ אָבער אַמאָל זײַנ געפערלעכ. מיר זײַנענ דאָ די יִינגסטע. מ'טאָר ניט דערלאָזנ קיינ צוג־ווינטנ.

ווי טאָמיד האָבנ זיי גערעדט צווישנ זיכ מיט רעמאָזימ, אָפּנ ווונס, ווי עס ריידנ נאָר מענטשנ פונ איינ פאַכ.

שמועסנדיק אַזוי, האָט זיכ מיאַסקיווקער דאָס ערשטע מאָל צוגעזעצט צו קאַזאַטשקאָווס טיש. געבראַכט אינ אָרדענונג די שרײַב־מאַכשירימ, איז זײַנ אויג געפאַלנ אַפ אַנ אויסגע־

שפּרייטנ ווײַסנ בויגנ פּאַפּיר, וואָס האָט צווישנ אַנדערע פּאַפּירלעכ ארויסגעקוקט פונ אונטערנ דיקנ קרישטאָלענעמ גלאָז. מיט קליינע אויסיעלעכ זײַנענ געווענ אָנגעשריבנ איינס לעבנ צווייטנ, איינס איבערנ צווייטנ איינע אונ די זעלבע צוויי ווערטער. געשריבנ אונ אָפּגעמעקט, געשריבנ אונ ארומגעריגלט מיט א רויטנ אָדער בלויענ רעמל. ס'איז געווענ קאַזאַטשקאָווס שריפט. אויב דער גראָבער, רויט־בלויער בלײַער איז געשטאַנענ, ווי אַנ איידעס, אינ בעכער, וואָס צווישנ די טינטערס. בא דער זײַט זײַנענ געווענ אָנגעצייכנט נאָכ עטלעכע ווערטער. ווײַזט אויס, מאַטעריאַלנ, נעמענ — אָבער אַלצ אויסגעמעקט, נישט צומ איבערלייענענ. נאָר אָט די צוויי ווערטער זײַנענ געשטאַנענ ווי „מעיוכאָסימ". עס איז געווענ קלאָר. קאַזאַטשקאָוו האָט פארנ אוועקגיינ אינ דער ארמיי, די לעצטע טעג וועגנ זיי א סאַכ געטראַכט.

מיאַסקיוקער האָט פּלוצעמ איבערגעריסנ כאַנאָוונ. ס'האָט זיכ אימ געדאַכט, אַז יענער מיסברויכט שוינ צופיל אַלס אָנפירער מיט זײַנ „טויירע זאָגנ", אונ קלאַפּנדיק לײַכט מיטנ פינגער אָפּנ פאַרשריבענעמ פּאַפּיר, האָט ער א פרעג געטאָנ, אַזוי ווי פונ דער העלער הויט ארויס:

— וואָס איז מיטנ קעסל־צעכ?

כאַנאָוו האָט אָנגעשטרענגט דאָס געהער, אונ ווי צו איבערצײַגנ זיכ, אַז דער אויער האָט אימ נית אָפּגענאַרט, האָט ער געענטפערט מיט א פראַגע:

— מיטנ קעסל־צעכ?

שטיל. מיאַסקיוקער שווײַגט אונ וואַרט אָפּ ענטפער. אינ כאַנאָוונ האָט זיכ קוידעמקאָל געגעבנ א רופ אָנ דער מעכאַניקער, דער מאָנטאַזשניק. מיאַסקיוקער האָט אָבער אינעמ טאָנ ארויסגעהערט אויכ דעמ באַצירק־אָנפירער, דעמ „נאַטשאַלניק".

— וואָס עפּעס האָט איר אָנגעכאַפּט פּלוצעמ דעמ קעסל־צעכ — האָט כאַנאָוו מיט פאַריבל א זאָג געטאָנ, — דאָרט אַרבעט דאָכ דערווײַלע נאָר די מעכאַנגרופּע...

ער האָט נית באַוויזנ צו ענדיקנ. הערשלס בליקנ האָבנ אָנגעוויזנ אָפּנ פאַרשריבענעמ פּאַפּיר. פאַרשיידנאַרטיק אונטערגעשטראָכענע, האָבנ די צוויי ווערטער א שווינדל געטאָנ פאַר כאַנאָווס אויגנ:

— קעסל־צעכ... קעסל־צעכ...

ס'איז כאַנאָוונ מיטאַמאָל געוואָרנ אומהיימלעכ. ער האָט אויסגעזענ, גלײַכ ווי ער האָט נאַרוואָס פאַרשפּילט א פּאַרטיע שאָכ באַמ ערשטנ גאַנג. אָנ פּנימ האָט ער זיכ אונטערגעגעבנ:

— יאָ, אָנפירנ הייסט טאַקע, ווײַזט אויס, פאָרויסזענ. די מאָנטאַזש־גרופּע ענדיקט ארויס דעמ ערשטנ קעסל, די סאַנטעכניק איז שוינ קימאַט גרייט. מע דאַרפ זיכ נעמענ מויערנ. קיינ ספּעציעלע אויסמויערער האָבנ מיר נית. קאַזאַטשקאָוו איז גערעכט. דער קעסל־צעכ איז א האַרטער ביסנ.

זיי זײַנענ יענעמ טאָג געבליבנ שפּעט אינ קאָנטאָר. ס'האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אַז ביז צומ טערמינ פונ איבערגעבנ דעמ ערשטנ קעסל איז געבליבנ נישט מער ווי צוויי וואָכנ. עס שטעלט זיכ שאַרפ די פראַגע וועגנ מויערער. ביידע זײַנענ זיי געקומענ צומ זעלביקנ באַשלוס: ס'איז דאָס „ענגסטע" אָרט אָפּ דער בויונג. אונ מיאַסקיוקערנ האָט זיכ מיטאַמאָל אפילע אויסגעוויזנ, אַז ס'איז נישט נאָר א שווערער איניענ, נאָר אינ אַזא קורצער צײַט, בא זייערע מעגלעכקײַטנ, איז עס קימאַט א פאַרשפּילטע זאַכ.

כאַנאָוו האָט געביסנ אָנגעשטרענגט דעמ שפּיצ פונ בלײַער, אונ אַז מיאַסקיוקער האָט געענדיקט ריידנ, האָט ער רויק, פּאַמעלעכ אָנגעהויבנ אָנצומערקנ אָנ אויספירלעכנ פּלאַנ, ווי אַזוי דורכצופירנ די אַרבעט.

— כאַווער מיאַסקיוקער, מע דאַרפ שוינ הײַנט א טראַכט טאָנ וועגנ קאָנצענטרירנ דאָרט דאָס בעסטע, וואָס מיר האָבנ. איכ מיינ, איר דאַרפט אַליינ זיכ שטעלנ אינ שפּיצ פונ קעסל־צעכ.

בעשאָס־מײַסע האָט כאַנאָוו האַנט שוינ גענומענ רײַסנ צעטעלעכ פונ קאַזאַטשקאָווס געבליבענעמ גרויסנ בלאָקנאָט אונ פאַרגרייטנ פאָדערונגענ אָפּ מאַטעריאַל, באַשטעלונגענ אינ סטאָליער־צעכ, אינ מעכאַנישנ וואַרשטאַט. אונ מע האָט באַשײַמפּערלעכ געקאָנט זענ: די בוי־אַרבעט אינ קעסל־צעכ האָט זיכ אָנגעהויבנ. טאַקע אינ אָט דער רעגע, לויטנ פלעמל, וואָס האָט זיכ צעצונדנ אינ כאַנאָווס אויגנ, איז מיאַסקיוקערנ נאָכ קלאָרער געוואָרנ, אַז צו דער אַרבעט דאַרפ מענ זיכ א נעמ טאָנ מיט א זיכערער האַנט. ס'איז דאָ אָפּ וועמענ זיכ אָנצושפּאַרנ.

זיי האָבנ זיכ שטאַרק געדריקט די הענט באַמ געזעגענענ, נית אויסריידנדיק קיינ וואָרט. נאָר אָפּגייענדיק עטלעכע שפּאַנ, האָט זיכ מיאַסקיוקער אויסגעדרייט אונ גלײַכ ווי אימ וואָלט גראָד אונטערגעקומענ דאָס געהעריקע וואָרט, האָט ער א זאָג געטאָנ כאַנאָוונ, קימאַט ווי נאָכגעשריענ:

— יורי אָסיפּאָוויטש, הייסט עס, א מאַסירטע אַטאַקע אָפּנ קעסל־צעכ? א מאַסירטע אַטאַקע?

דער עכאָ האָט אָפּגעקלונגענ אינ דער שטילקײַט פונ דער נאַכט:

— מאַ־סיר־טע א־טאַ־קע!..

2

צווישנ די ערשטע, וואָס הערשל מיאַסקיוקער האָט אריבערגעוואָרפנ אָפּ דער בויונג פונעמ נײַעמ קעסל־צעכ, איז געווענ דאָס בעסאַראַבער געזינדל, וואָס איז באַשטאַנענ פונ

שיקע גארבער און פונ זײַנע צוויי געהילפנ: דאָס ווײַב ליבערדע די מוליערקע, ווי מ'פלעגט ליבנ רופנ אינ דער היימ, אונ זייער טאָכטער הינדל.

גארבער איז א מוליער נישט פונ נעכטנ. א האלב שטעטל, האָרט אינ בעסאראביע, האָט ער אופגעבויט מיט זײַנע אייגענע הענט. ווענ ער האָט אָנגעהויבנ ארבעטנ בא סטיאָפע דעמ לאנגנ, איז ער נאָכ געווענ גאָר, גאָר א שנעק. די מעלאָכע האָט זיכ אימ אײַנגעגעבנ ניט שווער: ניט איינ מאָל פלעגט סטיאָפע אליינ בלײַבנ שטיינ מיטנ לאָפעטקעלע אינ דער האנט א פארגאפטער אונ קוקנ, ווי שיקע לייגט ציגל ווי פונעמ ארבל ארויס.

— א גרינגע האנט בא דיר, שיקע, — פלעגט סטיאָפע אימ אָנקלאפנ גוט־ברודעריש אינ פלייצע, — א שאָד אוועקצוהארגענע אזוינע לאפקעס. מיט אזוינע צוויי „נעמערס” וואָלסטו באדארפט ווערנ אָדער א פעלדשער אָדער א קעשענע־גאנעוו.

קיינ פעלדשער איז שיקע ניט געוואָרנ. קיינ קעשענע־גאנעוו אוודאי ניט. ער איז געוואָרנ א מוליער. א גוטער מוליער.

ער איז אוועק ארבעטנ אינ דער קרײַז־שטאָט נאָר אפ איינ סעזאָנ אונ איז שוינ דאָרטנ פארבליבנ א גאנצ לעבנ.

אז די שטאָטישע באלמעלאָכעס זאָלנ אימ געווענ שטארק ליב האָבנ — קאָנ מענ ניט זאָגנ. אנ אײַנגעשפארטער, מיט א הייזעריק גישטערל אינ קאָל, האָט ער געהאט א טעווע אלצ אונ אלעמענ מעוואטל מאכנ. נאָר פאר אינ זאכ האָט ער געהאט דערעכ־ערעצ, שיקע, עמעצנ אָפשײַנ: פאר א ריינ שטיקל ארבעט. אונ אז עמעצער האָט שוינ זויכע געווענ, אז שיקענ זאָל געפעלנ, פלעגט שוינ שיקע נישט זשאלעווענ פאר אימ קיינ לויב־געזאנגענ.

אָדער — אָדער. ער האָט נישט ליב געהאט קיינ לעבלעכ וואסער.

מערער פונ אלעמענ האָט אָבער שיקע אלע זײַנע יאָרנ נישט געקאָנט פארלײַדנ קיינ פאָוואָליע־טוער, קיינ קריכערס. דערפאר טאקע, אפאָנעמ, אז ער האָט איינמאָל אינ א גאנצ־פרי יינגלווײַז דערזענ ליבענ בא א גרויסער באליע גרעט אונ געהערט, אז זי קלויבט זיכ נאָכ הײַנט דעמ „בארג” איבערצופרעסנ, האָט ער טייקעפ באשלאָסנ:

— דאָס איז זי.

הײַנט זײַנענ זיי שוינ ביידע אונטער די „זעכציק”. ווענ ס'איז אָנגעלאָפנ דער אומגליק, די מילכאָמע, זײַנענ זיי אוועק פונ דער שטאָט די לעצטע. שיקע האָט זיכ גארנישט געקאָנט אָפרײַסנ פונ דער שטוב. זי איז שוינ געווענ אינ פלאמענ. מיט צוויי שווערצ עמערס וואסער האָט ער געקלעטערט אפנ בוידעמ, אפנ דאכ. ער האָט געהאלטנ אינ איינ מושטירנ מיט ליבענ אונ מיט הינדלענ, גלײַכ ווי ס'האָט זיכ צעברענט די סאזשע, אונ מיט עטלעכע עמער וואסער וועט מענ די סרייפע אָפלעשנ. ער האָט גארנישט געקאָנט באנעמענ דעמ ווײַבס טײַנעס. איבערלאָזנ די שטוב אונ זי אפילע ניט ראטעווענ? די פענצטער, די טירנ, די אינווייניקסטע כפייצימ האָבנ צו אימ גערעדט, ווי לעבעדיקע נעפאשעס: אנ אומגליק! אנ אומגליק!

— ווו זײַנענ די שכיינימ? די גאָס? די קרוווימ? — האָט שיקע געשריגנ ניט מיט זײַנ קאָל. ליבע מיט הינדלענ האָבנ אימ קוימ אָפגעריסנ פונ דער שטוב. אינ דער לעצטער מינוט האָבנ זיי זיכ איביינעמ אוועקגעלאָזט צופוס אינ וועג ארײַנ. שיקע איז געווענ ווי צעמישט. די אויגנ אָנגעגאָסנ. דאָס פאָנעמ — אינ סאזשע. ער האָט גערעדט האלבע ווערטער. דאָס ווײַב מיטנ מיידל האָבנ אימ געפירט. ער האָט אויסגעזענ ווי אראָפ פונ זינענ. בא דער גרויסער שול האָט ער זיכ אָפגעשטעלט. זיי האָבנ זיכ געבעטנ בא אימ, געפרווט אימ שלעפנ מיט גוואלד. די גאנצע שטאָט איז שוינ געווענ אינ פײַער. ער האָט זיכ נישט געלאָזט. מיט דער גרויסער שול האָט ער זײַנ אייגענעמ כעשבנ. באמ בויענ דעמ אינווייניקסטנ קופאָל איז ער אראָפגעפאלנ פונ די רישטעוואניעס אונ אפנ גאנצנ לעבנ געבליבנ „שיקע דער קרומער”.

ער איז פאר וויטעק קיינמאָל נישט ארײַנגעטראָטנ די שוועל פונ אָט דער שול. צוואנציק יאָר ווי שיקע פלעגט קימאט יעדנ טאָג דורכגיינ דאָרטנ אונ זיכ נישט פארגינענ ארײַנצוגיינ אָנקוקנ, וויאזוי זי זעט אויס. איצט איז זי געשטאנענ אינ פײַער. שיקע איז ארײַנ אינווייניק. דאָס פײַער האָט נאָכ ניט באוויזנ דורכצושלאָגנ דעמ דאכ, אָבער דער רויטער אָפשײַנ פונ די ארומיקע סרייפעס איז שוינ געלעגנ אפ די ווענט, אפנ אָרנקוידעש, אפ די שטענדערס. ס'האָט אויסגעזענ, גלײַכ די גאנצע שול איז געפארבט אינ גאָלד, אינ טונקעלנ, טונקעלנ גאָלד.

שיקע איז פונ טאָמיד אָנ א קליינער דאוונער. איצט איז ער געשטאנענ אפ דער שוועל, געקוקט צומ הויכנ קופאָל מיט די ברענענדיקע „מאזאָלעס”, אונ די ליפנ זײַנע האָבנ זיכ גיכ, גיכ באוועגט. עפעס האָבנ זיי געשעפטשעט. צי זײַנענ עס געווענ שטיקלעכ קיינמאָל נישט דערדאוונטע טפילעס, וואָס האָבנ זיכ פארוואלגערט בא אימ אינ קאָפ, צי עפעס סטאמ אזוי ווערטער אָנ א זינ, אָנ א טאָלק.

ערשט ווענ די פינגער זײַנע האָבנ אָנגעהויבנ צו ווישנ פונ פאָנעמ גרויסע, הייסע טרערנ, אויסגעמישטע מיט שווארצער סאזשע, ערשט דעמלט האָט ער זיכ געלאָזט אינ וועג ארײַנ.

מיט זײַנ קליינעמ הויזגעזינד איז שיקע אָנגעקומענ אינ פערנאנער טאָל אפ דער בויונג

פונעם גרויסנ וועבעריי־קאָמבינאט — שוינ אינ סאמע הארבסט. דער דרויסנ האָט זיכ געשטעלט דאָ א קאלטער, מיט קורצ־דויערנדיקע, אָבער געדיכטע, עסעדיקע רעגנס. די היגע איינוווינער געדענקענ שוינ לאנג נישט, אז דער זומער זאָל זיכ דאָ אָפּטראָגנ אזוי גיכ, אזוי אומבאמערקט.

אינ וווינ־אָפּטייל פונ קאָמבינאט האָט זיכ מיטאמאָל געשטעלט שארפ די פראגע וועגנ צוגרייטנ די צוזאמענוווינונגענ אונ די הייזער צום ווינטער־סעזאָנ. דאָס ערשטע, וואָס מע האָט געדארפט באזאָרגנ, איז דאָס אָפּרעמאָנטירנ די אלטע אונ מאכנ נייע הרובעס. שיקענ האָט מענ טייקעפ איינגעשלאָסנ אינ דער „הרובע־קאמפאניע“. נאָכ די ערשטע עטלעכע „בעסאראבקעס“, וואָס ער האָט אוועקגעשטעלט, איז ער באלד געוואָרנ דער געקרוינטער הרובע־מייסטער פונ באצירק.

— מיט אלע מיילעס. אונ דעריקער: מיט א שפּענדל — א גאנצע וועטשערע, — אזוי דערציילט ליבע, מייסע רעקלאמע, אינ די שטיבער, ווו מ׳נעמט זיכ ארבעטנ, אונ כאפּט אלעמאָל ארייַנ א נייעמ פסאק פונ שיקענ.

שיקעס אלטע טעווע: ער האָט פיינט זיכ ארייַנצולאָזנ אינ א שמועס בעשאס דער ארבעט אונ האָט זייער ניט ליב, אז מע הייבט אימ דעמלט אָנ צו שטופּנ דייעס. אונ שטייט עמעצער צו אימ צו אונ באמערקט ניט, אז ער, שיקע, האלט שוינ בא ברויגעז ווערנ, אונ זעט ניט, אז שיקעס נאָזלעכער האָבנ זיכ שוינ צופיל אָנגעבלאָזנ — איז שוינ יענעמ אוואדע נישט מעקאנע צו זיינ. עס האָט שוינ ניט איינ מאָל געטראָפנ בא אזא פאל, אז דאָס לאָפּעטקעלע מיטנ טינק זאָל זיכ געבנ א רייס ארויס פונ שיקעס האנט, ניט כאָלילע אפ צו טרעפנ דעמ באלדאָווער, נאָר גלאט אזוי, אפ צו טאָנ א פלי ארויס דורכנ פענצטער אונ מיטנעמענ מיט זיכ דאָס גאנצע בראָכ־גלאָז פונ די צווייענדיקע שויבנ.

אזוי איז ער, שיקע, זאָגט ליבע, פונ טאָמיד אָנ: הייס געבאָרנ. וויאזוי זשע קומט ער אויס איצט מיט ליבעס אָנופהערנדיקנ מיינע־לאָשנ, פונ זינט עס איז נישטאָ קיינ יעדיע פונ די עלטערע צוויי טעכטער זייערע אונ פונ לייבלענ דעמ בענ־יאָכיד, וואָס איז פונ די ערשטע טעג אוועק אפנ פראָנט. איז אימ טאקע ניטאָ וואָס מעקאנע צו זיינ. עפּשער דערפאר איז הינדל נישט געגאנגענ ארבעטנ אינ וועבעריי־צעכ אונ האלט זיכ לעבנ טאטע־מאמע.

די ערשטע צייט איז שיקע געווענ אָנגעכמורעט, ארייַנגעטאָנ אקשאָנעסדיק אינ זיכ, פונקט אזוי ווי אינ די טעג פונ נא-ווענאד, אינ די טעג פונ די עשעלאָנענ. די באוואקסנקייט האָט אימ געמאכט נאָכ ווילדער, מעגושעמדיקער. ערשט אז ער האָט אָנגעהויבנ קומענ אינ פארשיידענע שטיבער אונ זיכ אָנגענומענ מיט פרעמדע צאָרעס, ערשט נאָכ דעמ, וואָס ער האָט אָנגעזאפּט אינ זיכ אזוי פיל פרעמדנ אומגליק — האָט זיינ אייגענער ווייטעק זיכ אָנגעהויבנ באהאלטנ טיפער, טיפער אינ הארצנ אונ איז דאָרטנ געבליבנ ליגנ א פארשטיינערטער. די הענט זיינע האָבנ זיכ אָנגעהויבנ צו באוועגנ גיכער, פלינקער. די ארבעט האָט געברענט אונטער די פינגער. אלצ אָפטער האָט מענ געקאָנט הערנ, ווי שיקע גיט א געשריי אפ זיינ הייזעריקנ גישמער: „ציגל!“, „טינק!“ אונ נאָכ בייזער:

— ליבע, האָסט זיכ צוגעלייגט? ליבע, דו שלאָפסט?

מע האָט אימ גאָרנישט געקאָנט נאָכהאלטנ. ליבע האָט זיכ בא אימ געבעטנ: „ער וועט כאָלילע איינפאלנ, ער וועט זיכ ארויסשלאָגנ, מיינע סאָנימ, פונ די קויכעס“. עס האָט גאָרנישט געהאָלפנ. ער האָט נאָר אלעמאָל אָנגעשטעלט אפ איר אונ אפ דער טאָכטער א שארפנ בליק. ס׳האָט זיכ געדאכט, אז ער קוקט אפ זיי ווי א ווילד־פרעמדער אונ וויל ראָק דערגייינ איינ־איינציקע זאכ: ניט שוינ זשע זייַנענ זיי אויכ געווענ מיט אימ, ווענ די שטאָט איז אוועק מיטנ פייער?

ליבע מיט הינדלענ האָבנ ניט גערוט. גענזיפּט דאָס ליימ. געקנאָטנ דעמ טינק. פולע עמערס האָבנ זיכ אלע ווײַלע אויסגעליידיקט צו שיקענ אינ קעסטל: ציגל, ברוכ — מע האָט אימ גאָרניט געקאָנט אָנזעטיקנ.

ער האָט אפילע אופגעהערט צו באמערקנ, אז ליבע האָט זיכ אזוי שטארק אראָפּגערוקט, אז דאָס שווארצע כמארעלע, וואָס האָט פארצויגנ איר דורכגעאקערט פּאָנעמ, ווערט וואָס אמאָל טיפקעלער, געדיכטער.

שיקע האָט זיכ די לעצטע טעג איינגעקלאָמערט אינ דער ארבעט ניט אפ קאטאָוועס. וואָס פאר א ווערט, טראכט ער, וואָלט ער, מישטיינס־געזאָגט, געהאט נישט נאָר בא יענעמ, נאָר אויכ בא זיכ אליינ אינ די אויגנ, ווענ ער האָט איצט ניט מיט זיכ אָט די צוויי מוליערישע הענט.

איינמיטנ טעסענ מיטנ העמערל פארטראכט זיכ פּלוצעמ שיקע. עפּעס גאָרניט לויט זיינ שטייגער. זיינ שארפער בליק פאלט אפ ליבענ. ער לייגט אוועק דעמ אָנגעהויבענעמ ציגל. נעמט א צווייטנ. איינ קלאפּ, אונ דער ציגל באקומט א קרומ נעזל. מע זעט באשיימפּערלעכ, ווי שיקע האָט זיכ אליינ איבערגעשלאָגנ, אָפּגעהאקט מיטנ העמערל זיינע מאכשאָוועס. ווער קאָנ וויסנ, וואָס שיקע דעמ מוליער איז אינ אָט דער רעגע דורכגעלאָפנ דורכנ זיקאָרנ?

ליבע, גלייכ זי לייענט ארויס זיינע געדאנקענ, ענטפערט אימ מיט א זיפצ, מיט א שווערנ זיפצ. שיקע בייגט זיכ אָנ, קאָנ עפּעס גאָרנישט געפינענ דעמ נייטיקנ ציגל אונ גיט א בייזנ ברומ אינ דער נישט פארענדיקטער הרובע ארייַנ:

— מ׳עט זיי אָפּזוכנ, נישקאָשע, די וועלט גייט נאָכ נישט אונטער... מ׳עט אימ נאָכ דערלאַנגענ דעמ גומענ גאָב עט מענ אימ...

פונ שיקעס אָפּגעטעסעטע שטיקער געדאַנקענ ווערט ליבענ ווארעמ אַפּ דער נעשאָמע. זי מישט דעמ טינק אונ קנעט אַרײַנ אינ אימ צוויי מאַמעדיקע הייסע „האַלעווײַענ". האַלעווײַ, הייסט עס, זאָל מענ אימ שוינ מאַקע געבנ, דעמ „קוילער", דעמ עמעסנ „גאָב", אונ האַלעווײַ זאָל זי שוינ אויכ זוכע זײַנ אָפּצוזוכנ אירע קינדער. האַלעווײַ, גאָטעניו, האַלעווײַ...

א גאַנצנ טאָג גייט נאָכדעמ די אַרבעט ווי א „מיזמער". שיקע מאַכט נישט קיינ ציגל, קיינ טינק. די עמערס, די ציגל שפּרינגענ צו אימ אַליינ גלײַכ אינ די הענט אַרײַנ. אינ יעדנ קלאַפּ, אינ יעדנ הילכ, אינ יעדנ מינדסטנ ריר הערט ער דאָס ווידערקאָל פונ זײַנע אייגענע רייד:

— נישקאָשע, די וועלט גייט נאָכ ניט אונטער... מ׳עט אימ נאָכ דערלאַנגענ עט מענ אימ...

פאַרנאַכט, אַז שיקע הייצט אונטער די הרובע אַפּ פּראָבע, אונ די נײַע „מעכוטענעסטע" גיט א צי דעמ פלאַמ, כאָטש יאָג אימ נאָכ, זעצנ זיי זיכ אַלע דרײַ אַראָפּ צומ מויל פונ פײַער. שיקע פאַרייכערט. דער אָפּשײַנ פונ פלאַמ לייגט זיכ אַפּ זײַנ פאַרוואַקסנ פּאָנעמ. ער זעט דאַנ אויס מילדער, רויִקער. א גוטער טאָג געווענ הײַנט באַ אימ. זיכ אַראָפּגערעדט א ביסל פונ האַרצנ. די ציגל האָבנ זיכ אימ אַפּילע עטלעכע מאָל געשמעלט פּאַפּערעק, זיכ נישט געוואָלט אונטערגעבנ זײַנ פלינקער האַנט. אָ, די רויטע, דינינקע הרובע־ציגעלעכ. אַבי זיי דערפילנ נאָר, אַז שיקע איז פאַרכושט, עטוואָס זיכ אַריבערגעפּעקלט פונ זיי אַפּ א פרעמד מאַכשאָוועלע איז זיי נישט צומ דערקענענ. גיי פּרוביר דענסטמאָל מיט זיי א שמועס טאָנ, אָפּטעסענ א „טיטשאָק", א „ווינקל", אַז די שאַרפּ פונ מוליער־העמערל קריכט דיר גאָר גלײַכ אינ פינגער אַרײַנ, שנײַדט זיכ אײַנ אינ לעבעדיקנ פלייש.

ליבע רוקט זיכ צו צומ פײַער. זי גלײַכט אויס די שפּענדלעכ. הינדל זיצט הינטער שיקעס פּלייצעס. דאָס קורצע, פאַריסענע נעזל איז עטוואָס פאַרשמירט מיט ליימ. פונ איר אַלטער, מאַליוסקינענער אַרבעט־ספּעצאָווקע קוקט אַרויס איר יונג, שמאַלטנע קערפּערל. אויכ דאָס טיכל איז פאַרבונדנ מיט א כיטרעוודיק קנײַטשיקל. דאָס פײַער ברענט, קנאַקט. שיקע גיט זיכ א דריי אויס צו הינדלענ. די ווערטער קומענ באַ אימ אַרויס, ווי שטאַרק אָנגעוואַרעמטע באַמ פלאַקער פונ דער הרובע.

— נו, קאַרנאָס, האָבנ מיר, הייסט עס, הײַנט אַוועקגעשטעלט נאָכ איינ הרובע אַפּ גאָטס וועלטל. אונ מיקויעכ אַליינ אופשטעלנ אַזאַ שטיק מעבל האָסטו א טראַכט געטאָנ?

הינדל פאַרוויטלט זיכ. ניט איינ טאָג וואַרט זי אַפּ אָט דער מינוט. זי הייבט זיכ גלײַכ אויפ, לויפט צו צומ קוישיק אונ ברענגט אינ איינ אָטעמ צו טראָגנ א גראָבנ בוכ. שיקע, פאַרווונדערט, שלעפּט אַרויס פאַמעלעכ פונ קעשענע די צעבראָכענע בריל, פונ אימ אַליינ צונויפגעמײַסטרעוועט, אונ לייענט איבער, פאַוואָליע, נישט געײַלט, די גרויסע אויסיעס אַפּנ גריבעמ טעוועלע:

„Каменные и печные работы"

— אַזוי, מיט איינ שאָס ביידע אינײנעמ!

שיקע גיט א בלעטער: דריבנינקע אויסיעלעכ, ניט פאַר זײַנע אויגנ, דערפאַר אָבער זײַנענ די „מענטשעלעכ", די צייכענונגענ, ווי פונ זײַנע הרובעס אַראָפּגענומענ.

הינדל, הייסט עס, האָט שוינ בישטיקע־באַוויזנ דורכצולערנענ דאָס גאַנצע ביכל. זי פּלעגט זיכ צוקוקנ, ווי דער פאָטער שטעלט אויפ א „בעסאַראַבקע", א פּליטע, א „האָלאַנדקע", פּונקט נאָכנ געשריבענעמ.

— אַזוי, הייסט עס, קאָנ איכ יאָ די מעלאָכע? פּונקט, זאָגסטו, ווי אינ סייפערל? ליבע, מע דאַרפּ אָפּקאָכנ א גרויסע וועטשערע. א נײַער מוליער אינ דער מישפּאָכע.

אינ דער היימ האָבנ הינדל מיטנ פאָטער זיכ א גאַנצנ אָפּערנאַכט געפּאָרעט באַמ סייפערל. שיקע האָט געפּרוווט מעוואַטל מאַכנ, אָפּדינגענ. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפנ. דער בלײַער אינ אירע הענט האָט אַלצ פאַרענטפערט, אויפגעשטעלט „פּיסעמ אונ ראַמסעס". ס׳איז א סוואָרע, אַז זיי זײַנענ אַזוי ווײַט אַוועק אונ שיקע האָט זיכ שוינ געהאַט אַזוי פאַרגעסנ, אַז ער האָט אָנגעהויבנ זיכ נאָכצופרעגנ פאַר א נאָווינע באַ הינדלענ, באַמ ביכל, וויאַזוי דורכצופירנ א שמאָלנ קוימענ־דורכגאַנג, וויאַזוי דורכצולייגנ דעמ רויכ־וועג באַ א צווייזײַטיקער „דוכאָווקע". ס׳האָבנ זיכ אַפּ הינדלענ געגעבנ א שיט שײַלעס. קלוימערשט, אַפּ זי צו פאַרהערנ. אָבער הינדל האָט דערפילט, גוט דערפילט, אַז דאָס זײַנענ אַלצ זאַכנ, אינ וועלכע דער טאַטע אירער טאַפּט אינ דער פינצטער. זי האָט זיכ געמאַכט ניט וויסנדיק אונ אַלצ אַרויסגעלייגט. שיקע האָט זי באַטראַכט פונ אויבנ אַראָפּ, פונ אונטנ אַרופּ. אויסגעצויגנ אַפּ איר אַלעמאָל א פּאָר אויגנ אונ זיכ אַלצ ניט געקאָנט צונויפנעמענ:

— פונוואַנענ שלעפּט זי אַזוינע סטענגעס פונוואַנענ?

הינדל האָט געשמייכלט א צופרידענע, א זיגערנ:

— טעכגראַמאָטע, טאַטע, טעכגראַמאָטע...

אינ יענער נאַכט האָבנ זיכ שיקענ געהאַלטנ אינ איינ באַמבלענ טשיקאַווע, מאָדנע כאַלוימעס. אָט רײַסט אימ עמעצער פונ דער האַנט אַרויס דאָס לאָפּעטקעלע, דאָס העמערל, וויל אימ אויסטאָנ דעמ פאַרטעכ. שיקע ווערט זיכ, שרײַט פונ שלאָפ: „וואָסי דאָס? אינ מיטנ

העלנ טאָג גאָר אויס קאַפּעליוש־מאַכער!" ער קוקט זיכ גוט אײַנ, שיקע, ס'איז גאָר שעווע, די עלטסטע טאָכטער זײַנע. „גיב אהער, מאַטע, מאַכט זי, כ'וועל דיר איבערנעמענ א ביסל די האַנט, מעגסט זיכ אָפּרוענ".

„אָפּרוענ? איבערנעמענ די האַנט? — שיקע וויל זי גוט אָנפּאַנעמענ. — נו און... יאָכלענ, עפּעס דאַרפ מענ דאָכ קאָכנ: „טי־משאַק", „לאָזשאָק". צי זי האָט שוינ אויכ אַרײַנגעקוקט אינ הינדלס גרינ סייפערל? שעווע, ווו איז זי, שעווע? וואָס טוענ דאָ די צוויי פרעמדע יונגעלײַט וואָס? די הרובע בינדנ זיי? שלעפּנ זי צו דער טיר? שוינ ניט געפונענ קיינ גרינגערנ כייפעצ אינ שטוב? זיי לאָזנ זי איבער אינ מיטנ צימער:

„האָט ניט קיינ פּאָריבל, רעב גאַרבער, איר'ט א בעט טאָנ אײַער הינדלענ, וועט זי עס צוריקשטעלנ..."

שיקע לאָזט זיכ צו זיי. ער וויל זיי דווירעסנ. עמעצער טאָרעט אים באַם אקסל. ס'איז הינדל. ער האָט זיכ פאַרשלאָפנ. עס שאַרײַעט שוינ אפ טאָג. ס'האָט שוינ געפּײַפט דער ערשטער „הודאָק".

3

דער ערשטער הודאָק טרעפט הינדלענ שוינ טאָמיד אפ די פיס. אזא געוווינהײַט איז בא איר, זי שטייט אופ שטענדיק א גרויסנ פאַרטאָג. ס'ווײַזט זיכ איר אַלצ אויס, אז זי וועט פאַרשפּעטיקנ.

שורקע סיראָטינ, דער שאָכנ פונ אקעגנ, לאַכט פונ איר אָפּ. „ס'איז נישט קיינ גאַנג פונ קיינ ארבעטער, זאָגט ער, אנ ארבעטער פילט די צײַט בעכוש". שהרע האָט ניט לאַנג געענדיקט די פאַבזאַוואָדישע שול. אז ער זאָגט „אנ ארבעטער", מיינט ער אפּאָנעם קוידעמקאָל זיכ אַליינ...

— איז ווי זשע האַלט זי מיטנ מוליערײַ־ביכל, הינדל? שוינ, אזוי גיכ? — שיקע האָט פונ לעכאַטכילע אָנ פאַרשטאַנענ, אז דער סייפער שטאַמט פונ סיראָטינ דעמ טעסלערס באָבערל.

— מ'וועט גאָרנישט מיד ווערט מענ נישט. וויפל איז דער שיר צו זיצנ אפנ גאַנעק וויפל?

דאָס זאָגט ער ליבענ, שיקע. הינדלענ קומט ער אָפּ מיט פרעגנ, ווו עס האַלט דער זייגער, ווענ זי מאַכט צו די טיר.

אנ אַלטע, גוט באַקאַנטע פראַגע פאַר הינדלענ.

אינ דער היימ פלעגט דער „זייגער" הענגענ אינ פאָדערשטנ צימער איבערנ סאַמאָוואַר־טישל. קיינער פלעגט אים ניט טאָרנ אָנרירנ אכוצ שיקענ, גלײַכ ער זאָל געווענ מוירע האָבנ, אז טאָמער שטעלט ער זיכ כאַלילע אָפּ, וועט ער, שיקע, אויכ מוזנ אופהערנ צו שטעלנ הינדלענ יעדע נאַכט די דאָזיקע שײַלע. די שײַלע, וואָס צומאָל האָט זי געהייסנ: ס'מוז שוינ זײַנ נאָכ האַלבע נאַכט. צומאָל: ס'וועט שוינ מינאַסטאָמ באַלד אָנהייבנ טאָגנ. אונ קימאַט טאָמיד האָט זי געדאַרפט לאָזנ הערנ, אז קיינ גוטס וועט פונ אָט דעמ באַנאַכטיקנ אַרומשפּאַנענ נישט אַרויסקומענ. דאָס אַרומשפּאַנענ באַנאַכט האָט בא שיקענ געהאַט טאָמיד צוויי טײַטשנ. ערשטנס, איז ער געווענ גאָר ווייניק צופרידנ פונ דעמ, וואָס הינדל דרייט זיכ אַרומ מיט יענע כעוורעלײַט, וואָס האָבנ, ווײַזט אויס, באַשלאָסנ, אז אפ זיי איז אינגאַנצנ מוטל איבערצומאַכנ דאָס בידנע וועלטל, אונ צווייטנס, האָט אים טאַקע גאָרנישט אָנגעהויבנ צו געפעלנ דאָס, וואָס אינ שטוב אַרײַנ האָט אָנגעהויבנ צו אָפּט אַרײַנקומענ דאָס דאַרע באָכערל מיט די שוואַרצע שטעכיקע אייגעלעכ, מיטנ צעשויבערטנ טשופּרינקעלע האָר אונ מיטנ מאָדנעמ מיידלשנ נאָמענ.

— אז הייסנ הייסט ער סאַכאַקל נאָכנ זיידנ נאָכ זײַנעמ, נאָכ דאָווידל סטאָליער, איז ווי זשע קומט ער גאָר אינמיטנ־דרינענ הייסנ דוסיע?

הינדל האָט זייער וויל געוווּסט, אז נישט דער נאָמענ אַרט עס אזוי דעמ טאַטנ אירנ. עס אַרט אים שוינ גראָד מער דאָס, וואָס דער, וועלכער טראָגט דעמ דאָזיקנ נאָמענ, דוסיע גאַלער, האָט שוינ באַוויזנ אַרײַנצוכאַפּנ פונ דער רומענישער סיגוראַנצע קימאַט צוויי יאָר טפיסע פאַר קלעפּנ „בלעטלעכ" אפ די ווענט אונ פאַר זײַנ א „קאָפּ" בא די שילער, וואָס אינ דער שטיל רופט מענ זיי דאָ די „רויטע".

דער טאָנ פונ שיקעס באַנאַכטיקער פראַגע דערמאָנט הינדלענ שטענדיק אינ דוסיענ.

„ווו האַלט דער זייגער" — האָט בא שיקענ אמאָל געקאָנט הייסנ אויכ פּאָשעט, אָנ שומ פאַרשטעלעכצער:

— שוינ ווידער אַרומגעשלאָנדערט א האַלבע נאַכט אונ זיכ אָנגענומענ מיט טוירע פונ דאָווידל סטאָליערס אייניק.

אונ דוסיע, צי ווײַל דאָס איז געווענ זײַנ אויפנ צו ריידנ, צי ווײַל הינדל איז דעמאָלט נאָכ געווענ א שילערנ אינ די לעצטע קלאַסנ, האָט ליב געהאַט איר צו ברענגענ בײַשפּילנ פונ דער ליטעראַטור, ציענ פאַראַלעלנ צו ליטעראַרישע העלדנ.

— ער ווייסט ניט פאַרוואָס, — האָט ער איר פלוצעמ אמאָל אזוי א זאָג געטאָנ, אונ ס'איז אויסגעקומענ, גלײַכ ער זאָגט עס נישט איר, נאָר זיכ אַליינ, — ער ווייסט נישט פאַרוואָס, נאָר מיט עפּעס גיט זי אימ א דערמאָנ אינ „מירל הורוויצ".

זי האָט נאָכ דעמאָלט ד. בערגעלסאָנס „נאָכ אַלעמענ" נישט געהאַט געלייענט. צוגעפאַלנ צומ בוכ — האָט זי עס אײַנגעשלונגענ אינ איינ נאַכט.

מיט וואָס זשע פּאָרט דערמאָנט זי אינ מירל הורוויצ, — האָט זי זיכ געבראָכנ דיעמ קאָפּ, ביז זי איז איינמאָל צו אימ צוגעשטאַנענ. ער־

מוז איר זאָגן — מיט וואָס? אי דאָס טאַקע היינט.

דוסיע האָט זיך געפּרוּווט אויסדרייען פון א קלאָרן ענטפער. געוואָלט האָט ער אָפּאָנעמ איר זאָגן עפּעס אין שייכעס מיט איר באַציִונג צו אים. געזאָגט האָט ער אָבער גאָר עפּעס אַנדערש. היינדל געדענקט פּינקטלעך, ווי זיין קאָל האָט געקלונגען דעמלט עפּעס ניט ווי טאָמיד:

— מירל הורוויץ, — האָט ער איר געזאָגט, — האָט זיך פון עם אַלטן געפּרוּווט אַרויסרייסן און ניט געוווּסט, ווו צו געפינען דאָס נייע... און זי, היינדל... זי ווייסט, דאַכט זיך, ווייל, ווו דאָס נייע געפינט זיך, נאָר צו־צוגיין נעענטער, אָנקלאַפּן און עפענען די טיר — דאָס, ווייזט זיך אים אויס, וועט זי קיינמאָל ניט וואַגן...

היינדל האָט זיך מיט אים רעכט אַרומגע־קריגט יענעם אָפּדערנאַכט. ס'האָט איר אַפילע באַנק געטאָן, וואָס זי האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט א פּאָר „גראָבקייטן". געדאַכט האָט זיך איר, אַז זי האָט געמאַכט טיל־טעל פון אַלע זיינע אַרגומענטן. נאָר באַם געזעגענען האָט ער איר א זאָג געטאָן:

— פונדעסטוועגן, א שטיקל גלידישוועס־טערקינד מירל הורוויצעס איז זי פאָרט, היינדל...

איי, וואָלט זי איצט א באַלן געוועז אַשטיי־גער פלוצעם אין א גאַנצפרי, ווען זי גייט צו דער אַרבעט, אָנגעטאָן אין דער בלויער ספּע־צאָווקע מיטן צעראַטענעם מוליערשן פאַרטעך, מיטן געציינג אין די הענט, דאָרטן־אָ לעבן קלוב פון דער וויקל־פאַבריק זאָל איר פלוצעם געבן א קוק אַקעגן דוסיע.

זי ווייסט אַפילע פּינקטלעך, וויאַזוי זי וואָלט אים אין דער ערשטער רעגע געגעבן א נעם אַפּן צימבל:

— איז ווי זשע האַלט עס, הייסט עס, — וואָלט זי אים א פרעג געטאָן און געקוקט אים גלייך אין זיינע שוואַרצע, דורכגעטריבענע אייגעלעך, — איז ווי זשע האַלט עס מיט... מירל הורוויצעס גלידישוועסטערקינד?

זי זעט אים, דוסיען, עלעהיי ער שטייט לעבן איר. זי הערט אַפילע, ווי ער פאַרהיקעט זיך לייכט באַם ערשטן וואָרט. אַזוי פלעגט ער זיך טאָמיד „פאַרטשעפּען", ווען ער האָט ניט געקאָנט געפינען אַפן אָרט טייקעף דעם נייטיקן ענטפער.

ער וואָלט זי מיסטאַמע געפּרוּווט אָפּקומען מיט א גלייכווערטל. „מירל, וואָלט ער געוויס איר געזאָגט, האָט דאָך געהאַט א גלייך נעזל און נישט קיין „קאַרנייינו לעמעלאָ" 1 ווי זי, ווי היינדעלע...

ער — איר טאָמיד: היינדעלע. זי — אים: גאַלער.

ער — איר: דו. זי — אים, איינמאָל פאַר אַלעמאָל: איר.

ער איז געווען עלטער פון איר נישט מער ווי מיט א יאָר צוויי, דריי.

שורע זעט אויס יינגער, איין אייך עלטער מיט איר.

— ווערליק זי דערציילט, היינדל, האָט ער געהאַרפּט זיין אָן אייגנאַרטיקער באָכער, אָט דער כאַווער אירער.

אַזוי זאָגט שורע, און זי קאָן ניט וויסן, צי מיינט ער עס ערנסט, צי איז גאָר דאָ אין דעם א ביסל איראָניע.

— דעם עמעס געזאָגט, איז ער געווען פאַר איר מער לערער ווי כאַווער, — פּרוּווט היינדל צוגעבן.

שורע נעמט זי אָן בא דער האַנט:

— וואָס? צי זי האָט אים שטאַרק ליב געהאַט, דוסיען?

— שורע! איך האָב נישט ליב, אַז מע שטעלט מיר פלוצעם קלאָץ־קאַשעס!

ער פרעגט גלאַט אַזוי, שורע, נישט ווייל... גלאַט אַזוי, ווייל ער ווייזט אויס צו זיין א אינטערעסאַנטער באָכער, אָט דער דוסיע.

היינדל מיינט זיך. ווי זאָל זי אים זאָגן... זי ווייסט אַליין נישט, צי זי האָט אים ליב געהאַט. געשעצט האָט זי אים, דאָס ווייסט זי אַף געוויס. צי זי האָט אים ליב געהאַט?.. נאָר וואָס וויל ער, שורע, וואָס האָט ער זיך אַף איר אָנגעזעצט מיט זיינע נאַרישע פראַגעס.

שורע גייט אָבער מיט אַן אָפּן מעסער:

— און ער דיך, היינדל? ער דיך?

— שורע!

— און ער דיך האָט שטאַרק ליב געהאַט, היינדל?

— שורע, לאָז אָפּ די האַנט, שורע. ס'איז שפּעט. איך וויל שוין גיין שלאָפן. לאָז אָפּ די האַנט, שורע!

מיט אָפענע אויגן ליגט זי אַף איר געלעגער אין אַזא נאַכט און קאָן ניט איינדרעמלען. ליכטיקע נעכט זיינען אין פערנאַנער טאָל. די שיין פאַלט אַפן פאָטערס פּאָנעם. ער כראָפּעט מעשונעדיק. אָט גראָב, באַסאָווע, און אָט מיט א דין קוויטשיקל, ווי א קליין קינד.

דוסיע מוז איצט זיין ווייט־ווייט. אין די וועלדער. מיט א פאַרוואָקסן שוואַרץ בערדל. מיט אַן אַוטאָמאַט איבערן אַקסל. צי עפּשער גאָר אַפן פראָנט, אין אַן ערדשטיבל. דאָס לעצטע מאָל האָט זי אים געזען אין שטאָט־קאָם פון „מאָפּר". ער האָט גערעדט מיט א כאַווער. זי איז געשטאַנען בא א צווייט טישל. ס'איז אויסגעקומען, גלייך ער ציט אויס יעדער וואָרט אומיסטן, כדי ס'זאָל דערגרייכן ביז צו איר, צו היינדלען.

איצט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט קלינגען אַף די ווערטער אַזוי פריש, גלייך זי האָט זיי ערשט נעכטן געהערט.

— פאַר אונדז, — האָט ער געטענהט, —

1 געמיינט: פאַריסן אַפּ אַרויף.

פאר אונדז בעסאראבער איז עס א באזונדער ביסאָיענ. מיר דארפנ זיכ איבערברעכנ, סאָוועטיזירנ „נא כאָדו“, ווי דער רוס זאָגט. סע ברענט. ס'איז א סריפע. אפילע מיר, געוועזענע אונטערערדישע טוער, האָבנ אויכ א שיינ ביסל פעלצנ פונ זיכ אראָפצוואַרפנ.

הינדל האָט נאָכ דעמלט אפילע ניט געוווּסט, אז אפ מאָרגנ וועט זיכ אָנהייבנ די עוואקואציע פונ שטאָט.

דוסיע. וואָס וואָלט ער אשטייגער געזאָגט איצט, ווענ ער זעט זי נעבנ ארויסענדיקנ דעמ קוימענ אפנ דאכ פונ דער זיבעטער ארבעטער־צוזאמענוווינונג.

שורע זאָגט, אז מע פירט זיי איבער אפ דער בויונג פונעמ נייעמ קעסל־צעכ. אימ אויכ. דאָרט, זאָגט ער, וועלנ זיי זיכ פארוועטנ ווער—וועמענ, אונ זינגט שוינ אָפ א לידל וועגנ פארמעסטונגענ. ער זינגט שיינ, שורע. נאָר וואָס איז מיט זיינע אויגנ? אז ער זינגט, זיינענ זיי בלויע, גרויסע, אָפענע, אונ אז ער דעקלאמירט, באקומענ זיי א גרינלעכנ אָפשיינ אונ ווערנ קלענער, קלענער. אָט־אָ פארמאכנ זיי זיכ אינגאנצנ. דער טאטע קער שוינ זיינ היפש בערויגעז, וואָס זי כאווערט זיכ אזוי שטארק מיט שורענ. „ווו האלט דער זייגער?“, פרעגט ער, ווענ זי מאכט צו די טיר, כאָטש ער ווייסט ווויל, אז קיינ זייגער איז אינ שטוב ניטאָ...

שורע. פארוואָס רעדט זי מיט אימ אזויפיל וועגנ דוסיענ?

ער גייט מאָרגנ, זאָגט ער, ווידעראמאָל צומ וואָיענקאָמ. זיינער א כאווער איז שוינ אפנ פראָנט, אונ אימ האָט דער וואָיענקאָמ אָפגעזאָגט.

ס'קאָנ אמאָל טרעפנ, אונ אוואדע קאָנ טרעפנ, אז אנ ערהשטיבל זאָלנ זיכ פלוצעמ באגעגענענ שורע מיט דוסיענ.

— גאלער. — זאָל עמעצער א רופ טאָנ.

— דוסיע גאלער?

— הינדל גארבער. געדענקט איר? כ'האָב מיט איר געארבעט אפ איינ בויונג.

— אפ איינ בויונג?

א פלאָנטער אינ קאָפ. ס'מוז שוינ זיינ שטארק שפעט. מע דארפ שוינ מיסטאמע באלד אופשטיינ.

— ס'איז נישט קיינ גאנג פונ קיינ ארבעטער, — זאָגט שורע, — אנ ארבעטער פילט די צייט בעכוש.

פונוואנענ ווייסט ער, שורע, אז מע פירט זיי איבער אפ דער בויונג פונעמ נייעמ קעסל־צעכ? די מוטער וועט זיכ שוינ באלד אופכאפנ. ס'וועט שוינ מיסטאמע באלד אָנהייבנ טאָגנ. די אויגנ מאכנ זיכ צו. מע דארפ כאָטש אפ א ווײַלע אײַנשלאָפנ.

ער איז גערעכט, שורע, ס'איז טאקע ניט קיינ גאנג פונ קיינ ארבעטער — אנ ארבעטער פילט די צייט בעכוש...

4

אפנ גרויסנ פלאצ צווישנ דער שפינערײַ אונ די נײַע וועבערײַ־קאָרפוסנ שטייט א געבײַדע, א הויכע, אנ אויסגעפוצטע אונ קוקט מיט ברייטע, פריש אָנגעגלעזטע שויבנ אינ אלע פיר זײַטנ. ווי א ריזיקער שוימער שנײַדט דורכ דעמ רוימ דער ניט לאנג אופגעהויבענער פערציק־מעטראָווער קוימענ. ער זאָגט אָנ מיט גאנצער געלעמ דער גאנצער געגנט: דאָס איז דער נײַער קעסל־צעכ. לענגוים דעמ ברייטנ, אויסגעגלײַכטנ פלאצ ציט זיכ, ווי א ווירע, דער נײַער באנ־אָנשיט. אינ בײדע זײַטנ פונעמ אָנשיט האָט מענ שוינ אָנגעהויבנ לייגנ די שמאָלע ליניעס פאר וואגאָנעטנ. דערווײַלע איז נאָכ דער גאנצער פלאצ פארשאָטנ מיט דריבנינקע, בידעריקע גרעזעלעכ. באלד וועלנ אהער אָנהייבנ קומענ וואגאָנעס מיט קוילנ. צומ צעכ וועלנ לויפנ אָנ אופהער פולע וואגאָנעטקעס, זיי וועלנ זיכ אויסליידיקנ האָרט לעבנ די הייצ־טירלעכ, אונ דער גאנצער צעכ וועט אָנ אָטעמ טאָגנ מיט געדיכטע, שווארצע קנויילנ רויכ.

שיקע גארבער מיט זײַנ געזינדל לאָזנ זיכ אראָפ פונעמ באנ־אָנשיט. קענטיק, אז דער גאנצער איניענ מיטנ איבערפירנ זיי אהער אפ דעמ נײַעמ הורהא אונ מיטנ נײַעמ נאטשאלניקל, מיט אָט דעמ מיאסקיוועקערנ, איז שיקענ ניט אינגאנצנ צומ הארצנ. ער גיט א הייב מיט די אקסל:

— אָנגעשיט א ביסל, ניט געזשאלעוועט. ס'קאָסט זיי טײַער בארלעכ צי וואָס?

זיי גייענ לענגוים דעמ אָנשיט. הינדל קאָנ ניט פארלײַדנ דעמ פאָטערס פלוצעמדיקנ רויגעז. זי פרווט אימ ענטפערנ מיט א ווערטל:

— שוינ, אפנ ניכטערנ מאָגנ, טאטע?

שיקע גייט אונ שווײַגט. ער איז דאָ, ווײַזט אויס, דאָס ערשטע מאָל. זײַנע געדאנקענ זײַנענ עפעס הײַנט נישט גאָר קיינ „דאָסיקע“. ארײַנגעקומענ אינווייניק, דערלאנגט שיקע דעמ ערשטנ אוועקמאכנדיקנ ביטל־שמייכל:

— איז אָ דאָס קליינע פראָבל, הייסט עס, וויל עס לאָזנ אזא גרויסע מאכינע?

דאָס טראכט ער, שיקע. פונ זײַנע טראכטענישנ וואָרפט ער צו אויכ ליבענ מיט הינדלענ א פענעצ:

— ס'א מײַסע מיט גריוונ!

אינ דער געבײַדע פונ קעסל־צעכ ווימלט, ווי אינ א בינשטאָק. די עלעקטראָ־שווייסער ארבעטנ שוינ. זיי שווייסנ צו די אייבערשטע פלאטפאָרמעס ארומ די קעסלענ. גאנצע שטיקער פײַער צעפליענ זיכ איבערנ צעכ. הערשל מיאסקיוועקער שטייט באמ ערשטנ קעסל. באמ אָנבליק פונ די הויכע, מעטאלענע קארקאסנ, צווישנ דעמ גאנצנ האוועדיקנ אוילעמ פאכלײַט איז ער גיכער ענלעכ אפ א שילער, ווי אפ א „נאטשאלניק“.

הינדל קוקט זיכ ארומ. עמעצער פארטשע־

בעט זי באַם אָרבל. ס'איז כאַסיל מומינאָוו, א יונג אוזבעקיש באָכערל, א שאָכנ. ער טראָגט א גרויסנ, מעשונעדיקנ ווענטיל. הינדל קאָנ אימ, ער איז א שלאָסער, א סאַנטעכניקער. „הינדאַכאָנ, מאַכט ער צו איר היימיש, איר ווילט דאָ אוועקשטעלנ א הרובע?” אונ גיט א פינטל מיטנ לינקנ אויג. ער האָט זיכ ליב צו וויצלענ, כאַסיל. הינדל גיט אפילע ניט קיינ שמייכל. זי ווײַזט אימ אָנ אפנ ערשטנ קעסל. אייגנטלעכ, וואָס האָט זי דענ צו כאַסילנ, אז דעריקער איז זי בערויגעז הײַנט אפנ פאָטער, אפ זײַנע קאַפּריזנע, פריקרע גענגעלעכ.

הערשל מיאַסקיוווקער דערזעט שיקענ, לייגט ער אוועק דאָס מעסטנ אונ נעמט זיכ גלײַכ אימ אַרויסלייגנ, מאַסביר צו זײַנ דעמ גאַנצנ פּראָצעס, דעמ גאַנג פונ דער אויסמויערונג. אינ איינ האַנט האַלט ער דעמ פּלאַנ פונ קעסל, אונ מיט דער צווייטער צייכנט ער מיט א גראָבנ, סטאָליערישנ בלײַער אפנ בעטאָנענעמ דיל. דאָס ווײַזט ער, הערשל, וויאַזוי, לויט די בוי־צאָרמעס, דאַרפנ זיכ בינדנ די דרויסנדיקע ציגל, די פּאָשעטע, די רויטע, מיט יענע אינווייניקסטע, די געלע, די ציטעריקע, וואָס דאַרפנ איבערטראָגנ אפ זייער לײַב דעמ גאַנצנ פלאַקער־פײַער, די הויכע טעמפּעראַטורנ.

— איבער פינפ רייענ, — מאַכט ער, — איבער פינפ רייענ.

הינדל שלינגט יעדער וואָרט. מיט אלע אירע קויכעס האַלט זי זיכ אופ, קעדיי נישט נאָכצובאָמקענ אינ דער הייכ מיאַסקיוווקערס רייד. ער לייגט מאַמעש ארײַנ אלצ אינ מויל ארײַנ. שיקע איז, קענטיק, נישט געוואַלדיק ניספּאָעל. הערשל באַמערקט עס נישט. ער איז אַליינ פאַרכאַפּט פונעמ אופגעשטעלטנ בילד. ס'איז בא אימ דאָס ערשטע „קינד”. ער וויל זיכ האַלטנ מיט שיקענ אַנ אייצע. ווי, מיינט ער, וועט לײַכטער זײַנ צוצוטרעטנ צומ אונטערשטנ בונקער — פונ אינווייניק צי פונ דער דרויסנדיקער זײַט? אָט דאָרטנ בא דער פּאָשעטער מויערונג וועלנ שטיינ צוויי יונגע מוליערס פונ דער יוגנטלעכער בריגאַדע. מע דאַרפ אפ זיי נאָכ האַלטנ אַנ אויג, ניט לאַנג געענדיקט דעמ „פּעזעאָ”.

שיקע ענטפערט נישט. ער באַטראַכט די צוויי באָכערימ — זײַנע „שוטפימ”. הערשל האָט עפּעס פאַרגעסנ. ער אַנטשולדיקט זיכ פאַר שיקענ, דעמ איקער אַרויסגעלאָזט:

— כאַווער כאַנאָוו דער באַצירק־אָנפירער האָט באַשלאָסנ, אז איר, כאַווער גאַרבער, זאָלט איינצײַטיק זײַנ דער בריגאַדיר פונ דער גאַנצער קעסל־מויערונג.

שיקעס באָזלעכער זײַנענ נאָכ, דאַכט זיכ, אזוי אָנגעבלאָזנ קיינמאָל נישט געווענ. אלנפאַלס, הינדל געדענקט עס נישט. אויכ די פאַרקיסנעטע אויגנ זײַנענ עפּעס דאָס מאָל בא אימ איבער דער מאָס פאַרזשמורעט.

אזוי גאָר, מ'האָט אימ, הייסט עס, כאַסענע געמאַכט אונטער די אויגנ. צונויפגעפאָרט אימ קאָל־האַנעאָרימ, אונ דערצו נאָכ, נא דיר, הייסט עס, א פּאָר שנעקעס אונ שטעל אופ מיט זיי א לופט־באַלאָנ.

די ווערטער קומענ בא אימ אַרויס הייזעריקע, אפנ דינסטנ גישטערל:

— א שיינעמ דאַנק פאַרנ קיבעד, נאָר קיינ באָבע בינ איכ נישט געוואָרנ דאָ אפ דער עלטער.

פאַר מיאַסקיוווקערנ איז עס געקומענ ווי פונעמ הימל. ער מאַכט א שפּאַנ אפ צוריק. זײַנ אויסזענ איז מיטאַמאָל: אַנ עלטערע, באַיאָרטער מענטש.

— ס'איז נישט קיינ רייד פונ קיינ קיבעד, כאַווער גאַרבער, עס האַנדלט זיכ דאָ אינ עפּעס וויכטיקערס, דאָ גייט ניט וועגנ א ווענטל אופשטעלנ, אָדער א הרובע, דאָ גייט אינ האַרצ פונעמ גאַנצנ קאָמבינאַט. ס'איז א „שוכאָווסקי” קעסל, א „שוכאָווסקי”.

שיקעס בליקנ ציענ זיכ אַרופ קימאַט צו די ברעמענ. ער וואַרפט צוויי שפּיזלעכ צו מיאַסקיוווקערנ, געהייסנ האָט עס: „אזוי גאָר, ערשטנ אנומלטנ געקלאַפּט מיט די לעפצנ אונ געלויבט מײַנע הרובעס פאַר א גאַנצנ אוילעמ אינ קלוב, אונ איצט איז עס בא דיר געוואָרנ א גאָרנישט מיט א נישט, איצט האָט דיר צוגעטראָטנ א „שוכאָווסקי”, אזוי גאָר...”

געזאָגט האָט ער גאָרנישט. ער האָט נאָר געקוקט לאַנג, בייז. הערשל מיאַסקיוווקער האָט שוינ, אפּאָנעמ, מער נישט געוואַרט אפ קיינ טשוווע. ער האָט געזוכט אַנ אויסוועג. געמוזט עפּעס אפנ אָרט צוטראַכטנ. ס'האָט אימ א שאַרפנ שניט געטאָנ דעמ אָנפירערס נעכטיקער זאָג, אז דער ערשטער גוט־מאָרגנ באַשטימט דעמ גאַנג פונ גאַנצנ טאָג.

פּלוצעמ האָט פונ הינטער שיקעס פּלייצעס זיכ געגעבנ א רוק אַרויס הינדל. דאָס פּאָנעמ בלייכ, נאָר איר שאַרפ נעזל האָט אויסגעזענ לענגער, אויסגעצויגענער. אינ איר גאַנצער האַלטונג איז געווענ אי אײַנגעשפּאַרטער ערנסט אי א סאַכ קינדערישעס. די ליפּנ אירע האָבנ געציטערט, אז ס'האָט זיכ געקאָנט דאַכטנ — טאָמער, כאָלילע, וועט עמעצער פּרוונ געבנ דעמ מינדסטנ שמייכל, וועט זי זיכ צעכליפּענ. זי האָט געמאַכט נאָכ איינ שפּאַנ אינ מיאַסקיוווקערס זײַט אונ אינ איינ אָטעמ אָפּגעקנאַקט:

— אויב איר וועט דערלויבנ, וועל איכ זײַנ בריגאַדיר...

## 5

אינ גאַנצנ קאָרפּוס איז פּלוצעמ דער געטומל מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרנ. גלײַכ ווי אָפּגעשניטנ מיט א מעסער. די שווייס־אַפּאַראַטנ זײַנענ אַנשוויגנ געוואָרנ. דאָס דרינזשענ פונ דער לופט, וואָס בעשאַסנ שווייסנ ציטערט מיט איר דער גאַנצער אַרומ, האָט זיכ פּלוצעמ

אָפּגעשטעלט. דאָס קאָל פונ די עלעקטראָ־שווייסער הערט זיכ אראָפּ אזוי שטארק, אזוי הויכ, גלײַכ זיי דארפנ איבערשרײַענ דעם טומל, וואָס איז נאָרוואָס אנשווינג געוואָרנ:

— הע, ווער שפּילט זיכ דאָרטנ מיטנ שאלטער?

אינסטינקטיוו האָט זיכ מיאסקיוקער געטאָנ א לאָז צו דער פּאָמפּע־אָפּטײלונג, וווּ עס געפינט זיכ דער שאלטער־טאָוול, קיינער איז דאָרט נישט געווענ. אויסגעשלאָסנ די עלעקטראָ־ענערגיע האָט, ווײַזט אויס, די אונטער־סטאנציע אליינ. דאָס טעלעפאָנ־גלעקל לעבנ מארמאָרנעם טאָוול ציטערט: פונ עלעקטראָ־צעכ זאָגט מענ אָנ אנ איבעררײַס אפּ צענ מינוט. „אויב ס'וועט מוזנ געדויערנ מערער, וועט מענ דעם גאנצנ צעכ איבערשליסנ אפּ אנ אנדער „פידער".

מיאסקיוקער הייסט די שווייסערס „פאריי־כערנ". צוויי יונגע כעוורעלײַט לאָזנ זיכ אראָפּ אפּ די מעטאלענע טרעפּלעכ. זיי לויפנ גיכ, פונ צוויי פארשיידענע קעסלענ לויפנ זיי. אפּ צוויי פארשיידענע מעטאלענע שמאָלע לייטערס. דער אָפּגעהאקטער געקלאפּ אפּ די טרעפּ מישט זיכ אויס מיט זייערע רייד:

— טאָליק, פארשרײַב, דער דריטער איבעררײַס!

דאָס האָבנ זיי אינ זינענ די פארמעסטונג, וואָס זיי פירנ מיטנ עלעקטראָ־צעכ, מיט דער אונטער־סטאנציע.

הינדל האָט אָפּגעכאפּט דעם אָטעמ. ניט גערירט מיט קיינ אייווער, איז זי געבליבנ אפּנ זעלביקנ פּלאץ. די מוליערס מיטנ געצײַג אינ די הענט, מיט די אָנגעטאָנענע פארטעכער זײַנענ שוינ געשטאנענ גרייט צוצוטרעטנ צו דער „אוווידע". מיאסקיוקער האָט זיכ אליינ גענומענ פארטיילנ די ארבעט. די מײַסע מיט דער אונטער־סטאנציע איז אימ אונטערגעקומענ גאָר ווי אומיסטנ. זי האָט א ביסל צעשטרייט די אָנגעצויגנקײַט, וואָס דעם אלטנ גארבערס „רויגעז" האָט איבערגעלאָזט.

הינדל קומט אויס אקעגנ דעם פאָטער. זי ציט אָנ מעיושעוודיק דעם שנור, שפרייט אויס א דינעמ טינק־שיכט אונ נעמט זיכ לייגנ די ערשטע ציגל. שיקע, כאָטש פארטאָנ אינ זײַנ אייגענער ארבעט באמ אײַנמויערנ דאָס אונטערשטע טירל פונעמ בונקער, כאפּט אלעמאָל א קוק צו הינדלענ. ער דערקענט טייקעפּ זײַנ אייגענעמ „שניט". „א קלאָוטע", טראכט ער, אונ פילט, ווי זײַנ גאנצע רוגזע ווערט בים-לעכווײַז צערונענ.

הערשל מיאסקיוקער טרעט ניט אָפּ פונ די צוויי יונגטלעכע מוליערס. ער איז קענטיק צופרידנ מיט זייערע „ערשטע ציגל".

— אײַער נאָמענ? — גיט ער א מאכ צומ ערשטנ.

— מאכמעדזשאָנ שאדמאנאָוו.

דער צווייטער גלײַכט אויס זײַנ פארטעכל, איז גרייט אליינ צו ענטפערנ. מיאסקיוקער גיט נאָר א הייב צו אימ מיט דער ברעמ. יענער גיט א קורצ הוסטל:

— שורע סיראָטינ.

— סערגיי סיראָטינס, דעמ טעסלערס? — הערשל מאכט צו אימ מיטנ פינגער: האָב אינ זינענ, הייסט עס, פארשעמ נישט דעם „באטקאָ".

ער נעמט זיכ מיט זיי אײַנשטודירנ בעהאָדראָגע. זײַנ טאָנ איז א געמיש פונ לערערישער ווייכקײַט מיט פּראָראבישער הארטקײַט:

— דעריקער, נישט פארגעסנ צו נעצנ די ציגל. דינער, וואָס דינער דעם טינק־שיכט. אונ ניט געזשאלעוועט קיינ איזאָליר־פאסטע ארומ די אײַזערנע שטאנגענ. פּאָניאטנאָ? ניט געזשאלעוועט!

— יעסט, ניט געזשאלעוועט!

ביידע ענטפערנ מיטאמאָל, וויל־יונגעריש, אָפּגעהאקט, מיליטעריש.

— ראָפּריזיוניקעס?

— טאק טאָטשנאָ!

— קאָמסאָמאָלצעס?

— א קאק זשע?

— טאק מאָטײַטע סעבע נא אוס! ס'איז א „שוכאָוו"־קעסל. פארשטאנענ?

ביידע שמייכלענ מיט בלישטשענדיקע אייגעלעכ.

מיאסקיוקער איז צופרידנ, וואָס ער האָט א ריד געטאָנ די ארבעט. ער גייט אריבער אינ הינדלס זײַט אונ קוקט זיכ צו, ווי זי באלייגט מיט פאסטע דעם פאָדערשטנ שטאנג. עס קומט בא איר ארויס שטאלטנע, כיינעוודיק, ווי אפּ דער בינע. ער וויל איר עפּעס דערקלערנ אונ באמערקט פּלוצעמ, ווי שיקע גארבער בייגט זיכ אָנ צומ עמער וואסער:

— ניט נעצנ די שאמאָטנע ציגל! שאמאָטנע — נעצט מענ נישט!

הערשלענ ווערט אליינ פריקרע פאר זײַנ צו הויכנ שרײַ. ער פרוווט עס פארגלעטנ מיט א ווייצל:

— או־ווא, פארגעסנ אינ דר'היימ דעם קאמערטאָנ.

אלע צעלאכנ זיכ. הינדל אויכ. איינ גארבער מאכט זיכ ניט הערנדיק. דאָס האָט ער, אפּאָנעמ, געוואָלט נעמענ מיאסקיוקערנ „אפּנ זיכער", זענ, צי יענער ווייסט, אז „שאמאָטנע" לײַדנ ניט קיינ איבעריק וואסער. ער לייגט בימכילע אוועק דעם נאסנ אונ נעמט א טרוקענעמ ציגל. מיאסקיוקער קוקט ניט אינ זײַנ זײַט, ער שרײַט עפּעס אריבער צו די יונגע מוליערס אונ לאָזט זיכ גיינ צומ ארויסגאנג.

אקעגנ קומט אָנ כאנאָוו. ער איז שטארק אופּגעטראָגנ. ער שיט מיט טארומעס אפּנ באשטעלער, אפּנ קאָמבינאט. אלעמאָל פארקלענערנ זיי דער „בויונג" דעם עלעקטראָלימיט. די מײַסע מיטנ איבערפירנ אפּ אנ אנדער פידער איז א באָבע־מײַסע. זיי האָבנ

איבערגעכאַפּט ענערגיע און, ווי טאָמיד, ווילנ זיי איצט אויסשפּילנ אפּנ כעשבנ פונ דער בוי־קאָנטאָר. ער האָט ערשט געקלונגענ אינ שטאָטישנ פּאַרטיי־קאָמיטעט, כאַנאָוו. ווי אַפּ צולאָכעס מוז זיכ סאַלימאָוו, דער די־רעקטאָר, נאָכ פאַרהאַלטנ אינ טרעסט עטלעכע טעג. דער פאַרטרעטער זיינער זעט ניט ווייטער פונ זיינע אויגנ־גלעזער. ער מוז „איבער־שטייגנ", שרייט ער, דעמ פּראָדוציר־פּלאַנ. איי, עס שטעלט זיכ אימ אָפּ די אַלטע קעסל־אינסטאַליאַציע און דאָס לאָזנ דעמ נייעמ צעכ רייסט ער אונטער מיטנ קליינעמ „לימיט", דאָס גייט אימ נישט אָנ. כאַנאָוו האָט זיכ דערשלאָגנ, אז אפּנ מאָרגנדיקנ ביוראָ פונ גאָרקאָמ זאָל שטיינ זיינ באַריכט וועגנ דער בויונג. מע האָט ארויסגערופנ מירקאַסימאָוונ, סאַלימאָווס פאַרטרעטער, און אויכ דעמ נייעמ פאַרוואַלטער פונ דער אונטער־סטאַנציע.

זיי גייענ אַריבער אינ זייטיקנ קאָנטאָרל. מיאסקיוווקער דערציילט כאַנאָוונ דעמ פאַל מיט שיקע גאַרבער. ער פּרוווט אייגנטלעכ זיכ אַליינ קלאָר מאַכנ, פאַרוואָס האָבנ אימ אַזוי אָנגערירט דעמ אַלטנס, אינ טאָג גענומענע, גוט באַקאַנטע קליינשטעטלדיקע „פּאָסטעמקעס" און פאַרוואָס ארנ זיי אימ אַזוי?

כאַנאָוו שמייכלט. דאָס פילט ער, אז שיקע האָט אָפּגענומענ מיאסקיוווקערנ דערמאָנט אינ אייגענע שוינ לאַנג ביי־געקומענע שוואַכקייטנ.

דער אייגענער איז אָבער פאַר כאַנאָוונ א גאַנצ קלאָרער. ער האָט פאַר דעמ א פּינקטלעכנ ענטפער:

— איבערשיכטונג, כאַווער מיאסקיוווקער, איבערשיכטונג. דער אַלטער איז דאָכ איינער א בעסאַראַבער. דער דאָזיקער פּראָצעס האָט דאָכ דאָרט געהאַלטנ ערשט באַמ אָנהייב.

מיאסקיוווקער פאַרטראַכט זיכ. דער אַלטער גאַרבער איז דאָכ אָבער פאָרט אַלע יאָרנ גע־וועננ א באַלמעלאָכע, א מוליער דערצו. און אָט, אָנגעקומענ נאָר אַפּ א גרעסערער בויונג, און ווידער: באַלעבעסלדיקער האָנאָר... רעשט־לעכ...

ער קוקט צו כאַנאָוונ, מיאסקיוווקער, ס'דאַכט זיכ אימ, אז יענעמס בליק וויל זאָגנ:

— באַ אונדז האָט מענ שוינ מיט דעמ פונ לאַנג אי אָפּגעפּאָקט אי אָפּגעמאָזלט. נישקאָשע, די סוויוווע איז א גוטער דאָקטער...

מיאסקיוווקער זעט אויס, גלייכ ס'איז אימ קלאָר געוואָרנ זייער א פּאָשעטער איקער:

— יעדער כאַלאַס, הייסט עס, דאַרפ האָבנ איר רעפּוע.

און קוקנדיק גלייכ צו כאַנאָוונ, ווי זוכנ־דיק באַ אימ א באַשטעטיקונג אַפּ אָט דעמ פּאָשעטנ עמעס, האָט ער ווידער קורצ און שאַרפּ א זאָג געטאָנ:

— יאָ, רעשטלעכ. מע מוז זיי ארומשניידנ. גוט, וואָס באַ דער יוגנט זיינענ זיי ניטאָ...

פונ קאָנטאָרל הערט זיכ א שטימ:

— גאַרבער!

שיקע רייסט זיכ אָפּ פונ אָרט, גרייט ארויס־צוקריכנ פונעמ בונקער. עפּעס גיט אימ ווי א שטויס צוריק. ס'איז מיאסקיוווקערס שטימ. מע האָט געעפנט די טיר. עס הערט זיכ דינט־לעכער:

— כאַווערטע גאַרבער, ביטע צומ נאַ־טשאַלניק!

שיקע גיט זיכ א כאַפּ צוריק צו דער אַר־בעט. זיינ שמייכל איז אינ איינ זייט ווייכ און אינ דער צווייטער — ביטער, ביטער גאַל.

הינדל לייגט אַוועק דאָס לאָפּעטקעלע, גיט זיכ א פאַרשאַר די האָר אונטערנ טיכל און שפּאַנט אינ דער ריכטונג פונ קאָנטאָרל — מיט איינ פלי איז זי דאָרטנ.

ליבע, וואָס ארבעט דאָ באַמ פאַרמישנ דעמ טינק, קוקט איר נאָכ. זי טראָגט שיקענ צוויי עמערס שוואַרצנ שאַמאָטנעמ טינק און פאַר־טשעפּעט זיכ מיט זיי. שיקע קוקט זיכ ניט אומ. ער שטייט אָנגעבויגנ, זיינ שטאַרק גע־רונצלטער קאַרק איז זייער רויט—פייער. ליבע פּרוווט דאָ דאָס ערשטע מאָל אימ פאַרטשע־פּענ מיט א וואָרט:

— א שוואַרצנ טשאַמור האָבנ זיי דאָ. שוואַרצ, ווי בלאָטע, און שווער, מיט רוכעס.

דאָס איז באַ איר שוינ אויכ דער פאַרענט־פער, פאַרוואָס זי האָט זיכ אַזוי שטאַרק פאַר־טשעפּעט. זי ליידיקט אויס דעמ טינק צו שיקענ אינ קעסטל. שיקע גיט א הויכנ ברומ אינ אָפּענעמ ליוק אַריינ.

— וואָס?—פרעגט ליבע איבער. שיקע ענט־פערט שוינ ניט. ליבע טראָגט זיכ אָפּ מיט די עמערס. זי האָט שוינ א „קלאָרע" טשוווע.

פונ קאָנטאָרל קומט הינדל ארויס א פאַר־פלאַמטע. זי נעמט זיכ גיכ צו דער ארבעט, אָנצוזאָגנ אָפּאָנעמ דאָס פאַרלוירענע. דער אוילעמ וואַרט. הינדל לייגט אויס א רייע ציגל, און ערשט נאָכדעמ שרייט זי אַריבער צו די מוליערס, גלייכ זיי וואָלטנ געווענ מי־יועדייע וו. זי מיינט אָבער, פאַריינוועגס, עס זאָלנ זי הערנ אויכ די איבעריקע:

— נאָכ מיטיק א פינפמינוטקע, כאַנאָוו אַליינ וועט זיינ און אויכ פונעמ בוי־קאָ־מיטעט.

פונ דער פּאָמפּע־אָפּטיילונג הערט זיכ א שטימ:

— נאָר די בויער?

— נאָר די בויער און נאָר די יונגטלעכע!

הינדל פילט, אז איר ערשטע אופגאַבע איז אַריבער בעשאָלעמ. ליבע טראָגט זיכ דורכ מיט די עמערס. זי איז גאָרניט כוישער, אז הינדל האָט עס טאַקע נאָרוואָס, בעקויל־ראָמ, זי מיט שיקענ אויסגעשלאָסנ פונעמ „מיניענ". זי כאַפּט צו איר א זייטיקנ קוק:

— וואָס דאָס קינד פלאַמט היינט קיינ־

אײַנהאָרע אַזוי, ווײַס איכ נישט, ס'זאָל נאָר זײַנ צו גוטנ.

אַפ דער קורצער באַטאָגיקער באַראַטונג אינ קליינעמ קאַנטאָרל פונ קעסל־צעכ איז באַשטימט געוואָרנ, אַז די גאַנצע אויסמויערונג פירט דורכ די יוגנטלעכ־קאָמיוגישע בריגאַדע, וואָס שטעלט זיכ פונ הײַנט אָנ אַפ דער ערעוו־יאָמטעוודיקער וואַכטע. הינדל איז אַרויסגערוקט געוואָרנ אַלס בריגאַדיר. שיקע מיט ליבענ, ווײַל זיי אַרבעטנ שוינ, בלײַבנ אינ קאָלעקטיוו, אויב זיי ווילנ.

א סאַכ רייד האָט כאַנאָוו פײַנט. ער האָט ליב צו זאָגנ נאָר דאָס, וואָס פאַרגעדענקט זיכ. דערפאַר פאַרגעדענקט זיכ אַפאָנעמ טאַקע אַלץ, וואָס ער זאָגט. אוקעגנ אימ אַפ דער וואַנט הענגט א פּלאַקאַט. א גרויסער פינגער, צוגעלייגט צו א פּאָר ליפּנ. אַלע קאָנענ אימ דעמ פּלאַקאַט. כאַנאָוו גייט אַוועק פונ טישל, רוקט זיכ דורכ דורכנ יונגנ אוילעמ, שטעלט זיכ אַוועק לעבנ פּלאַקאַט, ווײַזט אָנ אַפנ טעקסט און בעט הינדלענ איבערלייענענ. זי קוקט אַפ אימ אינ פאַרלעגנהײַט מיט א פּאָר גרויסע אויגנ. זײַנ בליק איז אָבער א קלאָרער, א לויטערער. ער שפּאַסט נית. זי לייענט: „פּלאַפּל נישט! ווענט האָבנ אויערנ!"

— אָ, אָ! — כאַפּט ער זיכ אָנ אינ דעמ, גלײַכ ער הערט עס דאָס ערשטע מאָל, און אַפ דעמ טאַקע אייגנטלעכ וואַרט ער שוינ לאַנג. — אָ! אָ! פּלאַפּל נית! דער קאָמבינאַט אַרבעט פאַרנ פראָנט. דאָס דאַרפ זײַנ פאַר אונדז גענוג. וואָס פאַר א פּראָדוקציע ער גיט אַרויס, איז איצט קיינעמס נישט אייסעק. קיינ זײַדענע שניפּסנ, קיינ שלייקעס מאַכט ער זיכער נישט.

קיינער האָט נישט געשמייכלט. די שטימונג איז געווענ א פײַערלעכע.

— אָנ דעמ נײַעמ קעסל־צעכ שטעלנ זיכ אַפ אייניקע פאַבריקנ פונ קאָמבינאַט. איר שטעלט זיכ פאָר, וואָס איכ האָב נאָרוואָס אַרויסגעבראַכט אַפ מײַנע ליפּנ. כ'האָט עס מוירע אפילע איבערצוכאַזערנ...

אייגנטלעכ, דאָס איז געווענ די גאַנצע רעדע זײַנע.

ווענ דער פאָרשטייער פונ בוי־קאָמיטעט האָט געלייענט די פאַרפליכטונגענ, וואָס די צדאָדים נעמענ אַפ זיכ, האָט זיכ יעדער געפילט אינ דעמ קליינעמ צימערל, אַפ אָט דער ענגער יוגנטלעכער באַראַטונג, ווי אַפ א גרויסער פאַרזאַמלונג, א מיטינג. אייניקע האָבנ נאָכגעשאָקלט מיטנ קאָפּ, מאַשמאָעס, זיי זאָגנ נאָכ איבער דער שטיל וואָרט בא וואָרט דאָס געלייענטע, ווי מ'זאָגט נאָכ א שווּע. ס'איז געווענ קעדײַ אָנצוקוקנ הינדלענ, ווענ זי איז די ערשטע צוגעגאַנגענ זיכ אונטערשרײַבנ. מיילע, שיקע איז בעקיווּנ אַראָפּגעגאַנגענ קלוימערשט פאַררייכערנ אינ אונטערשטנ שטאָק. ער האָט קיינמאָל נית ליב געהאַט צו זײַנ אַנ אָנגעוואָרפענער אויערעכ. אָבער ליבענ איז בעפיירעש א שאָד, וואָס ס'איז קיינעמ נישט אײַנגעפאַלנ זי אַרײַנצורופנ. זי וואָלט געווענ געהאַט א גוואַלדיקע האַנאָע.

אַז שיקע האָט זיכ אַרויסגעיאָוועט פונעמ אונטערשטנ שטאָק, טאַקע אַפנ לייטער, וואָס לעבנ ערשטנ קעסל, האָט ער אויסגעזענ ווי א „בעזבילעטניק" אינ וואַגאָנ, וואָס ווייסט נאָכ נישט, צי דער קאָנדוקטאָר איז שוינ דורכגעגאַנגענ. געזענ האָט ער אָבער א טשיקאַווע בילד. אַלע זײַנענ געשטאַנענ מיט פאַרריסענע קעפּ און געקוקט אַרופ צו די אייבערשטע שטאַנגענ. הינדלס קעפּל איז דאַכט זיכ מער פאַרריסנ פונ אַלעמענ. שיקע פילט זיכ ווי אַנ אָפּגעשמיסענער. עס טוט אימ שוינ אָפּאָנעמ גוט באַנק דער גאַנצער קאָכ... — „נו, און אַז זיי וועלנ צוקומענ צו די אַרקעס? און טאַקע דער בונקער אַלייג בימכילע?"...

ער קומט אויס, שיקע, לעבנ מיאַסקיווקערנ. יענעמ איז איצט אויפגעלייגט אַפאָנעמ אַפנ האַרצנ. „ער האָט אויסגעפּיעט א געשעפט האָט ער". ער גיט א טאָרע שיקענ, ער ווײַזט אימ אָנ אַפנ רויטנ געוואַנט, אַפנ טראַנספּאַראַנט, וואָס מע האָט אויפגעהאַנגענ לענגויס דעמ ערשטנ קעסל.

— וואָס זאָגט איר עפּעס, ווי מיר זײַנענ עס מעכאַדעש אינמיטנ העלנ טאָג די לעוואָנע?

ער איז פונ א יידישער שטוב, מיאַסקיווקער. ער פּרוּווט זיכ דערגראָבנ מיט א יידיש וואָרט צו דעמ אַלטנס געמיט.

שיקע דערפילט עס אַפאָנעמ, ער כאַפּט זיכ אָנ אינ דעמ, ווי אינ אַנ אויסגעשטרעקטער האַנט. ער נעמט זיכ גלײַכ לייענענ אינ דער הייכ די גרויסע זילבערנע אויסיעס: „מיר וועלנ פאַרהייצנ דעמ קעסל צו די יאָמטעווטעג".

דאָס הענגענדיקע שטיק אײַזנ האָט זיכ צעקלונגענ. ס'איז דער נײַער גאָנג. א יינגל האָט געקלאַפּט אינ דעמ מיט א גרויסנ האַק, ווי אינ א פּויק. דער אוילעמ האָט זיכ א שטעל געטאָנ אַפ דער וואַכטע. בעפיירעש: זיכ א שטעל געטאָנ.

6

א גאַנצנ נאָכמיטיק איז הערשל מיאַסקיווקער געווענ בא כאַנאָוונ אינ קאַבינעט. זיי האָבנ געגרייט מאַטעריאַל פאַר דער ביוראָ פונ שטאָט־קאָמיטעט. כאַנאָוו האַלט, אַז ער וועט זיכ אַלײנ דאָרט קאָנענ ספּראַווענ. מיאַסקיווקער מיינט אָבער, אַז ער האָט אימ דאָ וואָס אונטערצוזאָגנ.

— סאַלימאָוס פאַרטרעטער מוז מענ מאָרגנ אַזוי אַוועקלייגנ, ער זאָל פאַרזאָגנ קינדסקינדער נית צו פאַרטשעפּענ זיכ מיט דער בוי־קאָנטאָר. איר געדענקט, אַפ דער אָפענער

פארטיי־פארזאמלונג האט ער געזאגט ניט מער און ניט ווייניקער...

כאנאוו אבער האט זיכ זײַנ אייגענעמ גאנג, ער האט ליב פאקטנ, ציפערנ, געזאגט, גערעדט, — דאס איז נישט זײַנ נוסעכ. מיאסקיווקער פילט זיכ ווי געטראפנ. ער ווארפט אויכ ניט ארויס קיינ פאקטנ. „נא!" — ער לייגט אימ ארויס א גאנצ צעטל. יעדער פאקט האט זיכ בא אימ אפילע זײַנ נומער.

ער ווארט אלצ, אז כאנאוו זאל אימ סאפקאלסאפ א פרעג טאנ, וואס אזוינס האט מירקאסימאוו געזאגט. יענער איז אבער ניט פונ די אײַלעוודיקע. ער נעמט דעמ פארטפעל אונ לאזט זיכ גלײַכ אוועקגיינ.

מיט זײַנ שמייכל ווארט מיאסקיווקער אויבער, ביז דער אפהילכ פונ כאנאווס טריט וועט אינגאנצנ זיכ צעגיינ. אויכ דעמלט שמייכלט ער ארײַנ מער אינ זיכ, ווי צומ אקעגנדיקנ דרויסנ:

— אפילע צווישנ „מעטאליסטנ" איז ער אויכ אנ אנטיקל.

פרי האט זיכ הערשל אפגעריסנ אפ מארגנ פונ שלאפ. אפאנעמ, טאקע גאר, גאר פרי. עלע נישט, וואלט בינע, די פרוי זײַנע, טייקעפ דערפילט, אז ער האט זיכ ארויסגעקײַקלט, אונ וואלט געעפנט די אויגנ. אז זי עפנט נאר א ביסל די וויִעס, שלאפט זי שוינ ניט ביז צומ גיינ אפ דער ארבעט. הערשל טאפט אינ דער פינצטער דעמ וועג צו דער טיר. דער דריי פונעמ שליסל ריהט קוימ־קוימ אנ די שטילקײַט. ער שנײַדט דורכ דעמ ברייטנ הויפ פונ דער שפינערײַ אונ קומט אויס גלײַכ צומ ארײַנגאנג פונ נײַעמ קעסל־צעכ. אינ קליינעמ קאנטארל האט מענ פארגעסנ אויסצולעשנ דאס ליכט. ער גייט גלײַכ אהינ. באמ טישל איבערנ פלאנ פונעמ „שוכאוו"־קעסל מיט א דינעמ בלײַער אינ האנט שטייט שוינ הינדל. זי גלײַכט זיכ אויס. מיאסקיווקער איז גרייט א פרעג צו טאנ: „אזוי פרי?" זי פארכאפט, זי גיט א הייב מיט די אקסל — ס'איז שוינ דא אינ דעמ אי פראגע אי ענטפער: „אזוי פרי, מיינט איר? ס'שארנעט דאכ שוינ פונ לאנג אפ טאג".

זיי שטייענ שוינ ביידע בא דער אנגעהויבענער ארבעט. מיאסקיווקער קוקט ארופ. ער מעסט מיטנ אויג דעמ כאלעל, וויפל ס'איז נאכ געבליבנ. אזא ביטערע טעווע האט ער, מיאסקיווקער. נעמ מעסט צוערשט, וואס ס'איז אפגעטאנ געווארנ. ניינ. ער האט טאמיד ליב צו מעסטנ דאס, וואס דארפ ערשט געמאכט ווערנ. כאנאוו, אז ער כאפט אימ אמאל בא אזא אווייִרע, נעמט ער אימ שוינ רעכט אינ דער ארבעט ארײַנ:

— ווי קומענ עס צו אימ, א מענטש מיט אזא כוש פארנ רעאלנ, — ווי קומענ עס צו אימ פלוצעמ אזוינע קאזשעלקעס?

פונדעסטוועגנ, קלערט מיאסקיווקער, צו א שטיק עמעס דערטראכט ער זיכ טאמיד, יורי אסיפאוויטש, אײַ, ער כאזערט עס אפט איבער. איז וואס זשע? אנ עמעס, אז מע כאזערט אימ איבער, ווערט ער דענ אויס עמעס?

ער נעמט זיכ מעסטנ דאס, וואס איז נעכטנ אפגעטאנ געווארנ. הינדל האלט די צווייטע זײַט סטענגע. ער גיט א טאפ אויכ די לענג ביז צומ ערשטנ צווישנ־ווענטל. ביז אהינ דערגייענ די „קאלאסניקעס". עפעס גערעדנקט ער גארנישט אזא מינ מאס, מיאסקיווקער. בעטעווע גערעדנקט ער קימאט אלע מאסנ. ער נעמט דעמ פלאנ. יא, אפאנעמ פארשמעלערט די „סעקציע". הערשלענ בלאזנ זיכ אנ די ליפנ. דאס כיינ־גריבל אפ זײַנ אונטערבערדל ווערט צעקנייטשט. „פארזענ, ברודערקע, פארזענ". מע דארפ צענעמענ אנ' ערעב אכט רייענ ציגל פונ אונטערשטנ בונקער. הערשל טוט א טראכט, צי קאנ מענ נאכ דא עפעס אופטאנ. ער קוקט אפ הינדלענ מיט קימאט פארמאכטע אויגנ. דאס הייסט, אז גיכער אונ שטארקער טראכטנ איז אימ שוינ אומעגלעכ. די ציגל זײַנענ שוינ גוט צוגעקרעמפעוועט. הינדל שטייט פונ אויבנ, זי מאכט זיכ, אז זי זעט נית. הערשל אבער, ווײַזט אויס, שעמט זיכ נישט. ער קוקט צו איר גלײַכ ארופ, אונ עס קומט אויס בא אימ, גלײַכ, ווי ער רעדט ניט קיינ איינעמ, נאר ער כאזערט איבער עפעס אזוינס, וואס ער האט אמאל ערגעצ געלייענט:

— טוסטו נישט — וועסטו קיינמאל נישט גרײַזנ. געמאכט א טאעס, האב מוט אימ טיירקעפ צו פאריכטנ. עלע נישט, וואקסט אפ אימ פראצענט, ער ווערט נאכ געשוואלענער, דער טאעס.

עס הערט זיכ די דריטע סירענע. עמעצער שליסט שוינ אײַנ דעמ שוויימ־אפאראט. עס קומענ אנ ארבעטער. שיקע גארבער פאלט צו מיטנ אויג גלײַכ צו דער קופע צענומענע ציגל. ער זעט אויס ווי איינער, וואס האט פלוצעמ דערזענ פארטאג בא זיכ א לאכ אינ דער וואנט. ער דערזעט אונטנ מיאסקיווקערנ. הינדל ווײַזט אימ מיטנ פינגער פונ הינטנ ארומער אפ הערשלענ. זי וויל בארויִקנ דעמ פאטער. שיקע פארשטייט נישט, וואס זי ווײַזט.

„ער? ער האט צענומענ? — פרעגנ זײַנע צעפראלטע אויגנ. — פארוואס? ווער איז שולדיק?"

הערשל קריכט ארויס פונעמ בונקער. ער טרייסלט אפ די הויזנ, דאס רעקל אונ ענטפערט שיקענ האלב אינ ערנסט, האלב אינ שפאס:

— ווער ס'איז שולדיק, פרעגט איר? מירקאסימאוו, דעמ דירעקטארס פארטרעטער, ער איז שולדיק.

— ווער, ווער?—פרעגט איבער שיקע, אונ ס'קלינגט אימ אזוי, ווי יענער זאל אימ געווענ זאגנ אשטייגער: „דער גובערנאטאר, דער גובערנאטאר איז שולדיק".

שיקע ווערט ווידער צעשטריִט.

— איכ מיינ אָנ קאַטאָוועס, איכ האָב דאָרט עפּעס פאַרזעענ צי וואָס?

מיאַסקיוּוקערנ געפעלט איצט דער אַלטער גאַרבער. ער האָט אימ פּלוצעמ געגעבנ א שטאַרקנ דערמאָנ זײַנ טאַטנ, לייזער מיאַסקיוּוקערנ, כאָטש יענער איז גאָר א ייִד א בעגטוירע, מיט א לאַנגער באָרד, מיט גאָר אַנדערע אויגנ. נאָר אָט דער זאָג האָט אימ עפּעס שטאַרק דערמאָנט אינ זײַנ טאַטנ.

— כ'זאָג דאָכ אײַכ, — ווערט הערשל קלוימערשט בערויגעזלעכ, — שולדיק איז מירקאַסימאָוו... דאָס הייסט, אַז מע וויל שטאַרק, איז אויכ ער נישט אינגאַנצנ שולדיק. גיכער איז שוינ דער שולדיקער דער דירעקטאָר אַליינ, סאַלימאָוו...

שיקע הייבט שוינ באַלד אָנ צו ווערנ בערויגעזט... „האָסט צו זאָגנ, זאָג. וואָס ציסטו א קאָליע מיט דירעקטאָרנ? אַז סע מאַכט זיכ אַמאָל א טאָעס, איז שוינ עק וועלט?"

הערשל אָבער שטעלט זיכ נישט אָפּ:

— אונ צוריק גערעדט איז אַליינ סאַלימאָוו, דער דירעקטאָר, אויכ נישט אינגאַנצנ כּײַעוו. ער האָט דאָכ עפּעס א טרעסט איבער זיכ.

דער אוילעמ זעט, אַז מיאַסקיוּוקער שפּאַסט. ער באַמיט זיכ צו שפּאַסנ. ער וויל צונישט מאַכנ די מײַסע מיט דעמ צענומענעמ ווענטל. נישט לאָזנ אַזא „יערושע" דער בריגאַדע אַפּ א גאַנצנ טאָג. ער זעצט פאָר מיט א ניגנ. שיקענ איז עפּעס זייער קענטלעכ דער דאָזיקער ניגנ:

— איז געקומענ דער טרעסט אונ אַרויסגערופנ סאַלימאָווג, האָט גענומענ סאַלימאָוו אונ איבערגעלאָזט מירקאַסימאָווג. איז געקומענ מירקאַסימאָוו אונ זיכ צעקריגט מיט דער בויקאָנטאָר. איז אַוועק כאַנאָוו בעטנ א „ביוראָ", איז געגאַנגענ מיאַסקיוּוקער גרייטנ מאַטעריאַלנ פאַר דער „ביוראָ", איז... איז... האָט ער בימכילע זיכ אַזוי פאַרגעסנ, אַז ער האָט טאַקע פאַרזענ די סעקציע באַמ בונקער...

גאַרבער קוועלט. אי אַפּאָנעמ דערפאַר, וואָס ער האָט אַראָפּגעוואָרפנ א שטיינ פונ האַרצנ, אונ נאָכ מערער עפּשער טאַקע דערפאַר, וואָס דער יונגערמאַנטשיק מיט דעמ „שוכאָווסקי" האָט נעבעכ געמוזט מוידע זײַנ, אַז ער האָט געכאַפּט נעכטנ א שטאַרקנ בראָכ מיטנ ווענטל...

אײַ, ער כאָכמעט זיכ, א ברייִרע האָט ער?

אויב שוינ יאָ אַזוי, וויל זיכ שיקע א קוויטע טאָנ מיט מיאַסקיוּוקערנ. ער גיט אימ אַזוי א זאָג אינ גוטנ מוט, קלוימערשט קײַלעכדיק, נאָר אינ דער קײַלעכדיקײַט איז דאָ א שיינ ביסל שפּיצעכיקס:

— כאָווער עלטערער פּראָראַב, ס'איז בא אײַכ אינגאַנצנ אַרויסגעקומענ ווי אינ דער האַגאָדע. סימאָוו צו לימאָוו, לימאָוו צו דימאָוו. וואָזוי הייסט עס דאָרט אינ דער פּייסעכדיקער האַגאָדע? — ער זוכט הילף בא מיאַסקיוּוקערנ. יענער ווייסט, וואָס ער מיינט. ער מאַכט זיכ אָבער קעלוי־יאָדע.

שיקע בעט זיכ מיט די אויגנ בא ליבענ, בא הינדלענ. זיי פאַרשטייענ נית, וואָס מיינט ער עס מיט זײַנ לימאָוו—דימאָוו אונ וואָס פּלוצעמ איז עס אימ אַזוי שטאַרק צוגעטראָטנ.

שיקע טראָגט עס ניט איבער: פאַרגעסנ אַזא וואָרט! עס הייסט בא אימ, אַז ער האָט שוינ אינגאַנצנ פאַרגעסנ אינ ייִדישקײַט, אַז ס'האָט זיכ שוינ אויסגעוועפּט אינ אימ אי דאָס שטעטל אי די היימ... עס קומענ מיטאַמאָל אָפּ געדאַנק די קינדער, פונ וועלכע ס'איז שוינ אַזא צײַט קיינ יעדיִעע נישטאָ. ער זעט ווידער מיטאַמאָל זײַנ ברענענדיקע שטוב אַרומגעכאַפּט אינ פלאַמענ. אונ אויכ דאָס וואָרט, דאָס וואָרט, וואָס איז אימ אָקאָרשט אַרויס פונ זינענ, ווערט פאַרברענט אינ אָט דעמ פלאַקער.

ער לאָזט זיכ אַרויסגיינ פונ בונקער. ער מוז עמעצנ דערטאַפּנ. א פרעג טאָנ דאָס וואָרט. דער ליוק איז אָפּנ. שיקע פאַלט שיר נישט אַראָפּ. אַז ער גלײַכט זיכ צוריק אויס, הערט ער מיאַסקיוּוקערס קאָל:

— גיט אַכטונג, כאָווער גאַרבער, איר קאָנט נאָכ אַרײַנפאַלנ אינ דער אונטערשטער כאַדגאַדיע אַרײַנ.

געזאָגט איז עס מיט א טאָנ פונ „נאַ, לאָז מײַנס איבערגיינ, זאָגט נישט, אַז כ'בינ א שלעכטער..."

שיקע זעט אויס מיטאַמאָל, ווי מע וואָלט אימ נאָרוואָס אָפּגעמינטערט פונ א שווערנ כאַלאָשעס. זײַנע בליקנ לויכטנ אויפ. א פרישער שמייכל צעלייגט זיכ אַפּ זײַנ פּאָנעמ:

— א מײַסע מיט א ציגעלע...

אונ ער נעמט זיכ געשמאַק צומ לאָפּעטקעלע.

7

ווענ מ'איז הערשלענ געקומענ אָנזאָגנ די בסורע, איז שוינ געווענ אינמיטנ דער פּראָדוציר־באַראַטונג. דאָס וואָרט האָט גראָד באַקומענ סערגיי סיראָטינ, דער בריגאַדיר פונ די טעסלער. סערגיי סיראָטינ, וואָס פונ זײַנע פיר צענדליק יאָר האָט ער בא די דרײַ — ווי ער זאָגט — אײַנגעלייגט באַמ הובל אונ בא דער זעג, רעדט פּאַמעלעכ מיט האַפּסאָקעס:

— זאָגנ, אַז די אָנפירערשאַפט פונ קאָנטאָר זאָרגט צופיל פאַר אײַנשאַפנ געצײַג — קאָנ מענ ניט. ס'איז דאָ א טערעצ: מילכאָמע־צײַט. פאַבריקנ אַרבעטנ אויס עפּעס וויכטיקערס. אָבער ווי באַציִענ מיר זיכ צומ אינסטרומענט, וואָס מיר האָבנ? אָט זיצט אַקעגנ מיר וואָווע זײַעצ, דאַכט זיכ א וויל באָכערל, איאָ? א ייִנגל פונ א פּראָנטאָוויק, פרעגט אימ, זאָל ער אַליינ דערציילנ, ווענ האָט ער דאָס לעצטע מאָל אָנגעשאַרפט זײַנ זעג?

אינ ווינקל פונ די יונגנטלעכע ווערט א נע־

רודערײַ. עמעצער שטורכעט וואָוועג. ער איז רויט ווי א בורעק. סיראָטינ רעדט ווײַטער:

— אָט שטיי איכ פאַר אײַכ אונ רייד. מאַכ איכ אַלעמאָל אָנ איבערײַס. אַקעגנ וואָס טו איכ עס? איכ שאַרפ אָנ דאָס וואָרט, דער געדאַנק זאָל נישט גרילצנ ווי א טעמפּע זעג. אַזוי צי ניט אַזוי?

די אַרבעטער האָבנ ליב סיראָטינס אַרויסטרעטונגענ. די יוגנט וויצלט זיכ:

— פּעטער סעריאָזשע קלאַפּט שוינ ווידער ציינער צוועקעס.

דאָס ערשטע מאָל טרעפט, אַז אינמיטנ א באַראַטונג, אינמיטנ אַנ אַרויסטרעטונג, אינמיטנ סערגיי סיראָטינס א וואָרט זאָל מיאַסקיווקער איבערגעבנ דעמ פּאָרזיץ איינעמ פונ די טעכניקער אונ אַליינ אַוועק אַהיימ.

דער אַקטיוו קוקט מיט שטוינונג צומ פּרעזידיומ־טישל. אויכ סיראָטינ האָט זיכ אויסגעצויגנ אונ זעט מאַמעש אויס ווי א פראַגעצייכנ. אונ כאָטש קיינער האָט גאָרנישט געפרעגט, האָט דער נײַער פּאָרזיצער אַליינ דערפּילט, אַז קעדיי צו קאָנענ פירנ ווײַטער רויִק די באַראַטונג, מוז ער מעלדנ:

— גריגאָרי לאַזאַרעוויטש האָט געמוזט אַוועקגיינ. עס האָבנ זיכ אָפּגעזוכט זײַנע עלטערנ אונ זײַנענ אָקאָרשט אַהער אָנגעקומענ.

בענק אונ בענקלעכ האָבנ זיכ געטאָנ א ריר. אינ קליינעמ זאַל פונ רויטנ ווינקל איז געוואָרנ נאָכ ענגער. סיראָטינ האָט אָנגעהויבנ ווידער ריידנ. ס'האָט אָבער קיינ סאַכ נישט געדויערט, אונ מיאַסקיווקער איז צוריקגעקומענ. ווענ ער האָט פאַרנומענ ווידער דאָס אָרט באַמ פּרעזידיומ, האָבנ פּלוצעמ אויסגעבראָכנ שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטנ. עס האָט געהייסנ:

— ליב אײַכ אײַער גאַסט! אײַער פרייד — אונדזער פרייד!

פאַר הערשלענ איז עס געקומענ אינגאַנצנ אומגעריכט. אָט־אָט, אונ ערגעץ אינווייניק וועט זיכ עפענענ א שליוז. עס וואָרגט אימ שוינ טאַקע עפּעס צו שטאַרק אינ האַלדז. ריידנ וואָלט ער דאַכט זיכ איצט נישט געקאָנט. ער האָט זיכ אויפגעהויבנ פונ בענקל אונ געבליבנ שטיינ. אַפ די גרויסע, צעעפנטע אויגנ האָט זיכ צעלייגט אַנ אומבאַהאָלפענער שמייכל. א דורכזיכטיק פײַכט הײַטעלע האָט זיכ געריסנ אונ געוואָלט פאַרציִענ זײַנע בליקנ. מיט זײַנ גאַנצער האַלטונג האָט ער איצט אויסגעזענ נאָכ יינגער ווי טאָמיד, טאַקע עפּעס גאָר, גאָר ווי א יינגל.

* * *

דער טאָג האָט זיכ דאַפקע געוויזנ א זוניקער מיט א האַלבבלויענ, קימאַט דורכזיכטיקנ הימל. דאַכט זיכ, אַז קיינ מינדסט כמאַרעלע האָט זיכ אַפילע נישט פאַרגונענ דורכצושווימענ אינ רוימ. פּלוצעמ, צו מיטיק־צײַט האָט פונ דער גאַנצער לויטערקייט אָנגעהויבנ צו גיסנ א שטיל רעגנדל. געגאַנגענ איז עס, ווי די לעצטע וואָכנ, קלוימערשט אַפּ קאַטאָוועס. אָבער פאַרנאַכט צו האָט עס זיכ פאַרשטאַרקט, דאָס רעגנדל, אונ זיכ פאַרהאַקט ביז אינ דער שפּעטער נאַכט אַרײַנ.

באַ הערשל מיאַסקיווקערנ אינ צימער איז וואַרעמ א מעכײַע. בינע, הערשלס פרוי, האָט לעקאָוועד די געסט דאָס ערשטע מאָל אונטערגעהייצט. שווער אונ שוויגער זעט זי הײַנט דאָס ערשטע מאָל. זי וואַרפט ביגנייווע א בליק אַפנ פאָטער, אַפ דער מוטער. פונ זייערע ביידנס פּנעמער קלײַבט זי צונויפ הערשלס שטריכנ. אונ א גענעמער ציטער לויפט דורכ איבער אַלע אירע איוורימ.

אינ צימער איז געוואָרנ ענגער. דער נײַער טאָפּטשאַנ, וואָס מע האָט געבראַכט פונ דער בויונג, שמעקט מיט זעגעכץ. בינעס באַוועגונגענ זײַנענ הײַנט עפּעס אַנדערש ווי טאָמיד. זי וויל זיכ דאַפקע פירנ מײַסע עלטערע באַלעבאָסטע, עס באַקומט זיכ אָבער אַלצ באַ איר פּונקט קאַפּויר. זי זעט גיכער שוינ אויס ווי א סטודענטקע, וואָס איז געקומענ צוגאַסט צומ מאַנס עלטערנ. איר „טאַטע“ אונ „מאַמע“, מיט וועלכע זי ווענדעט זיכ אַלעמאָל צו די געסט, דערמאָנענ זייער אינ דעמ אויפנ, ווי הערשל זאָגט אַרויס די האַזיקע ווערטער.

שיפרע, הערשלס מוטער, הייבט אַליינ אָנ העלפנ ביסלעכווײַז צו ברענגענ אינ אָרדענונג די שטוב. בינע לאָזט זי נישט, זי נעמט באַ איר צו דעמ בעזעמ פונ דער האַנט. די געשיכטע אָבער, וואָס די אַלטע האַלט אינ דערציילנ בעשאַס־מײַסע, רײַסט זי נישט איבער. זי הייבט זיכ אָנ, די געשיכטע, העט, העט, נאָכ אינ יענע טעג, ווענ די מילכאָמע האָט אויסגעבראָכנ. די „קינדער“, הערשל מיט בינענ, אונ אויכ דער עלטערער זונ מיט דער פרוי, האָבנ זיכ דעמאָלט פּונקט געגרייט צו קומענ פאַרברענגענ זייער אורלויב אינ שטעטל אַרײַנ. שיפרע האָט די לעצטע וואָכנ געלעבט מיט אָט דעמ כײַעס. פונוואַנענ ווייסט זי, די מוטער, ווענ וואָס בינע טראַכט איצט? פּונקט אינ אָט דער רעגע האָט זיכ בינענ פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי ס'וואָלט אויסגעזענ זייער באַגעגעניש אינ קליינעמ בעסאַראַבער שטעטל, צווישנ הערשלס גרויסער מישפּאָכע, ווענ ס'זאָל נישט געווענ אָנלויפנ דער אומגליק.

לייזער מיאַסקיווקער דרעמלט. ער איז פאַרקילט. ער איז שטאַרק געעלטערט געוואָרנ פאַר דער צײַט. לויט הערשלס רייד, האָט זיכ בינענ אויסגעוויזנ, אַז זײַנע עלטערנ דאַרפנ זײַנ אַפ א סאַכ יינגער. צי עפּשער זײַנענ טאָמיד אַרויסגעשווומענ גראָד מערער די דערציילונגענ וועגנ דער קינדהײַט, וועגנ די שוליאָרנ, אונ דערפאַר האָט זי פונ זיי געטראַכט, ווי פונ נאָכ גאָר יונגע מענטשנ. דער פאָטער שלאָפט. אַפנ בענקל, וואָס לעבנ בעט, ליגט

א גאנצער פּאק „פּראוודא" און „איזוועסטיא", וואָס ער האָט געפונענ באם זונ. אפנ בעט ליגט די יידישע צייטונג, אינ וועלכער ער האָט שוינ באוויזנ אריינצוקוקנ.

ער ליגט אונטער אנ אלטנ געשטרייפטנ צודעק. ווער ס'קומט אריינ אינ צימער, מוז אומבאדינגט ווארפנ א שמייכלדיקנ בליק צומ צווייטנ בעט. דאָס, וואָס די אלטע לייט האָבנ פארכאפּט מיט זיכ אינ אזא ווייטער נעסיע פּונקט אזא צודעק ווי הערשלס, איז ווי אנ איבעריקער באווייז, אז ס'איז נישט קיינ טאָעס, ס'איז בעפיירעש טאקע מיאסקיווקערס טאטע—מאמע.

ווי אפּ צולאָכעס האָט הערשל זיכ געמוזט היינט פארהאלטנ שפּעט אינ בוי־קאָנטאָר. עס זיינענ די לעצטע טעג פונ כוידעש. א גאנצנ טאָג ארומגעגאנגענ מיט פאָרשטייער פונ „באשטעלער", פארפיקסירט דעמ צושטאנד פונ די בוי־אָביעקטנ. ערשט פארנאכט האָט ער באוויזנ זיכ אריינצוכאפּנ אינ קעסל־צעכ. ער איז אוועק פונ דאָרטנ א צופרידענער. די קליינע גארבער פירט די בריגאדע מיט א סאכ פארשטענדעניש. ווי ריינ מע האָט עס איבערגעלאָזט דעמ ארבעט־פּלאץ. ס'איז אימ אופּגעלייגט אפּנ הארצנ, ער טראָגט זיכ איבער דער לאנגער אלייע טוטנ־ביימער. די נאכט פאלט צו מיטאמאָל. דאָס רעגנדל האָט דאכט זיכ אופגעהערט. עס פאלנ נאָר די טראָפּנס פונ די נאסע בלעטער. ער שפּאנט לענגויס דער שמאָלער ליטשקע. די עלעקטרישע גאסנ־לעמפּלעכ שפּיגלענ זיכ אָפּ אינעמ רויק־פליסנדיקנ וואסער.

הערשל לויפט אהיימ. בינע איז דאָרט אינײנעמ מיט זיינע אייגענע. די זעוגענע טויכנ אופּ, לעשנ זיכ אויס און קומענ ווידער אָנ, ווי בלישטשעדיקע שפּליטערס. הערשל טרייבט זיי פונ זיינע בליקנ. דער טאָג איז אזוי אויכ, ווי א מילגרוימ, פול מיט איבערלעבונג, אז עס זאָל זיכ נאָכ וועלנ איצט איינטונקענ דאָס געמיט אינ זיכרוינעס. די פרייד זיינע איז אָבער פאָרט נישט קיינ גאנצע. עפּעס פילט ער, ווי דאָס הארצ זיינס איז פארקלעמט פונ א שטארקנ אומרו־געפיל. קיינמאָל געדענקט ער נישט, אז דעמ פאָטערס מילדע בליקנ זאָלנ געווענ האָבנ אזא קאלטנ בליאסק.

ער דערפילט פּלוצעמ א שטארקנ קלעמ באמ הארצנ:

— אינ אזא קורצער צייט...

ער פארקערעוועט אינ א זייטיק ליקל. אהיימ גייט ער מיט זיינעמ א פריינט, דעמ דאָקטער פונ באצירק. יענער כויזעקט פונ אימ: „גאָרנישט געוווסט, מיאסקיווקער, אז איר זענט אזא מאָדנער מענטש. איר זענט דאָכ עפּעס א בויער, א קאָנסטרוקטיוויסט..." הערשל שווייגט. דער דאָקטער קאָנ אימ קוימ נאָכהאלטנ, ער שפּאנט אזוי גיכ, גלייכ ער איילט זיכ אפּ ניט צו פארשפּעטיקנ א זאכ, וואָס אויב נישט איצט, קאָנ מענ עס שוינ קיינמאָל נישט אָביאָגנ.

לעבנ פאָטערס בעט זיצט שיקע גארבער. ער איז אריינגעקומענ אהער אפּ א רעגע, אָפּגעבנ „שאָלעמ" די געסט, זיכ נאָכפרעגנ אפּ היימישע. די קרייז־שטאָט שיקעס און לייזער מיאסקיווקערס שטעטל ליגנ אפּ דעמ זעלביקנ שליאכ. שכייניםמ. א מעהאלעכ נישט מער פונ א דרייסיק מייל. דעמ אלטנ מיאסקיווקערנ האָט זיכ שטארק צעשפּילט דער רעוומאטיזמ. ער באמיט זיכ איבערצושטארקנ די ווייטעקנ. בעטעווע איז ער נישט קיינ גרויסער באלנ אפּ רייד. איצט אָבער — ווייל ס'האָט זיכ אזויפיל אָנגעזאמלט מיטאמאָל — רינענ די ווערטער, ווי פונ א קוואל. שיקע באווייזט נאָר אריינצושטעלנ א קליינ פראגעלע, און באמ אלטנ מיאסקיווקערנ קייטלענ זיכ שוינ אליינ די געשיכטעס איינע אינ דער אנדערער. די אלטע דערמאָנט אימ אלעמאָל, אז ער מעג שוינ כאפּנ א „דעכ". ער דערציילט שוינ, הערשלס פאָטער, יידישלעכ, מיט א גלייכווערטל, מיט א לאָשנ־קוידעשדיק וואָרט...

— כ'רעד דענ, — פארענטפערט ער זיכ און קוקט אריבער איבער שיקענ צו דער שנור, צו בינענ. ער האָט האנאָע, וואָס זי הערט אימ מיט קאוואָנע. זי איז א ווילקענעוודיקע, איז זי...

— כ'רעד דענ? ס'איז א צייט, ווענ מע רעדט ניט, סע רעדט זיכ אליינ, מע דארפּ צו דעמ קיינ טירכע ניט צולייגנ...

הערשל קומט אריינ מיטנ כאווער. ער זעצט זיכ גלייכ צו צומ פאָטערס בעטל. ער איז ווידער אופגעלייגט, לעבעדיק. רעדט, פרעגט, דערציילט. ער ווערטלט זיכ מיט בינענ. פרעגט זיכ נאָכ, צי די „שוויגער" מיט דער „שנור" האָבנ זיכ נאָכ נישט צעקריגט. די מוטער קוועלט. „הערשלס שמייכל", טראכט בינע. זיי זיצנ ביידע באַ דער הרובע, די מוטער און די שנור, און טוענ א בעשוטפעסדיקע ארבעט. זיי צענעמענ א פארפּלאָנטערטנ קנויל בייוול.

— ער האָט פיינ פארפּלאָנטערט די כעשבוינעס, דער יאַמאכ־שמויניק...

די אלטע פירט, ווייזט אויס, אינ געדאנק ווייטער דעמ פאָדעמ פונ איר פריערדיקער דערציילונג.

— די מאמע האָט אייכ אזוי געוואָלט קענענ, — זאָגט בינע שטיל, גלייכ זי פּרווט אָנכאפּנ פּינקטלעכ דעמ קנופּ פונ דער אלטערס מאכשאָוועס, — אזוי געוואָלט זיכ מיט אייכ באקענענ...

שיקענ דאכט זיכ, אז ער שטערט. ער בעט א יידישע בלאט און קלייבט זיכ צו גיינ. הערשל דערלאנגט אימ א צייטונג און פארהאלט אימ אפּ טיי.

— לאָמיר כאָטש טרינקענ א גלעזל וואַ־

דעמס לעקאָוועד די געסט... א גלעזל ווײַנ וועלנ מיר שוינ נעמענ, ווענ מע וועט אונטערהייצנ דעם ערשטנ קעסל... — ער זאָגט עס אראָפּ, הערשל, גלײַכ ווי ער רעדט וועגנ א זאכ, וואָס ער האָט שוינ אפ זיכער אינ קעשענע.

— כ'מיינ, ס'איז א מעזומענ גלעזל ווײַנ, כאָווער גארבער, ווי מיינט איר, זיי וועלנ נישט אונטערפירנ, די כעוורע?

— מעזומענ, מעזומענ, — ענטפערט שיקע ווי אפ יויצע צו זײַנ אונ איז צופרידנ, וואָס דער דאָקטער זעצט זיכ צו באטראכטנ הערשלס פאָטער אונ רײַסט דערווײַל איבער דעם גאנצנ געשפרעכ.

דעם אלטנס הארצ איז אָפּגעשוואכט. דער דאָקטער שרײַבט אימ צו א שטרענגנ רעזשים. ער מאכט עס רויק, שפּילעוודיק, אָבער ס'הערט זיכ אינ דעם אנ ערנסטע נאָטע, וואָס גייט איבער אינ פארזאָרגטקײַט.

בינע גרייט זיכ אפ דער ארבעט. זי איז וואכטע־כימיקער אינעם וועבערײַ־קאָמבינאט. קעדיי צו זײַנ באטאָג מיט די געסט, איז זי איבערגעגאנגענ אפ נאכט־וואכטע. איצט באגלייט זי הערשל. זיי גייענ אינדרײַענ, מיטנ דאָקטער. ביידע לאכנ קלוימערשט פונעם „זינדל“. בינע האָט זיכ גארניט פאָרגעשטעלט, אז ער איז אזא „מאמינא דעטינא“. אזא סענטימענטאלער „פּראָראבטשיק“.

הערשל שווײַגט. זײַנע טריט זײַנענ שווערע, אָנגעשטרענגטע. אז זיי בלײַבנ איבער אליינ, הערט אויכ בינע אופּ צו ריידנ. זי איז געווענ א גאנצנ טאָג מיט זײַנע עלטערנ. זי האָט אימ דאָכ אזויפיל צו דערציילנ. זיכ דערוווסט אזויפיל „סוידעס“ וועגנ אימ, אזויפיל נארישקײַטנ... א קיל ווינטל א נאסלעכס שמײַסט אינ פּנעמ ארײַנ. בינע טוליעט זיכ צו הערשלענ. ער פירט זי שטײַפ באמ אָרעמ, גלײַכ ער וואָלט געווענ א סאכ העכער פונ איר. די גאסנ־לעמפּלעכ שאָקלענ זיכ היינ אונ הער. עס שווינדלט אינ די אויגנ. ביידנס טריט קלאַפּנ אָפּ אינ ברוק פונ גאס. זיי גייענ אונ שווײַגנ. ער טראכט זיכ זײַנס, זי — אירס. ווענ בינע קלערט איצט וועגנ דעם זעלביקנ וואָס הערשל — וואָלט זי שוינ ווי־ס'ניט־איז געוווסט, וואזוי איבערצורײַסנ די שטילקײַט.

זי וויל צוקלאמערנ איר געדאנק צומ צימער, צו הערשלס עלטערנ, צומ פאָטערס בעטל. זי ווייסט, הערשלס געמיט איז איצט פול מיט דעמ. אלצ פארשווינדט אָבער פונ אירע אויגנ. די גאסנ־לעמפּלעכ הוידענ זיכ שטארקער, גיכער. שאָטנ אונ ליכט באווײַזנ זיכ אפילע נישט צו בײַטנ. זיי מישנ זיכ אויס אונ שווינדלענ איבײנעמ מיט די רעגנ־טראָפּנס.

פונ צווישנ די שאָטנס שווימט ארויס א היימיש געזיכט: איר פאָטער. די טונקלקײַט פארווישט זײַנ הויכנ קערפּער, דאָס פּנעמ אָבער זעט זי בוילעט, דײַטלעכ. דער קאָפּ ווערט וואָס אמאָל גרעסער, גרעסער. בינע פארמאכט די אויגנ. זי פילט נאָכ שטארקער די נאָענטקײַט פונ איר פאָטערס געזיכט. גיינ גייט זי, ווי א בלינדע, וואָס עמעצער פירט זי. די הויכע ביימער רוקנ זיכ אלצ אָפּ. אפ איינעמ א בוימ דערזעט זי עמעצנ הענגענ... „מאמע!“ וויל זי א קוויטש טאָנ. אלצ דערווײַטערט זיכ אָבער מיטאמאָל, צעגייט אינ כאָלעל, אונ נאָר די קליינע, שפּיציקע העמערלעכ קלאַפּנ שטארקער, האסטיקער אינ הארצנ. נאָכ פונ באטאָג אָנ האָט זי אָנגעכאַפּט א געפיל, וואָס זי טרײַבט עס פונ זיכ מיט אלע קויכעס. ס'איז איר נאָכאמאָל אופגעקומענ דער כשאד, אז הערשל ווייסט פינקטלעכ, וואָס מיט איר מישפּאָכע איז געשענ, אונ האלט עס פאר איר די גאנצע צײַט בעסאָד.

דער געדאנק רײַסט זיכ ארויס פונ אירע ליפּנ א רויער, א נאקעטער אונ קלינגט אָפּ ווי א טײַנע, ווי א שטרענגע מאָנונג:

— הערשל, דו ווייסט, וואָס איז מיט מײַנע עלטערנ!

זי דערפילט באלד דעם נישט אָנגענעמענ נאָכקלאנג פונ אירע ווערטער. „טאָמיד באקומט זיכ בא איר אזוי. זי מיינט איינס, אונ ס'קומט ארויס עפּעס אנדערש“. זי טוליעט זיכ שטארקער צו הערשלענ. ס'דאכט זיכ איר, אז זײַנ אָרעמ איז עפּעס לויזער געוואָרנ. „וואָס זשע, זי האָט דענ מיט איר אומגליק געהאט בעדייע צו פארטונקלענ זײַנ פרייד, וואָס איז אזוי אויכ ניט קיינ גאנצע, קיינ רונדע? וואָס זשע, זײַנ פרייד איז דענ אויכ ניט אירע?“ זי וואָלט זייער געוואָלט פאריכטנ דאָס געזאָגטע, זי האָט אָבער מוירע, אז זי וועט נאָכ מער קאליע מאכנ. הערשל ענטפערט נישט. זיי גייענ אונ שווײַגנ. בינע פילט אָבער, ווי זײַנ אָרעמ ווערט וואָס אמאָל פעסטער, שטײַפער. זײַנ דלאָניע קרעמפּעוועט זיכ אײַנ אינ אירער. זי פילט די ווארעמקײַט פונ זײַנ האנט, דאָס בלוט, וואָס פליסט אינ זײַנע אָדערנ...

זיי קומענ צו צו דער פאבריק. זי דערלאנגט אימ מיטאמאָל א שטארקנ קוש אונ פארשווינדט ווויל־יונגעריש אינ דעמ דורכגאנג־טירל. לויפנדיק אינ דער ריכטונג פונעם צעכ, פילט זי נאָכ אלצ הערשלס הייסנ, ווארעמענ אָטעמ.

פונ דער טויער־בודקע הערט זיכ דעם וואכטיאָרס קורצ הוסטל:

— המ... המ...

ס'הייסט: אָפּגעווישט די וואָנצע. גאָרנישט געזענ. גאָרנישט געהערט.

8

מיאסקיוויקער לאָזט זיכ גיינ אהיימ. ער זעט אויס ווי איינער, וואָס מע האָט אימ איבערגעלאָזט אײַנמיטנ אנ אָנגעהויבענעמ שמו־

עס. זײַנ געהער איז אַזוי אָנגעשפּיצט, גלײַכ ער האָט די זיכערקײַט, אַז אָט, אָט וועט עמעצער א שטאַרקנ געשריי טאָנ פונ הינטנ: „גריגאָרי לאַזאַרעוויטש! הערשל!“ אונ ער וועט זיכ דאַרפנ אויסדרייענ אונ א צוק טאָנ מיט די אַקסל:

— ששש... איכ גיי דאָכ אײגנס אַזוי פאַמעלעכ, טריט־וואָסער...

קײנער האָט אימ אָבער נישט נאָכגעשריענ. ער איז שוינ אַזוי אָפּגעגאַנגענ קימאַט א האַלבנ וועג. עס זעענ זיכ שוינ גוט אָנ די גרויסע, זײַטיקע פענצטער פונ כאַנאָווס קאַבינעט. עמעצער האָט דאָרט אויסגעלאָשנ דאָס ליכט.

אַפּאָנעמ כאַנאָוו האָט ערשט אָוועקגעלייגט די אַרבעט, ער לאָזט מינאַסטאַמ אַראָפּ די פאָרהאַנגענ אָפּ די פענצטער אונ לאָזט זיכ גײנ אַהײמ. מיאַסקיווקער האָט ליב די אויסשטאַטונג אינ כאַנאָווס אַרבעט־צימער. אַפילע די טונקל־בלויקײַט פונ די פענצטער־גאַרדינענ וויעט דאָרט אָנ אַנ ערנסטע, רויִקע אַטמאָספער. אַז א ווינטל צעפּאַלדעוועט אַמאָל די בלויע פאָרהאַנגענ, דערמאָנענ זיי הערשלענ טאָמיד אינ דעמ אומרו־כמאַרעלע, וואָס קוקט שטענדיק אַראָפּ פונ כאַנאָווס קלוימערשט רויִקנ געזיכט.

פונ יענער זײַט גאַס האָט אימ עמעצער פּלוצעמ אָנגערופנ באַמ נאָמענ:

— מיאַסקיווקער?

ס'איז כאַנאָווס קאָל, גוט, וואָס זיי האָבנ זיכ באַגעגנט. ער גייט טאַקע צו אימ, ער פרווט אימ גלײַכ אָנהייבנ עפּעס צו דערציילנ, כאַפּט זיכ אָבער מיטאַמאָל צוריק אונ טוט אימ א נעמ פעסט פאַרנ אָרעמ:

— קומט, מיאַסקיווקער!

זיי גייענ אינ דער ריכטונג פונ קעסל־צעכ. מיאַסקיווקערנ ווײַזט זיכ אויס צוערשט, אַז עפּעס אַנ אומרויִקײַט הערט זיכ סײַ אינ כאַנאָווס רייד סײַ אינ זײַנ אײַלעוודיקנ שפּאַנענ. עס גיט אימ א שטאַרקנ קלאַפּ אינ האַרצנ: „עפּעס געשענ בא דער מויערונג!“... אינ כאַנאָווס שטימ דערהערט ער אָבער טײקעפּ א באַרויִקנדיקע נאָטע:

— ווי האַלט עס, גרישאַ, מיטנ ערשטנ קעסל?

הערשל קוקט אימ אָנ פאַרוואונדערט. „גרישאַ“... ער רופט אימ, דאַכט זיכ, קײנמאָל ניט באַמ נאָמענ. נאָר וואָס איז עס פּלוצעמ פאַר א שײַלע? ער קאָנ דאָכ דעמ צושטאַנד אינ קעסל־צעכ גלײַכ ווי ער, זיי זײַנענ דאָכ ערשט הײַנט פאַר מיטיק געווענ דאָרט אינײנעמ.

ער ענטפערט אימ מעכאַניש, אַפּאָנעמ, נאָר קעדיי ניט איבערצולאָזנ די פראַגע אָנ א טשוווע:

— לויטנ גראַפיק, יורי אָסיפּאָוויטש, לויטנ גראַפיק... ס'הייסט, איר ווייסט דאָכ אַלײנ גאַנצ גוט, אַז ס'איז דאָרט אַלצ אינ אָרדענונג.

ענטפערנדיק אָבער, דערפילט ער טײקעפּ, אַז ניט צו דעמ אײגנטלעכ צילט עס איצט דעמ שעפס פראַגע, עפּעס שטעקט אינ דעמ, ווײַזט אויס, אַנ אַנדער מײנ.

כאַנאָוו לאָזט זיכ טאַקע קײנ סאַכ ניט בעטנ:

— פונ מאָרגנ אָנ וועט מענ דאַרפנ אַפּאָנעמ א ברעכ טאָנ דעמ דאָזיקנ גראַפיק אונדזערנ, כאַווער מיאַסקיווקער, אונ א ברעכ טאָנ אַזוי, אַז פונקענ זאָלנ פליִענ...

— וואָס?

מיאַסקיווקער פאַרשטייט ניט, וואָס ער מײנט „א ברעכ טאָנ דעמ גראַפיק?“ אָבער וויאַזוי זאָל מענ אימ פאַרשטײנ, יורי אָסיפּאָוויטשנ, ער שפּאַסט, צי וואָס? ס'איז דאָכ ניט אינ זײַנ טעווע אַזוינע שטיפערײַענ.

זיי גייענ אַרײַנ אינ צעכ. די צוויי „דערזשורנע“ לאָמפּנ וואַרפנ א בלייכע שײַנ אָפּ די דורכגענג צווישנ די „שוכאָוו“־קעסלענ. די מעטאַלענע סקעלעטנ ווײַזנ אויס איצט גוואַלדיק הויכע, זייערע שאָטנדיקע פּאַסנ לײגנ זיכ אָפּ אַלאַכסנדיק איבער די הויכע ווענט, די קאָנטורנ פונ דער מויערונג באַמ ערשטנ קעסל זײַנענ שוינ קלאָרע, דײַטלעכע, די הייצטירלעכ זײַנענ שוינ אײַנגעמויערט.

— ס'האָט זיכ א רוק געטאָנ דער ערשטער קעסל ניט אָפּ קאַטאָוועס, — טראַכט מיאַסקיווקער, — איז... א ברעכ טאָנ גראָד איצט דעמ גראַפיק?..

— יאָ, יאָ, א שטאַרקנ ברעכ טאָנ. אָפּ דער הײַנטיקער באַראַטונג האָט דער פאָרשטייער פונ פּאַרטיי־קאָמיטעט פונעמ קאָמבינאַט לויט דער אָנגענומענער באַשטימונג פונ גאָרקאָמ געשטעלט פאַר די בויער זייער א וויכטיקע אויפגאַבע. מע מוז פאַרענדיקנ דעמ ערשטנ קעסל אינ די נאָענטסטע עטלעכע טעג אונ אײנצײַטיק צוטרעטנ אויכ צו דער מויערונג פונ די איבעריקע... ס'איז געבונדנ מיט דעמ, וואָס מע וועט מוזנ אָפּשטעלנ אָפּ רעמאָנט עטלעכע אַלטע קעסלענ...

מיאַסקיווקער קוקט אָפּ אימ מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגנ. ער וויל טויפּעס זײַנ דאָס געזאָגטע:

— אײנצײַטיק אָנהייבנ די איבעריקע? פאַרענדיקנ? אָנהייבנ? צי ס'איז א מעגלעכע זאַכ, האָט איר א טראַכט געטאָנ, כאַווער כאַנאָוו? צי ס'אַ מעגלעכע זאַכ, פרעג איכ?

אינ זײַנ שטימ האָט מענ שוינ געקאָנט הערנ א ביסל אויפגערעגטקײַט.

כאַנאָוו לאָזט זיכ צומ קאָנטאָרל פונ צעכ, מיאַסקיווקער נאָכ אימ, זיי זעצנ זיכ צו.

ער האָט אַפּאָנעמ געוואַרט, כאַנאָוו, אָפּ אַזא פּלוצעמדיקנ אַרויסטריט פונ מיאַסקיווקערנ. הערשלס אויפגערעגטקײַט מאַכט אימ נאָכ רויִקער, זיכערער.

רייטיס, קאָנ ער אימ מוידזע זײַנ, אַז אפ דער בוראַטונג האָט ער, כאַנאַוו, די „געפּרעס־טע" טערמינענ שוינ אָנגענומענ. צווייטנס, אָט איז א צעטל פונ נאָכ עטלעכע מויערער, וואָס די קאָמבינאַט־פאַבריקנ האָבנ אויסגעטיילט פונ זייערע באַדינ־רעזערוונ, אונ די הויפּט־זאַכ: מע דאַרפ איצט שמועסנ ניט, צי מע קאָנ, נאָר וויאַזוי מע זאָל די אויפגאַבע אויספילנ.

כאַנאַוו האָט שוינ אפילע באַ זיכ אנ אָנגעצייכנטנ פּלאַנ. מיאַסקיוּוקער דאַרפ זיכ נאָר א נעמ טאָנ אויספּירלעכ אימ צעוויקלענ, ער זאָל געבנ דעמ ריכטיקנ רעזולטאַט.

— קיינ אומעגלעכעס איז באַ אונדז ניט פאַראַנ, גריגאָרי לאַזאַרעוויטש. אַז מע פּאָדערט; איז א סימענ, אַז ס'איז נויטווענדיק, אונ אַז ס'איז נויטווענדיק, איז א סימענ, אַז ס'איז מעגלעכ...

ער האָט גערעדט ווייניק, כאַנאַוו. ס'איז אויסגעקומענ, אַז ווײַל ער רעדט וועגנ זאַכנ, וואָס אינ זייער ריכטיקײַט האָט ער ניט קיינ שפּור פונ צווייפל, איז דעריבער ניטאָ וועגנ זיי וואָס א סאַכ צו טאָלקעווענ. זיי האָבנ זיכ אופגעהויבנ ביידע מיטאַמאָל. הערשל האָט א נעמ געטאָנ פונ זײַנ האַנט דעמ נײַעמ אָנגעצייכנטנ גראַפיק. באַמ ארויסגאַנג האָבנ זיכ זייערע בליקנ א ווײַלע פאַרהאַלטנ באַ די קעס־לענ. אָפּגעמאָסטנ מיטנ אויג די הייכ פונ די שטאַנגענ, ביזוואַנענ עס דאַרפ דערגיינ די מויערונג.

— הייסט עס, גייענ מיר איצט איבער צו א קאָנצענטרירטער אַטאַקע, — האָט פאַר זיכ א קלער געטאָנ מיאַסקיוּוקער.

זיי זײַנענ געגאַנגענ אונ געשוויגנ. ס'מאַכט זיכ אַמאָל א נאַכט, וואָס מיט איר לויטער־קײַט, מיט איר קילער שײַנ זעט זי אויס ניט נאָר א ביז גאָר װאַכע, נאָר אויכ א ניכטערע, א קלוגע. אינ אַזאַ נאַכט גלוסט זיכ דיר טאָ־מיד צו דערגרונטעווענ זאַכנ, וואָס ליגנ שוינ לאַנג אפנ דעק פונ דער נעשאָמע.

זיי זײַנענ געגאַנגענ פּאַמעלעכ, ניט געײַלט. לאַנג האָט שוינ כאַנאַוו ניט געזענ מיאַסקיוּו־קערנ אינ אַזאַ מאָדנעמ צושטאַנד, ער האָט גע־רעדט, אופגעהערט, זיכ פאַרטראַכט, אָנגע־כאַפּט כאַנאַוונ באַמ עלנבויגנ אונ אימ א זאָג געטאָנ קורצ, גלײַכ ער גיט אימ איבער נאָר דעמ טאַמציס פונ זײַנע געדאַנקענ:

— ס'א נײַע מינ האַרטנעקיקײַט, יורי אָסי־פּאָוויטש, סאָוועטישע האַרטנעקיקײַט.

כאַנאַוו האָט ארופגעלייגט די האַנט אפ זײַנ אַקסל:

— האַרטנעקיקײַט געקייפּלט אפ צילגע־ווענדטקײַט, גרישאַ, אָט דאָס אייגנטלעכ איז עס.

מיאַסקיוּוקער האָט געוואָרפנ א לאַנגנ, אָפּגע־נעמ בליק אפ כאַנאַוונ אונ דערפירט זײַנ מאַכ־שאָווע ביז צומ לעצטנ סאַכאַקל:

— איכ ווייס ניט, ווי איר, איכ דערפיל

א סאַכ מאָל אפ אָט דעמ קליינעמ פּלאַצדאַרמ אונדזערנ דעמ דויפעק פונ גאַנצנ לאַנד, א שטאַרקער דויפעק, יורי אָסיפּאָוויטש, א שטאַרקער...

זיי האָבנ זיכ געזעגנט. כאַנאָוו האָט אימ נאָכגעקוקט אונ געטראַכט:

— ער האָט אָנגעהויבנ גוט אונ שנעל צו פאַרשטיינ, דער בעסאַראַבער. ניט שלעכט גע־זאָגט: דער דויפעק פונ גאַנצנ לאַנד...

9

אָפּגעשלאָסנ שטיל די טיר צו זיכ אינ צי־מער, איז הערשל מיאַסקיוּוקער געבליבנ שטײנ באַמ ארײַנגאַנג. דער פאָטער האָט געאָטעמט אינ שלאָפ שווער, געדיכט. באַ דער הרובע איז זיצנדיקערהייט, מיט דער „ארבעט" אינ דער האַנט, אײַנגעשלאָפנ די מוטער. אינ דער היימ, אַז ער פלעגט זיכ אַמאָל פאַרהאַלטנ באַ א כאַווער, פלעגט זי אויכ אַזוי וואַרטנ אפ אימ ביז אינ דער שפּעטער נאַכט ארײַנ. ער שטייט לעבנ פאָטערס בעט אונ קאָנ נישט אָפּרײַסנ זײַנ בליק פונ דעמ מאַטנ אָפּגע־צערטנ געזיכט.

וויפל איז ער עס אַזוי געשטאַנענ, הערשל, אונ זיכ נישט פאַרגונענ צו מאַכנ נאַכט? דאָס צימער איז געווענ אָנגעפילט מיט היימישקײַט, מיט וואַרעמער מישפּאָכעדיקײַט...

ערשט ווענ די מוטער האָט זיכ געלייגט שלאָפנ אונ מ'האָט אויסגעלאָשנ דאָס ליכט, האָט ער דערפילט די מידקײַט פונ טאָג.

דער שלאָפ איז צוגעפאַלנ מיטאַמאָל. אינ דער שטילקײַט הערט זיכ נאָר דאָס קלאַפּנ פונ הערשלס האַנט־זייגערל, וואָס ליגט ער־געצ־וווּ אונ מעסט, וועגט אָפּ די מינוטנ, ס'האָט זיכ אימ געדאַכט, אַז ער איז שוינ אָפּגעשלאָפנ מי־יעדייע וויפל, ווענ א שטאַרק געשריי האָט אימ פּלוצעמ אופגעוועקט. „אוי! אוי!"... ס'איז דעמ פאָטערס קאָל. ער קרעכצט פונ שלאָפ. ער גיט אַלעמאָל א יעכצ— איינער שטאַרקער פונ צווייטנ: — „אוי, אוי"..., די מוטער וועקט אימ, זי שרײַט צו אימ אַריבער:

— לייזער! לייזער!

— טפו, אפ הימלערס קאָפּ, טפו, א בייזער כאָלעמ, אפ זײַנע הענט אונ פיס. ס'מוז שוינ זײַנ שפּעט, שיפרע, א? אוי, אוי. ס'קינד איז שוינ דאָ, שיפרע?

אונ ווידער שטיל.

הערשל קאָנ שוינ נישט אײַנדרימלענ. ער ליגט א האַלב וואַכער. דער מויעכ, ווי אנ אָנ־געצויגענער מעכאַניזמ, הייבט אָנ פונ זיכ אַלײנ צו אַרבעטנ. די געשעענישנ פונ גאַנצנ טאָג שפּאַנענ דורכ פאַר די אויגנ, בײַטנ זיכ אונ קומענ אַלעמאָל ווידער אופ. אײַנ־שלאָפנ קאָנ ער שוינ נישט. דורכנ פענצטער זעענ זיכ אָנ די באַלויכטענע שויבנ פונ דער אקעגנאיבערדיקער אַרבעטער־צוזאַמענוווינונג. ערשט נישט לאַנג האָט מענ זי ארויסגעענ־

דיקט. מע גרייט זיכ דאָרט אפּאָנעמ צו גיינ אפ דער צווייטער נאכט־וואכטע. אָט צינדט זיכ אָנ דאָס ליכט אינ אייניקע פענצטער, אָט לעשט זיכ עס אויס.

— דער דויפּעק, דער דויפּעק פונ לאנד, — טראכט ווידער הערשל, — ער קלאפּט.

ער ליגט נאָכ אזוי א ווײַלע, קריכט אראָפּ פונ געלעגער אונ זעצט זיכ צו זײַנ ארבעטס־טישל. אינ שטוּב איז דושנע, ער עפנט אופ דאָס פענצטער. די האַרבסטיקע לופט רײַסט זיכ ארײַנ אונ פילט אָנ אלע אייוורים מיטפרישקײַט. אפנ טישל ליגנ עטלעכע ביכער, זײַנע, בינעס. ער נעמט אינ דער האנט ארײַנ דעמ פּאָטערס ברילנ. דאָס שיידל איז אלט, אָפּגעריבנ. שוינ פונ א סאכ יאָרנ האָט ער אָט די ברילנ, דער פּאָטער זײַנער. נאָכ קינדווײַז פלעגט הערשל שטארק ליב האָבנ זיי אלעמאָל אָנצומעסטנ. פונ א ביכל שטעקט ארויס בינעס שפּיגעלע. ער טוט אָנ די ברילנ. קוקט זיכ אײַנ. מאָדנע, ווי ער, הערשל, איז ענלעכ איצט אינעמ פּאָטער, איבערהויפּט, ווענ יענער קוקט ארײַנ אינ א סייפער. אפנ טיש ליגט א פּעקל מיט פּאָטאָ־בילדער. אפּאָנעמ דאָס האָט בינע זיי געוויזנ הײַנט זײַנע עלטערנ. הערשל נעמט דורכקוקנ די בילדער. לאנג זיי אינ דער האנט ניט געהאלטנ. ער לייגט זיי אויס איינס לעבנ צווייטנ. זיי פּארדעקנ קימאט א האלב טישל. דעריקער האָט ער ליב די מישפּאָכע־בילדער, זײַנע, בינעס. ער קערט איבער אייניקע, לייענט די אופשריפטנ, די דאַטעס. אָט איז בינע מיט טאטע־מאמע, מיט איר עלטערער שוועסטער. ביידע אינ שווארצע קליידעלעכ מיט ווײַסע קעלנערלעכ. בינע איז נאָכ גאָר א קינד, זי האלט צוגעקרעמפּעוועט די ליפּנ. מע האָט איר אפּאָנעמ געהייסנ צומאכנ דאָס מײַלעכל. איר פּאָטער זעט אויס יונג, קרעפטיק. בינע איז צוויי טראָפּנס די מוטער. הערשל האָט זיי ביידע ניט באוויזנ אפילע צו קענענ. וואָלט זי כאָטש געפונענ די שוועסטער אירע. די איינציקע שוועסטער... פונדעסטוועגנ דארפ מענ איר אָנהייבנ צו דערציילנ, ווו אירע עלטערנ זײַנענ אומגעקומענ. ער האָט דאָכ איצט וועגנ דעמ פּינקטלעכנ יעדיעס, הערשל. אינ טראנסניסטריע... לעבנ בערשאד... זאָל זי כאָטש האָבנ וווּהינ צו גיינ געדאנקלעכ צו קייווער־אָוועס, בינע.

דער פּאָטער שרײַט ווידער פונ שלאָפ, הערשל וועקט אימ:

— טאטע, טאטע!

אזוי שרײַט מענ, ווענ מע באפאלט דיכ מיט א מעסער אינמיטנ דער נאכט. ער קאָנ זיכ אלצ ניט באפרײַענ פונ די קאָשמארנ, דער פּאָטער זײַנער, פונ די בייזע, שוידערלעכע כאַלוימעס.

— טאטע! טאטע!

אינ צימער ווערט מיטאמאָל נאָכ שטילער. דער געקלאפּ פונ זייגער הערט זיכ איצט שטארקער, קרעפטיקער. שלאָפנ ווילט זיכ שוינ ניט. דעמ פּאָטערס געשריי קלינגט נאָכ אלצ אינ די אויערנ: „אוי, אוי...“

אזא פעסטער ייִד געווענ אלע יאָרנ. פונ אייגענעמ אומגליק דאכט זיכ קיינמאָל זיכ ניט געלאָזט בײַקומענ. טאָמיד פּאר אלצ געפונענ א באשייד, א טרייסטוואָרט. אונ איצט מיטאמאָל אזוי צעשרויפּט. פּאָלקס־בראָכ, טראכט הערשל, פּאָלקס־בראָכ... אייגענער אומגליק וואָלט קיינמאָל ניט געווענ בעיעכוילעס דעמ אלטנ אזוי אײַנצוברעכנ...

ער זעצט זיכ צו ארבעטנ. דער גראפיק פונ די קומענדיקע ארבעטס־טעג האָט זיכ עפּעס מיטאמאָל גענומענ אליינ צונויפשטעלנ אינ קאָפּ אונ ארויסשטויסנ די אנדערע מאכשאָוועס. ער קאָמבינירט, צעשטעלט די מוליערס, די צוטראָגערס. עס ווײַזט זיכ אָבער ארויס פּלוצעמ, אז דער סאכאקל איז דער זעלביקער: דער ערשטער אונ דער צווייטער קעסל זײַנענ געזיכערט, מיטנ דריטנ וועט מענ זיכ ניט ספּראווענ. ער בלעטערט אינ געדאנק, האלט אינ איינ מישנ זײַנ נאָטיצ־ביכל. עפּעס מוז מענ אויסגעפינענ. עפּשער איז נאָכ פּאָרט מעגלעכ אריבערצוווארפנ אהער א פּאָר מענטשנ. מע מוז איינצײַטיק אָנהייבנ דעמ דריטנ קעסל.

שוינ נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס הערשל, ווענ ער קומט צו אינ אנ „ענגנ ווינקל“ אונ סע דאכט זיכ אימ אויס, אז ער וועט פונ דאָרט זיכ ניט ארויסדרייענ — שוינ ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער דערמאָנט זיכ דעמלט אינ דעמ פריערדיקנ פּראָראב — אינ קאזאטשקאָווו.

— ווי וואָלט זיכ, אשטייגער, אינ אזא פאל אנ אייצע געגעבנ אזא מומכע, ווי קאזאטשקאָוו?

די דערמאָנונג אליינ טוט אימ א הייב פונ אָרט. ער טוט זיכ אפּגיכ אָנ. ער איז שוינ ווידער אינ גאס. די לופט איז שארפ, שנײַדיק. ארומ איז שא, שטיל. עס הערט זיכ נאָר דער געקלאפּ פונ דער קאָלווירטישער וואסער־מיל. א קײַלעכדיקנ מעסלעס רוט ניט אָט די גרויסע וואסער־ראָד. באטאָג איז זי שטילער, סטאטעטשנער, מע הערט קוימ איר גערויש. דערפאר אָבער שנײַדט זי די נאכטיקע שטילקײַט פאסמעסווײַז.

דער וועג בא דער וואסער־מיל איז דער קירצסטער צומ אויטאָ־גאראזש פונ דער בויונג. אינ גאראזש פאָדערט מיאסקיווקער אנ אווטאָ. ער מוז זיכ אריבערכאפּנ אפנ הידראָליז־זאַוואָד. דער האלב־פארשלאָפענער דעזשורנער שאָפער וווּנדערט זיכ:

— אפ דער בויונג פונעמ הידראָליזנעמ? איצט? אינמיטנ נאכט?

הערשל קלינגט אינ לאבאָראטאָריע. ער רעדט מיט בינענ.

— נארסט מיכ ניט אָפ, הערשל, ס'איז עפעס געשענ? זאָג, הערשל!

די „אָנדערהאלבנטאָנקע" צעהודזעט זיכ, זי איז גרייט. די בלענדנדיקע צוויי ליכטער פונ דער מאשינ שניידנ זיכ איינ מיט געטומל אינ דער געדיכטעניש פונ נאכט.

— נאָכ א דאָקטער? — פרעגט דער שאָפער, — דאָרט איז דאָ א גוטער דאָקטער?

— נאָכ א פראָפעסאָר, — ענטפערט הערשל, — דאווײַ, פאָשאָל!

די פינצטערניש צערוקט זיכ אינ ביידע זייטנ פונ פריש־געפלאסטערטנ וועג.

— דאווײַ, פאָשאָל, — אזוי וואָלט טאקע מינאסטאמ געענטפערט דער טאָמיד גוטמוטיקער מיטיא קאזאטשקאָוו, — גיט הערשל ניט ווילנדיק א טראכט. — נאָכ א פראָפעסאָר, — כאזוערט ער איבער נאָכ העכער, — דאווײַ, פאָשאָל...

10

— נא פאָלנאָמ כאָדו... דאווײַ פאָשאָל....

מיאסקיווקערנ איז אפילע אפ דער מאכשאָווע ניט געקומענ, אז אינ דער דאָזיקער נאכט, אינ אָט דער זעלביקער שפעטער שאָ זיצט דמיטרי קאזאטשקאָוו אינ א האלב־טונקעלנ וואגאָנ פונ א לאנגנ, איבערגעפולטנ צוג אונ טראכט גראָד וועגנ אימ, וועגנ כאנאָוונ, וועגנ גאנצנ בוי־באצירק.

Расцветали яблони и груши,
Поплыли туманы над рекой...

אינ שכיינעסדיקנ קופע פײַפט אויס עמעצער פאמעלעכ, שטיל אָט די באקאנטע מעלאָדיע. קאזאטשקאָוו קלאפט צוערשט לײַכט אונטער מיטנ פוס צומ טאקט, ביסלעכווײַז נעמט ער זיכ אויכ אונטערזינגענ אינ סורדינע די דאָזיקע ליד, ס'באקומט זיכ, גלײַכ יענער פײַפט, אונ ער, קאזאטשקאָוו, זאָגט אימ נאָר אונטער דעמ טעקסט.

...זיכ צעבליט דער בארנבוימ אונ עפל...

ס'איז קאטיושעס באליבט לידל, זײַנ קאטיעס. בעטעווע געדענקט ער טאָמיד נאָר די ערשטע סטראָפע פונ א ליד, קאזאטשקאָוו... ווענ ער האָט געדינט אינ דער ארמיי, פלעגט ער זיכ דארפנ שטענדיק צוהערנ צו דעמ שאָכנ פונ זײַנ ריי, ער זאָל נישט פארפלאָנטערנ די ווערטער באמ זינגענ. איצט גייט עס בא אימ א סטראָפע נאָכ א סטראָפע. קאטיא וואָלט זיכ שוינ מיט אימ געריצט:

— מיטיא, ווי קומט עס צו דיר?

דער כאוועער פונ צווייטנ עק וואגאָנ פײַפט שוינ אויס אנ אנדער ניגנ. קאזאטשקאָוו קלאפט נאָכ אלצ מיט די פינגער אפנ טישל, גלײַכ ער שפילט אפ א פיאנע:

...אונ דעמ שלאכטמאנ אפ דער ווײַטער
גרענעצ
פונ קאטיושענ גיב איבער א גרוס.

שוינ א פאָר כאדאָשימ, אז פונ קאטיענ איז ניטאָ קיינ שומ יעדיע. ער איז דאָכ נישט קיינ קינד, קאזאטשקאָוו. ער פארשטייט דאָכ גאנצ קלאָר, אז אזוי ווי אפנ פראָנט וועט קיינעמ נישט אײַנפאלנ צו קומענ בעטנ, מע זאָל אימ אָפשיקנ אינ הינטערלאנד, אזוי טאָרנ אויכ די, וואָס זײַנענ אפ ארבעט, ניט האלטנ אינ איינ פאָדערנ: „שיקט מיכ אפנ פראָנט".

— מיר ווייסנ, וווּ איר ווינט. אז מ'וועט אײַכ דארפנ, וועט מענ זיכ ניט פוילנ אײַכ צו שיקנ רופנ...

אזוי האָט אימ איינמאָל געענטפערט דער וואָיענקאָמ שטרענג, אפילע א ביסל בייזלעכ, מיט א טאָנ, וואָס האָט געהייסנ:

— דאָרט, וווּ דו ביסט נוצלעכ, דאָרט איז דײַנ פראָנט, ניט שוינ זשע דארפ מענ עס מיט יעדנ אײַנלערנענ?

אייגנטלעכ, וויפל מאָל איז עס אימ אליינ אויסגעקומענ צו פארטײַטשנ די ארבעטער, די בריגאדירנ. טיפ אינ הארצנ ווייסט ער, דאכט זיכ, ווויל, אז דער פראָנט אָנ דעמ הינטערלאנד איז ווי א מענטש אָנ לונגענ... אָנ לופט... אָנ בלוט אינ די אָדערנ... ער פלעגט טאָמיד זוכנ אלצ שטארקערע פארגלײַכנ אינ זײַנע שמועסנ מיט די יונגטלעכע בריגאדעס. אונ... פונדעסטוועגנ, יעדעס מאָל, וואָס ער פלעגט באקומענ א בריוו פונ קאטיענ, פונ פראָנט, פלעגט ער פילנ אינ זיכ עפעס אזוינס, וואָס ער שעמט זיכ אפילע וועגנ דעמ א טראכט טאָנ אינ דער הייכ. ווענ ער גיט נאָר איינ שטיקל רעמעז, אשטייגער, וועגנ דעמ יורי אָסיפאָוויטשנ, כאנאָוונ, וואָלט יענער מינאסטאמ געמאכט פונ אימ דאָס גרעסטע געלעכטער.

— מינדערווערטיקײַט־געפיל, דמיטרי איוואנאָוויטש, — וואָלט ער אימ געמוסערט, — ווי קומט עס צו אײַכ? ס'איז א יונגלשע זאכ, ס'פאסט ניט פאר אײַער אטלעטישער פיגור. איר וועט ארויסענדיקנ נאָכ א פאָר קאָרפוסנ, נאָכ אנ אונטער־סטאנציע, וועט עס איבערגיינ.

ער ווייסט ווויל, קאזאטשקאָוו, אונטערשעצנ דײַנ אייגענע ארבעט, מעוואטל מאכנ די זאכ, וואָס דו טוסט, איז פונקט אזוי שעדלעכ, ווי פארגײַסנ די נאָז בא דערגרייכטע דערפאָלגנ... נאָר הער א מײַסע: אָט די קליינע צארטע, קימאט האלב־שעמעוודיקע קאטיא, וואָס געדאכט האָט זיכ, אז אָנ אימ, אָנ מיטיענ, מאכט זי נישט קיינ איבעריקנ שפאנ — אָט זי איז פונ ערשטנ טאָג אָנ אפ דער פאָדערשטער ליניע פונ פראָנט אלס מעדטוערנ, אונ ער, דער געזונטער, ברייט־פלייציקער דמיטרי קאזאטשקאָוו — אינ טיפנ, טיפנ הינטערלאנד.

ווי זי ציקלט עס אויס אפ די קאָנווערטנ דעמ נומער פונ איר פעלד־פאָסט, ווי זי קײַלעביקט ע סאויס די אכטנ, די נולנ! דער טעלעפאָנ־נומער פונ דער שול, וווּ קאטיא האָט אונטעריכט געשיכטע, האָט אויכ געהאט אכטנ מיט נולנ.

אינ דער האלב־טונקלקײַט פונ וואגאָנ שמייכלט קאזאטשקאָוו צו זיכ אליינ. זי איז געווענ שטארק פעיִק, קאטיא, אפ צונויפשטעלנ פּאראָדיעס אפ לידער. ער איז זיכער, אז אויכ „קאטיושא“, איר באליבט לידל, האָט זי שוינ מינאסטאמ פונ לאנג איבערגעניצעוועט אפ אנ אנדער זײַט:

...אונ דעמ בויער מיטיא קאזאטשקאָוונ
פונ קאטיושענ גיב איבער א גרוס.

ס'האָבנ זיכ אָנגעצונדנ די לעמפּלעכ אינ וואגאָנ. פונ אלע עקנ הערנ זיכ באנײַטע שטיקלעכ שמועסנ. אפ קאזאטשקאָוונ פאלט נישט גלײַכ די שײַנ. א רענצל פארשטעלט דאָס אקעגניבערדיקע לעמפּל. בעסער אזוי. אינ דער פינצטער טראכט זיכ קלאָרער, געצוימטער. שוינ א צײַט, ווי ער האָט נישט געהאט קיינ פרײַע, קיינ פּוסטע שאָ אפ גלאט אזוי זיצנ אונ טראכטנ, אפ צו מאכנ סאכאקלענ, אפ צו קוקנ צוריק... פונ זינט די מילכאָמע איז אויסגעבראָכנ, פילט ער זיכ איצט דאָס ערשטע מאָל ווי אָנ א טועכצ.

נישט שוינ זשע אזוי ווייניק צײַט איז ער עס געווענ דאָ אפ דער בויונג? אויב אזוי, האָט ער טאקע בימכילע געטאָנ א נישקאָשעדיקנ קלעטער, דמיטרי. אָנגעקומענ איז ער דאָכ אייגנטלעכ אהער ערשט פונ דער נאָדל. איז וויפל זשע האָט דענ געדויערט, ביז מע האָט אימ איבערגעגעבנ די צווייטע „פּראָראבסטווע“? אינ וויפל איז דענ אוועק, ביז מ'האָט אימ פארטרויט די בויער פונ גאנצנ באצירק?

כאנאָוו אליינ, הייסט עס, איז אויכ דאָ נישט מער ווי א יאָר צײַט. אזוי שטילערהייט האָט ער גאָר נישט שלעכט אוועקגעשטעלט דעמ באצירק. עמעס, מיאסקיוווקער איז א ביסל גערעכט, פאר זײַנע יאָרנ איז ער עטוואָס שטײַפ אינ כאראקטער. „א מעטאליסט“, ווי די בויער זאָגנ. ער האָט זיכ אָבער זײַנ נוסעכ פונ ארבעט. זײַנ אייגענעמ גאנג. דמיטרי געדענקט: די ערשטע צײַט, ווענ מע האָט אימ פארטרויט דעמ בוי־אָפּטייל, האָט אימ כאנאָוו אופגעהערט פּלוצעמ צו רופנ באמ נאָמענ. סײַ אינ די אויגנ סײַ אונטער די אויגנ: „כאווער עלטערער פּראָראב“. ס'איז אימ אפילע פונ אָנהייב געווענ פריקרע צו הערנ, ווי ער „פּראָראבעוועט“ אימ אָנ אזויפיל. שפּעטער צו, אז אימ, קאזאטשקאָוונ, איז שוינ געלונגענ צו נעמענ אינ די הענט ארײַנ די פּעדעמ פונ אלע ארבעטנ, האָט אימ כאנאָוו צוריק אָנגעהויבנ רופנ:

— דמיטרי איוואנאָוויטש! מיטיא!

ער ווייסט נישט, צי עמעצער האָט עס אפילע באמערקט, נאָר פאר אימ, פאר מיטיענ, איז עס געווענ זייער רירנדיק.

אלעמײַ זאָל ער זאָגנ, קאזאטשקאָוו, ער איז בעפיירעש צופרידנ, וואָס כאנאָוו מיט זײַנ עכט פארטייִשנ כוש האָט זיכ אָפּגעשטעלט אפ מיאסקיוווקערס קאנדידאטור. ווי

דער יונגער אוילעמ האָט עס ליב אָט דעמ מיאסקיוווקערנ! אנ אווטאָריטעט, וואָס ער האָט זיכ דערוואָרבנ אפ דער נײַער אונטער־סטאנציע! אנומלטנ איז קאזאטשקאָוו געווענ מיט כאנאָוונ אפ מיאסקיוווקערס א לעקציע אינ „פּיזעאָ“. ער האָט דערציילט עפּיזאָדנ פונ א בוי־פּלאצ אינ א בעסאראבער שטאָט, איידער בעסאראביע איז געוואָרנ סאָוועטיש. ער האָט געצייכנט די פּאָרטרעטנ פונ „פּאָדראטשיק“, אונ „זאקאזטשיק“, ווענ ער, מיאסקיוווקער, איז אלס סטודענט געווענ אפ פּראקטיק. אפ יענעמ פּאָנ האָט ער באָכדעמ געשילדערט די סאָוועטישע סיסטעמ פונ בויונג. ס'איז געווענ א שיינקײַט אָנצוקוקנ די יונגע צוהערער.

כאנאָוו האָט יענעמ אפּדערנאכט גאָר אָנגעקוועלט: — איר וואָלט געדארפט זײַנ א שרײַבער, מיאסקיוווקער, — האָט ער צו אימ געטײַנעט, — שרײַבט עס אָנ אפ פּאפּיר, איז עס א פארטיקע נאָוועלע.

מיאסקיוווקער. קאזאטשקאָוו געדענקט זײַנע דעמלטיקע אייגעלעכ. זיי האָבנ געקוקט צו אימ, קאזאטשקאָוונ, אונ גערעדט האָבנ זיי צו כאנאָוונ:

— קימאט ווי געטראָפנ. שוינ נישט איינמאָל געטראכט טאקע זיכ א נעמ טאָנ צו דער פּענ. ס'לעבנ אליינ בעט זיכ דאָ: באשרײַב מיכ.

ס'לעבנ אליינ. ס'וועט אימ זײַנ א ביסל שווערלעכ איצט, מיאסקיוווקערנ. איבערהויפּט וואָרט אפ אימ יענער „צובײַסנ“ מיט דער „שוכאָוו“־מויערונג. א שאָד, געדארפט מיט אימ אויספירלעכער ארומשמועסנ. א שאָד, מיטיא... א שאָד.

דאָס מאָנאָטאָנע געקלאַפּ פונ די רעדער וויגט אײַנ. שלאָפנ ווילט זיכ נישט, כאָטש דער גופ איז דאכט זיכ געניגט אײַנצודרימלענ. א שיינע מײַסע, ס'האָט זיכ אימ אויסגעוויזנ, זאָל ער נאָר באקומענ דאָס מיליטערישע צעטל אפ דער האנט — איז אויס מיטנ בוי־באצירק...

אינ מיליטער־שול וועט ער זיכ מינאסטאמ פארהאלטנ ווייניק. קאטיענ וועט ער שוינ אָנשרײַבנ פונ פּלאצ... מע רופט אימ אפּאָנעמ אינ א ספּעציעלער שול, עלע נישט, וואָלט מענ אימ נישט געשיקט אזש אינ דער הויפּטשטאָט פונ דער רעפּובליק. כאנאָוונ וועט מענ אויכ דארפנ טייקעפ אָנשרײַבנ...

ער דרימלט נישט, קאזאטשקאָוו, ער האלט גלאט אזוי צוגעמאכט די אויגנ. ס'איז דאָכ סײַ־ווי פינצטערלעכ אינ וואגאָנ.

פונ וויפל געגנטנ האָט עס די מילכאָמע אריבערגעוואָרפנ אהער מענטשנ אפ איינ בויונג? אונ וואָס פארא פארשיידענע מענטשנ? ערשט פארנ אָפּפאָרנ באקומענ א בריוו פונ דזשאכאנאָוונ, בא וועמענ ער, קאזאטשקאָוו, האָט איבערגענומענ דעמ אָפּטייל. פונ אונטער סטאלינגראד פרעגט ער זיכ נאָכ, מיט

וואָס מע האָט געדעקט דעמ דאכ פונ קעסלצעכ.

א שיינע געגנט דאָ. ווענ קאטיא זאָל וועלנ, וואָלטנ זיי נאָכ דער מילכאָמע זיכ באזעצט דאָ אפ שטענדיק. ווענ קאטיא זאָל וועלנ...

דער שאָכנ קאָנ מיינענ, אז ער שמייכלט פונ שלאָפ, קאזאטשקאָוו. נאָר ער, דער געוועזענער עלטערער פראָראב דמיטרי איוואנאָוויטש קאזאטשקאָוו, וואָס וועט אינ א קורצער צײַט ארומ שוינ זײַנ גאָר, גאָר ווײַט, ערגעצ אפ דער פאָדערשטער ליניע — ער שלאָפט ניט. ער איז שוינ דאפקע וואכ. דאָס פירט ער נאָר א שטילנ שמועס מיט זײַנ קאטיושענ:

— ווענ זי זאָל נאָר וועלנ, וואָלטנ זיי זיכ נאָכ דער מילכאָמע...

דער צוג האָט זיכ אָפגעשטעלט. אינ וואגאָנ איז א באוועגונג.

קאזאטשקאָוו רוקט זיכ אויכ קוימ ארויס. אפנ וואָקזאל איז א שטופעניש. אפ איינער פונ די באנ־ליניעס שטייט אנ עשעלאָנ מיט פארווונדעטע, עס פאָרט א סאנצוג אפ מיזרעכ. כאָטש די פאָרהענגלעכ זײַנענ אראָפגעלאָזט אונ מע זעט גאָרניט אָנ, וואָס עס טוט זיכ אינווייניק, נאָר די מענטשנ אפנ וואָקזאל קאָנענ ניט אָפרײַסנ זייערע אויגנ פונ די עשעלאָנ-פענצטער. אויכ קאזאטשקאָוו איז לעבנ צוג. זײַנע שכיינימ לויפנ דורכ. מע רופט אימ. ער הערט אָפנעמ ניט. ער איז שטארק פארטאָנ אינ א שמועס.

דער צוג האָט טאקע אזוי א ריר געטאָנ.

— אָפנעמ פארבליבנ.

— ווײַזט אויס, באגעגנט א פראָנט־באוווער.

— נישט באוויזנ זיכ אופצוזעצנ.

ביז צו דער צווייטער סטאנציע האָט מענ אינ קאזאטשקאָווס קופע ניט אופגעהערט וועגנ דעמ צו ריידנ. ערשט ווענ דער צוג האָט זיכ ווידער אָפגעשטעלט, האָט דער שאָכנ זיכ אָפגעזוכט. ער האָט זיכ ארופגעכאפט אפ די טרעפלעכ פונ לעצטנ וואגאָנ. ער איז זייער אופגעלייגט. זיכ באקענט מיטנ שעפ פונ סאנצוג. דער עשעלאָנ פאָרט אינ דער ריכטונג פונ דער בויונג, ווו ער, קאזאטשקאָוו, האָט געארבעט. האָט ער טאקע באוויזנ, דערציילט ער, אָפצוטאָנ א ווויל שטיקל ארבעט. זיי געראטנ זיכ פארבינדנ מיטנ בוי־באצירק אונ אויסנוצנ די באנ־צווײַג, וואָס מ'האָט דאָרטנ די טעג ארויסגעענדיקט.

ניט יעדער פונ די מיטפאָרנדיקע פארשטייט פינקטלעכ, וואָס קאזאטשקאָוו דערציילט. ער שטעקט אָבער אָנ די גאנצע קופע מיט זײַנ אופגעלייגטקײַט. דער צוג גיט א לאנגנ פײַפ. קאזאטשקאָוו שטעקט ארויס דעמ קאָפ דורכנ פענצטער אונ צומ וויפלטנ מאָל אינ זײַנ לעבנ צעשרײַט ער זיכ:

— דאוואי פאָשאָל!.. נא פאָלנאָמ כאָדו!..

11

דעמ צווייטנ טאָג איז די ארבעט אפ אלע דרײַ „שוכאָווסקי" שוינ געווענ אינ פולנ גאנג. די איבעראשונג, וואָס עס האָט געמאכט הערשלס באנאכטיקע נעסיע צווישנ די בויער, איז אריבער אויכ אינ קאָמבינאט, ביז צו די וויקל־מאשינענ.

ס'איז דאָס עמעצע מיאסקיוווקערל, דאָס עכטע! ער, אז ער זאָגט, ער גיט פארע, וועט ער געבנ...

— מע זאָגט דאָכ, אז פארטאָג זײַנענ בא אימ גלײַכ אויסגעוואקסנ דרײַ „גאוורילאָווצעס", אזש פונעמ הידראָליזנעמ...

— שוינ א סוואָרע גראָד, אז גאוורילאָוו אליינ בימכילע איז אויכ דאָ צווישנ זיי.

— גאוורילאָוו אליינ? האָסטו דאָכ נאָר צוויי גאוורילאָווצעס?

— וואָס זשע, גאוורילאָוו אליינ איז נישט קיינ גאוורילאָוועצ?

דאָס געלעכטער האָט געקלונגענ געשמאק, פונ פולנ הארצנ:

— ס'א מיאסקיוווקערל. אז מע דארפ, וועט ער אראָפברענגענ דאָס טעלערל פונ הימל!..

צווישנ די מוליערס, וואָס מיאסקיוווקער האָט באקומענ אפ א פאָר טעג אלס הילפ פונעמ שכיינעסדיקנ הידראָליזנעמ זאוואָד, איז טאקע געווענ אויכ דער בארימטער מויערער סעמיאָנ סעמיאָנאָוויטש גאוורילאָוו. ער האָט אויסגעזענ פונקט אזוי יונג אונ קרעפטיק, ווי אפ די בילדער אינ די צײַטונגענ.

ארופגעקומענ מיט מיאסקיוווקערנ אפ די רישטעוואניעס פונ דער יוגנטלעכער בריגאדע, קעדיי זיכ צו באקענענ מיט די יונגע מוליערס אונ אויכ א קוק טאָנ, ווי עס איז בא זיי אוועקגעשטעלט די ארבעט, האָט גאוורילאָוו א נעמ געטאָנ שפילעוודיק דאָס לאָפעטקעלע פונ שורקע סיראָטינס האנט אונ זיכ א שטעל געטאָנ אפ א ווײַלע ווײַזנ, וויאזוי ס'איז לײַכטער אָנצוהייבנ א „ווינקל".

אפילע שיקע גארבער איז געבליבנ שטיינ מיט אנ אָפנ מויל. הינדל האָט זיכ נישט געקאָנט אײַנהאלטנ אונ נישט ווילנדיק געכאפט א קוק צומ פאָטער:

„נו, האָט עס געהייסנ, ווי געפעלט דיר אָט דער גאוורילאָוו?"

אפ שיקעס פאָנעמ האָט מענ געקאָנט איבערלייענענ:

„א ווילער באלמעלאכע, אָט דער גאוורילאָוו, ס'איז בא אימ טאקע גערערט אונ געטאָנ..."

שיקע האָט פונ אימ קיינ אויג ניט אראָפגענומענ. ער האָט אָנגעבלאָזנ אלעמאָל די ליפנ. ס'הייסט: „ער יאָכלט, דער באָכער, ניט אפ קאטאָוועס". די יונגע מוליערס האָבנ צוגעקלאמערט זייערע בליקנ צו גאוורילאָווס „צענ פינגער" אונ אינ געדאנק מיטגעמאכט מיט אימ יעדע מינדסטע באוועגונג. די ציגל

האָבן זיך געריסן פֿון זײַנע הענט, ווי לעבעדיקע, פֿאַרביקע טײַבעלעך, און זיך געלייגט איינס לעבן צווייטן, ווי געשאָכטענע.

שורקע סיראָטינ האָט פֿאַר היספּײַלעס געגעבן אַזאַ קוועטש זײַן שאָכן, אַז יענער איז אַזש אונטערגעשפּרונגען. שורקע האָט אים באַוויזן צו זאָגן אין דער שטיל, קימאַט מיט אַ ווונק, ווי אַ סאָד, איין איינציק וואָרט. מער איז ער נישט געווען בעיכולעס אַרויסצוברענגען: „פֿינגער!“

אַז גאַווריל אָוו האָט צוריק אָפּגעגעבן שורען דאָס לאָפּעטקעלע מיטן העמערל, האָט זיי שורע געהאַלטן אין איין באַטראַכטן. ס'איז אים געווען עפּעס ווי אַ שאָד מיט די זעלביקע מאַכשירים אָנהייבן לייגן „זײַנע“ ציגל.

גאַווריל אָוו האָט זיך אויסגעדרייט, ער האָט אָפּאָנעם געזוכט מיאַסקיוווקערן, און ווײַל הינטער אים איז גראָד נאָך אַלץ געשטאַנען שיקע גאַרבער, זײַנען זײַנע רייד צוגעפֿאַלן גלײַך צו שיקעס פּאָנעם:

— מע דאַרף לערנען די יוגנט. דערפֿאַרונג איז ניט קיין פּריוואַט־אייגנטום. מע טאָר עס נישט פֿאַרשטעקן בײַ זיך אין גאַרטל...

כאָטש אַליין אַ יונגער מענטש, האָבן זיך בײַ גאַווריל אָוון באַקומען די ווערטער, ווי געזאָגטע פֿון אַן אַלטן, גרײַזן מוליער. כעוורע האָט געקאָנט אָט דעם „זאָג“ גאַווריל אָווס. אין די צײַטונגען זײַנען די ווערטער געווען אָנגעשריבן אונטער זײַן, סעמיאָן סעמיאָנאָוויטשעס, פּאָטאָ.

פֿאַר שיקען איז עס אָבער געווען פּונקט ווי צוגעטראָפֿן. ס'איז אויסגעקומען, גלײַך מע האָט אים שוין באַוויזן צו פֿאַרמאַסערן פֿאַרן גאַסט. ער האָט געפֿילט, אַז ער דאַרף עפּעס ענטפֿערן. ער האָט דאָך פֿון טאָמיד אָן ניט ליב צו בלײַבן שולדיק יענעם אַ וואָרט.

ערשט ווען מיאַסקיוווקער מיט גאַווריל אָוון זײַנען געווען שוין העט אונטן, אויף די לעצטע שטאַפּלען, האָט ער זיך דערמאָנט, שיקע, זיי נאָכצוואַרפֿן אַ שפּיציקן וואָרט, ווי אַ קליין שאַרף שטיינדל:

— אַ פֿאָלנע פּראָפֿעסאָר, אַ פֿאָלנע...

דער ביטל, וואָס שיקע האָט אין דעם געהאַט בעדייע אַרײַנצולייגן, איז אָבער צו קיינעם נישט דערגאַנגען. עמעצער פֿון די מויערער האָט איבערגעכאַזערט:

— טאַקע נאָר ווי אַ פּראָפֿעסאָר...
ס'איז געווען גראָד הינדלס שטים.

גאַווריל אָוו איז אַראָפּ פֿון די רישטעוואַניעברעטער און זיך גלײַך געשטעלט אַרבעטן מיט זײַניקע באַם אונטערשטן בונקער פֿון דריטן קעסל.

גאַנץ פֿרי האָט עמעצער אָנגעקלונגען אין בוי־קאָנטאָר. פֿון דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע האָט מען געקלונגען.

— צי מע קאָן נוצן דעם נײַעם באַן־צווײַג פֿון קעסל־צעך?

— אַוואַדע קאָן מען.

— צי איז ער גרייט אויפֿצונעמען אַ צוג?

— אַוואַדע איז ער גרייט.

ער איז געווען זיכער, כאַנאָוו, אַז דאָס פֿרעגט מען זיך נאָך צוליב די ערשטע עשעלאָנען מיט קוילן, וואָס דאַרפֿן אָנהייבן אָנקומען פֿאַרן קוילן־סקלאַד פֿונעם נײַעם צעך. ער איז שוין געווען גרייט אוועקצולייגן דאָס טעלעפֿאָן־רערל, געבן דעם טעלעפֿאָן־נומער פֿון סקלאַד. פֿון דאָרט האָט מען אָבער געפּרוווט פֿאָרזעצן דאָס געשפּרעך. ניין. מע וויל ריידן טאַקע נאָר מיטן שעף פֿון דעם באַצירק. כאַנאָוו האָט ניט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, אין וואָס עס האַנדלט זיך:

— פֿאַר־וווּנדערטע? פֿונוואַנען, פֿון וואָס פֿאַר אַ זאַוואָד?

ער האָט בײַ זיך באַשלאָסן, אַז דאָס רעדט זיך וועגן וואַגאָנעס מיט ציגל, וואָס זײַנען אָנגעקומען מיט אַ סאַך ברוך, און עמעצער פֿון די באַאַמטע רופֿט זיי, ווי דער שטייגער איז, „פֿאַרווונדעטע“.

פֿון טעלעפֿאָן־רערל טראָגט זיך אָבער אַן ערנסטע שטים:

— אַ סאַניצוג. אַן עשעלאָן פֿאַרווונדעטע.

— פֿאַרווונדעטע?

אינסטינקטיוו האָט זיך כאַנאָוו בליק אײַנגעשניטן אין דער מאַפּע, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט. די פֿאַרשיידענע פֿאַרבן, מיט וועלכע ער מיט מיאַסקיוווקערן פֿלעגן יעדן טאָג לויט די סוואָדקעס אָנמערקן די פֿראָנט־ליניע, האָבן אָנגעהויבן צו שווינדלען פֿאַר די אויגן, זיך צונויפֿצומענגיסן.

אויף דער באַן־סטאַנציע איז געשטאַנען דער סאַניצוג מיט שווער־פֿאַרווונדעטע. פֿון די ווײַטע מערכאָקים האָט מען זיי געבראַכט אַהער, אין דער אַלטער, גרינגער מיזרעך־געגנט. דאָס האָט מען געוואָלט געווירע ווערן, צי קאָן מען אויסנוצן די נײַע „פּריוואַטע“ באַן־צווײַג און קירצן אַזוי־אַרום דעם מעהאַלעך פֿון אַוטאָ־פּאַרקער ביז צו דעם ראַיאָנעם שפּיטאָל. קעדיי צו זען אויפֿן אָרט, ווי אַזוי ס'וועט אויסקומען צו מאַכן די אויסלאָדונג, האָט זיך אַהער אַראָפּגעכאַפּט אויף אַ דרעזינע דער שעף פֿון צוג מיט, אויפֿאָנעם, זײַנעם אַ געהילף. זיי האָבן געבראַכט אַהער דעם ערשטן גרוס פֿון דמיטרי קאַזאַטשקאָוון. כאַנאָוו האָט זיי דערײַבער טאַקע אויפֿגענומען מיט אַ באַזונדערער היימישקײַט. ער איז געשטאַנען מיט זיי אויפֿן קינפֿטיקן קוילן־פּלאַץ און געפּלאַנעוועט, אָנגעמערקט, ווי עס וועלן צופֿאָרן די אַוטאָס. דער עלטערער ווײַזט אויס צו זײַן אַ דאָקטער. מיט אַ נישט געלונגענער איראָניע האָט ער געפּרוווט אַ שפּאַס טאָן:

— מירן אײַך, הייסט עס, צונישט מאַכן די אָפּיציעלע דערעפֿענונג פֿון דער ליניע.

כאנאָוו ענטפערט אים גאָרנישט. ער קוקט אים נאָר אָן מיט א לאַנגן, אויסגעהאַלטענעם בליק, ווי איינער זאָגט:

— וואָלסטו געוווּסט, ווי „גרינג" אונדז האָט זיך געגעבן אָט די ליניע, וואָלסטו ניט אזוי לײַכט זיך באַצויגן צו איר דערפּעַנונג...

דער יונגערער מיליטערמאַן האָט אָנגעהויבן אַרומריידן די איינצלהײַטן פון דער אויסלאָדונג. כאנאָוו האָט ערשט איצט באמערקט, אז דער לינקער אַרבל פון זײַן שינעל איז א פּוסטער און איז אומבאַוועגלעך פאַרשטעקט אין דער קעשענע. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט זײַן ענערגישן און בראַוון אויסזען.

אויסלאָדונג! ער, דער אינזשעניער יורי כאַנאָוו, וואָס האָט דאָ אויסגעלאָדן פאַר דער צײַט אַזויפיל פּראַכט־צוגן מיט הונדערטער טאָן שוואַרץ־מאַסע, איז פּלוצעם געבליבן שטיין, ווי א יונג דעסיאַטניקל, און זיך צוגעהערט, ווי דער יונגער באַרעכנט יעדע מינוט, יעדע באַוועגונג.

„פּאַכלײַט", — האָט ער א טראַכט געטאָן און אויפגעהויבן די אויגן צום יונגערן.

— א אינזשעניער? — האָט ער א פרעג געטאָן. ער איז געווען אין דעם זיכער.

— ניין, — האָט יענער געענטפערט, — דאַפקע א פּאָליטטוער.

— א פּאָליטטוער? פאַרוואָס זשע דאַפקע?

דער שמועס איז אַוועקגעגאַנגען פרײַער. ס'האָט א ווייַע געטאָן מיט יענע יונטיטע געגנטן, וואָס ווערן טאָג־טעגלעך דערמאָנט אין די „סוואָדקעס", מיט שטעט, וואָס גייען אָפּ אין בלוט און ווערן געהייליקט דורך די העלדן־טאַטן פון די סאָוועטישע מענטשן.

דער פּאָליטטוער איז פון מאָלדאַוויע. ער פרעגט זיך נאָך אַפּ בעסאַראַבער.

— יאָ, זײַנן, כאַנאָווס, געהילפן איז גראָד טאַקע פון מאָלדאַוויע. ער האָט שוין דאָ, אַרום זיך, צונויפגענומען א גאַנצע בעסאַראַבער קאָלאָניע. אין טרעסט רופט מען שוין אפילו דעם גאַנצן בוי־באַצירק „מאָלדאַווסטראָי"... אין אָט דעם קאָרפּוס, אין נײַעם קעסל־צעך, אַרבעט א ווילע בעסאַראַבער מישפּאָכע — א פאָטער, א מוטער מיט א טאָכטער.

דער פּאָליטטוער האָט א שפּרונג געטאָן ווי א יינגעלע. ער איז שוין אין צעך. כאַנאָוו מיטן דאָקטער האָבן קוים באַוויזן אים נאָכצוגיין.

הינדל האָט אים אַפּאָנעם דערזען דורכן פענצטער. זי לויפט אַראָפּ פון דער רישטעוואַניע, אין כאָלאָל פון דער גרויסער צעכטיר קלינגע נאָך עטלעכע שטאַרקע, הייסע קושן. זי וואָלט זיך קיינמאָל נישט געוווען פאַרגעשטעלט, אז אזוי וועט זײַן איר באַגעגעניש מיט דוסיען.

— א ברודער... — האָט עמעצער א זאָג געטאָן.

לויט דעם אָבער, ווי שיקע גאַרבער מיט ליבע זײַנען צוגעגאַנגען אָפּגעבן „שאָלעם" דעם גאַסט, האָט מען טייקעף געקאָנט אײַנזען, אז ס'איז ווײַט ניט קיין ברודער און אפילו, אַפּאָנעם, ניט קיין נאָענטער קאָרעוו.

שורע האָט עפּעס טייקעף פאַרשטאַנען, אז ס'דאַרף זײַן דוסיע. ער האָט אפילו דער ערשטער באַמערקט דעם פּוסטן אַרבל. איידער נאָך הינדל האָט אים א רוף געטאָן זיך צו באַקענען, האָט ער באַוויזן א טראַכט טאָן:

— אַפּאָנעם פאַרלאָרן די האַנט...

הינדל האָט זיך שפּעטער געוווּנדערט, וואָס פּלוצעם האָט זי געגעבן טייקעף אזא הויכן שרײַ: „שורע, ס'איז דוסיע גאָלער". ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז ס'האָט געדאַרפט זײַן שטאַרק אומגעלומפּערט. דאָס ערשטע האָט זי געדאַרפט א רוף טאָן אָדער דעם פאָטער, אָדער די מוטער... זי האָט אויך געוואָלט און בעשום־אויפן ניט געקאָנט זיך דערמאָנען, ווער עס האָט דער ערשטער זיך א וואָרף געטאָן קושן? ניט שוין זשע זי אליין, הינדל? איינס האָט זי אָבער קלאָר געפילט, דער לעצטער קוש דוסיעס האָט זיך אָפּגעטיילט פון די איבעריקע און געבליבן הענגען אָפּגעזונדערט אַפּ איר אונטערשטער ליפּ, גלײַך ער זאָל געוועז וועלן זאָגן:

„דאָס בין איך שוין נישט גלאַט אזוי א קאַבאָלאַס־פּאָנעם־קוש, כ'בין פון גאָר אַן אַנדערן, העכערן גראַד..."

די געדרייטע מויערונג איז סײַ אינווייניק סײַ אין דרויסן געווען „באַלייגט" מיט אַרבעטער, מיט יוגנטלעכע. פון דער העכסטער מעטאַלענער פּלאַטפאָרמע זעט זיך אָן דער קעסל מיט אַלע זײַנע צווישן־ווענטלעך, מיט אַלע זײַנע אַרקעס און לענגלעכע פענצטערלעך. סײַ דער דאָקטער און סײַ גאָלער זײַנען אַפּאָנעם דאָס ערשטע מאָל אין אזא צעך. דער דאָקטער האָט געהאַלטן אין איין שפּאַנען פון איין עק פּלאַטפאָרמע צו דער צווייטער, ער האָט געוואָלט באַטראַכטן די מאַכינע אין איר גאַנצער גרייס און, גלײַך ווי אַפּ צו מאַכן א סאַכאַקל פון זײַנע אײַנדרוקן, האָט ער א זאָג געטאָן גאָלערן:

— קימאַט סאַמע יוגנטלעכע...

הינדל מיט דוסיען האָבן ניט אויפגעהערט צו באַטראַכטן איינס דאָס אַנדערע. אַפּ ביידנס פּנעמער האָבן זיך אַלעמאָל באַוויזן ניט פאַרענדיקטע, אָפּגעהאַקטע שמייכלען. אָט די שמייכלען האָבן, ווײַזט אויס, געפירט צווישן זיך א הארציקן, אינטימען שמועס. איינער פון דוסיעס שמייכלען האָט אָן שום ספק געוואָלט זאָגן:

— עס פּאַסט איר שטאַרק, הינדלען, אָט דער היטלעכ. גיי ווייס, אז אזא פּאַשעטע

ספעצאָוועקע, אזא פארשמירט מוליעריש פאר־
טעכל קאָן צוגעבן אזוי פיל כיין.

גערעדט האָט ער אָבער וועגן קעסל.

— א גרויסער קעסל, — האָט ער גע־
זאָגט, — היינט א ביסל טרעפּלעך, ס'איז
קיין אייַנהאָרע דאָ וווּ צו קלעטערן...

הינדלס שפּיציקער שמייכל האָט געענט־
פערט:

— אבי די טרעפּלעך זייַנען פאראן, וועט
מען שוין, זאָלט איר טאקע וויסן, קלעטערן...

ניט שוין זשע איז אזוי ווייניק דאָ וואָס
צו פרעגן, צו דערציילן? ניט שוין זשע האָט
די צייַט אליין, דאָס לעבן אליין אזויפיל
אויסגעקלאָרט, אופגעפּלאָנטערט?

נייַע עמערס מיט פּליסיקייַט האלטן זיך
אין איין אויסליידיקן אין די טינק־קעסטלעך.
געלע, רויטע ציגל לייגן זיך רייענווייַז באם
ראנד פון די רישטעוואניעס. די צווישן־ווענט־
לעך שלינגען זיי אייַן ריי נאָך ריי.

דאָס קלאַפּן פון די מוליער־המערלעך
קלינגט אָפּ, ווי א מאָרזע־אפּאראט, וואָס גיט
איבער א פרייליכע בסורע. דאָס ריידן די
ווענטלעך:

— מיר וואקסן... מיר וואקסן...

מיאסקיוועקער איז אָנגעקומען, ווען די געסט
האָבן זיך שוין געקליבן אָפּצופאָרן אָפּ דער
סטאנציע. עמעצער האָט אים שוין באוויזן
צו דערציילן:

— א לייטענאנט. אפּאָנעם הינדל גאָר־
בערס א כאָסן...

הינדל פלאַמט טאקע גאָר ווי א קאלע־
מויד. מיאסקיוועקערס אויסזען — ווי איינער,
וואָס האָט שיר נישט פארשפּעטיקט א שטיק
איקער.

— א לאנדסמאן, א בעסאראבער, — האָט
זיך הינדל געייַלט פאָרצושטעלן גאלערן פאר
מיאסקיוועקערן.

צוויי דלאָניעס האָבן זיך אייַנגעקרעמפּע־
וועט איינע אין דער אנדערער. מע האָט געקאָנט
מיינען, אז ס'האָבן זיך באגעגנט צוויי אלטע
גוטע כאווירים.

— בעסאראביע גייט... — האָט א זאָג גע־
טאָן יורי כאנאָוו צום דאָקטער.

— יאָ, יאָ... — האָט יענער צוגעשאָקלט
מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: „זי האָט אויס־
געהאלטן דעם ניסאָיען, די יונגע סאָוועטישע
בעסאראביע". כאנאָוו מיטן דאָקטער האָבן
טאקע אויסגעזען, ווי צוויי עלטערע קרוויים,
וואָס האָבן זיך פלוצעם געכאַפּט, אז:

— קוקט, אונטערגעוואקסן מיטאמאָל טא־
קע גאנצע געראָטענע פרייַנטלעך...

פון פאָרנט אין דער ריכטונג צום באן־
צווייַג האָט זי געשפּאנט, די „יונגע בעסא־
ראביע". אינדרייַען זייַנען זיי געגאנגען:
הינדל, גאלער און מיאסקיוועקער.

אין זיין מיליטערישער קליידונג זעט גאלער
אויס א סאך עלטער, ווי ער איז. זייַנע ביז
גאָר צאַרטע שטריכן קוקן אראָפּ אָפּ זיין טונ־
קעלן שטארק צוגעברוינטן פּאָנעם און רייצן
זיך קימאט:

— אומזיסט האָט מען, הייסט עס, גע־
וואָלט אויסטראכטן, אז בעסאראבער זייַנען
מעגושעמדיקע „מאמעליגאַרעס". קוקט און
זאָגט אליין, צי ס'איז ניט קיין בילבל.

מיאסקיוועקער מוז אין גדאנק, פאר זיך
אליין, מוידע זיין: ער האָט עפּעס א באזונ־
דערע האנאָע, ווען ער זעט בעסאראבער כעווי־
רע אנגעטאָן אין סאָוועטישע מיליטער־אוני־
פאָרמעס. א געפיל, וואָס איז בא אים פאר־
בונדן נאָך מיט יענע זוניקע יונ-טעג פון
נייַנצן פערציק, ווען ער האָט דאָס ערשטע
מאָל דערזען רויטארמייער אָפּ די גאסן פון
זיין באפרייַטער היים־שטאָט. ער קאָן זיך
גאָרנישט אָנזעטיקן דאָס אויג. א בעסאראבער
באָכער — א פּאָליטרוק. און, קענטיק, אויס־
געפּרוווט שוין אין גאָר ערנסטע שלאַכטן.
מיאסקיוועקער כאַפּט אפילע א יונגלשן קינע־
בליק אָפּ גאלערן. יענער רעדט גיך. שוין פאָרן
אופזעצן זיך אָפּ דער דרעזינע האָט זיך אים
דאָס לאָשן מיטאמאָל צעבונדן. ער דערציילט
וועגן זייַנע באגעגענישן פאר דער לעצטער
צייַט. אָט אזוי טרעפט איצט — מענטשן באגע־
געגענען זיך אומגעריכט, טאקע נאָר, ווי ס'קומט
פאָר אין סענסאציאָנעלע ראָמאנען.

— דער זעלבער דוסיע, — צעלייגט זיך
אָפּ הינדלס פּאָנעם איר כיינע־יודיקער שמייכל,
ער רעדט אלץ מיט ליטערארישע בייַשפּילן.

— איר פארשטייט, — פּרוווט גאלער אייַנ־
לערנען, לויט זיין אלטער געוווינהייַט, אפּאָ־
נעם מער מיט הינדלען, ווי מיט מיאסקיווע־
קערן, — איר פארשטייט, כ'טראכט צומאָל,
אז א סאך זאכן, וואָס ערגעץ אנדערש־ווו, אין
אן אנדער לאנד, וואָלטן זיי אויסגעזען טאקע
נאָר ווי סענסאציע, ווי אויסערגעוויינלעכע
פאלן — איז דאָ בא אונדז האָבן זיי געוויסע
געזעצמעסיקייַט. מייַן היינטיקע באגעגעניש
מיט אייַך איז עפּשער טאקע א צופעליקע.
אָבער ניט צופעליק איז דאָך, וואָס אָפּ אונ־
דזער א בויונג טרעף איך מיטאמאָל אזויפיל
אייגענע מענטשן.

צו כאנאָוון זייַנען דערגאנגען נאָר שטיקלעך
פון זייער שמועס.

— יאָ, דאָס איז שוין ניט קיין צופעליקע
זאך.

דאָס זייַנען געווען הערשל מיאסקיוועקערס
ווערטער.

* * *

פארנאכט צו האָט מען אויסגעלאָדן די פאר־
וואונדעטע. די וואגאָנעס זייַנען טייקעף צוריק
געפאָרן צום נאָענטן וואָקזאל. די באן־צווייַג
פון קעסל־צעך איז געבליבן ווידער ליידיק,
אָבער א באזונדער מין כשיוועס האָט זיך
איינגעלייגט אָפּן גאנצן באן־באציירק. די

רעלסנ, דער אַנשיט, די נייַע שפּאלנ האָבנ ווי געגעבנ אָנצוהערנ:

— העט, העט, ביז צו די פראָנט־ליניעס ציִענ מיר זיכ, ביז צו די פראָנט־ליניעס...

דער גאנצער ארבעטער־יִשעוו, אייגנטלעכ, האָט עפּעס מיטאמאָל באקומענ א שטרענגערנ, ערנסטערנ אויסזענ. מע האָט עס קלאָר געקאָנט פילנ אפ דער ארבעט אינ אלע צעכנ.

אויכ בא דער יוגנטלעכער בוי־בריגאדע האָט זיכ באמערקט א באזונדערע אָנגעצויגנקייט, אנ אינערלעכ געשטייַגערטער ריטמ. מיאסקיווקער האָט ארומגעשמועסט מיט הינדלענ דעמ גראפיק פונ די קומענדיקע פאָר טעג. מע האָט זיכ געייצעט מיטנ אקטיוו. הינדלענ איז זייער געפעלנ, וויאזוי שורע האָט טרעפלעכ פאָרמולירט מיאסקיווקערס געדאנק:

— מע דארפ מאכנ א קאָנצענטראט, — האָט ער געזאָגט, — אייַנפרעסנ צענ טעג אינ א פאָר מעסלעס.

אפ פארנאכט האָט מענ באשטימט א קורצע בעראטונג. מיאסקיווקער האָט זיכ וועגנ עפּעס פארטראכט. זייַנ בליק איז געפאלנ אפ שיקע גארבער. עס ווייַזט זיכ אימ נאָר אויס, מיאסקיווקערנ, צי דער אלטער זעט טאקע עפּעס היינט אזוי אויס יונגער, אופגערוימטער?

הינדלענ איז אפּאָנעמ אָנגענעמ, וואָס מיאסקיווקער האָט עס אזוי גיכ באמערקט. זי אלייִנ קאָנ פונ נעכטנ אָנ פונעמ פאָטער קיינ אויג ניט אראָפּנעמענ.

— ער האָט זיכ אָפּגעגאָלט, ארומגעשוירנ. דער פאָטער אירער, — דערציילט הינדל מיאסקיווקערנ מיט א באזונדער האנאָע, — אונ האָט אינ דער היימ פלוצעמ א זאָג געטאָנ איר, הינדלענ, אונ דער מוטער, גלייַכ ווי ער זאָל האָבנ געפירט מיט זיי וועגנ דעמ א פריִערדיקנ שמועס:

— ניט קיינ מאמעליגע, — האָט ער געזאָגט,—אָט דער דאָזיקער גאווריליאָוו אייַערער. זעט איר, ער קאָנ דערלאנגענ סבוירע, גאָר ניט קיינ מאמעליגע...

די מוטער האָט געצויגנ מיט די אקסל. ניט אָנגעהויבנ צו פארשטיינ, וואָס איז ער מיט דעמ אויסנ. נאָר הינדל האָט שוינ וויל געוווּסט, אז אויב דער טאטע אירער האָט געזאָגט א פאָר מאָל „ניט קיינ מאמעליגע”, איז שוינ א גוטער סימענ, אז סעמיאָנ סעמיאָנאָוויטש גאווריליאָוו איז אימ ארייַנ טיפ אינ דער גארגערעס ארייַנ.

שיקע, אז ער האָט יענעמ טאָג פארענדיקט די ארקע, האָט ער צוגערופנ מיאסקיווקערנ אונ הינדלענ אונ אפ שטומ־לאָשנ א פרעג געטאָנ:

— נו?

ס'הייסט: זאָגט איר, שיקע טויג נאָכ אויכ צו עפּעס, א?

די ארקע האָט טאקע אויסגעזענ נאָר ווי אפ א צייכענונג. ס'איז קענטיק געווענ, אז שיקע אלייִנ האָט פונ דעמ א גוואלדיקע האנאָע.

„ער האָט זיכ ארומגעשוירנ”,—האָבנ מיאסקיווקערנ געקלונגענ באמ אויפוועקנ הינדלס ווערטער.

„דער אלטער טשוכעט זיכ אויס...” — איז אימ דורכגעלאָפנ א געדאנק. ער האָט דערפילט, ווי ס'איז אימ עפּעס געוואָרנ פונ דעמ מיטאמאָל שטארק ווארעמ אפ דער נעשאָמע.

בא כאנאָוונ אינ קאבינעט האָט אפ הערשלענ געווארט א סורפריז. לעבנ כאנאָווס שרייַבטיש האָט ער געטראָפנ זיצנ דעמ פאָטער זייַנעמ, לייזער מיאסקיווקערנ. כאנאָוו האָט געהאלטנ אינ לייענענ א בייגעלע פאפיר, וואָס מאשמאָעס דער פאָטער האָט עס אימ אָקאָרשט איבערגעגעבנ.

ער וואָלט געקאָנט שווערנ, הערשל, אז בא זייַנ ארייַנקומענ, האָט זיכ דער פאָטער געגעבנ אזא ריר אפנ בענקל, וואָס די טייַטש פונ דעמ האָט געקאָנט זייַנ נאָר:

— אָט האָסטו אימ אויכ דאָ!

ניט ווילנדיק איז הערשלס בליק געפאלנ אפנ בייגעלע פאפיר. פונ דאָרט האָט ארויסגעקוקט דעמ פאָטערס גוט באקאנטע שריפט. געווענ איז דאָס פאפיר געדיכט פארשריבנ מיט דריבנע, גלייַכע רוסישע אויסיעס. הערשל האָט מיטנ ערשטנ אויגנבליק געכאפּט א מיטלסטע שורע, אפּאָנעמ די סאמע איקערדיקע:

„...איכ בעט מיכ פארעכענענ אפ ארבעט אלס כעשבנ־פירער...” גאָר אונטנ איז מיט גרויסע, קייַלעכדיקע בוכשטאבנ געווענ אויסגעציקלט: „לייזער פינקוסאָוו מיאסקיווקער”.

ס'איז פאר אימ געווענ קלאָר, אז דאָס איז דער פאָטער זייַנער געקומענ ריידנ בעסאָד מיט כאנאָוונ, ווייַל ער האָט געוווּסט, אז ער, הערשל, וועט אימ צוליב זייַנ שוואכנ געזונטצושטאנד נאָכ ניט לאָזנ גייַנ אפ ארבעט.

כאנאָוו האָט ניט באוויזנ איבערצולייענענ דאָס געשריבענע. דער אלטער האָט אינ דער „ביטע” ארייַנגעלייגט זייַנ גאנצע לעבנס־באשרייַבונג. כאנאָוו האָט אויסגעשטרעקט דאָס פאפיר הערשלענ. ער האָט עס געוואָלט מאכנ מער שפּילעוודיק. ס'האָט זיכ אָבער באקומענ בא אימ הארטלעכ, קימאט אָפיציעל:

— ס'איז נייטיק, — האָט ער געזאָגט, — גריגאָרי לאזארעוויטשעס רעזאָליוציע. ער פארנעמט זיכ דאָכ מיטנ אופנעמ פונ נייַע קאדרענ.

הערשל האָט אייַנגעגראָבנ דאָס פּאָנעמ אינ פאפיר, געפירט מיטנ פינגער איבער די געדיכטע שורעס אונ געלייענט מיט קאוואָנע. דעמ אלטנס ווייַסע, ברייט צעקעמטע באָרד האָט זיכ ערנסט, אפילע א ביסל ברויגעזלעכ געשאָקלט. מאשמאָעס זי העלפט דעמ זונ זיכ אָפּשטעלנ בא יעדנ פינטל, בא יעדנ פארענדיקטנ געדאנק. געענדיקט לייענענ, האָט הערשל אופגעהויבנ די אויגנ צומ פאָטער.

הערשל האָט טייקעפּ דערפילט, אַז קיינ שמורעס וועט שוינ דאָ גאָרנישט העלפנ. ער האָט זיכ גלײַכ א ווענד געטאָנ צו כאַנאַוונ:

— איז, יורי אָסיפּאָוויטש, וווהינ זשע טראַכט איר...

לייזער מיאַסקיווקער האָט זיכ גיכ א הייב געטאָנ פונ אָרט, זײַנע ווערטער האָבנ געקלונגענ אָפּגעהאַקט, אָפּגעמאָסטנ:

— דעמ שאָכנס זונ, דער כעשבנ־פירער פונ דער ציגעלניע, האָט הײַנט באַקומענ א מאָביליזאַציע־צעטל...

* * *

ווענ דער אַלטער מיאַסקיווקער איז אַהיימ געגאַנגענ, האָבנ הערשל מיט כאַנאַוונ זיכ ערשט ווידער גענומענ לייענענ זײַנ פּאַפּיר. אַלצ איז געווענ צונויפגעשטעלט אַזוי לאָגיש, געבונדנ, האַגאַמ ער האָט אָנגעהויבנ העט, העט אַזש פונ ברייִשיס. אַלע יאָרנ, האָט ער געשריבנ, איז ער געווענ א מענטש באַ יענעמ. זיכ אַרומגעדרייט אַרומ דעמ קליינעמ פאַרוואָרפענעמ וואָקזאַל. געפירט די גרויסע כעשבוינעס באַ די רײַכע ברויט־סאָכרימ. אַז ער האָט יאָ דערלעבט און איז ניצל געוואָרנ פונעמ פײַער, וויל ער בעלייוו־ואָנעפעש [1], מיט זײַנע שוואַכע קויכעס צולייגנ א האַנט צומ בינייענ... העלפנ אָפּרוימענ פונ דער ערד דעמ גרויסנ צוירער, ימאַכ־שמוי...

כאָטש ס'איז געווענ געשריבנ אינ רוסיש, האָט הערשל געפילט, ווי יעדע פראַזע האָט דער פאָטער זײַנער, ווי זײַנ לאַנגיאָריקע געווינהײַט באַמ שרײַבנ בריוו, צוערשט פאַרטראַכט אינ העברעיש. ס'האָט געשלאָגנ פונ די שורעס מיט כעשבנ־האַנעפעש, מיט סאַכאַקל.

— ער קאָכט פײַנ איבער, דער קעסל אונדזערער, גריגאָרי לאַזאַרעוויטש, ביז צו די זקיינימ אַפילע...

— ער האָט שוינ צעביטנ דעמ אַכטנ צענדליק, דער אַלטער אײַערער, — האָט כאַנאַוו געפּרוווט אָנבינדנ א שמועס.

ס'האָט זיכ אַרויסגעהערט פונ דער פראַגע דער שטאַרקער רוישעמ, וואָס דעמ פאָטערס באַזוכ האָט געמאַכט אָפּ יורי אָסיפּאָוויטשנ. א דינ שטראָמל פונ נאַכעס־רועכ האָט אַדורכגעריזלט אינ אַלע הערשלס אייווורימ. ס'האָט אימ א צי געטאָנ צומ פענצטער.

דער אַלטער האָט שוינ געשפּאַנט אינ דער טיפ פונ פאַבריק־הויפ. ער האָט געטראָגנ דעמ שטעקנ אינ דער האַנט, זיכ אָפּגענומענ ניט געוואָלט אָפּ אימ איצט אָנשפּאַרנ.

הערשל האָט פונ טאָמיד אָנ געהאַט אָפּשײַ פאַרנ פאָטערס אויסגעהאַלטענעמ כאַראַקטער, פאַר זײַנ פעסטנ ווילנ. איצט האָט ער אָבער עפּעס מיט א באַזונדערער קראַפט דערפילט ווידעראַמאָל די דאָזיקע זעלישע קרויוועשאַפט.

— ווילנ האָט אָפּגענומענ א שטאַרקע שײַכעס צו כאַראַקטער, — האָט ער געטראַכט, — אַזויפיל יאָרנ זײַנענ זייערע ביידע ווילנס געגאַנגענ צוויי פאַרשיידענע, פּאַראַלעלע וועגנ און דאָ אַזוי אומגעריכט זיכ איבערגעקרייצט...

ער איז, ווײַזט אויס, לאַנג אַזוי אָפּגעשטאַנענ באַמ פענצטער, הערשל. מיטאַמאָל האָט ער זיכ געטאָנ א דריי אויס צו כאַנאַוונ. דאָס בענקל איז שוינ אָבער געווענ ליידיק. כאַנאַוו האָט אָפּגענומענ באַמערקט מיאַסקיווקערס אופגערודערטקײַט און אימ געלאָזט אַלײנ. הערשל זעצט זיכ צו אָפּ כאַנאַוווס אָרט. אָפּנ גראָבנ גלאָז איז מיט רויטער טינט אָנגעשריבנ: „לייזער פּינקוסאָוו מיאַסקיווקער". אינ ביידע זײַטנ האָט כאַנאַוו אַוועקגעשטעלט צוויי גרויסע אויסרופ־צייכנס. די טינט אָפּנ גלאָז איז נאָכ אַפילע ניט געווענ פאַרטריקנט.

— עהע, איז ער דאָכ גאָרנישט אַזאַ „האַרטינקער", — האָט מיאַסקיווקער צופרידנ א טראַכט געטאָנ און זיכ געלאָזט צומ אַרויסגאַנג. ס'האָט זיכ צעקלונגענ דער טעלעפאָנ. מע וואַרט אָפּ אימ אינ קעסל־צעכ. כאַנאַוווס שטימ הערט זיכ אַרויס פונ טעלעפאָנ־טרײַבל — זאַכלעכ, קימאַט אָפיציעל.

12

ערשט פאַרנאַכט, ווענ פונ דער גאָרקיכ האָט מענ געבראַכט צו טראָגנ א גרייסנ טערמאָס מיט עסנ און אימ אַוועקגעשטעלט אינ קאָנטאָרל פונ צעכ, האָט שיקע אײַנגעזענ, אַז דער יונגער אוילעמ טרײַבט נישט קיינ קאַטאָוועס. מע האָט עס געקאָכט, אייגנטלעכ, אַרויסזענ אויכ פונ הינדלס בלישטשענדיקע אויגנ. איר מוירע, אַז ניט אַלע וועלנ מאַסקימ זײַנ, איז געווענ אַנ אומזיסטיקע. די גאַנצע בריגאַדע האָט טייקעפּ געענטפערט ווי איינ מענטש:

— יאָ! צוויי מעסלעס אָנ איבערײַס!

הינדל האָט אַפילע ניט געהאַט קיינ מעגלעכקײַט צו ענדיקנ איר רעדע, וואָס זי האָט אינ געדאַנק צונויפגעשטעלט. איינ זאַכ האָט זי אָבער אי שטאַרק געוווּנדערט אי שטאַרק וויי געטאָנ: דאַפקע שורקע סיראָטינ... שורקעס קאָל האָט זיכ עפּעס ווי ניט אַרויסגעהערט. בעטעווע האָט ער ליב צו נעמענ א וואָרט, שורע. ער רעדט שיינ. הינדל האָט אַזוי ליב צו הערנ, ווענ ער טרעט אַרויס מיט א פאָרשלאָג, מיט א רעדע. זײַנ שטימ ווערט עפּעס פעסטער, באַסאָווע. די פראַזנ בינדנ זיכ באַ אימ, ווי פולינקע גאַרבנ, און לייגנ זיכ אַוועק איינס לעבנ צווייטנ. הינדל האָט ליב צו זענ, ווי ער גיט זיכ אַלעמאָל א פאַרשאַר זײַנ בלאָנדע טשופּרינע און בלאָזט אָנ די ליפּנ, ווענ ער דאַרפ עמעצנ „שטעלנ צומ צעטל". אינ דער היימ מאַכט זיכ אָפּט

1 מיט האַרצ און נעשאָמע.

אַז נאָכ אַ באַראַטונג זאָל שורקעס קאָל ניט אופהערנ איר צו קלינגענ אינ די אויערנ. איז פאַרוואָס זשע האָט ער עפּעס ניט גענומענ הײַנט קיינ וואָרט? יאָ... ס'ווײַזט זיכ איר אויס, אַז פונ זינט דוסיע גאַלער געפינט זיכ דאָ אינ ראַיאָנ, מײַדט ער זי אַ ביסל אויס, שורע. ניט שוינ זשע פילט ער ניט, אַז צו דוסיענ האָט זי גאָר אַנ אַנדער באַציִונג, ניט שוינ זשע? אָבער פאַרוואָס האָט ער הײַנט ניט געשטיצט איר פאָרשלאָג?

דער אוילעמ לאָזט זיכ אַראָפּ פונ די רישטשעוואַניעס. די יוגנטלעכע בריגאַדע וועט עסנ הײַנט דאָ אינ צעכ.

הינדלס אויגנ זוכנ שורענ. זי מוז אומבאַדינגט מיט אים טייקעפּ אַ שמועס טאָנ. אָט הערט זי זײַנ קאָל, ער איז נאָכ אויבנ. זי לאָזט זיכ אַרופגיינ צוריק אַפ די טרעפּ. עס דערגייענ צו איר שורעס אָפּגעהאַקטע רייד. זיי זײַנענ פול מיט באַדויער:

— דער לעצטער טאָג הײַנט? קוק, ווי כ'האָב צו אים קיינ מאָל נישט. אַ שאָד... שטאַרק געוואָלט אים זענ...

הינדל לאָזט זיכ גיינ צוריק. זי גייט פּאַוואָליע. שורע יאָגט זי אָנ אַפ די טרעפּ.

— כאַווערטע בריגאַדיר, — זינגט ער אויס וויל־יונגעריש, — אונ וואָס וועט זײַנ מיטנ „ווסעאָבוטש''?

זי קוקט אַפ אים ערנסט אונ ענטפערט אָפּיציִעל:

— דער עלטערער פּראָראַב האָט זיכ צונויפגערעדט. זונטיק וועלנ מיר דורכמאַכנ איבעריקע עטלעכע שאָ. צופרידנ?

זי קוקט אַפ אים מיט פאַריבל, איראָניש. שורע ווייסט שוינ גוט, ווענ זי איז בייִז. ער וויל זי פאַרהאַלטנ. הינדל שפּאַנט ווײַטער. גייענדיק, וואַרפט זי אים צו עטלעכע ווערטער ווי נאָדלענ:

— זוכסט טערוצים... באַגעגענישנ... ווסעאָבוטש... געמיינט, ביסט פּעיִק אַפ עפּעס מער ווי ווערטער...

שורע פאַרלויפט איר דעמ וועג. ער לאָזט זי ווײַטער ניט גיינ. ער איז אַ סאַכ העכער פונ איר. ווענ ער שטייט, אַפ דער צווייטער אונטערשטער טרעפּ, קומענ זײַנע אויגנ אויס פּונקט קעגנ אירע.

— גינדאַ, ביסט נישט גערעכט. כ'האָב נישט געמיינט קיינ שלעכטס...

זײַנ בליק, אַזאַ קלאָרער, זויבערער, שנײַדט זיכ אײַנ אינ אירע שוואַרצאַפּלענ. ער האָט העל־בלויע אויגנ, שורע, ס'האָט זיכ איר ביז איצט אויסגעוויזנ, אַז זיי זײַנענ אַ סאַכ טינקעלער.

שורע כאַפּט אינ איינ אָטעמ... מיט וואָס פאַר אַ רעכט רעדט זי אַזוי וועגנ אים, פאַרקערט, ער איז שטאַרק צופרידנ, וואָס די בריגאַדע וועט דורכמאַכנ אַזאַ אויפגאַבע, ער האָט דאָכ אַליינ געגעבנ דעמ געדאַנק וועגנ צונויפפּרעסנ צענ טעג אינ אַ פּאָר מעסלעס...

וואָס ס'איז שײַעכ זײַנ באַגעגעניש, איז עמעס, ער האָט זיכ הײַנט געקליבנ צו באַזוכנ אַנ אַלטנ כאַווער, נאָכ פונ דער היימ... הינדל קאָנ אים אויכ. זי קאָנ אים אַפילע זייער גוט. שורע האָט מיט איר ניט איינמאָל גערעדט וועגנ אים.... הינדלס שטוינענדיקע בליקנ שטערנ אים נישט. יאָ־יאָ. זי קאָנ אים גוט. ער האָט טאַקע מיט איר אינאיינעמ זיכ געקליבנ גיינ צו אים... ער שמייכלט, שורע. אַפ ביידע באַקנ לויפנ אָנ צוויי כיינ־גריבלעכ. ווּיאַזוי ער הייסט, דער כאַווער?.. הע... פּאַווקע הייסט ער... פּאַוולושע... פּאַוועל קאָרטשאַגינ... אַהאַ? זי קאָנ אים? איז אָט... ס'איז דער לעצטער טאָג הײַנט אינ קינאָ — „ווּיאַזוי ס'איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרנ דאָס שטאָל''... איז וואָס זשע איז דער רויִגע אירער? ער וועט איבערלאָזנ די בריגאַדע אונ גיינ אינ קינאָ?.. ס'האָט זיכ גלאַט אַזוי אַ זאָג געטאָנ, אַז עס איז אַ שאָד, וואָס עס איז דער לעצטער טאָג... ער שלעפּט אַרויס צוויי קינאָ־בילעטנ. ער האַלט אינ דער האַנט ביידע גרינע פּאַפּירלעכ. עס גלוסט זיכ נישט זיי אַרײַנצולייגנ צוריק אינ קעשענע. ער קוקט צו הינדלענ אונ באַמערקט אינ דער לינקער זײַט פונ איר ספּעצאָווקע אַ קליינ קעשענקעלע. ערשט נעכטנ, אַפּאַנעמ, צוגענייט. ער שפּיליעט אויפ גיכ דאָס קעשענקעלע אונ לייגט אַרײַנ אַהינ ביידע פּאַפּירלעכ...

שורעס גרויסער האַנט־זייגער קלאַפּט אַזוי, צי ס'איז גאָר דער טיק־טאַק פונ הינדלס האַרצ? זי דערפילט אינ איר האַנט שורעס פאַרהאַרטעוועטע דלאָניע. ביידנס אויגנ גיבנ אַ רייד צווישנ זיכ אַפ שטומ־לאָשנ:

— אַנ אָנדענק פונ ערשטנ קעסל...

פונ די רישטשעוואַניעס לויפנ זיי אַראָפּ גיכ, גיכ. זיי האַלטנ זיכ ביידע בײַ די הענט אונ זענ אויס, גלײַכ זיי לאָזנ זיכ אַראָפּ פונ אַ שטאַרק הויכנ באַרג נאָכ אַ קורצנ, פריילעכנ שפּאַציר. שורקע איז צופרידנ, וואָס ביידע בילעטנ ליגנ שוינ בײַ איר אינ קעשענקעלע. הינדל פאַרשפּיליעט דאָס ווײַסע קנעפּל פונ טעשל. די פּאַפּירלעכ גיבנ אַ שטילנ שורשע. איינס איז אירס, אונ דאָס צווייטע — שורקעס. אינאיינעמ איז עס אָבער אַ הייסער, מיידלשער סאָד...

* * *

אַהיימ גייענדיק מיט ליבענ, האָט שיקענ שוינ עטלעכע מאָל געגעבנ אַ צי צוריק צומ צעכ. געגאַנגענ איז ער אָבער, ווי אַפ צולאָכעס, וואָס אַמאָל גיכער, אײַליקער. זי האָט אים קוימ געקאָנט נאָכהאַלטנ. דער קרומער פוס זײַנער האָט געשפּאַנט עפּעס ווי אינ אַ זײַט, אונ זײַנ שאָטנ האָט געמאַכט אַזוינע מעשונעדיקע טנועס, אַז ס'האָט זיכ געקאָנט דאַכטנ — ער וועט זיכ באַלד אײַנברעכנ.

ליבע האָט נישט אויסגעהאַלטנ אונ אַ ברומ געטאָנ, ווי פאַר זיכ:

— וואָס איז דאָס יאָגעניש אַזוי, וואָס? מ'עט אָנווערנ שויפער בלאָזנ?

ער איז שוינ געווענ אַזוי ווײַט, שיקע, אַז זי האָט געמעגט זײַנ זיכער, אַז ס'וועט צו אים ניט דערגיינ.

שיקע אָבער, גלײַכ אַפ דעמ וואָלט ער אַרויס־געקוקט, האָט זיכ געגעבנ אַ דריי אויס צו איר, ווי אַנ אָפּגעבריטער. אַפ זײַנ פּאָנעמ איז געלעגנ אַנ אומבאַהאָלפּענע גרימאַסע. פונ די אויגנ אָבער האָט אַראָפּגעקוקט אַ מאָדנע מילדקײַט. אויסגעזענ האָט ער, שיקע, גלײַכ ליבע האָט אימ געכאַפּט בײַ עפּעס אַ בעט און טאַקע וועגנ דעמ האָט זי אימ נאָרוואָס נאָכגעשריִענ. אַז זי איז שוינ ווידער געווענ לעבנ אימ, האָט ער איר אַ זאָג געטאָנ און אונטערגעטראָגנ אַ נאָמענ, וואָס ליבע האָט אימ שוינ, דאַכט זיכ, לאַנג ניט געהערט:

— ליבעדע, ליבעדע, גיי דו אַהיימ... איכ אַ קוק טאָנ... די בעוורע... די קינדער... בלײַבנ דאָרט אַ גאַנצע נאַכט... — ער האָט נישט געענדיקט און אויכ נישט געוואַרט אַפ קיינ ענטפער. די פיס האָבנ אימ שוינ גע־טראָגנ צוריק צומ צעכ.

באַטאָג זײַנענ געוואַקסנ אַלע דרײַ „שוכאָוו־סקי׳׳, געיואַקסנ, ווי אַפ הייוונ. דער ערשטער קעסל איז אָבער געוואַקסנ אויכ באַנאַכט. צוויי מעסלעס אָנ איבערײַס האָט די יוגנטלעכע בריגאַדע אימ ניט אַרויסגעלאָזט פונ אירע הענט. אויכ הערשל מיאַסקיוווקער האָט ניט אָפּגעטראָטנ פונ צעכ. אינעמ גרויסנ ברעזענ־טענעמ קאָמבינעזאָנ, וואָס ער האָט אַרופגעצויגנ אַפ זיכ, האָט ער אויסגעזענ, גלײַכ ער קלײַבט זיכ אינ אַ ווײַטער בעסיִע אַפ אַנ אונ־טערוואַסער־שיפל. געוואָרפנ זיִ פונ אַנ אומ־רוִקער כוואַליע, איז ער טאַקע אַלעמאָל אויס־געוואַקסנ אָט אַפ די העכסטע רישטעוואַניע־ברעטער און אָט אונטנ אינ די רויכ־קאַנאַלנ.

שורע מיט הינדלענ אַרבעטנ בישכייִנעס, אַפ „איינ שנור". פונ צוויי פאַרשיידענע זײַטנ גייענ זיי און קומענ זיכ צונויפ אַפנ זעל־ביקנ אָרט. אַלעמאָל קלאַפּנ זיכ אָנ זייערע ציגל.

„עלעהיי מיט גלעזלעכ ווײַנ", זאָגט שורע, און יעדעס מאָל „טשאָקעט" ער פאַר עפּעס אַנדערש: אָט פאַר נײַע זיגנ פונ דער רויטער אַרמיי, אָט פאַר היטלערס מאַפּאָלע, אָט פאַרנ לאָזנ אינ גאַנג דעמ גאַנצנ קעסל־צעכ און אָט פאַר... ער גיט אַ שמייכלענדיקנ ווונק מיטנ אויג. דאָס מיינט ער אַפּאָנעמ זייער פּרײַוואַט־שאַפט. הינדל קוקט אימ אַרײַנ טיפ אינ די אויגנ און קרעמפּעוועט פאַריינוועגס אַזוי צו מיטנ העמערל דעמ ציגל, אַז אָפּרײַסנ אימ פונעמ טינק וואָלט שוינ ניט געווענ אַזאַ לײַכ־טע זאַכ.

— ס'איז אַלצ דאָס זעלביקע, שורע. אַלצ דאָס זעלביקע. געקניפּט און געבונדנ...

אַמאָל לויפט שורע אַריבער מיט זײַנע ציגל אינ הינדלס זאָנע, און ווידער פאַרלויפט הינדל און כאַפּט אַרײַנ שורעס אַ שטיקל טעריטאָריע. מערסטנטייל אָבער באַגעגענענ זיי זיכ בײַ דער גרענעצ. שורע האָט שוינ בע־פּיירעש אַ פּאָר מאָל געפּרוווט אומיסטנ פאַר־לירנ די טעמפּנ און זי אַרופלאָזנ צו זיכ אינ „הינטערלאַנד" — זאָל זי האָבנ אַ ביסל פאַר־גענינגנ. ס'האָט אימ אָבער באַלד אָנגעהויבנ דראָענ מיט פאַרלירנ די גאַנצע פּאָזיציע. הינד־לענ איז הײַנט גאָרניט צו דערקענענ. פאַר־וועט איז פאַרוועט. און... אַריבעריאָגנ שורענ, אַז די הענט זײַנע „צעשפּילנ" זיכ, איז אויכ ניט קיינ קלייניקײַט. זײַנ קאָל הערט זיכ אַלע־מאָל אַראָפּ שאַרפער, אָפּגעהאַקטער:

— ציגל.

— טינק.

דער אַלטער קעסל־צעכ דערלאַנגט אַלעמאָל אַ שטאַרקנ הייזעריקנ הודזשע. עס שלעפּנ זיכ אימ נאָכ צוויי קרעכצנדיקע, קליינע סירענע־לעכ. אָט זײַנענ זיי פרעגנדיקע, האַלב דער־שראָקענע: „וועט טאַקע איבער מיר, הייסט עס, — פרעגט דער אַלטער צעכ, — זיכ מוזנ אָפּשטעלנ אַ האַלבע וויקל־פאַבריק?"

סײַ אינ אירע באַוועגונגענ סײַ אינ אירע טראַכטענישנ און אַפילע אינ אירע אינטימסטע געפילנ האָט הינדל איצט בײַ דער אַרבעט, אָט אַזוי באַמ שטיינ און לייגנ די רויטע, די געלע ציגעלעכ — פּלוצעמ דאָס ערשטע מאָל דער־פילט אינ זיכ אַזוינס, וואָס אָנרופנ וואָלט מענ עס געקאָנט נאָר עפּשער מיטנ וואָרט: רײַפ־קײַט.

ס'ווילט זיכ וועגנ דעמ אַלעמענ אַ שמועס טאָנ מיט שורענ. מיט קיינ צוויי ווערטער וועסטו עס אָבער נישט אָפּקומענ. און... שו־רע? שורע האָט ניט ליב, אַז מ'רעדט אַ סאַכ בעשאַס דער אַרבעט. דער טאַטע אירער האָט עס אויכ פײַנט. אַפּאָנעמ, אַז סע שטערט טאַ־קע.

— ווי מיינסטו, אינ אַ גאָרטנ, אַשטייגער, קאָנ מענ פעסטשטעלנ פּינקטלעכ דעמ מאָ־מענט, ווענ אַ נאָכ גרינער עפּל הייבט אָנ אַי־בערצוגיינ אינ צושטאַנד פונ צײַטיקײַט?

שורע ענטפערט, אייגנטלעכ, אַזוינס, וואָס זי ווייסט עס, דאַכט זיכ, ניט פונ נעכטנ, נאָר פונדעסטוועגנ איז דאָכ אָנגענעמ עס צו הערנ פונ זײַנ מויל:

— ס'איז ניט קיינ פראַגע פונ קיינ מאָ־מענט, — זאָגט ער, — ס'איז אַ פּראָצעס... ס'איז פאַרבונדנ מיט דער זונ, מיט די זאַפטנ, וואָס נערנ דעמ גאַנצנ בוימ. דעריקער טאַקע מיט די זאַפטנ...

— שורקע, און בײַ מענטשנ?..

זיי הייבנ בײַדע אופ דעמ שנור. אַ נײַע ריי. די מויערונג וואַקסט, וואַקסט.

— בײַ מענטשנ?.. הינדל...

זיי זײַנענ שוינ ווידער ווײַט אַ מעהאַלעכ איינער פונ צווייטנ. אינ בײַדע עקנ פונ שנור זײַנענ זיי.

— האַ?

— גאָרנישט, גלאַט אַזוי...

די מידקייט איז צוגעפאַלן אַ שווערע, אַ בלייִקע — ערשט די צווייטע נאַכט.

די שטימונג איז געוואָרן אויפגעהייטערטער ערשט, ווען מע האָט איבערגעשפּאַנט די לעצטע שמאָלע קאָנטראָל־פּענצטערלעך. אין אַן אָפענעם פּאַרוועט איז די אַרבעט געגאַנגען פון ביידע זייטן קעסל. אָט־אָט, און מע איז שוין באַלד בײַ די אייבערשטע שטאַנגען. שיקע גאַרבער מיט צוויי יונגע מוליערס האָבן שוין אָנגעהויבן לייגן די באַרימטע אייבערשטע אַרקעס. מיאַסקיווקער איז אומעטום פול. ער איז הײַנט עפּעס ניט מיט אַלעמען. מע האָט אים שוין עטלעכע מאָל געבעטן, ער זאָל אַראָפּגיין זיך צולייגן אין קאָנטאָר. ער הערט אָבער ניט און האַלט אין איין פּלאָנטערן זיך מיט שיקען בײַ די אַרקעס. ס׳איז אַ שיינקייט אָנצוקוקן, ווי פלינק דער אַלטער מאַכט די „נידעריקע שלעסער״.

ער האָט אַ פּאָר מאָל זיך שוין פאַרמאָסטן, שיקע, עפּעס צו זאָגן מיאַסקיווקערן. ס׳האָט זיך אָבער ניט באַקומען דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. געווירילאָווס וואָרט, אַז מע טאָר ניט באַהאַלטן די דערפאַרונג בײַ זיך אין קעשענע, האָט אים אָפּגענומען אַ גוטן ביסן געטאָן. ער באַמיט זיך, אַז די יונגע מוליערס זאָלן טויפעס זײַן פּינקטלעך דעם אויפן פון שליסן די אַרקעס.

דאָס ליכט פון די עלעקטרישע לעמפּלעך שנײַדט די רױע. אַלעמאָל צערינט זיך די מידקייט און קומט ווידער אָן מיט אַ שטאַרקער קלעפּעוודיקייט אין די אויגן. די אַרקעס זײַנען שמאָלע און ציִען זיך אין דער גאַנצער ברייט פון די שטאַנגען. שיקען גיט אַלעמאָל דער זיקאָרן אַ טראָג אַוועק ווײַט, ווײַט... עס דערמאָנט אים אין דער גרויסער אַרקע פונעם קופּאָל פון יענער שול, ווי ער האָט זי געזען, געפּאַרבט אין טונקעלער, טונקעלער סרויפּע־שײַן. ער לאָזט זיך ווי אומיסטן אַראָפּ מיטן גאַנצן שווערן קערפּער אַפן קרומען פוס. ס׳גיט אים אַ שטאַרקן צי אונטערן דיך. ער האָט אַ גוואַלדיקע האַנאָע, שיקע, וואָס ביידע הענט זײַנע זײַנען דערמלט, בײַ דער סרייפּע, ניט געשעדיקט געוואָרן אַפּ קיין האָר. מיאַסקיווקער לויבט די אַרקעס: „כאָטש טאַנץ אַפּ זיי״. שיקע איז שוין אָבער ווידער ניט קיין הינגער. פונעם קופּאָל איז ער שוין לאַנג אַוועק. די שײַן פון די לעמפּלעך איז נאָך שאַרפער, שנײַדיקער געוואָרן.

ער שפּאַנט אַרום אין דער היים. די שטאָט ברענט. עס רייכערן די גאַסן... אָט איז זײַן שטוב... ער באַטראַכט די ווענט. ערגעץ איז נאָך געבליבן אַפּ זיי דער טינק. פון דאַך, פון טירן, פון פענצטער — קיין זייכער...

שיקעס הענט באַוועגן זיך פלינק. די אַרקעס אַפן קעסל וואַקסן, וואַקסן. ס׳דאַכט זיך אים אַלץ, אַז ער לייגט זיי איבער די פענצטער־לעכער פון זײַן אָפּגעברענטער היים.

— זײַט אַ ביסל מאַפּסיק, כאַווער גאַרבער, פאַרייכערט...

שיקע הייבט אויף די אויגן. ס׳איז מיאַסקיוקער. ביידע פאַררייכערן.

— ס׳עט אים גאָרנישט העלפן, — זאָגט שיקע, — ער וועט אים־ירצע־האַשעם ליגן טיף אין דער אַדאָמע...

מיאַסקיווקער שמייכלט. ס׳איז קלאָר, וועמען דער אַלטער האָט דאָ אין זינען. מיט ליבע אויגן קוקט ער אַפּ שיקען. זײַן מאַכשאָווע קאָן, דאַכט זיך, יעדערער גרינג אַרויסלייענען אַפּ זײַן מידן פּאָנעם:

— אַרומגעשניטן, הייסט עס, דעם אַלטנס ווילדפלייש...

זײַן בליק פאַלט אַפּ די מיטלסטע שטאַנגען. זיי נעמען אַרום דעם קעסל, ווי מיט שטאַרקע, פעסטע רייפן.

„רייפן״ — אָט דאָס וואָרט טאַקע באַמבלט זיך מיאַסקיווקערן אין קאָפּ שוין אַ פּאָר טעג, און ער האָט עס עפּעס בעשום־אויפן ניט געקאָנט אָנכאַפּן.

רייפן. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך. נעמען זיי אַרום די גאַנצע געראַטעוועטע שיירים־האַפּלייטע: אי הינדלען, אי אים, מיאַסקיווקערן, אי שיקע גאַרבערן, אי אַפילע דעם אַלטן פּאָטער זײַנעם — גאַנצע געראַטעוועטע יידישע שטעטלעך נעמען זיי אַרום, אָט די רייפן, און בינדן, בינדן צונויף אַזוי שטאַרק, ווי קיינמאָל נישט.

„צעמענט, אַ נײַער מין צעמענט״, — קריכט אים אַ טעכניש וואָרט אין קאָפּ אַרײַן און בײַט אַליין זיך אין געדאַנק אויס מיט אַנדערע באַגריפן.

— מישפּאָכע. קאָלעקטיוו. הײמלאַנד. יאָ, ער זעט זיי הײַנט אַזוי קלאָר, אָט די רייפן. אַזוי קלאָר.

די מוליער־העמערלעך קלאַפּן. זיי באַשטעטיקן: ריכטיק. ריכטיק...

— ציגל.

— טינק.

ס׳איז הינדלס קאָל. אַ מעלאָדיש שטימעלע בײַ איר.

אין יעדער בעסאַראַבער שטעטל, ווו ער פלעגט אַמאָל צוקנעלן אין די זומער־כאַדאָשים אַלס לערער אין די סטודענטישע יאָרן, זײַנען געווען אין זײַנע קרײַזן מיידלעך מיט אַזוינע לירישע דווינע־פּײַפּעלעך אין די העלדזלעך... בעסאַראַבער שטעטלעך... דאָ, אַפּ אַ מעהאַלעך פון טויזנט מײַלן, ווערן געשולט, אויסגעמײַסטערוועט די הענט, וואָס וועלן זיי אויפשטעלן פון די כורוועס... אָט טאַקע מיט אָט דער בריגאַדע וואָלט געווען ניט שלעכט זיך נעמען, אַשטייגער, אויפשטעלן נאָך דער מילכאָמע די צעשטערטע קאָרפּוסן פון יענער פאַבריק, בײַ וועלכער ער האָט געאַרבעט דאָס לעצטע יאָר. ווי אַפּ דער דלאָניע זעט ער די

פונדאמענטנ. פעסטע פונדאמענטנ זײַנענ דאָרט געלייגט געוואָרנ. זיי האָבנ געמוזט אפ זיכער גאנצ בלײַבנ.

— מיאסקיווקער! גריגאָרי לאזארעוויטש!

נישט שוינ זשע הערט זיכ אונטנ כאנאָווס קאָל. יאָ, ס'איז ער. נישט געקאָנט אפצוגעמ רויִק שלאָפנ די נאכט.

אייניקע האָבנ שוינ ארויסגעענדיקט זייערע „אָפשניטנ". שיקע זעט גאָר נישט, ווי הינדל שטייט לעבנ אימ אונ דערלאנגט אימ די לעצטע ציגל גלײַכ אינ די הענט ארײַנ. כאנאָווס אָנקומענ גראָד צום סאמע פארענדיקנ דעמ קעסל מאכט דעמ מאָמענט פײַערלעכער. פונ ביידע זײַטנ רישטעוואניעס קומט זיכ צונויפ דער יונגער אוילעמ. זיי שפאנענ פאָרזיכטיק איבער די כוואליעדיקע ארקעס, גלײַכ זיי זײַנענ פונ א ווײַטער יאמ־נעסיע דאָס ערשטע מאָל ארופגעטראָטנ אפ א שטיקל יאבאָשע. דער אוילעמ נעמט מיטאמאָל פלאסטערנ מיט ציגל דעמ אייבערשטנ דיל.

הערשל ווארפט אראָפ דעמ ברעזענטענעמ קאָסטיום. די רישטעוואניעס זײַנענ ליידיק. זיי זעענ אויס ווי איבעריקע. אלע געפינענ זיכ שוינ אפ דער אויבער־דעק פונ קעסל. כאָטש מידע, אויסגעבלייכטע, זעענ זיי אלע הײַנט אויס יאָמטעוודיק. כעוורע רינגלענ ארומ כאנאָונ, מיאסקיווקערנ. שיקע גארבער פילט זיכ איצט שוינ, אפאָנעמ, ווי א מעכוטנ אפ א גאָר היימישער כאסענע.

— שנעקעס, — טראכט ער, — צוציקעס, א געזונט זיי אינ די ביינער...

הינדל שטייט הינטערנ פאָטערס פלייצע. זי וויל אימ עפעס זאָגנ. זי הייבט אימ אָנ אראָפנעמענ שטיקלעכ ליימ פונ דער ספעצאָווקע. פלוצעמ דערפילט זי מיטאמאָל, ווי א שטיפערישער שמייכל צעלייגט זיכ אפ אירע מויל־ווינקלענ. סע בײַסט איר שטארק די צונג. זי וואָלט אימ זייער געוואָלט א פרעג טאָנ:

— טאטע, זאָג דעמ עמעס איצט, טאטע, צוליב וועמענ האָסטו זיכ אנומלטנ אזוי ארומגעשוירנ, ארומגעגאָלט, צוליב דוסיע גאלערנ צי גאָר צוליב אימ, צוליב גאוורילאָוונ? זאָג דעמ עמעס, טאטע!

שיקעס מינע איז ווי אמאָל, נאָר אמאָל, ווענ זי, הינדל, פלעגט קינדווײַז וועלנ אָפטאָנ עפעס א שפיצל, א שטיפערײַ.

זי גיט טאקע קלוימערשט א שפרונג אָפ אינ א זײַט, גלײַכ אָט באלד וועט דער פאָטער זי א כאפ טאָנ אונ זי אָנרײַסנ באמ אויער.

עמעצער לעשט אויס די לאָמפנ. דורכ די גרויסע פענצטער פונ צעכ קוקט ארײַנ א פולע, קײַלעכדיקע לעוואָנע. זי זעט אויס אזוי נאָענט, גלײַכ א גאנצע נאכט האָט זי געוואכט אונ געוווסט, אז פארטאָג־צו וועט זי האָבנ א קליינעמ שאס-האקוישער[1] צו ווארפנ כאָטש עטלעכע פאסמעס ליכט אפנ פארטיקנ קעסל. אקעגנ באמ הימל־זוימ שווימענ אָנ ריזיקע, גרויע וואָלקנס מיט ווײַסע קעפ. דאָס זעענ אויס די פאמיר־בערג אזוי נאָענט, כאָטש דערלאנג צו זיי מיט דער האנט.

עס הייבט אָנ שאריִענ אפ טאָג. הערשלס געזיכט איז דורכזיכטיק־בלייכ. אזוי פלעגט ער אויסזענ אמאָל אינ די שול־יאָרנ נאָכ שלאָפלאָזע נעכט באמ גרייטנ זיכ צו וויכטיקע עקזאמענעס. די לופט איז א בלויִלעכ־קלאָרע. עס קאָנ זיכ דאכטנ, ווענ מע זאָל אפ א ווײַלע צערוקנ די הויכע בערג־רינגענ, וואָלט דאָס אויג מיטאמאָל געטאָנ א שפרײַז אוועק אינ די סאמע ווײַטנ.

וויפל איז עס, אשטייגער, פונדאנענ ביז צו שיקעס קרײַז־שטאָט? ביז צו מיאסקיווקערס מאָלדאַויש שטעטל? ביז צו די פראָנט־ליניעס?

עס קומענ אָנ ארבעטער. מע אײַלט אינ די צעכנ. א לאנגער עשעלאָנ קוילנ לויפט אָנ פונ מיזרעכ־זײַט. ער לויפט האָפערדיק, שנעל. דער דאמפ, וואָס דער לאָקאָמאָטיוו לאָזט ארויס באמ האמעווענ, גיט אלעמאָל א פריילעכנ, גאָר פריילעכנ קוויטש:

— צו דער צײַט. צו דער צײַט קומענ מיר. ניט אונדזער טעווע צו פארשפעטיקנ...

הערשל מיאסקיווקער ציילט די וואגאָנעס. שטיל, קימאט אינ זיכ. אונ דער בליאסק פונ די שוואַרצע קוילנ פליט, שווינדלט פאר די אויגנ.

צומ נײַעמ צעכ יאָגנ די וואגאָנעס. צומ נײַעמ קעסל־צעכ...

---

1 פאסיקנ מאָמענט.

ש. האלקינ

# אפ אונדזער ערד

## 1. צו א וויַיטנ פריַינט

נייִנ, אנדערש, גאָר אנדערש — דו פרוּוו זיכ אפילע ניט גראָבנ.
אינ טונקל פונ הארצנ כ'האָב גאָרנישט פונ דיר ניט פארבאָרגנ,
כאָטש ווענ דו וואָלסט שטיינ דאָ, ווי איכ, בא דער שיַינ פונ פרימאָרגנ,
וואָלט יעדער געזאָגט, אז דעמ אָנבליק דעמ זעלבנ מיר האָבנ.

אונ ס'דוכט זיכ מיר אויס, ווענ אונדז ביידנ מע שטעלט צו דערקענענ —
אנ אייגענע מוטער א וויַילע זי וואָלט אונדז פארביטנ:
זי וואָלט זיכ צו דיר אינ איר מוטערשער בלינדקיַיט א ציִ טאָנ,
צעשמייכלענ זיכ שולדיק אונ זיכער צומ צווייטנ געגנענער.

אונ, גליַיכע אינ וווּקס אונ אינ שטאַלט אונ אינ שניט פונ די אויגנ,
דעמ קנאָכיקנ בונד אפ די פינגער — ניט אונטערצושיידנ,
נאָר אנדערש עס שטעלט אפ דער ערד זיכ דער טאָג פאר אונדז ביידנ,
אונ אנדערע זאָרגנ אינ אָוונט די קעפ אונדז פארנייגנ.

אונ פרעג אונדזער עלטער — זי ווייסט שוינ פארטרויענ זיכ ווענענ,
ווי ס'ווייסט אונדזער יוגנט, וואָס שטייט מיט אנ אָפענעמ גלויבנ
באמ קוואל, ווו פארשעפ נאָר — אונ מענטשלעכ ווערנ ווערנ דערהויבנ,
פונ וואסערנ וועלכע צומ טרינקענ זיכ נעמענ.

איז האָב איכ דאָס רעכט זיכ דערמיט צו בארימענ אונ גרויסנ
אינ טאָג פונעמ יאָמטעוו — אינ דריַיסיקסטנ יאָרטאָג דעמ גרויסנ.

## 2. אונדזער רו

זײַ מויכל מיר, מוטער, מיַינ זיכערע רו,
טו אָנ מיר דעמ קאָווער אונ הער מיכ אויס דו.

זײַ מויכל, וויַיל ניט מיט דיַינ מילכ איז אריַינ
די רו אינ מיַינ בלוט, אפ דאָרט הערשערנ זיַינ.

פונ זינטער איכ קאָנ זיכ, אונ דיכ איכ געדענק,
איכ האָב זי פונ קיינעמ באקומענ געשענקט.

פונ יענער זיַיט יאמ — ניט געבראכט זי צוגאסט
אונ ניט אפ קיינ יאָמטעוו מיט מיר זי פארקנאסט.

און ניט, ווי קיין אויצער אין הויל פֿון א בוים,
און ניט, ווי א גאָלדענע פּאווע אין טרוים,

און ניט ווי קיין נעס, ווי א „שעמ" אין די קני,
וואָס ווי נאָר פֿאַרטראַכט האָסט — הייב אוף זיך און פֿלי.

און ניט ווי דער פֿעדער באַם פֿויגל זיך פֿאַרבט —
אין לײַב און אין לעבן פֿאַרקריצט זיך, פֿאַרקאַרבט.

און אויב דו ווילסט וויסן, כ'וועל זאָגן דיר פּראָסט:
זי האָט מיר א לעבן, א לעבן געקאָסט.

און ווייסטו, וואָס איך האָב באַקומען דערפֿאַר?
די הערשאַפֿט פֿון רו אין א שאָ פֿון געפֿאַר.

באַם שיידוועג — א ציל, און אין אָנוועג — דעם מוט,
די בראָכע פֿון פֿרידן אין לעצטער מינוט.

און ווייסטו, וואָס דורכגיין איך קאָן מיט דער רו?
די שרעק פֿונעם יאַם, וואָס מיט זון דעקט זיך צו.

און פֿרעג אפֿן גרונט בײַ פֿאַרזונקענער שיף:
ווי אויסמעסטן שווער איז די דאָזיקע טיף...

זײַ מוחל מיר, מוטער, געטרײַ מיר ביסטו —
טו אָן מיר דעם קאָוועד און הער מיך אויס דו.

## ב. אונדזער קינד

א יאָר איז אדורך? ניין, א דאָר איז פֿאַרבײַ,
און איך בין אַליין דאָך געוועזן דערבײַ,

און איך — איך געדענק נאָך די קינדערשע רייד,
און הײַנט — איך פֿאַרגלײַך זיי אין אומגליק, אין פֿרייד:

ווי ס'וואָלט א יאָרהונדערט געלעבט צווישן זיי,
צי גאָר — אף פּלאַנעטעס באַזונדערע צוויי.

נאָר זײַן ניט צעשטערט זאָל פֿון דווירעס דער בונד,
קעדיי מײַנע ווערטער צו געבן א גרונט,

דערלויב איך זיך, מוטער, דיך מאַכן באַקאַנט
מיט איינעם א קינד — מיט דער קרוין פֿון מײַן לאַנד.

אזא, וואָס מיט איינעם מיט זײַנעם א בליק,
ער קאָן אי פֿאַרמערן אי שטערן דײַן גליק;

א בליק, וואָס ער זאָגט: ניט געקומען פֿון שלאַכט
איז דער, וואָס ער האָט אף דער וועלט מיך געבראַכט,

אָט דער, וואָס געהאַלטן האָט מיך אף די הענט,
נאָר איך וואָלט שוין איצטער אים מער ניט דערקענט...

איז אָט, בייג זיך אָן און שטרענג אָן דײַן געהער
צום קינד, וואָס די גאַנצענע וועלט אים געהער,

און קוק זיך אײַן גוט אין זײַן טונקל געזיכט:
דו זעסט, וואָס דאָס קינד האָט גענומען אף זיך?

פֿאַרשווײַגן, פֿאַרגראָבן דעם צאַר אונטער הויט,
וואָס נאָר בײַ אַ פֿרייד ווערט זי שאַטנדיק-רויט.

און נאָר אין אַ שפּיל, בײַ אַ שפּאַס, ווען ער קײַכט,
די אויגן — זיי ווערן אים גלאַנציק און פֿײַכט

און גליִען, ווי קוילן, ווען עמעצער וויל
זײַן צאַר אים דערוועקן, צעשטערן זײַן שפּיל.

ער טראָגט אים, דעם אָל, אָן אַ הויך, אָן אַ וואָרט,
און אָפּטרעטן קיינעם ער וואָלט ניט דאָס אָרט,

ווײַל זיכער איז ער און איז שטאָלץ און פֿאַרגלויבט,
אַז קיינער האָט אים ניט באַוואָלט, באַרויבט.

ווײַל עמעס, ווי דאָס, וואָס ער לעבט אַף דער וועלט,
איז עמעס אויך דאָס, אַז אין קאָן האָט געשטעלט

זײַן פֿאָטער דאָס לעבן פֿאַר אים, פֿאַר דער ערד,
ווו קינד און ווו פֿאָטער אַלץ ענלעכער ווערט.

וואָס טיפֿער דעם צאַר אונטער הויט ער באַהאַלט —
אַלץ בוילעטער טרעט נאָך אַרויס די געשטאַלט

פֿון דעם, וואָס האָט עפּשער אין לעצטער מינוט
דערמאָנט זיך אָן קינד און געהייליקט דאָס בלוט,

און שפּעטער דאָס קינד — אין דער שטיל און פֿאַרבענקט —
דער הייליקער ערד אָט דאָס בלוט האָט געשענקט...

נאָך בלוט און נאָך גרוילן, נאָך וויי און נאָך ווינד
געבליבן איז ריין אונדזער קרוין — אונדזער קינד,

וואָס איז פֿונעם ווונדער די ערדישע מאָס,
וואָס האָט שוין געטרונקען פֿון ביטערן קאָס,

און האָט ניט פֿאַרלאָרן פֿון אונטער די פֿיס
דעם זיכערן באָדן — אַ קינד און אַ ריז.

## 4. אונדזער מוטער

אַ כידעש, וואָס שווער איז איר הערן אַ מענעריש קאָל?
ניט גרינג איז פֿאַרלירן דרײַ קינדער, דרײַ זין מיטאַמאָל —

דרײַ ווענן צעשיידטע, וואָס גייען אין שטוב זיך צונויף.
ווי שווער איז געווען איר באַגלייטן זיי דרײַען פֿון הויף.

עס קאָן אויך אַ בוים דאָך אין האַרבסט־טאָג ניט הערן דעם ווינט,
ווען ס'פֿעלן זיך בלעטער, ווײַל יעטווידע בלאַט איז אַ קינד.

זיי פֿליִען און פֿאַלן, און זי האָט דאָך דרײַ נאָר געהאַט,
אַ בלאַט איז אַ קינד, נאָר אַ קינד איז דאָך פֿאָרט ניט קיין בלאַט.

דאָס האַרץ ווערט פֿאַרקילט, ווען אַפֿילע פֿונוויַטן דו זעסט:
אַ פֿרוי גייט אַרום, ווי אַ פֿויגל, בײַ כאָרעוועד נעסט.

זי טראַכט גאָר פֿון זײַטיקע זאַכן, און פּלוצעם בלײַבט שטיין
אינמיטן דער שטוב, טוט אַ זיפֿץ און קאָן ווײַטער ניט גיין,

ווי זי וואָלט דערזעען דאָס שלאַכט־פֿעלד, און זיי — אין דער מיט,
ווי זי וואָלט פֿאַרשוועכן דעם אָנדענק מיט אײַליקע טריט.

זי שטײט, און זי קוקט, און א װײַל בלײַבט די זונ איר פֿאַרשטעלט,
אונ ס'דוכט איר — פֿונ ערד און פֿונ װאָלקנ באַשטײט נאָר די װעלט.

דער װאָלקנ פֿאַרשװינדט פֿונ די אויגנ, און זי גלײַכט זיכ אויס,
װי זי װאָלט באַנאַנד מיט דער זונ פֿונעמ װאָלקנ אַרויס.

איז װאָס, אויב עס טרעפֿט, אַז זי װײסט ניט װו טאָנ זיכ אַהינ —
ס'איז שװער איר אַלײנ צו פֿאַרבלײַבנ מיט אירע דרײַ זינ.

כאָטש יעדערער טרעפֿט שוינ אינ צימער באַזונדער אַהער —
דרײַ קינדער — דרײַ װעגנ, װאָס קומענ צונויפֿ זיכ ניט מער.

אַװאַדע פֿאַרדריסט עס אַ מוטער, דאָס האַרצ איר פֿאַרקלעמט:
פֿאַרװאָס זאָלנ קינדער ניט קומענ, זיכ געבנ די הענט?

דערצװיגנ זײ אַלע עס האָט דאָכ אײנ מוטערשע שויס,
דרײַ לײַבלעכע ברידער, און שטענדיק זײ מײַדנ זיכ אויס.

זי האָט שוינ דערװעגט זיכ אַ פֿרעגנ טאָג באַמ עלטסטנ, באַמ בכאָר,
האָט ער איר געטאָנ נאָר אַ שמײכל, אַ שמײכל און גאָר.

אינ װאָר צי אינ כאָלעמ — אָט דאָס איז נאָכ אַלצ איר ניט קלאָר:
אויב קינדער גאָר קומענ אינ כאָלעמ, איז װאָס איז דאַנ װאָר?

אַזוי טראַכט די מוטער, װענ זי כאַפּט זיכ אויפֿ פֿונעמ בעט
און זעט ניט דעמ בכאָר, נאָר צוקאָפּנס איר װײטעק זי זעט.

דעמ ייִנגסטנ זי זוכט, און צופֿוסנס איר אומגליק דאָרט שטײט.
דער מיטלסטער גײט, און ער גײט און צו איר ניט דערגײט.

אַזוי טראַכט די מוטער... נאָר פּרוּװ באַ דער שײַנ פֿונ דער זונ,
קוק אײַנ זיכ אינ איר, און קײנ שפּור װעסט ניט טרעפֿנ דערפֿונ.

דאָס אַלצ איז באַהאַלטנ אַפֿ װײַטער, אַפֿ שפּעטער — אַפֿ װענ?
װענ זײַנ װעט די זונ און נאָר זי װעט די זונ שוינ ניט זענ.

זײ לעבנ, די קינדער, אַװאַדע, ס'איז אַלצ נאָר דערװײַל,
אַ מײַל שײדט זײ אָפּ, און נאָר עפּעס צו לאַנג איז די מײַל.

זײ לעבנ, די קינדער, אַװאַדע — װי גוט זי געדענקט
די שײנע מאַטאָנע, װאָס איר האָט די עלטער געשענקט,

דעמ שאָלעמ, װאָס זײ פֿלעגנ ברענגענ אינ אירע פֿיר װענט,
דעמ אומרו, װאָס זי האָט אינ זײערע אויגנ דערקענט,

װענ זײ זײַנענ דרײַענ פֿונדאַנענ אַװעק אינעמ קריג,
אַפֿ דאָרט צו פֿאַרבלײַבנ און שיקנ דעמ שאָלעמ צוריק...

אַרײַנ איז דער שאָלעמ, ניט דרײסט זיכ פֿאַרקוקט אַפֿ די װענט,
דערנאָכ — אַפֿ דער מוטער, װאָס שטײט מיט פֿאַרבראָכענע הענט.

דערנאָכ — אַפֿנ פֿאָרהאַנג, װאָס עטװאָס פֿאַרהויבנ ער איז,
דערנאָכ — אַפֿנ בעס, װאָס ער האַלט זי נאָכ אויפֿ אַפֿ די פֿיס.

אַרײַנ איז דער שאָלעמ, אַ רעגע געבליבנ פֿאַרװירט,
און זי אימ אַנטקעגנ — אַ שטאָלצע, קײנ ברעמ ניט גערירט.

געקוקט האָט דער שאָלעמ אַפֿ איר און אַפֿ זיכ און געקלערט:
מיט װאָס זאָל ער טרײסטנ די מוטער, װי זי איז דאָס װערט?

זי האָט דאָך די קינדער געבענטשט אונ באגלייט זיי אינ שלאכט,
זי האָט דאָך איר בענקשאַפט נאָך זיי פאר א קאָרבנ געבראכט.

געשפאַנט איבער שלאכט־פעלד איר אייגענעם ווייטעק פארביי,
געקוקט אַפ דער ערד אונ געבליבנ איר מוטערלעכ־טריי.

מיט שרעק אונ מיט ליבשאַפט איר גוירל געטראָגנ געהיים,
איז דארפ דענ דער שאָלעם א שענערע, בעסערע היים?

אנטקעגנ דער וועלט איז די מוטער ארויס צו דער טיר
צו זענ — ווער וועט שטעלנ זיכ צווישנ דעם שאָלעם אונ איר?

דאָס הארצ וואקסט דיר אויס, ווענ אזא פונ דער נאָענט דו זעסט,
דיינ גרויס ווילסטו ויסנ? מיט איר, מיט איר ווײ זיכ פארמעסט.

אָט היינט, אינ א טאָג פונ א יאָמטעוו, זי וועט אחנוז באשיינענ מיסטאָמ,
קוק איינ זיכ אונ זע, ווי די קרוינ איז געגליכנ צום שטאָמ.

דאָס האָט אונדזער עהד זיי אזעלכע דערציוגג, דערנערט,
איז ווי זאָל ניט ליב זײנ אונ טײער אונ הייליק די ערד?

## 5. די פרוי

אונ זי — אָט די פרוי — אונדזער אָנהייב פונ זײנ?
אינ יינגלשנ נעפל — דער ליכטיקער זײל,

אינ יוגנט — דאָס ווינטל, וואָס שויבערט די האָר,
אינ רײפקײט — די טויב מיטנ שטורעמ אינ פאָר,

אינ מענלעכנ שווימענ — דער קוק אינ א זײט
אַפ זוניקער כוואליע, וואָס קומט פונ דער ווײט.

די כוואליע, וואָס איז מיט א פרעמדקײט באשענקט,
די פרעמד, וואָס צום ברעג אָט די כוואליע דערברענגט.

די כוואליע זיכ אײלט, אונ א מידע פונ וועג,
זי טוט נאָר א פאל, אונ ס׳פארשליגנט זי דער ברעג.

דער שווימער — ער זוכט זי אונ אומרויק ווערט:
אימ האכט, אז זי האָט זיכ אינ־יאָמ אומגעקערט,

אז זי האָט דעמ ברעג נאָר פארפלייצט מיט איר שוימ,
א רײב זיכ געטאָנ אָנ די זעמדלעכ אונ — שוינ.

נאָר טו בא דעמ יונג בא דעמ בראוונ א פרעג:
די כוואליע אימ קימערט, צי ס׳ארט אימ דער ברעג?

וועט ער אַפ דיר קוקנ אזוי ווי א טאָמ:
וואָס — כוואליע? ווענ — כוואליע? אונ וואָס פאר א יאָמ?

דאָס איז דאָך די פרוי, וואָס ער גארט זי אזוי,
אָט די, וועמענס אײנציקער נאָמענ איז — פרוי.

אָט יענע, וואָס איז מיט דער ווײטקײט געבענטשט,
די ווײט, וואָס דערנענט א מענטש צו א מענטש.

אָט די, וואָס אינ הארצנ צו דיר זיכ פארקלײבט,
אינ בלוט זיכ פארבלוט אונ אינ לײב זיכ פארלײבט.

אָט די, וואָס פונ קינדווײז אנטקעגנ דיר גייט,
אונ דו זי באגעגנסט, אונ זי דיכ באגלייט.

אַט די, וואָס איר האַלדז האָסט פאַרגלײַכט מיט אַ שוואַנ,
מיט בערגיקער אײַטער האָסט פאַרגליכנ איר שפּאַנ.

איר צאַרטקײַט — מיט יונגינקע צווײַגל אינ בלי, —
דאָס איז דאָכ די פרוי אַט די זעלביקע — די,

וואָס יונגע צוויי הימלענ אינ אויגנ זי טראָגט
אונ שטייט אויפ גאַנצפרי אינ אַ ווינטער־פאַרטאָג.

די וואַרעמע גלידער — אַ בייג, אַ ציִ אויס,
אונ ס'וויל ניט דער שלאָפ פונ די אויגנ אַרויס.

ס'איז הימלעכ דעמ שלאָפ אונטער לענגלעכער ווי',
נו יאָ, דאָס איז זי, אַט די פרוי, דאָס איז זי.

אַט שטייט זי אַ שלאַנקע, אַ גרייטע, זי שטייט,
אינ פראַקטיקער טונקלקײַט אָפּצוגיינ גרייט.

אַז ביז ס'וועט דער שניי אינ זײַנ ווײַסקײַט אַרײַנ —
זי זאָל אפ דער וואַכ בײַ דער אַרבעט שוינ זײַנ.

נאָר ביז זי איז דאָ, זי פאַרזאַמט זיכ בײַמ טיש,
אונ ס'טוט אימ אינ קאָפּ דער געדאַנק זיכ אַ מיש,

דאָס האַרצ טוט צו איר אונ צוריק זיכ אַ ריס:
נו יאָ, זי איז זײַנע — אַוודאי, געוויס.

ער איז מיט איר שטאָלצ, אונ זי ווייסט עס, זי זעט,
ער זעט עס אַפילע אינ דעמ, ווי זי טרעט,

אינ דעמ, ווי זי טוט זיכ אַ נייג צו אימ אָנ —
מיט הימלענ מיט ביידע זײַנ שטאַרקײַט אַ מאָנ.

ער שמייכלט צו איר, נאָר זי איז שוינ ניטאָ.
ער זעט, ווי זי שטייט אפ אַ טרעפּ פונ מעטראָ,

וווּ מענטשנ, ווי כוואַליעס, זיכ טראָגנ גאַנצפרי,
וווּ כוואַליעס? ווענ כוואַליעס? דאָס איז דאָכ אַט די,

וואָס רויכ האָט פאַרשפּרייט זיי אַ כופּע באַנאַנד,
אונ פײַער — פאַרבינדנ אַ רונג אפ דער האַנט.

געשריבנ דער בונד איז מיט בלוט פונ זײַנ וווּנד,
אַז זײַנ זאָל פאַרשניטנ אפ אייביק דער בונד.

געוויס, ער געדענקט נאָכ, ווי איצטער, דאָס אַלצ:
דער מאָלצײַט געווענ איז מיט ברויט אונ מיט זאַלצ.

באַלויכטנ מיט ליכטיקע כוואַליעס פונ פלאַמ,
אונ זי, ווי אַ טויב, אינעמ פלאַמיקנ יאַמ.

נאָר איצטער איז ווינטער... אינ שויב איז שוינ טאָג,
אונ ס'טוט אימ אַ הייב פונעמ אָרט אונ אַ טראָג.

אונ אײַליקער ווערנ זײַנ קוק אונ זײַנ גאַנג
אונ רויִקער, ווײַטער פונ איר — זײַנ געדאַנק.

ער ווייסט, זי וועט קומענ אינ אָוונט צוריק
אונ ברענגענ אינ אויג אימ דאָס ריינגעלע גליק.

וואָס לעשט זיכ ניט אויס בא דער שוועל פונ זײַנ הויז,
אונ איז, ווי די זונ, אי פארקלענערט, אי גרויס.

ער ווייסט, זי וועט קומענ, ווענ זײַנ וועט שוינ נאכט,
נאָר ניט וועגנ דעמ האָט ער איצט זיכ פארטראכט.

זי האָט אימ פארפעלט — נו, איז וואָס, איז ניט רעכט?
זיכ ווארטנ געשטעלט — נו, איז וואָס איז דאָ שלעכט?

ער אײנער באגלייט זי, אונ נאָכדעמ — מיט רומ,
מיט טויזנטער בראָכעס מע קערט זי אימ אומ.

איז וואָס איז די אוולע, אויב ער וויל זײַנ ווערט
די ערד, ווו זי גייט, אונ אויב זי אפ דער ערד...

## 6. דערפאר איז געבענטשט אונדזער ארבעט

אונ אויב דו וועסט פרעגנ, לעמאָשל, ווער זײַנענ די מענטשנ אָט די,
וואָס לייגנ זיכ אוונט־צײַט מידע אונ שטייענ אופ פריש אינדערפרי —

אפ ווידער זיכ מײַענ ביז אוונט, ביז גליקלעכער שיקרעס אינ הענט —
ווער זײַנענ די דאָזיקע מענטשנ? צי ווענ האָסטו זיי ניט דערקענט?

דאָס זײַנענ דאָכ מענטשנ, ווי אלע, מיט לײַב אונ מיט בלוט אונטער הויט:
דעמ דאָרשט זיי פארלעשנ מיט וואסער, דעמ הונגער זיי שטילנ מיט ברויט.

פונ פעל איז געבויגנ דאָס שוכווארג, דאָס אָנטאָנ — פונ לײַנ אונ פונ וואָל,
דער טאָג איז צעביטנ אפ שאָענ אזוי ווי פארצײַטנס, אמאָל.

דער מאנ אונ די פרוי אינ דערקענונג — אונ ס'קומט אופ א מענטשלעכער דאָר
אונ עמעצנ קאָנ זיכ נאָכ דאכטנ — עס איז ניט געענדערט קיינ האָר.

אינ אנגסט טוט דאָס הארצ זיכ א צאפל, אונ פרייד גיט דעמ זעלביקנ שטויס,
אונ עמעצנ קאָנ זיכ נאָכ דאכטנ — די וועלט איז פונ קרײַז ניט ארויס.

נאָר אָט האָבנ אײַנפאכע מענטשנ, די פאָשעטע מענטשנ אָט די,
וואָס לייגנ זיכ אוונט־צײַט מידע אונ שטייענ אופ פריש אינדערפרי,

די שוועלנ אריבערגעטראָטנ אונ האָבנ צעעפנט דעמ קרײַז,
א גרענעצ געלייגט אונ פארבאָטנ זיכ קערנ אהינצו באנײַס.

אזוי איז די גרענעצ געבאָרנ אונ נאָכדעמ פארברייטערט איר אָרט:
אינ קווער־שניט פונ צאר אונ פונ צאָרנ — קוק אײַנ זיכ, געפינסטו זי דאָרט.

אונ פונקט, ווי די לופט פארנ אָטעמ, ניט זענדיק זי, איז פאראנ,
אזוי איז זי דאָ אינ מאכשאָווע: ניט אָפטרעטנ קיינעמ קיינ שפאנ.

אינ רו — זי פארשטעלט פאר א טײַכ זיכ, וואָס פרידלעכ זיכ שטראָמט בא דעמ ברעג,
אינ קריג — פונעמ טײַכל א טהאָמ ווערט, אונ ס'דראָט מיט געפארנ זײַנ דעק.

אונ ווייסט, ווער באוואכט אָט די גרענעצ — די גינציקע מענטשנ אָט די,
וואָס לייגנ זיכ אוונט־צײַט מידע אונ שטייענ אופ פריש אינדערפרי.

דער סוינע פארברענט האָט די הײַזער — פאלט [illegible] א בוימ אינעמ וואלד.
שטעלט אונטער אנ אלטער דעמ אקסל, די לאכט אפנ יונגערנ פאלט.

דער יונגער — זיכ נעמט פאר די וואָרצלענ, דער אל[illegible]ר שפארט אונטער די קרוינ,
אונ דאָס איז פאר בײַדנ דער קאָוועד, אונ דאָס איז דעמ אלטנ זײַנ לוינ.

דעם בוים קאָן מען ליגן פון אויבן, דעם בוים קאָן מען שטעלן אין גרונט.
דער סוינע פאַרברענט האָט די ווענט נאָר, ער האָט ניט פאַרניכטעט דעם בונד.

איז אָט, אפ ציקאַוועס, מײַן מוטער, ניט שטערנדיק גיין זיי אין וועג,
מיט מוטערשער טרײַהײַט אין האַרצן, דעם אַלטן, דעם יונגן טו א פרעג.

קאָן זײַן, אַז נאָך יאָרן ניסיונעס זיי וועלן זײַן אָנגעשפּיצט־וואַך,
נאָר זאָגן זיי וועלן דעם עמעס, פון דיר ניט באַהאַלטן קיין זאַך:

ס'איז שווערלעך, נאָר ווייסט, וויפל זאַכן זיך מאַכן מע קאָן פון א בוים?
צום פּאַנעמ־זײַט — טירן און פענצטער, צו סאַנים־זײַט שטעלן א צוים.

און אַלץ, וואָס זיי וועלן דיר זאָגן, איז עמעס, איז וויכטיק און וואָר —
מיט ביין, מיט א מיין, מיט א שמייכל, אַז אַלצדינג זאָל ווערן דיר קלאָר.

און נאָך וואָס: פאַראַן איז דערינען א סאָד, וואָס איך גיב איצט אַרויס:
כ'פלעג קינדווײַז נאָך שטויבן פאַר קינע, ווען מענטשן זיך בויען א הויז.

כ'פלעג קוקן, ווי קלעצער זיך בינדן, דער דאַך — ווי צום בענטשן זיך הויבט.
ס'איז ליבער געווען מיר דער הימל, וואָס האָט דורכן דאַך זיך געלויכט.

דעריבער איך וואָרן דיך פריער — באַם קנעטן, באַם לייגן די ליים,
אויב זיי וועלן זאָגן: „א שטיבל", זײַ ווייסן: זיי בויען א היים.

אַזאַ איז דאָס מענטשלעכע לאָשן — אַ גלאַט, אי א ביסל ניט גלאַט,
א וואָרט, ווען געווען וואָלט אײַנקאַנטיק, דאָס וואָרט וואָלט קיין קיעם געהאַט.

א וואָרט האָט זײַן אָוואַר, זײַן צוקונפט, נאָר פּוסט וואָלט פאַרבליבן דאָס וואָרט,
ווען ס'פעלט אים די בראָכע די דריטע: אין הײַנט אויך געפינען זײַן אָרט.

דערפאַר איז געבענטשט אונדזער אַרבעט, און גרויס איז דאָס מינדסטע געבײַ,
ווײַל אַלע דרײַ בראָכעס צוזאַמען און אָנטייל זיי נעמען דערבײַ.

דערפאַר איז דער וואָכיקסטער ציגל מיט יאָמטעוו באַהויכט און באַשווערט,
אין ווינקל א קינדעריש וויגל — הייסט שאָלעם און רו אפ דער ערד.

און ווייסט, ווער עס טראָגט אָט דעם שאָלעם — די זעלביקע מענטשן אָט די,
וואָס לייגן זיך אָוונט־צײַט מידע און שטייען אויף פריש איבערפרי.

---

כ. זילבערמאַנ

# די אָפּעראַציע

דער דאָקטער לעוו מאַרקאָוויטש סעגאַל איז א הויכער, א ברייטפּלייציקער, א מענטש א גוואַר. ווענ ער גייט איבער דער גאַס, דערזעט מענ אימ פאַר א קווארטאַל. זײַנ פיגור טײלט זיכ אויס צווישנ צענדליקער אַנדערע מענטשנ. אונ נאָכ קענ מענ דערקענענ דעמ דאָקטער סעגאַל צוליב זײַנ הויכנ, געזונטנ געלעכטער. פאַר א וויצ, פאַר אנ אינטערעסאַנטער דערציילונג איז לעוו מאַרקאָוויטש, דוכט זיכ, גרייט אוועקצוגעבנ אַלצדינג. אונ אַלעמאָל, ווענ עמעצער פונ זײַנע באַקאַנטע פאַקט עפּעס א פריילעכ נײַס, אײַלט ער אוועק צו לעוו מאַרקאָוויטשנ פאַרשאַפנ דעמ דאָקטער פאַרגעניגנ.

איצט באַגעגנ איכ ווידער דעמ דאָקטער אינ דער טונקל־גרויער שליאַפּע אונ אינ ברייטנ מאַנטל. אזוי פלעגט ער גיינ אָנגעטאָנ פאַר דער מילכאָמע, אזא האָבנ אימ דעמלט געקענט הונדערטער מענטשנ. מילכאָמע־צײַט, ווענ צו אונדז אינ מיליטער־טייל איז געקומענ א מעדיצינישע קאָמיסיע פונ דער אַרמיי, האָב איכ דערקענט צווישנ זיי דעמ דאָקטער סעגאַל אינ דער אוניפאָרמ פונ א מאַיאָר. ער איז געווענ, ווי כ'האָב זיכ שפּעטער דערוווּסט, דער הויפּט־כירורג פונ אונדזער אַרמיי.

ווענ ער האָט מיכ דערזענ, האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט, א קורצנ שמייכל געטאָנ אונ צוגעגאַנגענ נאָענט:

— דוכט זיכ, א זעמליאַק? א?

— טאַק טאָטשנאָ, כאַווער מאַיאָר! א זעמליאַק!

האָט ער אויסגעשטרעקט זײַנ ברייטע אונ פעסטע האַנט, א שטאַרקנ דריק געטאָנ מײַנ לינקנ אַקסל אונ געזאָגט:

— אָט נאָכ א ביסל, אונ מיר וועלנ זיכ ווידעראַמאָל באַגעגענענ אינ דער היימ! מיר דאַרפנ נאָר צוגיינ דאָ ניט ווײַט, ביז בערלינ!

אונ באַגעגנט ווידער האָבנ מיר זיכ מיטנ דאָקטער טאַקע אינ דער היימ. דאָס איז פאָרגעקומענ צופעליק, אומגעריכט, אַפ דער גאַס. ס'איז געשטאַנענ א מעכײַעדיק־וואַרעמער פאַרנאַכט. איינער פונ די פרילינגדיקע פאַרנאַכטנ, ווענ עס ווילט זיכ ניט אַרײַנגיינ אינ שטוב. אינ אַזעלכע פאַרנאַכטנ שטופּט מענ זיכ ניט אינ די טראַמווײַענ אונ טראָלייבוסנ. יעדער איינער וויל כאַפּנ א שפּאַציר, פּאַמעלעכ גיינ איבער די ברייטע, נײַ־אויפגעלעבטע גאַסנ אונ אײַנשעפּנ זיכ וואָס מער מיט לופט, וואָס טראָגט אינ זיכ דעמ גערוכ פונ יונגנ בעז אונ פרישנ גראָז.

דעמלט האָב איכ ווידעראַמאָל דערפילט אַפ מײַנ אַקסל די שווערע האַנט פונעמ דאָקטער. דאָס מאָל איז ער געגאַנגענ הינטער מיר, אונ ווי עס טרעפט זעלטנ — אַליינ. ער האָט זיכ נאָרוואָס געזעגנט מיט א מענטשנ, וואָס איז אוועק פאָרויס, האָט ער מיר גאַנצ כאַוועריש געדריקט די האַנט אונ פּלוצעמ א פרעג געטאָנ, אָנווײַזנדיק אַפ דעמ יונגנמאַנ, וואָס איז אוועק פאַר אונדז מיט עטלעכע שפּאַנ:

— ווי האַלט איר, בא דעמ דאָזיקנ יונגנמאַנ איז פאַראַנ עפּעס א מומ? נו, זאָגט, וואָס פעלט אָט דעמ מענטשנ?

— ווי אַזוי קאָנ איכ וויסנ, לעוו מאַרקאָוויטש? — האָב איכ געפרעגט. — ווי אַזוי קאָנ איכ עס זאָגנ. ווער שמועסט, אַז מיר זעענ בלויז דעמ יונגנמאַנס פּלייצע?

— דאָס איז ניט וויכטיק! — האָט איבערגעשלאָגנ דער דאָקטער, — איר זעט דאָכ — אָט גייט א מענטש איבער דער גאַס, פרעג איכ אײַכ קאָנקרעט — צי קאָנ מענ זאָגנ, אַז דער דאָזיקער מענטש הינקט אַפ א פוס?

איכ האָב א ווײַלע נאָכגעשפּירט נאָכ דעמ מענטשנ, וואָס איז געגאַנגענ פאַר אונדז, נאָכ דעמ זײַנענ מיר אַפילע געגאַנגענ באַנאַנד מיט אימ, אונ ווענ מיר זײַנענ אוועק ווײַטער, האָט דער דאָקטער ווידעראַמאָל געפרעגט:

— נו?

— בעשום־אויפנ ניט, לעוו מאַרקאָוויטש! — האָב איכ קימאַט אויסגעשריענ. — צי עפּשער מיינט איר דאָ עפּעס א שפּאַס?

— טײַערינקער מײַנער! — האָט דער דאָקטער ווידעראַמאָל אַרויפגעלייגט זײַנ האַנט אַפ

מײַנ אקסל, — אָט צוליב דעמ טאקע האָב איכ אײַכ געפֿרעגט, ווײַל איר זײַט א זײַטיקער מענטש אונ, ווי זאָגט מענ, פֿונ דער זײַט זעט מענ בעסער! מיר האָט זיכ עפּשער געקאָנט אויסווײַזנ...

ער האָט ארויסגענומענ פֿונ קעשענע זײַנ גרויסע ליולקע, אָנגעשלאָגנ זי מיט מאבעק אונ פֿארייכערט, אונ ווענ מיר האָבנ שוינ געמאכט א פּאָר שפּאנ, רייכערנדיק ביידע, האָט דער דאָקטער א זאָג געטאָנ:

— דאָס איז ניט וויכטיק, וואָס דער דאָזיקער מענטש, וועלכנ איר האָט נאָרוואָס געזענ, גייט אפּ א פּראָטעז. איכ בינ זיכער, אז איר טרעפֿט זיכ אמאָל מיט מענטשנ אינ טראמווײַ צי אינ אווטאָבוס אונ איר טרעט זיי ניט אָפּ דאָס אָרט, מאכמעס איר זײַט זיכער, אז זיי האָבנ אזעלכע געזונטע פֿיס, ווי איר; אינ דער עמעסנ זײַנענ פֿאראנ אזעלכע, וואָס טראָגנ פּראָטעזנ, אונ איר וועט עס קיינמאָל ניט באמערקנ! נאָר ניט אינ דעמ גייט עס. וויכטיקער איז, וויאזוי דער פֿוס איז אמפּוטירט געוואָרנ בא דעמ דאָזיקנ מענטשנ!..

דער דאָקטער האָט זיכ אפ א ווײַלע אָפּגעשטעלט, אונ איכ האָב באמערקט אפ זײַנ גרויסנ אונ פֿרישנ פּאָנעמ א וואָלקנדל, וואָס האָט פֿארדעקט דעמ שמייכל פֿונ זײַנע אויגנ.

— קומט! — האָט ער א זאָג געטאָנ. — אָט האָבנ מיר פּונקט א פֿרײַע באנק אינ סעדל. לאָמיר א ביסל זיצנ — פֿאָרט אלטע זעמליאקעס, אונ אפנ פֿראָנט זײַנענ מיר געווענ צוזאמענ, ניט אזוי?

ער האָט מיכ אָנגענומענ פֿאר דער האנט, איכ בינ געהאָרכזאמ נאָכגעגאנגענ, אונ געפֿילט האָב איכ, אז דער דאָקטער האָט צו דערציילנ עפּעס. איכ האָב זיכ ניט אָפּגענארט.

ווענ מיר האָבנ זיכ אוועקגעזעצט אפ דער באנק, האָט לעוו מארקאָוויטש גלײַכ אָנגעהויבנ:

— דעמ מענטשנ, וואָס מיר האָבנ מיט אײַכ נאָרוואָס געזענ, רופֿט מענ פּאָרטנאָי, באָריס פּאָרטנאָי. אלײנ איז ער פֿונ נאָוואָסיבירסק, אונ ווערדליק מיר שײַנט, שטאמט ער פֿונ עלטערנ, וואָס זײַנענ צוריק מיט א סאכ יאָרנ געווענ ארויסגעשיקט אינ יענע קאנטנ. אונ עפּשער האָב איכ א טאָעס — דאָס איז ניט וויכטיק! איכ האָב מיט אימ קיינמאָל ניט גערעדט וועגנ דעמ. א שטימ פֿארמאָגט ער א זעלטנ שיינע. אמאָל, אונ דאָס האָט ער מיר אלײנ דערציילט, האָט ער זייער געוואָלט ווערנ א זינגער. א שטיק צײַט האָט ער טאקע געזונגענ אינ א נאָוואָסיבירסקער קלוב, כאָטש לויט זײַנ פּראָפֿעסיע איז ער גאָר געווענ א מאָליער.

צו אונדז אינ ארמיי איז ער אָנגעקומענ מיט זײַנעמ א לײַבלעכנ כאווער, א סיביריאק סטעפּאנ רודא. ביידע האָבנ זיי פֿריִער צוזאמענ געדינט ערגעץ אפ אנ אנדער פֿראָנט, ביידע זײַנענ זיי אינ איינ צײַט פֿארווונדעט געוואָרנ. זיי האָבנ זיכ אויסגעהיילט אונ זײַנענ געקומענ צו אונדז.

פֿאר א קורצער צײַט, אינ משעכ פֿונ א צוויי־דרײַ כאָדאָשימ, איז דאָס דאָזיקע פּאָרל געוואָרנ שטארק באוווּסט בא אונדז. זיי האָבנ געבראכט צו פֿירנ א „צונג" אונ האָבנ דורכגעפֿירט נאָכ אזעלכע אָפּעראציעס, וועלכע איכ געדענק שוינ ניט גענוי, נאָר וואָס האָבנ געהאט א גרויסע באדײַטונג. מיסטאמע ווייסט איר בעסער פֿונ מיר, וויאזוי אונדזערע ראזוועדטשיקעס האָבנ געארבעט. איכ פֿלעג זיכ דאָכ באגעגענענ מיט זיי בלויז דאנ, ווענ זיי פֿלעגנ אָנקומענ אינ שפּיטאָל.

וועגנ דעמ פּאָרל האָב איכ געהערט נאָר דערפֿאר, ווײַל וועגנ זייערע מײַסימ האָט דערציילט איינער פֿונ אונדזערע גענעראלנ. איכ געדענק, ווי דער גענעראל האָט דערציילט וועגנ אנ אויסשפּירונג, וואָס זיי האָבנ דורכגעפֿירט, זײַענדיק פֿונ יענער זײַט פֿראָנט, אונ דאָס האָט בא אונדז אלעמענ מאמעש ארויסגערופֿנ אי וווּנדער אי אָפּשײַ צו דעמ דאָזיקנ פּאָרל. דאָס איז געווענ אנ אײַנפֿאל, דורכגעדרונגענ מיט אזויפֿיל כאָכמע אונ אזויפֿיל געוואגטקײַט, וואָס איז פּאָשעט געווענ צו באוווּנדערנ.

לעוו מארקאָוויטש האָט לאנג געצויגנ דעמ רויכ פֿונ דער ליולקע אונ מיטאמאָל, ווי גלײַכ ער זאָל האָבנ דערמאָנט זיכ עפּעס, אָנגעהויבנ דערציילנ ניכער:

— איינמאָל האָב איכ באגעגנט דאָס דאָזיקע פּאָרל. בא אונדז האָט מענ אָרגאניזירט אנ אָפּרו־הויז פֿאר די בעסטע סאָלדאטנ אונ סערזשאנטנ. זיי ביידע זײַנענ געקומענ אינ אָפּרו־הויז אפ א פּאָר טעג.

דער נאָוואָסיבירסקער געוועזענער זינגער האָט אונדז געזונגענ הײַנטצײַטיקע לידלעכ מיט אזא געפֿיל אונ מיט אזויפֿיל זיסקײַט, אז אלע דאָקטוירימ זײַנענ אימ געקומענ הערנ. בעשאָסנ זינגענ פֿלעגט ער ארײַנ אינ עקסטאז, צומאכנ די אויגנ אונ אויסשטרעקנ די רעכטע האנט. מיר שײַנט, אז אינעמ ארט זינגענ זײַנעמ האָט געמוזט שטעקנ א רעשטל כאזאָנעס פֿונ עפּעס זײַנעמ א זיידנ. זײַנ נאָענטסטער כאווער איז געווענ א סיביריאק, א פּויער אונ א דאכ־דעקער. א געזונטער אונ פֿעסטער, מיט א פּאָר קורצע, נאָר קרעפֿטיקע הענט אונ גרויסע, מילדע, קימאט קינדערשע אויגנ. פֿלעגט ער די גאנצע צײַט שטיינ אנ אָנגעשפּיצטער לעבנ זײַנ פֿרײַנט, בעשאָס יענער האָט געזונגענ, אונ אימ ארײַנקוקנ גלײַכ אינ פּאָנעמ, דערבײַ האָט ער געהאלטנ די גאנצע צײַט אָפֿנ דאָס מויל, אונ ס'האָט זיכ געדאכט, אז אָט־אָט וועט ער אָנהייבנ זינגענ צוזאמענ מיט אימ.

אונ ווענ באָריס פֿלעגט פֿארענדיקנ א ליד,

פלעגט דער כאַווער זײַנער דער ערשטער אָנהייבנ בעטנ בא אימ:

— זינגט נאָכ, באָריס, זינגט די „דובינושקאַ"!

און ער פלעגט א ווונק טאָנ צו אונדז, אַז מיר זאָלנ אויכ בעטנ.

מיט סטעפּאַנ רודא האָט טאַקע אינ דעמ דאָזיקנ אָפּרו־הויז געטראָפנ א מײַסע, וואָס האָט אַרויסגערופנ א סאַכ געלעכטער. איינמאָל האָט מענ אינ קיכ געבראַכט עטלעכע אויפּעס צומ מיטיק. אונדזער קעכנע איז אַרויס אַפנ הויפ און דערזענ דעמ סערזשאַנט סטעפּאַנ רודא, האָט זי אימ געבעטנ, ער זאָל אָפּהאַקנ בא די הינער די קעפּלעכ. האָט דער סערזשאַנט גענומענ בא איר דאָס מעסער און זיכ אָפּגעשטעלט אינמיטנ הויפ א צעטראָגענער. די קעכנע האָט געוואַרט.

— נו? פאַרוואָס שטייסטו? — האָט זי מיט אומגעדולד געפרעגט באַמ סערזשאַנט.

האָט ער א וואָרפ געטאָנ דאָס מעסער און זיכ אָפּגעדרייט אינ א זײַט:

— זאָל עמעצער אַנדערש!

איז די קעכנע בייז געוואָרנ און האָט זיכ צעשריִענ אַפנ גאַנצנ הויפ:

— עכ, זיוזיע! און נאָכ א סערזשאַנט דערצו!

בייסנ מיטיק האָבנ אַלע געלאַכט, ווענ די קעכנע האָט דערציילט וועגנ דעמ. סטעפּאַנ רודא איז געזעסנ לעבנ זײַנ פרײַנט און האָט געשוויגנ.

זײַנ כאַווער באָריס פּאָרטנאָי האָט זיכ א הייב געטאָנ פונעמ אָרט און בייז א זאָג געטאָנ:

— כ'פאַרשטיי ניט, וואָס איז דאָ צו לאַכנ? ווענ די הינער זאָלנ זײַנ שטאַרקער פאַרנ סערזשאַנט, וואָלט ער זיכ שוינ אַנ אייצע געגעבנ! האָט קיינ מוירע ניט!

די דאָזיקע פאַרטיידיקונג האָט אַרויסגערופנ בא די סאָלדאַטנ נאָכ א גרעסערנ געלעכטער. מע האָט זיכ מאַמעש געהאַלטנ בא די זײַטנ לאַכנדיק.

דעמ עמעס געזאָגט, האָב איכ אָנגעהויבנ צווייפלענ אינ דער גרויסער געוואַגטקײַט פונ דעמ דאָזיקנ פּאָרל. מיר האָט געשײַנט, אַז דאָס, וואָס מע דערציילט וועגנ זייערע העלדנטאַטנ פונ יענער זײַט פראָנט, איז שטאַרק איבערגעטריבנ.

דאָס איז געווענ אינעמ יאָר 1943 אינ נאָיאַבער צי אינ דעקאַבער כוידעש, גלײַכ נאָכ דעמ, ווי מיר האָבנ באַפרײַט קיִעוו. רופט מיכ איינמאָל אַרויס אונדזער גענעראַל און מעלדעט מיר, אַז דאָס פּאָרל אויסשפּירער אונדזערע איז אַוועק אַפ אַנ אַרבעט אינ הינטערלאַנד פונעמ סוינע. זיי האָבנ די אויפגאַבע זייערע אויסגעפילט, נאָר אינ סאַמע לעצטנ מאָמענט האָבנ זיי זיכ שיִר ניט פאַרשאָטנ און געמוזט אָפּציִענ. אַפנ וועג איז איינער פונ זיי פאַרווונדעט געוואָרנ און נייטיקט זיכ דרינגענד אינ אַנ אָפּעראַציע.

— אינ וואָס זשע האַנדלט זיכ? — האָב איכ עטוואָס פאַרוווּנדערט געפרעגט דעמ גענעראַל,— זאָל מענ אימ ברענגענ אינ איינעמ פונ אונדזערע שפּיטאָלנ, און די אָפּעראַציע וועט גלײַכ געמאַכט ווערנ!

דער גענעראַל איז געוואָרנ אופגערעגט:

— ווי:אַזוי זשע זאָל מענ אימ ברענגענ, אַז ער געפינט זיכ פונ יענער זײַט פראָנט־ליניע!

ערשט איצט האָב איכ פאַרשטאַנענ. א ווײַלע זײַנענ מיר ביידע געשטאַנענ פאַרטראַכטע. דער גענעראַל האָט איבערגעריסנ מײַנע געדאַנקענ.

— צומ גליק — האָט ער געזאָגט, — האָבנ זיי מיט זיכ א ראַדיאָ־אַפּאַראַט, און מיר קאָנענ זיכ דערוויסנ זייערע קאָאָרדינאַטנ און אינ וואָס פאַר א צושטאַנד געפינט זיכ דער פאַרוווּנדעטער. איז אָט, כאַווער מאַיאָר, דערוויסט זיכ דאָס אַלץ, באַקומט דרינגענד א לופט־מאַשינ און שיקט אַרויס אַפנ אָרט א כירורג מיט די נייטיקע אינסטרומענטנ!

בא דער טיר האָט דער גענעראַל צוגעגעבנ:

— אויב ער איז שווער פאַרוווּנדעט, און עס פאָדערט זיכ א קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע, איז טוט א קלער, עפּשער וועט איר אַליינ אַרויספליִענ!

אינ א האַלבער שאָ אַרומ האָב איכ זעלבסט גערעדט דורכ אונדזער ראַדיאָ־סטאַנציע מיטנ סערזשאַנט סטעפּאַנ רודא. ער האָט מיר מיטגעטיילט:

— ער און זײַנ פאַרוווּנדעטער כאַווער באָריס פּאָרטנאָי געפינענ זיכ אינ א באַרג־הייל אינ ראַיאָנ פונעמ טײַכ טעטערעוו. דאָ זײַנענ זיי מער־ווייניקער פאַרזיכערט, ווײַל כאָטש די היטלעראָווצעס לאָקערנ אַרומ, נאָר אינ די בערג קומענ זיי ניט און צו דער הייל וועלנ זיי, ווײַזט אויס, ניט קריכנ. באָריס פּאָרטנאָי איז פאַרוווּנדעט אינ רעכטנ פוס, דער ביינ איז אינגאַנצנ צעבראָכנ. ער האָט פאַרלוירנ א סאַכ בלוט.

אויסגעהערט די דאָזיקע מיטיילונג, האָב איכ זיכ פאַרטראַכט. די לאַגע איז, קענטיק, אַנ ערנסטע. האָב איכ געזאָגט אינ טרײַבל:

— אוראַל! אוראַל! דאָס זײַט איר, כאַווער סערזשאַנט? מיט אײַכ רעדט יעניסיי. איכ בינ דער הויפּט־כירורג, און איכ, זעלבסטפאַרשטענדלעכ, מוז אַלצדינג וויסנ, קעדיי אָנצונעמענ די נייטיקע מיטלענ. איר מוזט מיר ענטפערנ אַפ אַלע מײַנע פראַגנ גענוי און דײַטלעכ, איר פאַרשטייט מיכ? אוראַל! אוראַל!

— דאָס בינ איכ, אוראַל! איכ פאַרשטיי! — ענטפערט סטעפּאַנ אינ א טרײַבל.

— ערשטנס, זאָגט מיר, וואָס האָט איר אָנגענומענ פאַרא מיטלענ צומ פאַרוווּנדעטנ?

א ווײַלע האָט דאָס טרײַבל געשוויגנ. ווײַזט אויס, אַז רודא האָט ניט געוווּסט פונ וואָס

אַנצוהייבן. באַלד אָבער האָב איך דערהערט:

— כאַווער הויפּט־כירורג! איך האָב געטאָן, ווי עס טוען אין אַזעלכע פאַלן אַלע סאָלדאַטן, איך האָב שטײַף אַרומגעבונדן דעם פוס, אָבער פאַר עטלעכע מינוט איז געוואָרן די מאַרליע אינגאַנצן אויסגעווייקט אין בלוט...

— וואָס זשע האָט איר דאַן געטאָן?

— דאַן האָב איך אַרומגעוואַשן די ווונד און זי פאַרבונדן מיט מײַן העמד, וואָס כ'האָב צעריסן אויף שטיקער.

— ריכטיק, כאַווער סערזשאַנט! איר האָט געטאָן גאַנץ ריכטיק! קיין מאַרליע, ווײַזט אויס, האָט איר מער ניט?

— מער נים!

— אַצינד טוט א קוק אויף דער ווונד און דערציילט מיר גענוי, ווי זי זעט אויס! איר האָט מיך פאַרשטאַנען, כאַוועער סערזשאַנט?

— פאַרשטאַנען, כאַוועער הויפּט־כירורג! גלײַך פיל איך אויס אײַער באַפעל!

דאָס מאָל האָט געדויערט עטלעכע מינוט, איידער אין טרײַבל האָט זיך דערהערט א שאָרך. דער סערזשאַנט סטעפּאַן רודאַ האָט מיטגעטיילט:

— דאָס בלוט האָט אויפגעהערט רינען. אויף א סאַך ערטער איז צו באַמערקן שוואַרצע בלוט־קנוילן. ווען כ'האָב זיך אָנגעבויגן צום פאַרוווּנדעטן, האָב איך דערפילט א שטאַרקע היץ, וואָס גייט פון אים. העכער דער קני האָב איך באַמערקט א גרויסן בלויען פאַס אויפן פלייש.

— זייער גוט, א דאַנק, כאַוועער סערזשאַנט! פאַר מיר איז שוין קימאַט געוואָרן קלאָר דאָס גאַנצע בילד. עס הייבט זיך אָן די גאַנגרענע, און אויב מע זאָל אין די נאָענטסטע עטלעכע שאָ ניט אָפּערירן דעם פוס, איז, פאַרשטייט זיך, מער ניטאָ וואָס צו ריידן.

— נאָך איין פראַגע, כאַוועער סערזשאַנט!— האָב איך קימאַט א געשריי געטאָן אין טרײַבל, — דערציילט מיר, ביטע, גענוי, ווי זעט אויס די הייל, וווּ איר געפינט זיך?

דער סערזשאַנט האָט באַלד געענטפערט:

— נו, ווי זעט זי אויס? א הייל, דער דיל איז פון מושל־שטיינדלעך, באַנאַכט האָב איך געבראַכט צו טראָגן שטרוי. דער פאַרוווּנדעטער ליגט אויף א סאַך שטרוי, אונטערגעבעט מיט א פּלאַשטש־פּאַלאַטקע. מיט וואַסער איז שווער, ווײַל איך האָב ניט קיין געפעס, אינגאַנצן פאַרמאָג איך איין קעסעלע, וואָס איך קאָן באַנאַכט אָננעמען מיט וואַסער, און דאָס איז זייער ווייניק. פאַראַן נאָך דאָ עטלעכע ברעטער, וואָס עמעצער האָט אַמאָל איבערגעלאָזט, נאָר זיי זײַנען זייער פײַכט און ברענען שלעכט. אינדערפרי האָב איך דאָך געמאַכט היים וואַסער און ווידעראַמאָל אַרומגעוואַשן די ווונד.

א ווײַלע האָט ער געשוויגן און צוגעגעבן:

— נו, און דאָס איז אַלץ!

ס'איז שוין מער קיין ספק ניט געווען, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען און דערצו נאָך באַ אַזאַ ביטערן וועטער, ווען אַלע טאָג האָט שרעקלעך געדעגנט, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען מוז די גאַנגרענע זיך אָנהייבן, אויב זי האָט זיך שוין ניט אָנגעהויבן! מע טאָר די אָפּעראַציע ניט אָפּלייגן אויף קיין איין שאָ אַפילו.

געקריגן די נייטיקע קאָאָרדינאַטן, האָבן מיר גלײַך באַשטעלט א לופט־מאַשין, און איך בין שוין געווען גרייט, ווי נאָר דער רעגן וועט אויפהערן, אַרויסצופליִען. נאָר דאָ האָט מען מיך ווידעראַמאָל דרינגענד אַרויסגערופן צום גענעראַל. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן א דרינגענדיקער אָפּעראַציע, וואָס נאָר איך אַליין האָב געמוזט מאַכן, און דער גענעראַל האָט באַפוילן, אַז אַרויספליִען זאָל מײַן פאַרטרעטער — א גרויסער ספּעציאַליסט, גאָלדענע הענט. איך האָב אים אַרײַנגעזעצט אין דער לופט־מאַשין, געווינטשעוועט אַלערליי דערפאָלגן, און אַליין בין איך אוועק אין דער אָפּעראַציע־פּאַלאַטע, וווּ מע האָט שוין געוואַרט אויף מיר.

א כירורג, אַז ער האַלט דעם סקאַלפּעל אין דער האַנט, טאָר ער וועגן גאָרניט טראַכטן; ער דאַרף זען פאַר זיך נאָר דאָס, וואָס ער טוט. דאָס איז א געזעץ! איך האָב זיך שוין אַזוי גוט אויסגעלערנט בעשאַס אַן אָפּעראַציע צו באַזײַטיקן אַלע מײַנע געדאַנקען, אַז דאָס איז שוין געוואָרן באַ מיר א פּראָפעסיאָנעלע טעוווע: קום איך אַרײַן אין אָפּעראַציע־זאַל, עקזיסטירט פאַר מיר גאָרניט אויסער דעם קראַנקן און אויסער דעם, וואָס איך דאַרף טאָן. דאָס מאָל איז אויך געווען אַזוי. אָבער ווי נאָר איך האָב געענדיקט די אַרבעט און בין אַרויס נאָך דער אָפּעראַציע אויף דער גאַס, איז מיר געוואָרן מאָדנע שווער אויפן האַרצן. ס'איז שוין געווען האַלבער טאָג — איך בין געווען מיד, פונדעסטוועגן בין איך גלײַך אוועק אויף דער ראַדיאָ־סטאַנציע דערוויסן זיך, צי איז ניטאָ א וועלכע־ניט־איז ידיעה וועגן פאַרוווּנדעטן אויסשפּירער. מע האָט מיר באַלד מיטגעטיילט, אַז אונדזער לופט־מאַשין מיטן כירורג האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צוצוקומען צום פאַרוווּנדעטן. ווען די מאַשין האָט זיך דערנענטערט צום טײַך, האָבן די דײַטשן זי באַמערקט און אויפגעהויבן א ווילדע שיסערײַ. וועגן אַראָפּנידערן האָט נים געקאָנט זײַן קיין רייד. מע האָט געמוזט נעמען דעם קורס אויף צוריק. אויפן וועג האָבן דער כירורג און דער פּילאָט באַשלאָסן אַראָפּנידערן, וווּ ס'וועט נאָר זײַן מעגלעך, און פון דאָרטן דערקלײַבן זיך צופוס צום פאַרוווּנדעטן. נאָר ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דער גאַנצער אַרום באַשטאַנען פון בערג און בערגלעך, און אַפילו אין בעסטן פאַל, ווען די היטלעראָווצעס וואָלטן שוין אויפגעהערט די שיסערײַ, איז

אויב ניט געווענ צו געפינענ קיינ פלאצ, ווו די מאשינ זאָל זיכ קאָנענ זעצנ.

— ניט שוינ זשע האָט איר זיכ ניט געקאָנט געבנ קיינ אייצע? — האָב איכ אָנ אופגערעגטער געפרעגט בא מייַנ געהילפ.

— די איינציקע מעגלעכקייַט, וואָס מיר האָבנ געהאַט, — האָט ער זיכ פארענטפערט, — איז געווענ, — אראָפוואַרפנ אינ א זעקל מעדיקאמענטנ אונ א פאָר אינסטרומענטנ.

אונדזער ראדיסט האָט ווידעראמאָל ארויסגערופנ דעם סערזשאנט סטעפאנ רודא.

— אוראל! אוראל! דאָס בינ איכ, יעניסיי. וואָס מאכט דער קראנקער, כאווער סערזשאנט? — האָב איכ פאר אלעמענ א פרעג געטאָנ.

— שלעכט, כאווער הויפט־כירורג! ער ליגט מיט צוגעמאכטע אויגנ אונ עטעמט זייער שווער!

— איר ווייסט, אז מיר האָבנ ארויסגעשיקט צו אייַכ א כירורג אפ א לופט־מאשינ! — האָב איכ געמאָלדנ.

— מע האָט מיר וועגנ דעם איבערגעגעבנ! נאָר דערווייַל איז קיינער ניט געקומענ!

— ער איז ניט געקומענ ווייַל, ווייַל... ער האָט זיכ געמוזט אומקערנ! די אינסטרומענטנ זייַנע אונ נאָכ אנדערע זאכנ האָט ער אראָפגעוואָרפנ ניט ווייַט פונ אייַכ. אויב איר האָט א מעגלעכקייַט, גייט גלייַכ ארויס פונ דער הייל אונ לאָזט זיכ אינ דער צאָפנדיקער ריכטונג, ניט ווייַט פונעמ גרויסנ פעלדז, וואָס איז באוואקסנ מיט רויטנ מאָכ, דאָרט וועט איר עפשער געפינענ דעמ זאק מיט די אינסטרומענטנ. אויב איר וועט אימ געפינענ אונ ברענגענ אינ דער הייל, גיט מיר גלייַכ צו וויסנ. איכ זיצ באמ אפאראט אונ ווארט אפ אייַער ארויסרופ.

ס'האָט געדויערט ניט ווייניקער ווי א שאָ־אָנדערהאלבנ, איידער אוראל האָט געלאָזט וועגנ זיכ וויסנ. דער סערזשאנט האָט געשריִענ אינ טרייַבל:

— אוראל הערט! אוראל הערט! איכ בינ אוראל!

אפ מייַנ פראגע האָט ער גלייַכ געענטפערט:

— דעמ זאק מיט די אינסטרומענטנ האָב איכ שוינ בא זיכ.

— זייער גוט! — האָב איכ געענטפערט. — איצט זאָגט מיר, בא אייַכ אינ דער הייל איז ליכטיק?

— ליכטיק? — האָט ער איבערגעפרעגט. — ווי קאָנ זייַנ ליכטיק? דאָ איז ניט ליכטיק! — האָט ער באשלאָסנ, אָנשטויסנדיק זיכ, ווייַזט אויס, אינ וואָס עס האנדלט זיכ.

— אונ באמ אריַינגאנג איז אויכ פינצטער? — האָב איכ געפרעגט.

— באמ אריַינגאנג איז, פארשטייט זיכ, ליכטיקער!

— איז אָט, הערט מיכ אויס, כאווער סערזשאנט! — האָב איכ אָנגעהויבנ באפעלעריש, — מיט אייַכ, ווי איר ווייסט שוינ, רעדט דער הויפט־כירורג מאיאָר סעגאל. איכ וועל אייַכ באפעלנ, אונ איר מוזט פינקטלעכ אויספילנ אלע מייַנע באפעלנ! איר האָט פארשטאנענ?

— איכ האָב פארשטאנענ, כאווער מאיאָר! — האָב איכ דערהערט אינ טרייַבל.

— גרייט אָנ וואסער! ווי ווייַט מעגלעכ, מער וואסער!

— וואסער האָב איכ א גאנצ קעסעלע.

— אצינד דארפ מענ דעמ כאווער פאָרטנאָי צוגרייטנ צו דער אָפעראציע. איר פארשטייט מיכ?

— איכ פארשטיי! — האָט געשריִענ דער סערזשאנט אינ טרייַבל, אונ זייַנ שטימ האָט זיכ מיטאמאָל אָפגעריסנ.

— נעמט די ברעטער, וואָס איר האָט דאָרטנ, אונ לייגט זיי אוועק באמ סאמע אריַינגאנג, ווו ס'איז ליכטיקער!

— פאראנ, כאווער מאיאָר! — האָב איכ דערהערט אינ א פאָר מינוט ארומ.

— אצינד באדעקט די ברעטער מיט שטרוי, לייגט אוועק דאָס גאנצע שטרוי אונ דעקט עס צו מיט דער פאלאטקע. פארשטאנענ?

נאָכדעמ האָב איכ באפוילנ:

— אפ דער פלאשטש־פאלאטקע שפרייט אויס דעמ גומי־שטאָפ אונ לייגט אוועק דאָרט דעמ פארוווּנדעטנ.

דער סערזשאנט האָט אויסגעפילט, ער האָט אויכ אייַנגעשלעפערט דעמ פארוווּנדעטנ מיט נארקאָז, ארומגעוואשנ די ווונד מיט וואסער.

— איצט נעמט א גרויסע שטיק מארליע אונ בינדט שטייַפ איבער דעמ פארוווּנדעטנס פוס, דאָרט, ווו די ווונד פארענדיקט זיכ. איר האָט מיכ פארשטאנענ? דאָרט, ווו עס הייבט זיכ אָנ דאָס געזונטע אָרט, וואָס איז ניט פארוווּנדעט, בינדט שטייַפ ארומ מיט מארליע, זייער שטייַפ! זשאלעוועט ניט קיינ קויכעס! איר האָט פארשטאנענ?

— פארשטאנענ, כאווער מאיאָר!

— די דאָלאָטעס אונ די זעג שמירט גוט אָנ מיט ספירט! זשאלעוועט ניט קיינ ספירט! איר האָט א גאנצע פלאש! טוט אלצ אזוי, ווי איכ באפעל אייַכ, ווייַל באלד הייבט זיכ אָנ די אָפעראציע!..

— די אָפעראציע? ווער זשע וועט זי מאכנ די אָפעראציע, כאווער מאיאָר?

— איר, כאווער סערזשאנט! איר האָט מיכ פארשטאנענ?

— כאווער מאיאָר?.. כאווער מאיאָר!

— פילט אויס מייַנע באפעלנ, כאווער סערזשאנט, פינקטלעכ אונ מעלדעט מיר וועגנ אלצ, וויאזוי איר האָט אויסגעפילט! פארשטאנענ? נעמט די זעג אונ הייבט אָנ...

נאָכדעמ איז דאָס טרייַבל אנשוויגנ געוואָרנ.

א האלבע שאָ נאָכאנאנד האָב איכ איג דעמ אריינגעשריענ:

— אוראל! אוראל! איכ הער — יעניסיי! ווו זייט איר, אוראל? איכ הער אייכ ניט, אוראל!

אוראל האָט געשוויגנ. ס׳איז געווענ א שווערע שוויַיגעניש, א שרעקלעכע שטילקייט!

מיכ האָט גענאָגט א שווער געפיל. כ׳האָב, פארשטייט זיכ, פריער אויכ געוווסט, אז דאָס, וואָס איכ האָב פירגענומענ, איז זייער ריזיקאליש. איצט אָבער האָט זיכ מיר פאָרגעשטעלט, אז ס׳איז אינגאנצנ אומעגלעכ. איכ בינ ניט אָפּגעטראָטנ פונ אפּאראט און אלצ געשריענ:

— אוראל! איכ בינ — יעניסיי! פארוואָס ענטפערט איר ניט, אוראל? ווו זייט איר, אוראל? פארוואָס ענטפערט איר ניט, אוראל?

און אוראל האָט סאָפּקאָלסאָפּ געענטפערט: צום ערשטנ האָב איכ דערהערט דעמ באקאנטנ שאָרכ אינ טרייבל, און מיר האָט זיכ אויסגעדאכט, אז אָט־אָט הייסט זיכ בא מיר אָפּ דאָס הארצ, נאָכדעמ האָב איכ דערהערט א מאָרנעמ זיפצ, און דאָס טרייבל איז ווידער אנשוויגנ געוואָרנ.

— ווו זייט איר געווענ, כאווער סערזשאנט? — האָב איכ שוינ געשריענ מיט אומגעדולד, — וואָס האָט איר געטאָנ? פארוואָס ענטפערט איר ניט?..

און איכ האָב דערהערט:

— איכ בינ געווענ אינ דרויסנ, כאווער מאַיאָר, באמ ארייננגאנג אינ דער הייל.

— וואָס האָט איר דאָרט געטאָנ באמ ארייננגאנג?

— כ׳האָב געוויינט, כאווער מאַיאָר!

. . . . . . . . . . . . . . . .

די זונ האָט זיכ שוינ לאנג געזעצט, און אפּ די גאסנ האָבנ זיכ אָנגעצונדנ טויזנטער און טויזנטער עלעקטרישע פייערנ. ס׳איז אָנגעקומענ די באנאכטיקע אינטימע שטילקייט, וואָס ווערט פונ מאָל צו מאָל איבערגעריסנ דורכ א סירענע פונ אנ אווטאָמאָביל אָדער דורכ א הויכנ געלעכטער פונ די דורכגייענדיקע. א שטיל ווינטל האָט געגלעט און געפרישט, און דער גערוכ פונ יונגנ בעז איז געוואָרנ נאָכ שטארקער, נאָכ נעענטער, ווי גלייכ ער האָט זיכ צעצווייטעט אָט דאָ, גאָר נאָענט לעבנ אונדז.

מיר זיינענ נאָכ אלצ געזעסנ אפּ דער באנק. דעמ דאָקטערס ליולקע איז שוינ לאנג פארלאָשנ געוואָרנ, מיר זיינענ שוינ געזעסנ שטילע, יעדערער פארטיפט אינ זיינע אייגענע געדאנקענ, און ביידע זיינענ מיר געווענ דאָרט, אפּ יענע אומענדלעכע פעלדער און סטעפּעס, וואָס די מילכאָמע האָט זיי אפּ אייביק פארקריצט אינ אונדזער זיקאָרנ.

איציק פעפער

---

# פונעם בוך „אפסניי"

## באם שווארצן יאם

גוטמאָרגן, יאם דיר, שווארצער יאם,
כ'קום ווידער קושן דײַנע שוימענדיקע בלוי־טעג,
דו האָסט מיך אָפּגעסאמט מיט יענעם סאם,
וואָס איז מיר ווי די לופט די קלאָרע נייטיק.

און ווו כ'בין ניט געווען, האָב איך געטרוימט
פון דײַן פארהאָרעוועטן שטראָמענדיקן גיבגאָלד,
מיט פעלדזן טויזנטיאָריקע באזוימט,
מיט ברעגן טויזנטיאָריקע בארינגלט...

און ווו כ'בין ניט געווען, האָב איך געדענקט,
אז פושקינס ווארט, ווי דו, אף אונדזער קומען,
ער האָט, ווי דו, נאָך אונדזער לופט געבענקט,
און ס'האָט זײַן שטאָל דער זשאווער ניט גענומען.

ער איז, ווי דו, געבליבן ניט באפלעקט,
דײַן בלויע טרער האָט ער געטראָגן אף זײַן וויִע,
און כאָטש ער איז געשטאנען אומבאוועגט,
האָט זיך אין אים געראנגלט דײַן סטיכיע.

דײַן שוים איז רייצנדיק און לאכנדיק באנײַ
און זעט הײַנט אויס אין די אָדעסער שטראלן,
ווי פושקינס לאָקן וואָלטן ווערן ווײַס
און בא דײַן הייסן ברעג אראָפּגעפאלן.

דײַן יעדער שטראָם שטייט אוף פון טיף,
ער הייבט זיך אוף אף פלייצנדיקע רינגען
און גייט צו ברעגן, ווי א גרינע שיף,
מיט ווײַסע זעגלען פלאטערדיקע, גרינגע.

דו ליגסט אן אָפענער און לאכסט צום ברעג,
נאָר דײַנע סוידעס זײַנען פול מיט טרויער,

באהאַלט ניט אויס פֿון מיר די כּווישעכדיקע טעג,
כ'לייג צו צו דײַנע טיפֿקײַטן מײַן אויער.

א וווּנד, ווען ס'זעט זי ניט די גאַרע וועלט,
טוט ווייניקער דען ווי? דײַן סאָד פֿאַרטרוי מיר,
כ'וואָלט אויך ווי יענער דיכטער זיך לעם דיר אוועקגעשטעלט
און וואָלט, ווי ער, געווען דײַן שווײַגנדיקער שוימער.

זײַן רום איז מיר שוין קיינמאָל ניט באַשערט.
זײַן גרויסקײַט וועט אַף מיר אים ניט פֿאַרבײַטן.
דערפֿאַר האָב איך געזען אַזאַ מין ערד,
וואָס ער האָט נאָר געזען פֿון דערווײַטן...
אָדעס—אוזשגאָראָד.

## מיר איז דער מידבער

מיר איז דער מידבער פֿון קעמלען, וואָס קעמען דעם זאַמד
און פֿלעכטן די זאַמדיקע צעפּ אַף די שטרעקעס צעגליטע,
א קראַנקער פֿון היץ האָט דער טאָג אין דער הייך אָפּגעפֿלאַמט
און ליגט ווי א באַרמינען אַף דער פֿאַרסאַרפּעטער מידבערשער מיטע...

עס דרעמלען אין אויגן בײַ קעמלען פֿאַרכאָלעמטע פֿונקען פֿון דאָרשט,
אין אויגן — מיט זאַמדיקער געלקײַט, מיט מידבער פֿאַרצויגן,
יאָרטויזנטער האָבן די קעמלען דעם דאָרשט פֿונעם מידבער געפּאָרשט,
יאָרטויזנטער האָט אָט דער שפּיציקער זאַמד זיי געשטאָכן די אויגן...

און ס'איז שוין דער מידבער געוווינט צום פֿאַרשלאָפֿענעם האַמעטנעם שפּאַן,
צום הויד פֿון דער האָרביקער בויד אַפֿן קעמלשן רוקן,
צו דער פֿוילער און קאַלטער פֿאַרכאָלעמטקײַט פֿון קאַראַוואַן,
וואָס איז ווי דער מידבער פֿאַרברענט און פֿאַרבראָנדזעט,
פֿאַרזאַמדיקט און טרוקן...
און ס'קאַפּעט פֿון קאָפּיטעס שווערע דער זאַמד אַפֿן זאַמד,
און קאָפּיטעס טאַפּן די זודיקע דעקן פֿון וועגן,
ווי זוכן זיי וואָלטן א קאָרעוו, וואָס האָט זיך אין מידבער פֿאַרזאַמט
און וואָלט א יאָרטויזנט שוין אונטערן זאַמד דאָ געלעגן...

עס שימערן ביינער אַפֿן שטרעקעס, זיי סטאַרטשען ווי צייכנס פֿון צײַט,
די וועגווײַזער הייבן אין ווײסטעניש ביינערנע פֿינגער
און מעלדן: דאָ האָבן סאַמומען געוווּישט און געהוליעט פֿאַרשײַט,
און ס'האָט מיטן זאַמד זיך געדרייט דאָ א האָר און א קנעכט און א זינגער...

דער דאָרשט שפּאַרט ווי דעמלט פֿון אַלע שפּאַרונעס אַרויס,
און ס'וויגט זיך אַף טרוקענע ווינטן א דאָרשטיקער ניגן,
עס ציִען די קעמלען די העלדזער די לעכצנדע אויס
און הערן, ווי ס'בולקען די ברונעמלעך פֿרישע אין לייטענע קרוגן...

און מיר זײַנען קעמלען פֿון קעמען אין מידבער דעם זאַמד,
א טאָג ציט זיך אויס ווי א יאָר, און עס דוכט זיך, זיי שפּאַנען,
זיי שפּאַנען מיט יענעם געדולד און מיט נײַגיר מיט יענעם פֿאַרסאַמט,
וואָס האָבן געשפּײַזט נאָך אין אוראַלטע צײַטן די קאַראַוואַנען...

די קעמלענ דערקענענ דעמ מידבער, זיי קענענ אימ גומ.
דער מידבער דערקאָנט זײַנע קעמלענ אינ מידבערשנ גאַנג אינעמ מידנ.
נאָר נײַ איז פאַר ביידע דער יונגער, דער קוואַליקער מוט,
דער שמייכל פונ זייערע טרײַבער, וואָס קומענ אהער
נימ נאָכ רויב מימ געווער —
נאָר שעליכימ פונ שאָלעמ אונ פרידנ.

מיטלאַזיע.

## לעבנ מײַנס

לעבנ מײַנס, מײַנ יאָמטעוודיקס,
לאָמיר מער ניט טרויערנ,
לויטער זײַנענ ווענג שוינ,
דורכזיכטיק — די טויערנ.

מעג דער ווײ זיכ אײַנקאַרבנ,
יענער ווײ, דער נעכטיקער,
זאָל ער אָבער דינענ אונדז,
ווי א שטוימ א מעכטיקער.

זאָל דער ווײ דער נעכטיקער
קלינגענ הײַנט קלייזײַענדיק,
לאָמיר גוט געדענקענ אימ
אפ יאָמטויווימ זײַענדיק.

לאָמיר שפּאַנענ פײַערלעכ,
מוטיק אונ ניצאָכנדיק,
די יאָמטויווימ וועבנדיק
פונ די גרויע וואָכנ־טעג.

ניט קיינ טרוימער לופטיקע
זײַנענ מיר, מיט פליטערלעכ,
לעבנ מײַנס, מײַנ יאָמטעוודיקס,
לאָמיר שפּאַנענ ריטערלעכ.

לאָמיר אונדזער ווײ אונ מוט
קיינמאָל ניט צעפּאַטערנ,
זעט, ווי פרײַ אונ ראַכוועסדיק
מאָסקווער שטערנ פלאַטערנ!

## פעלדער דזשאַנקאָיער

מענאַשע מעפּליצקי — דער יידישער פּויער —
איז ווידער בא זיכ אפ די פעלדער דזשאַנקאָיער.

ער זיצט מימ זײַנ פעסל בא זיכ אינ דער כאַטע,
אונ ס'הייבנ פונ קוימענ זיכ רויכנ פאַטלאַטע.

ער האָט איר דערציילט פונ די קורסקער געשלעגנ,
זי האָט אימ דערציילט וועגנ צוגנ אונ וועגנ.

ער האָט איר דערציילט וועגנ אופרײַס פונ בריקנ,
אונ זי — וועגנ רוישיקע פולע אריקנ.

אונ הינטער די פענצטער דערציילט האָט זיי ביידנ
א ברונעמ, וואָס פול איז מימ בלומיקע ליידנ.

דאָס וואַסער האָט קיינער שוינ לאַנג נימ געטרונקענ,
דאָס וואַסער — אַלצ טיפער אונ טיפער געזונקענ.

אינ ברונעמ אינ טויפנ אפ פעלדער דזשאַנקאָיער
עס קוועלט ניט קיינ וואַסער — עס ווײנט דאָרט דער טרויער.

דער טרויער, וואָס האָט פון די קינדערשע אויגן
געטריפט, ווען זיי זײַנען אין ברונעם געפלויגן.

מענאַשע טעפּליצקי האָט אויך דאָ זײַן כּיילעק,
פאַר אים איז דער ברונעם אי טײַער אי הייליק.

מענאַשע טעפּליצקי דער ייִדישער פּויער
האָט אויך אין די אויגן צוויי טראָפּעלעך טרויער.

נאָר ער, דער געזעצטער, דער ייִדישער פּויער,
איז ווידער בײַ זיך אין די פעלדער דזשאַנקאָיער.

דאָס איז זײַן ניצאָכן, דאָס איז זײַן נעקאָמע,
עס בליִען די פעלדער, ווי פאַר דער מילכאָמע.

און ס'פּאַלגט אים דער זאַנג און וועדט העכער און העכער,
און ס'פּאָלגט אים דער ווײַן, וועלכער טריפט אינעם בעכער.

און ס'פּאָלגט אים די קו, ווען ער הייסט זיך איר מעלקן,
און ס'הערט אים די ערד, ווען ער הייסט איר ניט וועלקן.

און ס'הערן מענאַשען די שעפּסן־טאַבונען
און קומען ניט טרעטן דאָס גראָז אַרום ברונעם.

## עס רוט ניט דאָס בלוט

דאָס פעלד ליגט צעצויגן,
באַזונט און באַרוט,
עס רוען די אויגן,
עס רוט ניט דאָס בלוט.

אַט דאָ האָבן יונגען
געטופּעט אין פעלד,
און הויך האָט געקלונגען
דער נאָמען פון העלד.

עס האָט אין די זאַנגען
זײַן אָטעם געוויים,
די זון איז פאַרגאַנגען,
אַ נעפּל פאַרשפּרייט.

זײַן קאָפּ איז געלעגן
מיט זאַנגען באַדעקט,
און ס'האָבן די וועגן
די הענט אים געשטרעקט.

צוקאָפּנס בײַם העלד איז
געלעגן אַ שטיין,
אין רויִקן פעלד איז
דער שטיין איצט אַליין.

אַ זאַנגען ניט נאָר זעלטן
זײַן האַרטקײַט אַ גלעט,
נאָר ווינטער אין קעלטן
ווער גלעטן אים וועט?

דער העלד איז פאַרשוווּנדן,
דער שטיין ליגט פאַרבענקט,
דאָס בלוט פון די וווּנדן
שוין אויך אָפּגעשוווענקט.

עס הייבן זיך סטווּגן,
באַזונט און באַרוט,
עס רוען די אויגן,
עס רוט ניט דאָס בלוט.

# איב פלי

מיר פליִען, און ס׳פליִען די כמאַרעס באַנאַנד,
און ס׳פליִען די פויגלען פון אונטן,
און ס׳פליט אונטער אונדז דאָס צעבלעטערטע לאַנד
מיט אַלע צעהוידעטע גרונטן.

מיר פליִען, און ס׳פליִען די רעגעס פאַרביַי,
ווי לופטיקע קרוגן מיט בלויקייט,
און ס׳ווערט אַזוי גרינג, אַז אַפילע דער בליַי
פון וואָלקנס צו וואָלקנס ווי מוי׳ גייט.

מיר פליִען, נאָר ס׳ציט מיך צוריק אַף דער ערד
די דראָטן, די פּלויטן, די שפּאַלן,
די וועלדער מיט גרינע צעפּאַטלטע בערד,
די סעדער אין פאַרביקע שאַלן.

די רויכן, וואָס מיינען, אַז אויבן איז גוט,
און ליַיען באַ ווינטן די פליגל,
כאָטש ניט אַף צו פליִען — אַף שוועבן באַרוט,
כאָטש העכער די דעכער זיך וויגן.

דאָס מעלדן די קוימענס דער דאָרשטיקער הויך,
וואָס איז מיט דער ערד ניט פאַרבונדן,
ווען ס׳גייט אַ געזונטער, געלאַסענער רויך —
אַ סימען, ס׳פאַרהיילן זיך וונדן.

אַ סימען, מ׳האָט זיך שוין אַהיים אומגעקערט,
מע הייצט שוין דעם אויוון — אַ כיִעס,
און די, וועלכע לעבן, איז ווידער באַשערט
צו פילן די זון אַף די וויִעס.

עס האָט מיר דער רויך דער געשמאַקער פאַרשמעקט
און ציט מיך אַראָפּ אין דער נידער:
איך האָב אין דער לופטן די הענט אויסגעשטרעקט
דעם ערד-קויל אַרומנעמען ווידער.

---

## דאָרע כייַקינע

---

# צוויי לידער

## אפ די קני א פלאנשעט...

אפ די קני — א פלאנשעט אונ א בויגנ פאפיר, —
אזוי שרייַבט מייַנ טייַערער בריוולעכ צו מיר.
ארומ איז א וואלד א פארשנייטער, א ווינט,
א פראָסט, אז עס פרירט אימ דאָס בלוט אונ דער מינט.
ווי שטערנ אפ אקסלענ אפ זייַנע — די שנייענ,
גאָר קליינינקע זייַנענ זיי אונ זיי צעגייענ.
איינ שטערנ בא אימ אפנ אקסל — א גרויסער...
עס טוליענ זיכ שנייענ צו אימ אונ זיי גויסענ,
דערפאר, ווייַל דאָס שטערנדל, וועלכעס ער טראָגט,
ליבע אונ ווארעמקייַט גרויסע פארמאָגט.
ער שרייַבט מיר א בריוו אינ א וואלד, וואָס אינ שנייענ.
ער וויל זייַנ מיט מיר אויג אפ אויג — נאָר אינצווייענ.
אונ דאָרט, אינעמ אייגנציקנ רויכיקנ שטיבל,
וואָס איז בא דער זייַט פונעמ דערפל געבליבנ,
ער קאָנ דאָכ אליינ מיט מיר דאָרטנ ניט זייַנ.
אהינ זייַנענ אלע כאוויירים ארייַנ,
אונ ער וויל מיט מיר דאָכ פארבלייַבנ אינצווייענ,
זאָל זייַנ אינ א וואלד, וווּ עס הוליענ זאווייענ,
פארבלייַבנ מינוטנ געציילטע מיט מיר, —
זאָל זייַנ — ס׳איז ניט איכ, נאָר א בויגנ פאפיר,
וואָס ליגט אפ זייַנ קני, אפ זייַנ געלנ פלאנשעט,
אונ ס׳דאכט זיכ אימ אויס, אז איכ הער, ווי ער רעדט,
ער וויל ניט, די רייד זאָל כוץ מיר עמעצ הערנ,
אונ הונדערטער ווערסטנ אונדז קאָנענ ניט שטערנ
פארבלייַבנ אינצווייענ, זאָל זייַנ אפ א רעגע,
ווענ ס׳שווייַגנ הארמאטנ אפ וואלדיקע וועגנ,
פארבלייַבנ אינצווייענ אונ צוזאָגנ ווארטנ
אפ פריידיקע צייַטנ, אפ שאָענ געגארטע.
אזוי שרייַבט מייַנ ליבער די בריוולעכ צו מיר, —
אפ די קני א פלאנשעט אונ א בויגנ פאפיר...

# דו קומסט פונ שלאַכט

איכ האָב געוווּסט: אַפ שטרעקעס ווײַטע
דאָס לעצטע מאָל א שווערד וועט טאָנ א בלאַנק,
ס׳וועט פונעמ פערד אראָפּשפּרינגענ דער רײַטער,
אונ דער טאַנקיסט ארויס וועט פונעמ טאַנק.
אונ ס׳וועט דער פליִער אינ די הימלענ בלויע
אַפ פליגלענ גלאַנצנדיקע אויסשטראַלנ די פרייד.
אונ איכ וועל דאַנ ארויסגיינ צו דעמ מויער,
אַנ אָנגעטאָנענע אינ זײַנ באַליבטנ קלייד.
כ׳וועל מיט א ציטער אָפּוואַרטנ דיכ, ליבער,
עס וועט אינ פײַער צעבליִענ זיכ די נאַכט,
אונ אויב — איכ וועל זי, די געגאַרטע שאָ, אריבער,
אונ אויב וועסט קומענ מיד אזוי, פאַרשמאַכט,
כ׳וועל דײַנ שינעל אַפ מײַנע פּלייצעס נעמענ, —
געזונט איז זי מיט דיר אַפ ערגסטנ שטעג, —
דעמ שטויב כ׳וועל אָפּווישנ פונ דײַנע ברעמענ,
וואָס וועט פאַרבלײַבנ נאָכ פונ ווײַטנ וועג.
אזוי ביסטו מיר ליבער נאָכ אונ שענער,
מיט בלאָנדע האָר דײַנע צעפּאַטלטע פונ ווינט.
איכ וואָלט אזוי דיכ ליב האָבנ ניט קענענ,
ווענ ניט פונ שלאַכט וואָלסט אָנקומענ אצינד.

ריווקע רובינ

# א נאָענטער מענטש

זיי זייַנענ ביידע געזעסנ, יעדערער אפ זייַנ טשעמאָדאנ, בא דער איינציקער איבערגעבלי־בענער וואַנט פונעמ געוועזענעמ וואָקזאל. ער — א יונגער באַנ־אינזשעניער, מיט העלע, לעבעדיקע אויגנ, זי — א שיינ וווּקסיק מיידל מיט פולע זאפטיקע ליפנ אונ א קאָפּ געדיכטע שווארצע האָר. ארומ זיי האָבנ זיכ געטראָגנ אפּגעריסענע רייד, איילנדיקע טריט, נאָר צו זיי איז דאָס אלצ ניט דערגאַנגענ.

— האָט ראָכעלע, זאָגט איר, דערמאָנט יענעמ אָוונט? — האָט געפרעגט דער יונגער באַנ־אינזשעניער.

— אייַכ האָט זי אויכ דערמאָנט. מיט מייַנ שוועסטערקינד שאָלעמ, האָט זי געזאָגט, וועלנ מיר זיכ נאָכ געווים באגעגענענ... זי האָט מיר אויכ דערציילט, ווי איר האָט ליב געהאט מיט איר צו שפּאסנ.

— איר פארשטייט, אינ מייַנע אויגנ איז זי דעמלט געוועזנ נאָכ גאָר א קינד.

— זי האָט מיר דערציילט, אז איינמאָל האָט איר צו איר געזאָגט: „ראָכעלע, דו ביסט א שיינע, נאָר אפ דיר דארפ מענ זייַנ א מיוונ".

— יאָ, איכ דערמאָנ זיכ... כ'האָב מאקע איינמאָל אזוי געזאָגט. האָט זי עס פארגע־דענקט? אינ איר איז טאקע געוועזנ עפּעס גאָר א באזונדער חיינ. זי איז געוועזנ אזוי קליינ אונ איידל...

דאָס מיידל האָט געזאָגט:

— כ'וואָלט אזוי וועלנ פארגעדענקענ ראָכ־לענ אפ שמענדיק אזא, ווי זי איז געוועזנ דאנ, בייס איר געבורטס־טאָג, אזא שטילע, מיט ברייט־צעעפנטע קינדערשע אויגנ, מיט א צארטער שטימ, וואָס דעקלאמירט אזוי גלייַ־ביק פערעצעס ווערטער: „פונ פּייַנ אונ שרעק באפרייַט מוז ווערנ די וועלט"... איז אָבער דאָס שפּעטערדיקע — שטארקער...

ביידע האָבנ א ווייַלע געשוויגנ. דערנאָכ האָט שאָלעמ ווי אומזיכער גענומענ ריידנ:

— כאוועלע, אייַכ געדענק איכ אויכ זייער גוט. אינ יענעמ אָוונט... איכ געדענק, ווי איר האָט געטאנצט אינ א שווארצ זייַדנ קלייד, א לאנגס ביזנ טראָט, אונ א ברייטס... מיט א סאכ, א סאכ קרייַזעלעכ.

— מייַנ באָבעס שאבעסדיק קלייד... — האָט כאווע שטיל אונטערגעזאָגט.

— ארומ אייַער האלדז איז געוועזנ עטלעכע מאָל ארומגעוויקלט א לאַנגער שנור פּערל.

— מייַנ מאמעס פּערל...

— אפ אייַער קאָפּ איז געוועזנ ארופגעוואָרפנ א שווארצע זייַדענע שאל מיט געשטיקטע קוויטנ. איר האָט געטאנצט א ברויגעז־טאנצ, אונ ראָכל האָט אייַכ שטיל אקאָמפּאנירט. אינ דעמ זעלבנ אָנטאָנ האָט איר דערנאָכ גע־מאנצט עפּעס א מינ טאנצ פונ א פרומער גאַ־בעטע. מיר האָבנ אלע געלאכט אונ געוואָרפנ מאטביעס אינ זייַדענעמ טיכעלע, וואָס איר האָט צו יעדערנ פונ אונדז אויסגעשטרעקט.

דער באָכער מיטנ מיידל האָבנ זיכ שוינ איצט געהאלטנ בא די הענט אונ זייערע ביידנס פּעַנעמער זייַנענ געוועזנ שמייכלדיק־פארבענקט.

שאָלעמ האָט ווייַטער גערעדט:

— דערנאָכ האָט איר, טאנצנדיק, ארופגע־וואָרפנ די שאל אפ ראָכלס אקסלענ אונ אלע האָבנ אייַכ געפּאטשט בראוואָ. מייַנ גוטע מו־מע עסטער האָט אייַכ א קוש געטאָנ אינ שטערנ אונ צוגעטראָגנ א שאכטל פארצוקער־טע ניס. זי האָט קענטיק געוווּסט, אז איר האָט עס ליב.

כאווע האָט שטיל ארויסגעצויגנ אירע הענט. פונ איר פּנעמ איז אראָפּ דער שמייכל. שאָלעמס אויגנ זייַנענ נאָכ אלצ געוועזנ ווי ניט הי, אונ ער האָט שטיל צוגעגעבנ:

— איכ וואָלט וועלנ וויסנ איינ זאכ, כא־וועלע... צי געדענקט איר נאָכ, ווי איכ האָב אייַכ באגלייט אהיימ, אלצ אינ יענעמ אָוונט, אונ...

כאווע האָט א הייב געטאָנ די רעכטע האנט, ווי זי וואָלט זיכ וועלנ פונ עפּעס באשיצנ. זי האָט געוואָרפנ אפ שאָלעמענ א דערשראָקע־נעמ בליק, וואָס האָט זיכ געבעטנ: „מע דארפ

ניט. מע דארפ איצט ווענג דעמ ניט ריידנ". שאָלעמ איז אנשווייגנ געוואָרנ.

כאווע האָט געזאָגט:

— מײַנ שווארצע זײַדענע שאַל מיט די געשטיקטע קווייטנ האָט ראָכל נאָכ אפילע אינ געטאָ פארהיט א לאַנגע צײַט. מיר זײַנענ דאָכ געווענ מיט איר כאווערטעס פונ 8 יאָר אָנ, פונעמ ערשטנ קלאַס... נו, דערנאָכ... האָבנ מיר די שאַל אויסגעביטנ אפ א ביסל הירזש.

— כאוועלע, פארוואָס דערציילט איר מיר אזוי קאַרג? איכ בעט אײַכ, דערציילט אלצ! וויאזוי זײַט איר פאָרט ארויס פונ געטאָ אונ געקומענ צו יענער גרוב?

— איכ ווייס דענ וויאזוי? אז באַדאַרפט האָבנ מיר גייִנ אינ איינ זײַט אונ פארגאנגענ גאָר אינ א צווייטער... אלצ ווי אינ א בייזנ כאָלעמ... איר געדענקט דאָכ געוויס האַלפּערנס טעקסטיל־פאבריק. אינעמ טאָג, ווענ דער אופשטאַנד אינ געטאָ איז אײַנגאַנצנ דערשטיקט געוואָרנ, האָבנ מיר זיכ געפונענ זייער נאָענט צו איר. מיר האָבנ געזענ אירע צעשעדיקטע ווענט, אונ מיר האָבנ זייער גוט געוווּסט, אז הינטער זיי געפינט זיכ אונדזער רעטונג. דאָרט, אפ דער קאָסטיושקאָ־גאַס, האָבנ אפ אונדז געוואַרט פארטיזאַנער, קעדיי אוועקצופירנ אונדז מיט זיכ. דאַכט זיכ, גאָר א קורצע שטרעקע, מיט דער האַנט צו דערלאַנגענ, אָבער צוקומענ אַהינ איז אומעגלעכ. אָנשטאָט צו דערנעענטערנ זיכ צו דער קאָסטיושקאָ־גאַס האָבנ מיר זיכ אלצ דערווײַטערט פונ איר אונ אָפּגעטראָטנ גאָר אינ א פארקערטער ריכטונג, אינ צווייטנ עק שטאָט. דערנאָכ זײַנענ מיר אָפּגעריסנ געוואָרנ פונ אונדזער שלאַכטגרופּע אונ געבליבנ נאָר באַנאַנד, איכ אונ ראָכל. מיר האָבנ זיכ פארטײַעט הינטער א באַרג אָנגעוואַלגערטנ ציגל. אונ דאָ האָט זיכ אָנגעהויבנ עפּעס אזוינס... שטעלט אײַכ פאָר... פונדערווײַטנס האָט זיכ נאָכ געהערט די שרעקלעכע טראַסקערײַ פונעמ ארסענאַל, וועלכנ אונדזערע האָבנ אופגעריסנ מיט א טאָג צוריק. פונקט אנטקעגנ אונדז, אפנ סאַמע ראַג גאַס, האָט געברענט עפּעס א הילצערנע געבײַדע. אונ דאָ טאַקע אינ דער זעלבער צײַט האָט זיכ פארבײַ אונדז אוועקגעצויגנ א פּראָצעסיע, באַוואַכט פונ דײַטשישע סאָלדאַטנ אונ פּאָליציי. ווער ווייסט... עפשער איז דאָרטנ געווענ מײַנ מאַמע מיטנ ברודערל... עפשער... אײַער מומע אויכ.

דער מומעס שכיינע געדענקט איר, אָט די, וואָס מיטנ צונאָמענ „ליבע די שיינע געשיכטע". זי פלעגט זיכ ארײַנכאַפּנ אינ שטוב אפ א ווײַלע אונ שטענדיק מיט א גרייטער „שיינער געשיכטע", וואָס זי פלעגט דערציילנ אינ איינ אָטעמ, ניט אָפּטרעטנדיק פונ דער שוועל. איז אָט, זי האָב איכ דאַפקע יאָ געזענ. כ'האָב פונ דער פלייצע דערקענט איר ברוינ געשטריקט קאָפּטל מיט גרינע אונ רויטע פאַסנ. עס האָט זיכ זייער אויסגעטיילט פונ די איבעריקע גרויע אונ שווארצע קליידער. ס'האָט פאר מיר, דאַכט זיכ, אויכ דורכגעשוועבט דער שטאָלצער קאָפּ פונעמ דאָקטער ברוק. אמאָל איז ער געווענ זייער א פריילעכער אונ א גוטמוטיקער. איכ געדענק אפילע, אז ביים איכ האָב געמאָזלט, האָט ער מיר געגעבנ שפּילנ זיכ מיט זײַנ גאָלדענעמ זייגער. ווענ ער האָט זיכ גענומענ קלײַבנ אַהיימ, האָב איכ געוויינט אונ געשריִענ: „איכ וויל ניט, דער פעטער זאָל אוועקגייִנ!" א, ס'אַרא נארישקײַטנ עס קריכנ מיר אלצ אינ קאָפּ ארײַנ! — האָט זי זיכ פלוצעמ אַלייִנ איבערגעשלאָגנ אונ איז א ווײַלע געבליבנ שטיל.

— מיר האָבנ ביידע געהאַט רעוואָלווערנ, — האָט כאווע ווײַטער אָנגעהויבנ צו ריידנ, — אונ צו איינ קויל פאר יעדערער פונ אונדז, טאָמער פאלנ מיר ארײַנ צו די דײַטשנ. ליגנ מיר אזוי פארטײַעט, ערשט מיר דערזעענ ניט ווײַט פונ אונדז צוויי דײַטשנ, וואָס בישטערנ צווישנ די רויִנעס, זוכנ, קענטיק, פארבאַהאַלטענע מענטשנ, קעדיי אײַנצושליסנ זיי אינ דער טויט־קאָלאָנע. ראָכל האָט אפ מיר א קוק געטאָנ, אונ דאָ באַלד, ווי מיר וואָלטנ געהאַט פונ פריִער זיכ ווענג דעמ צונויפגערעדט, האָבנ מיר ביידע מיטאַמאָל אויסגעשאָסנ, אונ די דאָזיקע צוויי זײַנענ געבליבנ ליגנ אפ דער ערד.

— ראָכעלע, מיט א רעוואָלווער אינ דער האַנט... ס'איז גאָר שווער צו פאָרשטעלנ זיכ, — האָט שאָלעמ פארטראַכט ארויסגעזאָגט.

— אָ, מיטנ רעוואָלווער האָט זי זיכ שוינ דאַפקע געקענט באַגייִנ, — האָט כאווע אונטערגעכאַפּט, — שלעכט איז געווענ דאָס, וואָס מיר זײַנענ געבליבנ אָנ איינ קויל.

— איר האָט באַמערקט, שאָלעמ, אז מענטשנ האָבנ איצט ליב געקראָגנ צו ריידנ ווענג גוירל אונ ווענג ניסימ. „עמעצער האָט זיכ אלפּינעמ געראַטעוועט", „עמעצער איז אלפּי־נעס געבליבנ לעבנ". ווענ איכ גלייב אינ דעמ אלעמענ, וואָלט איכ אײַכ אויכ געזאָגט, אז מיט אונדז איז געשענ א נעס. איכ האָב אופגעהויבנ דעמ קאָפּ אונ דערזענ גלײַכ אנטקעגנ זיכ א הײַטשישנ אָפיצער מיט אנ אויסגעשטרעקטנ רעוואָלווער אינ דער האַנט. אונ פונקט אינ דעמ זעלבנ אויגנבליק איז הינטער דעמ אָפיצערס פלייצעס אויסגעוואַקסנ אנ אומבאַקאַנט מיידל אונ האָט פונ הינטנ אימ א זעץ געטאָנ מיט א שווערנ ציגל אינעמ רעכטנ אקסל. זײַנ האַנט האָט זיכ אראָפּגעלאָזט. דאָס מיידל איז ארופגעשפּרונגענ צו אימ אפ דער פלייצע אונ אימ אָנגעכאַפּט באַמ גאָרגל. מיר זײַנענ גלײַכ צוגעשפּרונגענ אונ געקומענ איר צו הילפ. אינדרײַענ האָבנ מיר דעמ אָפיצער געפּאַטערט. אונדז איז, אזוי־ארומ, צוגעקומענ נאָכ א כאווערטע — די בלאָנד־האָ־

דיקע און בלוי־אויגיקע אניע, וואָס האָט דערנאָכ פארנומענ אזא וויכטיק אָרט אינ אונדזער לעבנ. שפעטער האָט זי אונדז דערציילט, אז זי האָט זיכ געפונענ א לאנגע צײַט אפ אונדזער „טעריטאָריע“, הינטער די זעלבע רויִנענ. קיינ געווער האָט זי ניט געהאט, האָט זי געשלײַדערט ציגל אינ די עסעסאָווצעס, איבערלויפנדיק יעדעס מאָל אפ אנ אנדער אָרט. ווענ זי האָט געגעבנ א זעצ דעם אָפיצער, האָט זי אפילע ניט געזענ, אינ וועמענ זי צילט.

נו, כ'וועל אײַכ ניט נעמענ דערציילנ, וויאזוי מיר זײַנענ ארויסגעקראָכנ פונ צווישנ די בורוועס און זאלבעדריט אוועקגעפויזעט, וויהינ די אויגנ האָבנ געטראָגנ. וויכטיק איז דאָס, וואָס מיר האָבנ זיכ ענדלעכ פארקליבנ אינ א וואלד און זיכ פארגראָבנ אינ א גרוב. שפעטער האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז אונדזער באהעלטעניש געפינט זיכ בא צוואנציק קילאָמעטער פונ דער שטאָט.

אניע האָט געהאט בלאָנדע האָר און בלויע אויגנ, האָט זי זיכ אינ עטלעכע טעג ארום געלאָזט אינ שטאָט ארײַנ. זי פלעגט אונדז ברענגענ שפײַז אפ א לענגערע צײַט.

איבער אונדזער גרוב איז געווענ א דאכ פונ איבערגעפלאָכטענע צווײַגנ, פונ אויבנ צוגעדעקט מיט ערד. באטאָג פלעגט זיכ אינ גרוב דורכשלאָגנ א ביסל בלייכע שײַנ, און דאָס האָט אונדז זייער געטרייסט און געמונטערט. מיר האָבנ געציילט און פארגעדענקט די טעג. געווענ ליכט און ניט געוואָרנ. הייסט עס, ס'איז פארבײַגעגאנגענ א טאָג. און אונדז איז געבליבנ מיט א טאָג ווייניקער צו זיצנ אינ גרוב. מיר האָבנ געהאָפט, אז אניענ וועט זיכ אײַנגעבנ פארבינדנ אונדז מיט דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע אינ שטאָט. אז אזא איז דאָרט פאראנ, זײַנענ מיר געווענ זיכער, אז די רויטע ארמיי וועט קומענ — אינ דעם האָבנ מיר אויכ ניט געצווייפלט. מיר האָבנ אינ יענער צײַט א סאכ צווישנ זיכ גערעדט, אלצ דערמאָנט זיכ וועגנ געטאָ, וועגנ דעם אופשטאנד, וועגנ אמאָל. „אמאָל“ האָט בא אונדז געהייסנ אלצ, וואָס עס איז פאָרגעקומענ פאר דער מילכאָמע. מיר האָבנ דאנ פארשטאנענ דעם פינקטלעכנ באטײַט פונעמ אויסדרוק „ציילנ די טעג“.

אינ א צײַט ארום איז דאָס ביסעלע ליכט אינ גרוב געוואָרנ אונדזער גרעסטע פײַנ, אונדזער ערגסטע שטראָפ. די טעג האָבנ זיכ געביטנ ווי פריִער. געווענ א טראָפעלע בלאסע שײַנ און ניט געוואָרנ, הייסט עס, ס'איז פארבײַגעגאנגענ א טאָג. די מעסלעסנ האָבנ זיכ געצויגנ און געצויגנ און געווענ אזוי אומענדלעכ, אז מע האָט זיכ גאָרניט געקענט דערווארטנ אפ זייער סאָפ. און גאָרנישט איז ניט געשענ. און גאָרנישט האָט זיכ ניט געביטנ. און ס'האָט זיכ געדוכט, אז אייביק וועט עס שוינ אזוי זײַנ. אייביק וועלנ מיר זײַנ הונגעריק, און דאָס לײַב וועט אונדז שמארצנ, ס'וועט זײַנ פינצטער, שטיל און מוירעדיק קאלט, און די קליידער אפ אונדז וועלנ זײַנ הארט פונ שוויס, און מיר וועלנ אלצ זיצנ צווישנ די נאסע ווענט פונ גרוב און ווארטנ, עס זאָל דורכגיינ נאָכ א טאָג און נאָכ א טאָג. מיר האָבנ שוינ ניט געהאט קיינ ווילנ צו ציילנ די טעג. די צײַט האָט זיכ פאר אונדז אָפגעשטעלט.

דערנאָכ האָט זיכ אָנגעהויבנ דאָס ערגסטע. אניע האָט אופגעהערט צו קומענ. דאנ איז פאר אונדז די מאָס פונ צײַט געוואָרנ דער מאָגער־געוואָרענער זאק מיט די איבערגעבליבענע געציילטע סוכארעס.

איר געדענקט, שאָלעמ. ס'ארא שוואכינקע ראָכל איז געווענ, די מאמע פלעגט דאָכ איר צוויי מאָל א טאָג דערלאנגענ א הייסע גלאָז מילכ מיט פוטער אינ האָניק. און איכ פארקערט — בינ אזא געזונטע...

אָט זײַנענ ערשט דורכגעגאנגענ דרײַ כאָדאָשימ, ווי איכ בינ ארויס פונ דעם גרוב, און זעט, ס'ארא דיקע הענט איכ האָב. איז ווער זשע, מיינט איר, איז דאָרטנ אינ גרוב די ערשטע אָפגעשוואכט געוואָרנ? טאקע איכ, ניט ראָכל. איכ האָב ניט געקענט איבערטראָגנ דעם הונגער. איכ האָב געפילט א שוואכקײַט אינ אלע גלידער. ס'האָט מיר געשווינדלט אינ קאָפ, און איכ האָב וועגנ גאָרנישט ניט געקענט ניט טראכטנ, ניט ריידנ. ס'האָט מיכ נאָכאנאנד געשלעפערט. איכ פלעג נאָר אפ א ווײַלע אופגעלעבט ווערנ, ווענ ראָכל פלעגט ארויסציִענ אינ דער פינצטער א סוכאר פונעמ זאק, צעברעכנ אימ און דערלאנגענ מיר מײַנ העלפט. איכ פלעג שנעל צעקײַענ און אײַנשלינגענ מײַנ ביילעק, פארבײַסנ מיט עטלעכע זשמעניעס שניי און דערנאָכ שוינ ווידער א שלעפעריקע צוהערנ זיכ, וויאזוי ראָכל זויגט לאנגזאמ איר האלבנ סוכאר, ווי זי וואָלט גאָר בעשאס־מײַסע געטראכט וועגנ עפעס אנדערש. איכ האָב זיכ געשעמט פאר מײַנ זשעדנעקײַט, און דאָכ האָב איכ ניט געהאט קיינ מוט צו אָפזאָגנ זיכ פונ אנ איבעריק שטיקל, וואָס ראָכל פלעגט מיר טיילמאָל געבנ, שטענדיק אונטער דעם זעלבנ אויסרייד:

— עס, באוועלע, איכ האָב שוינ געגעסנ, ווענ דו ביסט געשלאָפנ.

איר מיינט, כ'האָב איר געגלייבט, ראָכלענ? כ'האָב זייער גוט געוווּסט, אז זי האָט גאָרנישט ניט געגעסנ. כ'האָב פונקט אזוי גוט געוווּסט, אז איכ בינ שוינ זייער לאנג ניט געשלאָפנ. מײַנ שטענדיקער דרעמל איז אינ יענער צײַט קיינ איינ מאָל ניט אריבער אינ א טיפנ שלאָפ, נאָכ וועלכנ מע פילט זיכ אויסגערוט און פריש. איכ בינ אינגאנצנ געווענ שוואכ און אָפגעלאָזנ, נאָר דער מויעכ איז געווענ שטענדיק וואכ. איכ האָב געדרעמלט און געהערט ראָכלס יעדנ שאָרכ. טיפ אינ

הארצנ ביז איכ מעקאַנע געווענ די קליינע ראָכל, וואָס האָט ווי ניט באַמערקט דעם הונגער. בעטעווע, ווי איר ווייסט, א שטילע אונ צוריקגעהאלטענע, איז ראָכל איצט שטענדיק געווענ אינ באַוועגונג אפ דעם קליינינקנ שעטעכ, וואָס זי האָט פארנומענ אינ גרוב, ווו ס'איז שווער געווענ אפילע אויסצוציענ זיכ אינ דער גאנצער לענג. מיר פלעגנ זיכ אָפט לאָזנ גיינ אינ פארשיידענע ריכטונגענ זוכנ שפּײַז. ווענ מיר פלעגנ זיכ אומקערנ צוריק מיט גאָרנישט, פלעגט ראָכל נעמענ ריידנ אלצ איינס אונ דאָס זעלבע, ווי זי וואָלט געוואָלט אינ עפּעס אײַנשמועסנ אי מיכ אי עפּשער זיכ אליינ.

— אניע וועט קומענ! ווי זשע דענ? זי וועט ניט קומענ, זי וועט אונדז דאָ איבערלאָזנ אליינ, אונ וואָס האָט דענ מיט איר געקאָנט טרעפנ? געווים גאָרנישט. אָ, אניע איז ניט פונ די, וואָס פאלנ דורכ. דו געדענקסט, ווי זי האָט דערלאנגט מיטנ ציגל דעם דײַטשישנ אָפיצער. אונ ביכלאָל... ס'קענ זיכ דאָכ לאנג אזוי ניט ציענ. מע וועט אונדז אויסלייזנ. אינגיכנ, גאָר אינגיכנ וועלנ מיר ארויס פונ גרוב.

אזוי האָט ראָכל גאנצע טעג איבערגעכאַזערט איינע אונ די זעלבע ווערטער, ווי זי וואָלט זיי פונ פריער געהאַט פארגרייט. איכ האָב אי געהערט אי ניט געהערט אירע רייד. איכ בינ געלעגנ צונויפגעקאָרטשעט אפנ שטרויענעם זאק אונ האָב זיכ נאָכאנאנד געטוליעט צו ראָכלענ, ווײַל ס'איז מיר געווענ זייער קאלט. אינ מײַנ האלבנ דרעמל האָב איכ אָפטער פונ אלצ געטראַכט וועגנ וואלד...

— איינמאָל האָב איכ זיכ אַוועקגעלאָזט אינ וועג. כ'האָב געטראַכט, עפּשער וועל איכ זיכ דערקלײַבנ צו א לעבעדיקנ ייִשעוו, קריגנ א פּאָר קארטאָפל אָדער א שטיקל ברויט. כ'האָב געזונקענ ביז די קני אינ שניי. ארויסגעשלעפּט איינ פוס, האָט זיכ פארגראָבנ דער צווייטער. כאָטש נעם אונ בלײַב אזוי שטעקנ איינע אליינ אינמיטנ דעם וואלד. אונ דאָ איז ארום שטיל אונ פּוסט... איכ, ביימער, שניי אונ א קאלטע בלענדיקע ווײַסקײַט אָנ א סאָפ אונ אָנ א ברעג. איכ בינ אזוי לאנג געגאנגענ, ביז די קני האָבנ זיכ מיר אונטערגעבראָכנ אונ איכ בינ געבליבנ זיצנ אינ שניי. האָב איכ געפּרוּווט זיכ אָנשפּארנ אפ די הענט אונ אופהייבנ זיכ, זײַנענ זיי געזונקענ אינ שניי. אפ איינ ווײַלע איז דאָס הארצ צונויפגעדריקט געוואָרנ פונ שרעק, דערנאָכ איז מיר געוואָרנ אלצאיינס, אונ כ'האָב מיד פארמאכט די אויגנ.

דערזע איכ זיכ אינ א יונג בערעזע־וועלדל נאָכ גאָר א קליינ מיידעלע פונ א יאָר צענ. איכ לויפ אינדערפרי ארויס אפנ אָפענעם גאנעק פונ אונדזער זומער־ווױנונג מיט א גרויסער, רויט־בלויער פּילקע אינ די הענט. איכ בלײַב שטיינ אנ איבערראַשטע פונ דעם, וואָס איכ דערזע צום ערשטנ מאָל אינ לעבנ — ווײַסע פריילעכע שטאַמענ פונ דינינקע בערעזקעס, ליכטיקע העזעלעכ אפנ גראָז אונ העל־גרינע צארטע בערעזע־קרוינענ, פונוואַנענ עס טריפט שײַנ. קוויטשע איכ פונ פרייד, שפּרינג אונטער אפ איינ פיסל אונ לויפ ארײַנ אינ שטוב אָנזאָגנ דער מאַמענ די בסורע, אז אינ וואלד איז זייער ווײַס אונ זייער ליכטיק.

עפּעס גיט מיר שטארק א זעצ אינ שטערנ. איכ שרײַ אויס: „מאַמע! מאַמע!" אונ וויל עפענענ די אויגנ, זײַנענ זיי מיר פארקלעפּט. קענטיק, א שטיק שניי האָט זיכ אראָפּגעריסנ פונ א צווײַג אונ פארליאַפּעט מיר דאָס גאנצע פּאָנעם.

מיט גרויס מי האָב איכ אופגעהויבנ א האנט, אראָפּגעשארט דעם שניי פונ פּאָנעם, אפ א ווײַלע אנ עפּנ געטאָנ די אויגנ אונ ווידער פארגעסנ זיכ. דערזע איכ ראָכלענ, א בלייכע, אנ אויסגעדארטע. זי האלט זיכ אפנ אויבערפלאַכ פונעם שניי, ווי זי וואָלט גאָר קיינ וואָג ניט געהאַט, ווי אָט באלד הייבט זי זיכ אופ אונ פליט אַוועק, אונ דאָס פּאָנעם אירס שײַנט מיט עפּעס אנ אויסערגעוויינלעכער, ניט־דאָזיקער שײַנקײַט, אונ אירע גרויסע שטראַלנדיקע אויגנ קוקנ אפ מיר מיט פאָרוואורפ, מיט עפּעס א טײַנע. האָט מיר א שנײַט געטאָנ א געדאַנק, אז מיט ראָכלענ איז עפּעס געשענ, אונ כ'האָב שטרענג א זאָג געטאָנ צו זיכ אליינ: „הייב זיכ אופ, כאַווע! גיי! דײַנ כאַווער איז אינ געפאַר!" איכ האָב זיכ געצוואונגענ אופהייבנ אונ אַוועק צוריק צו אונדזער גרוב. מײַנע פיס האָבנ ווידער געזונקענ ביז די קני. כ'האָב זיי געשלעפּט מיט פארביסענער אקשאָנעס, געפאלנ, אופגעהויבנ זיכ אונ ווידער געגאנגענ. כ'האָב זיכ מוירעדיק געאײַלט. גיכער, גיכער צו ראָכלענ!

צום גרוב בינ איכ צוגעקומענ אָנ אָטעם. ווענ איכ האָב געעפנט אונדזער געהיימענ ארײַנגאנג, האָב איכ דערזענ ראָכלענ זיצנדיק אפ דער ערד א רויִקע, א שמייכלענדיקע. אפ אירע אונטערגעהויבענע קני זײַנענ געלעגנ בלעטער קרויט, וואָס אונדז האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו קריגנ מיט עטלעכע טעג צוריק. זי האָט זיי מיט די הענט געריסנ אפ קליינע שטיקלעכ אונ אראָפּגעלאָזט אינ אונדזער קליינ קעסעלע.

אָט פונ דעם טאָג אָנ בינ איכ אינגאנצנ אָפּגעשוואַכט געוואָרנ. איכ האָב אלצ געדרעמלט, אונ אָפּטער פונ אלצ האָבנ זיכ מיר פאָרגעשטעלט די אלטע זייער הויכע יאָדלעס ארום אונדזער גרוב, וואָס שטייענ אזוי ענג, אז דער הימל זעט זיכ צווישנ זיי קימאַט ווי ניט ארויס. אונ כאָטש זיי שטייענ אזוי ענג, איז דאָכ יעדערע פונ זיי עפּעס מאָדנע אָפּגעזונדערט פונ די איבעריקע אונ טראָגט גאנ־

לעסדיק־אָפּגעפרעמדט אָפּ איר שטעכיקנ שפּיצ דעמ שניי.

אונ צו אונדז, צו מיר אונ צו ראָכלענ, זײַנענ זיי שוינ געווימ גלײַכגילטיק, די יאָדלעס. אָפּ דער ערד ארומ אונדז אונ אויכ אָפּ אונדזער גרוב ליגט מיסטאמע א דיקער, ניט באַטראָטענער שניי. ארומ איז קאַלט, שטיל אונ פּוסט, אונ ס'איז גאָר ניטאָ קיינ סימענ פונ דעמ, וואָס מיר לעבנ דאָ אונטער דער ערד.

איז אָט האָב איכ איינמאָל אַזוי געטראַכט וועגנ דעמ פּאַרשנייטנ וואַלד, אונ ראָכל האָט אומגעריכט אָנגעהויבנ ריידנ שטיל אונ באַראַכט, ווי זי פלעגט עס טאָנ „אַמאָל'', אינ דער היימ... איר ווייסט וועגנ וואָס? אָט טאַקע וועגנ איר לעצטנ געבורטס־טאָג. זי האָט דערמאָנט אַלע אונדזערע כאַווערטעס, די קרויווימ, זייערע מאַטאָנעס. איכ האָב שטיל אײַנגענומענ אינ זיכ ראָכלס רייד, אונ ס'האָט מיכ ארומגעכאַפּט א ווייטעקלעכע בענקשאַפט נאָכ א היימ, נאָכ מענטשנ. ס'האָט זיכ מיר געוואָלט שרײַענ, רופנ, וואָיענ, ווי אַנ אײַנזאַמער וואָלפ. אַז פאַר מענטשנ דאַרפ מענ זיכ היטנ, האָב איכ אינ דעמ מאָמענט קלאָל ניט געדענקט.

ראָכל האָט שטיל א פרעג געטאָנ:

— כאַוועלע, דו שלאָפסט?

— ניינ, איכ שלאָפ ניט. איכ הער אַלצ.

האָט מיכ ראָכל אָנגענומענ באַ אַנ אַקסל, דערנענטערט איר פּאָנעמ צו מײַנעמ אונ געזאָגט:

— ווייסט, כאַוועלע, וואָס מיר פעלט אײַנ? ווער־ווער, נאָר שאָלעמ — שאָלעמ וועט דורכגיינ גאַנצ דורכ פײַער אונ דורכ וואַסער. מיט אימ וועלנ מיר זיכ נאָכ זענ. גלייב מיר, אַז אַזוי וועט עס זײַנ.

— ס'אַראַ ווויל קינד זי איז געווענ, ראָכעלע. מיר האָבנ גאָרניט געוווסט, ווי זי צו שאַצנ, — האָט שאָלעמ באַמערקט.

כאַווע האָט ווײַטער דערציילט:

— איכ ווייס ניט, וויאַזוי דאָס איז געשענ, נאָר איכ האָב זיכ אויכ צערעדט אונ דערציילט ראָכלענ מײַנ איינציקנ סאָד, וואָס איכ האָב פונ איר געהאַט פאַרבאָרגנ. כ'האָב איר דערציילט, וויאַזוי איר האָט מיכ אינ יענעמ אָוונט באַגלייט אַהיימ אונ וואָס איר האָט צו מיר גערעדט... אונ וויאַזוי איכ בינ א פאַרשעמטע פונ אײַכ אַנטלאָפנ.

— כאַוועלע, האָט איר עס נאָכ ניט פאַרגעסנ?

כאַווע האָט ווידער א וואָרפ געטאָנ אָפּ שאָלעמענ איר שנעלנ בליק, וואָס האָט זיכ געבעטנ אונ עפּשער באַפוילנ: „מע דאַרפ ניט. איצט דאַרפ מענ ניט''.

— וואַרט, כ'וועל דערציילנ אַלצ. ראָכל האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט פונ לאַנג געוווסט, אַז איכ בינ אײַכ נעפעלנ. באַ די ווערטער האָט באַ איר עפּעס מאָדנע א ציטער געטאָנ די שטימ, נאָר איכ האָב דאַנ קיינ אַכט דערויפ ניט געלייגט. איר האָט געזאָגט, אַזוי האָט ראָכל דערציילט, אַז איכ בינ... אַז מיט מיר...

— אַז מיט אײַכ קומט ארײַנ א פרייד אינ שטוב, — האָט שאָלעמ אונטערגעכאַפּט, — אָבער איצט איז עס מער, פיל מער... איצט זײַט איר נאָכ טויזנט מאָל בעסער אונ שענער אונ.... כ'וויל אײַכ זאָגנ...

כאַווע האָט זיכ געלאָזט אָנעמענ פאַר די הענט אונ איז פאַרלעגנהײַט אָפּגעקערט אינ א זײַט דאָס פּאָנעמ. אָבער דאָ באַלד האָט זי א קוק געטאָנ שאָלעמענ גלײַכ אינ די אויגנ ארײַנ, שטיל באַפרײַט די הענט אונ קימאַט טרוקנ א זאָג געטאָנ:

— הערט ווײַטער! די דערמאָנונגענ האָבנ מיכ מיט ראָכלענ אַוועקגעטראָגנ ווײַט פונעמ גרוב, אונ מיר האָבנ לאַנג אונ פאַרטרוילעכ געשמועסט, ביז ס'האָט אונדז שוינ ניט געסטײַעט קיינ קויעכ צו ריידנ. ראָכלס לעצטע ווערטער זײַנענ דאַנ געווענ:

—כאַוועלע, דו האָסט זיכ א ביסל אָפּגעלאָזנ. ס'איז ניט גוט. געדענק, אַז מיר זײַנענ די לעצטע פונ אַנ איידע. מיר מוזנ זיכ ראַטעווענ.

דער שמועס מיט ראָכלענ האָט מיכ זייער דערוואַרעמט. כ'האָב זיכ דערפילט א ביסל אויפגעלעבט. ראָכל, פאַרקערט, איז געוואָרנ זייער שווײַגעוודיק אונ טרויעריק. איר פּאָנעמ האָב איכ ניט געזענ, נאָר כ'האָב געפילט, אַז אינ איר איז פאָרגעקומענ עפּעס אַנ ענדערונג ניט צומ גוטנ. אונ דאַנ האָב איכ פאַרשטאַנענ... יאָ, ס'איז צו מיר דערגאַנגענ ראָכעלעס סאָד, וואָס זי האָט אַוואַדע פאַר זיכ אַליינ אַפילע קיינמאָל ניט אַנטפּלעקט. איר פאַרשטייט, שאָלעמ, אָט דאָס האָב איכ אײַכ געמוזט זאָגנ... — האָט כאַווע פאַרענדיקט, קוימ אָפּכאַפּנדיק דעמ אָטעמ, ווי נאָכ א שווערער אַרבעט.

שאָלעמ האָט פאַרוווּנדערט א הייב געטאָנ דעמ קאָפּ. כאַווע האָט אויסגעבאַהאַלטנ פונ אימ אירע אויגנ. דאַנ האָט ער א באַוועג געטאָנ מיט די ליפּנ ווי אָפּ עפּעס צו זאָגנ אונ איז געבליבנ שטיל. נאָר כאַווע האָט שוינ ווײַטער גערעדט:

— די געדריקטע שטימונג האָט באַ ראָכלענ לאַנג ניט געדויערט. אינ א ביסל צײַט ארומ איז זי ווידער געוואָרנ מונטער אונ האָפּערדיק. זי האָט אַפילע געבראַכט פונ ערגעצ א ביסל עסנוואַרג אונ, דעריקער, א גוטע נײַעס, אַז אינ די דערפער וואַרט מענ שוינ פונ טאָג צו טאָג אָפּ'דער רויטער אַרמיי. ווער זשע האָט געקענט טראַכטנ, אַז דאָס איז געווענ ראָכעלעס לעצטע אָנשטרענגונג, אַז דער קריזיס איז אַזוי נאָענט.

איינמאָל זײַנענ מיר ביידע געשלאָפנ, צוגעדריקט די פּלייצעס איינע צו דער אַנדערער,

קעדיי אונדז זאָל זײַנ וואָרעמער. מיטאמאָל האָב איכ דערהערט ווײַטע קנאַלנ אונ דערפילט, אז די ערד ציטערט. איכ בינ באַלד געוואָרנ וואַכ, אונ א הייסע פרייד האָט מיר פארפלייצט דאָס הארצ. האָב איכ א שטויס געטאָנ ראָכלענ מיט דער פלייצע אונ אויסגעשריענ:

— ראָכעלע, דו הערסט?

— א, דו הערסט אויכ? — האָט ראָכל געענטפערט מיט איר געוויינלעכער שטימ, אָבער באַלד נאָכדעמ האָט זי אָנגעהויבנ ריידנ אזוי מאָדנע, אז איכ בינ פארגליווערט געוואָרנ פונ שרעק אונ דערפילט, אז דער עמעסער אומגליק הייבט זיכ ערשט אָנ. ראָכל האָט מיר געזאָגט, אז זי פירט עס אָנ, ווײַזט זיכ ארויס, מיט אנ ארמיי, וואָס דערנעענטערט זיכ איצט צו אונדז. דורכ ראַדיאָ, האָט זי מיר געזאָגט, גיט זי אָפ אירע באַפעלנ.

ווענ איכ האָב זיכ בא איר אָנגעהויבנ בעטנ מיט שרעק, זי זאָל אזוי ניט ריידנ, האָט זי זיכ צעלאַכט אונ געזאָגט:

— איכ האָב אָבער געוווּסט, אז דו וועסט מיר ניט גלייבנ.

איצט האָב איכ זיכ שוינ ניט געקענט באַקלאָגנ אָפ דעמ, וואָס די צײַט האָט זיכ אָפגעשטעלט. פארקערט, דאָס לעבנ איז געוואָרנ זייער פארשיידנארטיק. ראָכעלע פלעגט מיר אַלצ צוטראָגנ נײַע סיורפריזנ. טיילמאָל פלעגט זי צארט ארומנעמענ מײַנ האַלדז מיט בײדע הענט אונ צולייגנ מײַנ אויער צו דער וואַנט פונ דעמ גרוב, קעדיי איכ זאָל בעסער הערנ, ווי עס קנאַלט. טיילמאָל פלעגט זי טרוימענ אינ דער הייכ וועגנ דעמ, וויאזוי זי וועט ארויס אנטקעגנ דער ארמיי, וואָס פאר א קלייד זי וועט אָפ זיכ אָנטאָנ. איינמאָל האָט זי מיר געזאָגט:

— אמאָל איז געווענ א ייִדיש מיידל, ייִפטאָכס טאָכטער. האָט זי באַגעגנט די זיגער מיט געזאַנג אונ מיט טענצ. וועלנ מיר אויכ אזוי טאָנ, כאַוועלע!

דאָ באַלד האָט זי זיכ געכאַפט אָפ צוריק:

— אוי, כ'האָב זיכ דערמאָנט. מע דארפ ניט. זאָלסט ניט טאנצנ. דאָס מיידל, וואָס האָט געטאנצט, האָט מענ געבראַכט פאר א קאָרבנ. מײַנ טאַטע האָט דאָס מיר דערציילט. צוליב וואָס נאָכ קאָרבאָנעס?

עס זײַנענ דורכגעגאַנגענ שאָענ אונ עפשער מעסלעסנ. די ערד האָט אַלצ מער געציטערט. די קנאַלנ זײַנענ געוואָרנ נעענטער. ראָכל איז געוואָרנ אַלצ אומרויִקער. טיילמאָל פלעגט זי זיכ הויכ אונ איימעדיק צעיאָמערנ אינ דער פינצטערניש אַרײַנ.

איכ האָב געהערט, ווי זי רײַסט אָפ זיכ די קליידער. אונ גאנצ אָפט זײַנענ אינ מיר געפלויגנ שטיקער ערד, וואָס זי האָט, קענטיק, ארויסגעריסנ מיט די נעגל פונ דער וואַנט. עס זײַנענ געווענ מאָמענטנ, ווענ איכ האָב שוינ פאר גאָרנישט מוירע געהאַט. איכ האָב מוירע געהאַט נאָר פאר איינ מענטש אינ דער וועלט — פאר מײַנ בעסטער כאַווערטע ראָכעלע פרידמאַנ. עס זײַנענ געווענ רעגעס, ווענ איכ האָב געמוזט באַקעמפנ אינ זיכ דעמ פארלאַנג ארויסצורײַסנ זיכ פונעמ גרוב אונ באַהאַלטנ זיכ, קעדיי ראָכל זאָל מיר ניט נאָכגיינ. איכ האָב עס אָבער ניט געטאָנ. איכ האָב געהאַלטנ ראָכלענ שטארק, שטארק פאר בײדע הענט, קעדיי זי זאָל ניט ארויסשפרינגענ פונ גרוב אונ ניט לאָזנ זיכ ערגעצ לויפנ.

איינמאָל איז ראָכל א לאַנגע צײַט געזעסנ שטיל אונ ניט גערירט מיט קיינ אייווער. דאָס האָט מיט איר פאר דער לעצטער צײַט זייער זעלטנ פאסירט. איכ האָב געדרעמלט אונ געהאַט עפעס א מאָדנע געפיל דערבײַ. איכ האָב געפילט די שטילקײַט ווי עפעס א לעבעדיקע זאַכ. קענטיק, אז די שיסערײַ האָט דאַנ אויכ אופגעהערט. איכ האָב מאַמעש נעהערט, ווי די שטילקײַט וואַקסט, פילט אָנ דעמ גרוב ביז די ברעגנ. אונ אָט הייבנ זיכ פונ איר אָנ אויסטיילנ דײַטלעכע קלאַנגענ פונ א שוואַכער שטימ, אינ וועלכער עס האָבנ געקלונגענ אי טרערנ אי פרייד.

— כאַוועלע! — האָט שטיל געפליסטערט די שטימ, — ס'איז מיר זייער גוט, עפעס אזוי גוט-גוט!

איכ בינ געוואָרנ וואַכ. אַלע מײַנע כושימ זײַנענ אינ מיר אָנגעשפיצט געוואָרנ. ס'איז אינ מיר מיטאמאָל פאָרגעקומענ אנ איבערקערעניש. איכ האָב זיכ ווידער דערפילט פאר דער שטארקערער אונ פאר דער גרעסערער, ווי איכ האָב זיכ געפילט שטענדיק, פונ אכט יאָר אָנ, זינט איכ בינ געוואָרנ ראָכעלעס כאַווערטע. איכ האָב ארומגענומענ ראָכלענ מיט בײדע הענט, געקושט איר פאָנעמ, געדריקט זי מיט אַלע קויכעס צו זיכ. איכ האָב זי געוואָלט דערוואַרעמענ.

ראָכל האָט זיכ אַלצ מער אראָפגעלאָזנ אָפ דער ערד אונ שטיל צו מיר געשעפטשעט:

— וואָס ביסטו אזוי צעטראָגנ, כאַוועלע? מיר איז איצט זייער גרינג אָפ דער נעשאָמע. אַליינ בינ איכ אויכ זייער גרינג... ווי א שטרויעלע. איכ פלי אַוועק צו זיי. האָב אָפ מיר קיינ פאריבל ניט. מער קענ איכ ניט וואַרטנ. — זי איז געבליבנ ליגנ שטיל.

כאַווע האָט זיכ אופגעהויבנ פונ איר טשעמאָדאַנ אונ איז געבליבנ שטיינ אָנגעשפארט אָנ דער וואַנט פונעמ אָפגעברענטנ וואָקזאַל. שאָלעמ האָט זיכ אויכ אופגעהויבנ, געמאַכט עטלעכע נערוועזע שפאַנ הינ אונ צוריק אונ אָפגעשטעלט זיכ אַנטקעגנ כאַווענ. כאַווע האָט אָפ אימ א קוק געטאָנ אונ געזאָגט:

— עפעס בינ איכ פאר דער לעצטער צײַט ווי אויסגעטריקנט געוואָרנ. איכ וואָלט וועלנ פאנאַנדערביינדנ מײַנע געפילנ, לאָזנ זיי

פרײַ — קענ איכ ניט. אָט האָט זיכ מיר נאָכ דערמאָנט אינ גרוב געוואָלט שרײַענ הויכ אפ א קאָל מיט א וויינענדיקנ ניגנ, ווי עס פלעגנ טאָנ ווײַבער באַמ באַגלייטנ א מעס:

— ראָכעלע, אפ וועמענ האָסטו מיכ איבערגעלאָזט, ראָכעלע!

איכ וואָלט זיכ פּאָשעט מעכײַע געווענ, ווענ איכ שרײַ זיכ אזוי אויס. אָנשטאָט דעמ האָב איכ נאָר אומזיניק געשעפּטשעט, ווי איכ וואָלט מוירע געהאַט עמעצנ אופוועקנ:

— ראָכעלע, וואָס איז מיט דיר, טײַערע, ענטפער מיר, זאָג מיר עפּעס. דאָס בינ איכ דאָכ, כאַווע. נו, רייד צו מיר, רייד...

ראָכל האָט געשוויגנ. איכ האָב ארויסגעלאָזנ איר האַנט. איכ בינ שטיל געזעסנ לעבנ איר, כ'ווייס ניט וויפל צײַט, אונ אלצ געדענקט, אַז איכ האָב נאָכ עפּעס וויכטיקס צו טאָנ. אָט טאַקע מיט איר, מיט ראָכעלענ, דאַרפ איכ נאָכ עפּעס טאָנ. מיר איז געוואָרנ זייער קאַלט. ס'האָט זיכ געוואָלט כאָטש עפּעס ארופציִענ אפ זיכ. האָב איכ אויסגעצויגנ די האַנט אונ... אָנגעטאַפּט לעבנ זיכ דעמ זאַק פונ שפּײַז.

איכ האָב גענומענ דעמ ליידיקנ זאַק אונ גוט אײַנגעדעקט ראָכלענ. עפּעס האָט זיכ מיר געדוכט, אַז אזוי וועט איר זײַנ בעסער. כ'האָב זיכ אופגעשטעלט אפ די פיס. כ'האָב דענ אָבער געהאַט פיס? שווערע קלעצער, ניט קיינ פיס. אונ אינ דער לינקער זײַט ברוסט ליגט עפּעס א קנויל, וואָס צעוואַקסט זיכ אזש ביזנ גאָרגל אונ גיסט אָנ דעמ גאַנצנ קערפּער מיט בלײַ... איכ האָב זיכ אָנגעהויבנ לאַנגזאַמ ארויפלאָזנ פּאַזע דער וואַנט.

ווענ איכ בינ געקומענ צו זיכ, בינ איכ געלעגנ מיט דער פּלייצע אפנ שניי, אײַנגעקוטעט אינ א גרויסנ פויערשנ פּעלצ. פונ דער זײַט האָבנ זיכ צו מיר דערטראָגנ שטילע שטימענ. איכ האָב געקוקט אפ די שפּיצנ פונ די אלטע הויכע יאָדלעס. צווישנ זיי האָט זיכ ארויסגעזענ זייער א ריינער בלויער הימל, אונ ס'האָט זיכ אפילע דורכגעשלאָגנ די זונ. זײַנענ זיי דאָכ, ווײַזט זיכ ארויס, גאָרניט אזעלכע שלעכטע, די יאָדלעס, ס'איז קעדײַ צו ליגנ אפ דער פּלייצע אונ קוקנ דורכ זיי אפנ הימל. א לײַכט פרעסטל האָט מעכײַעדיק געפרישט מײַנע באַקנ (ס'איז דאָכ שוינ געווענ קימאַט פרילינג).

כ'האָב דערהערט טריט אפנ שניי, נאָר ס'האָט זיכ מיר ניט געוואָלט אויסדרייענ דעמ קאָפּ. אָבער דאָ האָב איכ פאַר זיכ דערזענ אניען, אונדזער אניען מיט די בלאָנדע האָר, מיט די בלויע אויגנ, אונ לעבנ איר איז געשטאַנענ אנ אומבאַקאַנטער סאָלדאַט מיט א רויט שטערנדל אפנ היטל. כ'האָב אפילע באַמערקט באַ אניענ אינ דער רעכטער האַנט א קליינ רענצל. שוינ ניט קיינ זאַק, נאָר א רענצל. אפ עטלעכע מאָל אָפּעסנ פאַר צווייענ וואָלט דאָ געווענ גענוג שפּײַז. פאַר צווייענ?.. דאָ האָב איכ זיכ אלצ דערמאָנט...

— ווו זשע איז זי פריִער געווענ, אניע. פאַרוואָס האָט זי פאַרשפּעטיקט? — האָט זיכ באַ שאָלעמענ ארויסגעריסנ.

— אָ, דאָס דאַרפ מענ שוינ דערציילנ גאָר באַזונדער. זי איז אויכ גענוג אויסגעשטאַנענ...

— נו, אונ ווו האָט מענ באַהאַלטנ ראָכעלענ? — האָט שאָלעמ שטיל געפרעגט.

— אָט טאַקע אינ דעמ זעלבנ גרוב, ווו מיר האָבנ מיט איר א לאַנגע צײַט געלעבט, — האָט אויכ שטיל געענטפערט כאַווע.

זיי האָבנ ביידע א היפּשע ווײַלע געשוויגנ, שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אָנ דער וואַנט פונעמ אָפּגעבראָכענעמ וואָקזאַל. דערנאָכ האָט כאַווע לאַנגזאַמ אופגעהויבנ אירע גרויסע שוואַרצע אויגנ אפ שאָלעמענ אונ א ליכטיקע מיידלשע ראָזקײַט האָט באַפאַרבט איר פּאָנעמ. זי האָט אימ פראָסט אונ פרײַנטלעכ געפרעגט:

— וווּהינ פאָרט איר איצט, שאָלעמ?

— איכ פאָר ווײַטער, אפ מײַרעוו, — האָט שאָלעמ געענטפערט.

— אונ איכ פאָר אפ מיזרעכ, קיינ גראָדנע, האָט א שמייכל געטאָנ כאַווע, — דאָרט איז באַ מיר א פעטער „אלפּי־נעס“ געבליבנ לעבנ.

— ווו זשע וועלנ מיר זיכ זענ, כאַוועלע, אונ ווענ? פינפ יאָר האָב איכ געטרוימט וועגנ דער הײַנטיקער באַגעגעניש אונ ניט געגלייבט, אז זי איז מעגלעכ.

— איכ ווייס ניט, — האָט כאַווע געענטפערט, — איכ ווייס ניט, וווּהינ דאָס לעבנ וועט מיכ איצט פירנ. אָבער... מיר וועלנ זיכ זענ. איכ וועל אײַכ געבנ מײַנ פעטערס אדרעס. איכ וויל אײַכ נאָר זאָגנ, — האָט זי צוגעגעבנ, — אז איר זײַט דער ערשטער נאָענטער מענטש, וועלכנ איכ האָב באַגעגנט נאָכ דער אויסלייזונג.

באַ די ווערטער האָבנ באַ כאַוועס פּנימ א גלאַנצ געטאָנ די אויגנ, אונ פּלוצלינג, ווי זי וואָלט אימ ערשט דערזענ, האָט זי אויסגעצויגנ צו שאָלעמענ אירע ביידע הענט אונ, שווער אָפּאָטעמענדיק, שטיל ארויסגעזאָגט:

— שאָלעמ, איר פאַרשטייט כאָטש, וואָס עס הייסט פאַר מיר איצט א נאָענטער מענטש?

---

## עזרא פינינבערג

# לידער[1]

### צום זונ דעם רויטאַרמייער

אונ אַלע פרי איכ פלי אהינ,
צום זוים פונ דאָרעמ־סאַכאַלינ:
מײַנ זונ דאָרט שפאַנט מיט טויזנט זינ
אונ וואַכט אונ היט די ברעגנ.
ס'איז ווײַט צו פאָרנ מיט א באַנ,
איז פליט מײַנ הארצ צום אָקעאַנ
אונ קושט דעם ליבנ יונגנמאַנ —
מײַנ לויכטנדיק פאַרמעגנ.

אפ הויכע פעלדזנ זײַנע טריט.
איכ אומעטום מימ אימ גיי מיט.
איכ בענטש, איכ פעסטיק זײַנ געמיט
מיט ליד, וואָס ווייסט קיינ מוירע.
אינ טיפסטנ טאָל, אפ העכסטנ בארג
דו זײַ, מײַנ זונ, געזונט אונ שטארק,
צום לאַנד דערלאָז ניט קיינ שום צאַר,
מײַנ איינציקער, מײַנ יוירעש.

די מאַמע בענקט נאָכ דיר, ווי דענ?
זי שטרעקט צו דיר די צאַרטע הענט.
כאָטש אפ א ווײַל דײַנ פּאָנעם זענ —
ביז גאָר וואָלט איר געוואָלט זיכ.
נאָר לאַנג צו פאָרנ מיט א שיפ,
פונ יעדער שורע אינ דײַנ בריוו,
ווו יונגער מוט איז לויטער־טיפ,
די מאַמע ווערט אַלצ שטאָלצער.

העט־ווײַט, העט־ווײַט, באַמ סאַמע ראַנד
פונ איינג לאַנד, פונ טײַער לאַנד
איר זונ מיט טויזנט שאָמרימ שפאַנט,
מיט זיכערע אונ פעסטע.

דו קומענ וועסט געזונטערהייט,
זי וועט דיכ צוטוליענ מיט פרייד:
— דאָס לאַנד האָט, זונ, דיר צוגעגרייט
דאָס שענסטע אונ דאָס בעסטע.

דאָס מיידל איז פונ זונ פארברוינט,
אינ מאָסקווע אונדזערער זי וווינט,
זאָל זײַנ איר שמייכל דיר א לוינ,
א זוניקע מאַטאָנע.
דערווײַל, מײַנ זונעניו, דערווײַל
באַמ ברעג דו שטיי — א פעסטער זײַל,
היט פונ סאַקאָנע יעדער מײַל
מיט ביקס אונ מיט קאַנאָנע.

„באַמ זוימ פונ מיזרעכ־זײַט
עס וואַכנ אָדלער — יונגעלײַט.
די הערצער זײַנענ גרייט צום שטרײַט,
די אויגנ — שמענדיק אָפּנ..."
אזוי געשריבנ האָט דײַנ פענ,
ווענ אַלט געווענ ביסט א יאָר צענ.
אז ס'וועט אזוי מיט ד י ר געשענ —
ווי האָסטו עס געטראָפנ?

אונ אויסגעוואַקסנ איז דאָס קינד.
באַמ אָקעאַנ עס שטייט אצינד
אונ היט פונ ווילדנ שטורעמ־ווינט
די בליִענדיקע דוירעס.
אינ טיפסטנ טאָל, אפ העכסטנ בארג,
אינ סטאַלינס גוואַרדיע א גוואַר,
צום לאַנד דערלאָז ניט קיינ געפאַר,
מײַנ איינציקער, מײַנ יוירעש.

[1] פונעם דיכטערס ליטעראַרישער ירושה.

אַפּ גאָר דער פרײַער לענג און ברייט
דער בויער בויט, דער זייער זייט.
א פרישע פרייד, א שיינע פרייד
ווערט צאַפּלדיק געבוירן.

און סאָנים לויערן אפסנײַ.
א הויכער, שטאָלצער היטער זײַ,
דער פאָן דער רויטער דין געטרײַ,
מײַן איינציקער, מײַן יוירעש.

## דער הויכער ריכטער

האָט דורכגעווייט
א שטאַרקער ווינט.
דאָס כורבן־פעלד
האָט אָפּגעטרויערט.
אין שטעט,
מיט אויגן פון א קינד,
גייט אום
דער קריגער און דער בויער.

מיט שפּאַן מיט שטילן,
ווונדער־פּראָסט,
דורך שטעט גייט דורך
דער יונגסטער, בעסטער.
מיט הויכער מאָס,
מיט שטרענגער מאָס
די מויערן,
די הערצער מעסט ער.

מיט לײַב,
געפעסטיקטן אין בראַנד,
א וואַכעדיקער,
א באַקאַנטער,
אַן אייגענער
אין שיינעם לאַנד,
דורך אַלע ברייטע פּלעצער
שפּאַנט ער.

ער גייט
אין גרויזנקן שינעל.
לעם אים דער בלוט־שטיין
איז שוין טרוקן.
די גרויסע נעכט
פון קריגער־פעלד
דורך זײַנע טיפע אויגן
קוקן.

אין זײַנע בליקן —
יאָמען, בערג
מיט לײַב
פון טײַערע און נאָ'נטע.
עס שפּאַנט דער קריגער
אומבאַמערקט.
— זאָל דאָ געשאַפן ווערן, —
מאָנט ער.

און קינדער
נעמט ער אַפּ די הענט
און טוט זיי קושן,
טוט זיי גלעטן.
און פּלוצעם
גייט ער זיך א ווענד:
— וואָס טוען
ברידערלעך פּאָעטן?

שטיי, דיכטער אופ!
דעם לאַנד דעם העלד
דאָס וואָרט דאָס הייסע
זאָלסטו שענקען.
אין מיטן וועלט
א דענקמאָל שטעל,
קינדס־קינדער
זאָלן אַלץ געדענקען!

מיט ריכטער־אויגן
דורך די שטעט
גייט אום
דער קריגער און דער בויער.
דו זעסט? דו הערסט?
ווי שטיל ער טרעט,
ווי טרײַ ער הייבט
דעם העלן מויער.

יול 1946

# פעסט, ווי רוסלאַנד

— Неколебимо, как Россия...
А. Пушкин.

פונ אלדי ווײַט
געקומענ זײַנענ אונדזעריקע לײַט,
געווענ א שטרײַט א ריזיקער.
זיי האָבנ גאָר די וועלט באפרײַט דאָרט.
פונ אלדי ווײַט
געקומענ זײַנענ אונדזעריקע לײַט,
פאַר לענינס הויכ געצעלט,
פאַר סטאַלינס רום
געטאָנ א שלײַדער
די פאָנענ פונ די פײַנט,
די קראַפט די אײַנגעבראָכענע פונ סאָנים.

אונ רויטער רײַטער האָט ארורכגעיאָגט,
אונ ס'האָבנ דורכגעיאָגט קאַנאָנענ.
אונ ס'האָבנ זיכ פאַר קויעכ אייגענעם
א נייג געטאָנ מיליאָנענ.
אונ אופגעגאַנגענ איז באנײַס אפ אייביק יונג
רוסלאַנדס וווּנדערלעכע זונ.
אינ פײַערנ געשטאַרקט,
אפ שלאַכט־פעלדער געכאָוועט,
איז אופגעגאַנגענ רוסלאַנדס רום,
איז אופגעגאַנגענ רוסלאַנדס קאָוועד.

# לעמ דער וואָלגע

## 1. ס'איז אונדזער שיפ געשווומענ

ס'איז אונדזער שיפ געשווומענ דורכ דער
וואָלגע,
מיט שטערנ אינ דער הייכ אונ אינ דער
טיפ באהאנגענ.
אפ ברעג אפ בארגיקנ, אפ ברעג אפ טאָליקנ
איז אונדז די שטילקײַט נאָכגעגאַנגענ.

בלויז גרויסער שליאַכ אקעגנ אויגנ וואַכע,
אפ ערד אונ וואַסערנ — ווינטלעכ גרינגע,
געשווומענ זײַנענ מיר מיט נאַכט אונ ראַכוועס
אינ גילד'נער פלאַטערניש ארומגערינגלט.

עס האָט געווייט מיט וועלט, מיט לעבעדיקע
ברייטנ,
מיט בליִענדיקער ערד, מיט מילדע האָריזאָנטנ.
צוויי מאָל לויכטנדיק געווענ די פרייד איז,
צוויי מאָל פײַערלעכ געווענ דער יאָמטעוו.

מיר זײַנענ דאָ, דאָס קלאָרע קאָל מיר הערנ
פונ דאָר פונ הײַנטיקנ, פונ דאָר אמאָליקנ.
מיר לעבנ, אונ מיר פלאַטערנ, ווי שטערנ,
אינ דײַנע הייכנ, דײַנע טיפנ, וואָלגע!

## 2. לעמ נעקראַסאָווס אָזערע

ס'האָט דאָ אמאָל א דיכטער געוווינט,
דו וועסט זיכ אָנשטויסנ, מײַנ פרײַנט,
א וואָסערער,
הײַנט טאָג איכ, נעכטיק איכ אונטער דער
גרינער קרוינ,
אפנ קאַלטנ גראָז אונטער סאָסנע־בוים,
לעמ דעמ דיכטערס הויז, לעמ דעמ דיכ־
טערס טרוימ,
לעמ דעמ דיכטערס זילבערנער אָזערע.
דעמ דיכטערס ליד איז דער וועלט באוווּסט
מיט איר צאָרנ מיט איר אומגעהייערנ.
הײַנט שפּאַנ איכ זײַנע מײַלנ דורכ צופוס.

אונ פונ אלע פעלדער כ'הער דעמ דיכ־
טערס גרוס,
אונ עס שפּאַנט מיט מיר דאָס היימלאַנד —
מיט באוואָפנטע, מיט שטרענגע פויערימ.

דער אָסיענ־הימל איז אונדזער דאַכ,
אונ טאָג אונ נאַכט די טרײַע ביקס מיר
ארעמענ.
באמ פרײַענ פאָלק איז דאָס קלייזײַענ וואַכ.
דיכטער! איכ דײַנ קאַנט אפנ מילכאָמע־
שליאַכ
איכ הער דײַנ פאָלק, איכ הער דײַנ שפּראַכ —
אזא לעבעדיקע, אזא וואַרעמע.

## 3. דורכ סטעפּנ

דורכ סטעפּנ, וואָס האָבנ די ברייטנ צעעפנט,
פ'זאָל גוטס זיי באגליקנ און גוטס זאָל זיי טרעפנ,

מיט גרויסנ פארמעגנ מײַנ הײַנטיקע רײַזע:
מיט הארצ, וואָס וועט אייביק די סטעפּנ געטרײַ זײַנ.

אינ מיטנ דער ראכוועס אנ אייגענער ברודער,
א כמורנער טשאבאנ אפ א זוניקער דורע
שפּילט וועגנ גליק, וואָס סע וועלנ עס שעפנ
ליכטיקע דוירעס אפ ליכטיקע סטעפּנ.

אינמיטנ דער ראכוועס אינ פרידלעכנ אוונט
עס שפּילט אפ א פידל דער סטעפּנ-בעטהאָווענ,

אפ פידל פונ נײַע, פונ אונדזערע פעלדער,
ער שפּילט וועגנ בלוט, וועגנ מוט פונ די העלדנ.

אפ פידל געשניצטנ אינ שטורעמ-באנאכטנ
ער שפּילט וועגנ קריג, וועגנ זיג אינ די שלאכטנ,

אונ הערצער דערהערנ דעמ וועלטישנ ערנסט,
געזאנג פונ די צײַטנ, דעמ גאנג פונ די שטערנ,
אונ הערצער דערשפּירנ די וווּנדער-באלוינונג:
דאָס לאנד אינ צעבליונג, דאָס לאנד אינ ניצחוינעס.

## 4. שטיל דאָ

שטיל דאָ. מיט געפילדער ווילדנ האָב איכ זיכ צעשיידט.
ווײַט די שטעט אונ ניט פאראנ קיינ ברעג-הײַזער,
בלויז א גרויסער שטערנ איבער וואָלגעס ברייט,
ווי א גוטער וועג-ווײַזער.

ניט קיינ קינד, וואָס מאמעס ברוסט נאָכ זויגט,
מיט גופ אונ הארצ געפרוווטנ אינ מײַנ היימלאנד ווײַנ איכ שוינ.
נאָר אלצ נאָכ נײַ איז אונדזער בלײַבנ אויג אפ אויג,
ברייט קאדמוינישע!

כ'האָב דורכגעיאָגט דורכ בלוט, כ'בינ דורכגעגאנג דורכ פעספ,
עס האָבנ מיט די בײַטשנ מיכ די טעג געקאטעוועט,
מע האָט געשלעפּט מיכ אפ א שליפּ — אונ דורכ א נעס
האָב איכ זיכ געראטעוועט.

ניט באָכעריש פארבענקט — באיאָרט אונ שטרענג,
נאָר גלייבנ כ'קענ דאָ נאָכ, אונ בעטנ כ'וויל דאָ נאָכ:
— דורכ דער וואָלגעס לענג מיכ צומ וווּנדער ברענג,
שטערנ מילדער, שטערנ גילדערנער!

אווראָמ קאהאנ

---

# אינ באבטשיכארי־ איז דאָס פאַרגעקומענ

געווענ איז דאס אינ די ערשטע טעג, ווי איכ האב זיכ אומגעקערט קיינ קיעוו, מײַ 1944 יאָר. ניט אלע אײַנוווינער האָבנ זיכ שוינ געהאט אומגעקערט צו זיכ אינ די נעסטנ. וועלכע איז נאָכ געווענ אפ די פראָנטנ, ווער אינ וועג פונ דער ווײַטער עוואקואציע. האלב־כאָרעווע אונ האלב־פוסטע הײַזער האָבנ געקוקט מיט זייערע אפגעפראָלטע פענצטער צו די פרילינגדיקע גאסנ אונ געוואָלט אינ זיכ אײַנשלינגענ זונ־שטראלנ, נאָכ וועלכע זיי האָבנ געלעכצט. אינ די אָפטע שפאצירנ, וואָס איכ פלעג מאכנ אפ די אופלעבנדיקע גאסנ אונ אפנ צעקאליעטשעטנ קרעשטשאטיק, האָב איכ געוואָלט דערזענ די ביז-מילכאָמעדיקע שיינקײַט, וואָס דער סוינע האָט פארשוועכט אונ פארשעמט. איכ האָב שוינ געפילט די ערשטע שפורנ פונ דער דאָזיקער שיינקײַט.

זיצ איכ מיר אזוי איינמאָל אינ א גאָרקיכ אונ וואַרט אפ מיטיק. אקעגנ מיר — באַמ מיש זיצנ נאָכ צוויי מענטשנ. איינער — ציוויל נעקליידט, א מיטליאָריקער מיט א קײַלעכיק פּאָנעמ אונ א נאקעטנ קאָפּ. דער צווייטער—א מאטראָס אינ א בלאָער גימנאסטיאָרקע מיט אנ אופגעשניטענער ברוסט, ווו סע זעט זיכ ארויס די טעלניאשקע מיט די בלאָ־בלויע גראָבע פאסיקלעכ. דעמ קאָפּ האָט דער מאטראָס געהאלטנ פארנייגט. די אויגנ עטוואָס צוגעמאכט אונ געווענדעט צומ שאָכנ.

לויט דעמ, ווי דער מענטש אינ ציווילנ האָט געקוקט צומ מאטראָס, האָב איכ דערקענט, אז אָקאָרשט האָבנ זיי ביידע אזוינס אופגעטאָנ, פונ וואָס ביידע זײַנענ צופרידנ.

דער מאטראָס האָט שולדיק א קוק געטאָנ אפ זײַנ שאָכנ אונ געזאָגט אינ רוסיש:

— דיאדיא, פארוואָס גדויערט אזוי לאנג?

אונ אלע דרײַ באַמ טיש האָבנ מיר אויסגעדרייט די קעפ צו דער קיכ, פונוואַנענ מיר האָבנ געוואַרט, דער אָפיציאַנט זאָל קומענ.

— פארוואָס רופט ער אײַכ פעטער? צווישנ אײַכ אונ אימ איז, דאכט זיכ, ניט קיינ גרויסער כילעק אינ די יאָרנ? — האָב איכ געפרוווט אינ א שפאס פארבינדנ א שמועס.

דער מענטש מיטנ נאקעטנ קאָפּ אונ ווייכע מאנדל־קאָלירענע אויגנ האָט א שמייכל געטאָנ. נאָר ערנסט אונ אפגיכ אָפּגעענטפערט:

— דאָס איז מײַנ עלטערנ ברודערס א זונ.

אונ ווי ער זאָל זיכ אינ עפּעס דערמאָנענ, האָט ער זיכ אָנגעבויגנ צומ פּלימעניקס א. יער אונ מיט צופרידנקײַט געזאָגט:

— ער וואָלט דיר געדאַרפט שטעלנ א האלבנ ליטער, דו הערסט, סעניע.

דער מאטראָס האָט צוגעלייגט דעמ אויער.

— וואָס איז מיט אימ? — פרעג איכ.

— ער הערט ניט — קאָנטוזיעט, — ענטפערט מיר דער מענטש אונ העכערט די שטימ, ווענדנדיק זיכ צומ מאטראָס: — איכ זאָג, האָסט ארײַנגעזעצט דעמ שווייצאר א נײַע נעשאָמע.

סעניע מאכט אזא מינע, גלײַכ קיינ באַזונדערס האָט ער ניט אופגעטאָנ.

— איכ האָב געקענט אלע, וואָס האָבנ געדינט אינ פלאָט פונ שוואַרצנ יאַמ.

פארינטערעסירט, פרעג איכ סעניעס פעטער, וועגנ וואָס גייט דאָ די רייד.

— דעמ שווייצאר באַמ גאַרדעראָב קענט איר? — פרעגט מיכ סעניעס פעטער.

— יאָ. אָט דעמ מיט דער לאנגער באָרד, קוטשערנ?

— קוטשערנ. ווי נאָר ער האָט אונדז דערזענ אפ דער שוועל אונ באַמערקט סעניענ, מאכט ער צו אימ: עפּשער האָט איר ערגעצ באַגעגנט מײַנ זונ, ער איז אויכ געווענ א מאטראָס? סעניע הערט דאָכ אָבער ניט, האָב איכ עס אימ ארײַנגעשריגנ אינ אויער, קוקט ער זיכ אײַנ אינ אלטיטשקנ אונ פרעגט, ווי איז די פאמיליע אונ ווי רופט מענ זײַנ זונ. דערוויסט זיכ, אז וואלענטינ קוטשער, האָט סעניע געזאָגט: יאָ, ערשט פריער מיט א כוידעש צײַט האָט ער אימ דאָרטנ אינ דאָרטנ געזענ. דער אלטער איז בלאָס געוואָרנ אונ האָט ניט געוואָלט גלייבנ. שוינ באַלד דרײַ יאָר, אז קיינ אײַנגעטינקענע פעדער איז פונ אימ ניט געווענ, מ'האָט אימ שוינ באוויינט. גדויערט ניט קיינ פינפ מינוט אונ דער אלטער האָט ארײַנגעבראכט א פאָטאָגראפיע, ווו עס זײַנענ אראָפּגענומענ זײַנ זונ מיט נאָכ עטלעכע מאטראָסנ.

„געפינט — זאָגט דער אַלטער צו סעניען, — געפינט מײַן זון צווישן אָט די יונגעלײַט, ווײַל איך וויסן, אַז איר קענט אים טאַקע". פאַרשטייט זיך, אַז סעניע האָט גלײַך געפונען אָפּ דער פאָטאָגראַפיע וואַלענטינס קוטשערן. דער שווייצאַר האָט זיך געוואָרפן סעניען אָפּן האַלדז. „יאָ, — האָט ער געטײַנעט, — דאָס איז טאַקע מײַן וואַליע..."

דער מענטש מיטן נאַקעטן קאָפּ לאַכט צו סעניען און שרײַט אים אין אויער אַרײַן:

— איך דערצייל די מײַסע מיטן שווייצאַר!

— אַ־אַ־אַ, — טוט דער מאַטראָס אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: שוין געזען שענערס!

איך האָב זיך פאַרקלערט. כ'האָב אויך צו פרעגן וועגן אַ זון, וואָס איז געווען אַ שלאַכטמאַן אין קרים. עמעס, ס'האָט זיך ניט געוואָלט אופוועקן שוין עטוואָס אַ צוגעהיילטע ווונד, און ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ שלעכטער ענטפער עס קאָן קומען... אָבער די געשיכטע מיטן אַלטן שווייצאַר האָט מיך גערירט. און איך בין זיך מוידע: אַ ביסל בין איך מעקאַנע געווען דעם אַלטן, וואָס איז איצטער געשטאַנען אַן אופגעלייגטער אין קאָרידאָר און יעדן אַרײַנקומענדיקן דערציילט זײַן אַומגעריכטע סימכע.

— אויב איר זײַט אַזאַ ווייסער, — האָב איך מיטאַמאָל זיך אָנגעבויגן צו סעניעס אויער, — איז עפּשער האָט איר ערגעץ מײַן זון אויך באַגעגנט?

מיטן פינגער טײַטלט סעניע אָפּ מיר:

— אײַערער? איר האָט אַ זון אין פלאָט?

— יאָ, — ווער איך באַ זיך שטאָלץ, — איך האָב געהאַט אַ זון אין פלאָט...

— כאָראָשאָ, — צעשמייכלט ער זיך, און די פאַרפרעסטע ליפּן צעעפענען זיך: גרויסע, ווײַסע ציין בלאַנקען, און דערפון ווערן העלער זײַנע טונקל־רויטע ליפּן. איצטער קוקט ער זיך אין מיר אײַן, פאָרשט מיך. דערפון ווערט מיר שווער: אָט וועט ער מיר זאָגן עפּעס שרעקלעכס... — ווי איז אײַער פאַמיליע?

איך זאָג אים.

אָפּ סעניעס שטערן רוקן זיך העכער אַרופּ די טונקעל־קאָלירענע ברעמען זײַנע און די אויגן צעעפענען זיך ברייטער. ער צעשמייכלט זיך.

— וואָס־זשע, — זאָגט ער, — איר מיינט אַוואַדע, איך געדענק ניט אײַער זון? — און ער רופט מיר אָן דעם נאָמען זײַנעם.

איך האָב אופגעציטערט.

— ריכטיק, — רײַסט זיך באַ מיר אַרויס, — אַזוי האָט מען גערופן מײַן זון. — ער לייענט שוין איבער לויט מײַנע ליפּן, וואָס איך זאָג. — אָבער ס'קאָן זיך דאָך גראָד טרעפן, אַז נאָך באַ עמעצן זאָל צונויפפאַלן סײַ דער נאָמען, סײַ די פאַמיליע...

— נאַטירלעך, אַז ס'קאָן זיך מאַכן. אָבער אָט ווײַל איך אײַך זאָגן דעם נומער פון זײַן פאָסט־אָפּטייל... — און נאָך אַ פּאַוזע דערהער איך קלאָר: — 1007.

— ריכטיק. אַזאַ פאָסט־אָפּטייל האָט מיר מײַן זון אָנגעגעבן אין איינעם פון זײַנע בריוו.

— און דער פאָטער זײַנער איז אַ ליטעראַט, — דערהער איך ווײַטער סעניעס שטים.

איך האָב זיך אײַנגעקלעמט מיט מײַנע אויגן אין זײַנע ליפּן, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די ריכטיקע סימאָנים. איך בין געבליבן זיצן מיט אַ קאַלטן שווייס אָפּן שטערן.

— נו, — מאַכט צו מיר דער פעטער, — וואָס האָב איך אײַך געזאָגט. ער קען אַלעמען.

נאָך אַ גרעסערער פּאַוזע, ווען איך האָב באַנומען טיפער די זאַך, האָב איך זיך אײַנגעשטעלט ווײַטער צו פרעגן:

— זײַט אַזויפיל גוט, סעניע, עפּשער ווייסט איר, וווּ ער געפינט זיך איצט?..

סעניע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און שטיל געענטפערט:

— איך האָב מיט אים פאַרבראַכט אין סאָף 1941 יאָר אין סעוואַסטאָפּאָל. צוזאַמען אַפילע גענומען צו ביסלעך מאַשקע נאָך אייניקע געראָטענע אָפּעראַציעס. מיר זײַנען דאָך אַלע זינדיקע מענטשן. און נאָך בראַט, אַ מאַטראָס, איז אַ באַזונדער באַשעפעניש... — ער איז שטיל געבליבן אַ ווײַלע און דערנאָך ווײַטער פאָרגעזעצט:

— איינמאָל האָט מען אונדז אַרויסגעבאַגלייט קיין באַכטשיסאַרײַ אין אַ לופט־דעסאַנט. אײַער זון איז געווען קאָמאַנדיר פון אַ ראָטע. איר זאָלט וויסן, וואָס עס הייסט מאָרסקאַיאַ פּעכאָטאַ...

ער איז געבליבן שטיל. און נאָך אַ פּאַוזע:

— איר זאָלט געדענקען, פאָטער, אַז דאָרטן האָבן מיר מיט אונדזערע הענט געטײַטשט דײַטשן. איר זעט מײַנע הענט? דרײַ שטיק האָב איך דערוואָרגן, ווען איך בין געבליבן אָן קוילן. און אײַער זון... אײַער זון האָט באַ זײַן לעבן אָפּגענומען גענוג בלוט באַ די סאָנים...

איך האָב פאַרמאַכט די אויגן, און אין מײַנע דימיענ זײַנען געשטאַנען סעניעס גרויסע הענט.

אינדרויסן איז געווען לינד און מײַיִקפריש. איך געדענק ניט, ווען איך בין אַרויס פון דער גאָרקיכ. צו זיך אין דער ליידיקער שטוב, האָב איך געבראַכט מײַן גײַעם באַקאַנטן סעניע גאָראַכאָווסקי, וואָס האָט איינער פון די לעצטע געזען מײַן זון... מיר זײַנען מיט סעניען געזעסן באַ איין טישל, אָפּ איין בענקל... סעניע האָט דערציילט, אַז ער איז אַהער, קיין קיִעוו, געקומען זוכן אַ שפּור פון זײַן פאָטער, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן אין באַבי־יאַר. איצטער האָט ער געוואָלט אין מיר זען זײַן פאָטער, און איך האָב אין אָט דעם הויכן, קרעפטיקן מאַטראָס געזוכט ענלעכע שטריכן פון מײַן זון. און איך האָב די דאָזיקע שטריכן געפונען...

# כ. מאלטינסקי

---

## געזעגענונג

מיר האָבנ אָקאָרשט נאָר דעמ דײַטש
פונ דאָרפ אַרויסגעטריבנ.
נאָכ פײַפט א קויל,
נאָר שוינ אינ פולנ וווּקס מיר גייענ.
פאַרבײַגייענדיק, כ'בינ אָפ א רעגע שטיינ געבליבנ,
א קוק צו טאָנ אָפ דעמ סאָלדאַט,
וואָס מיט הורא-געשרייענ
דער ערשטער ט'זיכ געלאָזט צומ יִשעוו לויפנ;
נאָר ס'האָט א קויל צעלעכערט אימ די שלייפנ.
איצט ליגט ער מיט איינ באַק צומ שניי...
דאָס מויל האַלב אָפנ
(א צענדליק טריט צומ יִשעוו ניט דערלאָפנ)...
מיר האָבנ זיכ מיט אימ באַגעגנט בליק צו בליק,
נאָר כ'האָב זײַנ טויטנ קוק ניט אויסגעהאַלטנ.
— פאָרויס, — שרײַט דער קאָמבאַט, — אינ דאָרפ אַרײַנ מיט גליק.
איכ גיב מײַנ קאָפ א קער אויס אָפ צוריק,
זיכ זעגענענ מיט דעמ, וואָס בלײַבט אינ שניי אינ קאַלטנ...

1946. 7. 27

## נאָכ יאָרנ קריג

אינ מײַנ פאַרטראַכטעניש
איכ שטעל מיכ ראַפטאָמ אָפ
אונ כאַפ א קוק: וווּהינ זשע גיי איכ?
ערשט איצט פאַרשטיי איכ —
א טרויעריקנ שמייכל כ'גיב — עכ, דולער
קאָפ,
דו האָסט אַזש אָנגעשפאַרט
צו דײַנ פאַרמילכאָמעדיקער דירע,
ווו יעדנ אָוונט האָט אָפ דיר געוואַרט
דײַנ זונ — דאָס צווײטשערל — דײַנ לירע.
ער פלעגט אַקעגנ מיט א לאָדעניש אַרויס:
— האָסט מיר געבראַכט א רויטנ בלײַער?

1946 .8 .4

איכ האָב דאָכ אויסגעבויט א הויז,
נאָר אָנ א רויכ אונ אָנ א פײַער...
איז בלײַב איכ שטיינ, געגליכנ צו אַנ אַלטנ
פערד,
וואָס קומט אַליינ צומ הויף, צו דער סטאַדאָלע.
נאָכ יאָרנ קריג אונ יאָרנ פינצטערער בעהאָלע
בינ איכ געגאַנ אינ די מאַכשאָוועס מײַנע
טיף פאַרקלערט,
אונ כ'האָב פאַרבלאָנדזשעט צו מײַנ ליבנ הויז.
נאָר קיינער קומט אַנטקעגנ ניט אַרויס,
אונ כ'גיב א צי די לייצעס אָפ צוריק...

## אפּ אײנ פּוס

די בושלענ געשענקט

װענ כ׳גיב זיכ מיר א שטעל שװינ
אפּ מײַנ פּוס
אינ אײנעמ פּונ די הארבסטיקע פּארנאַכטנ
די װעלט ארומ באטראכטנ,
איז האָב איכ אױכ אינ דעמ א שטיקל פרײד
אונ א גענוס...
װײַל איכ דערזע,
װי אפּ דער סאָזשלקע דאָרט שטײט
א קאָפּיע פּונ מיר —
דער בושל פּונ מאָזיר,
פּארגליװערט אפּ אײנ פּוס, װי שלעפּערדי־
קערהײט,

אינ גיט זיכ מיט קײנ אײװער ניט קײנ ריר.
איז װער איכ בא זיכ יאָמטעװדיקער דאנ:
איכ בינ דאָכ ענלעכ אפּנ ציפּויר — דעמ
בוטיאנ,
פּאר װעלכנ די פּאָליעסיער דיכטער
זינגענ מינאסטאמ
גרײט זיבנ מאָל צו גײנ אינ פײַער אונ
אינ פלאמ.
איז לאָזט זיכ אויס, אז דאָס איז אױכ א
זכומ ––
די װעלט ארומ באטראכטנ אפּ אײנ פּוס...

14. 2. 1947

## די ליד פּונ סאָלדאט אינװאליד

כ׳בינ א ייִד,
א סאָלדאט,
אנ אינװאליד.
זינג איכ מיר
מיט פרײד מײַנ ליד:
ריבענטראָפּנ,
ראָזענבערגנ
װעט די טליִע
הײַנט דערװערגנ.
כ׳צעמ לעקאָװעד דעמ
א ביסל,
גײ א טענצל
אפּ אײנ פיסל.

אויכ דער מאליענ
פונ נעסטאפּאָ
װעט זיכ באָמבלענ,
װעט זיכ צאפּלענ, —
דארפ מענ נעמענ
נאָכ א קויסע,
ס׳איז די סימכע
גאָר א גרויסע...

כ׳בינ א ייִד,
א סאָלדאט,
אנ אינװאליד,
זינג איכ מיר
מיט פרײד מײַנ ליד:
אי פונ קײטלענ
אי פונ שטרײכער
װעט ניט בלײַבנ
מער קײנ זײכער.
אפּ דער טליִע —
א שערענגע.
אײנער קירצער,
אײנער לענגער.
אונ װער ס׳טראכט נאָר
אונדז פארניכטנ,
מעג זיכ לעכאטכילע ריכטנ:
אז װי אָט די פראנקנ,
פריקנ
װעט א שטריק
אויכ אימ דערשטיקנ.

כ׳בינ א ייִד,
א סאָלדאט,
אנ אינװאליד,
זינג איכ מיר
מיט פרײד מײַנ ליד.
כ׳גיב א טרײסל
מײַנ טשופּרינע,
אויסגעלאָדנ
כ׳האָב מײַנ סינע.
כ׳גיב א טאנצ
אונ טו א הוליע,
טו א טופּע
מיט דער קוליע.

16. 10. 1946

## אפּנ פּעלד פּונ דינאמאָ

דאָס פּעלד פּונ דינאמאָ. געװעטנ פּונ לויפער
אינ שיכלעכ אינ לײַכטע אפּ שטאָלענע נעגל.
צומ סטארט מיט א שמאָלינקנ, זײַטיקנ שטעגל
איכ שפּאנ מיט די „קעגנער" אונ רעג זיכ אונ אײפער.

די הונדערט־מעטראָװוקע צעװירעט, צעשניטנ;
כ׳באטראכט מײַנע „קעגנער" — צװײ אײַזערנע יונגענ.
אונ גוירל מיר װארפנ, מיר פאלט אויס דער מיטנ.
„אכטונג!" — די שטימ האָט דעמ ריכטערס געקלונגענ.

א שאָס פֿון פּיסטויל, און געטאָן כ׳האָב א ריס זיך...
די ערד מיט דער נאָז האָב איך שיִר ניט צעאַקערט.
עס פּאַכען די הענט, און עס טראָגן די פֿיס זיך
מיט האַסט און מיט אימפּעט, צעבראַסטעט, צעפּלאַקערט.

דרײַ הערצער, דרײַ אָטעמס זיך ראַנגלען און שלאָגן;
פֿון אונטער די טריט שפּריצט די ערד אין די זײַטן.
איך ברעך שיִר דעם נאַקן, מיט טעמפּ מיט פֿאַרשײַטן
איך רײַס זיך די קעגנער אַריבערצויאָגן.

מיט אָנשטרענג מיט לעצטן די לופֿט איך צעשמעטער,
„בראַוואָ, בראַוואָ!" — מיך מענטשן באַגריסן.
א וואָרף זיך געגעבן — דער הונדערטסטער מעטער,
מײַן ברוסט האָט די לענטע פֿון פֿיניש צעריסן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווער וועקט עס פֿון שלאָף מיך? — די אויגן כ׳מאַך אָפֿן.
אך, ס׳אַ כאָלעם — בין איך עס געלאָפֿן?..

8. 11. 1946.

## קו־קו, דערקענסט מיך?..

קוקו, דערקענסט מיך? ס׳בין איך דאָך, דײַן כאַווער,
גוט־מאָרגן דיר, טײַערע, ליבע קוקאַווע.
א קוק כאַפּ פֿון צווישן די בלעטער און צווײַגן —
איך בין עס, איך, כ׳וועל דיר זיכער ניט לײַגן.

און זאָל דיך ניט שרעקן מײַן שטעקן מײַן קוליע.
איך האָב אים צום בוים, ווי דו זעסט, צוגעטוליעט.
געדענקסט יענעם יוני־באַגינען דעם קלאָרן?
געשענקט האָסט מיר דעמלט א מאַטמען מיט יאָרן.

נאָר ס׳זײַנען באַפֿאַלן מיך שיידים און גרוילן,
פֿאַרוואַנדלט די יאָרן אין באָמבעס און קוילן.
די ליכטיקע יאָרן פֿון לידער און ווײַנען
פֿאַרוואַנדלט זיי האָבן אין בלוט און אין פּײַנען,

נאָר אַלע ניסיוינעס און פּײַנען און לײַדן
דאָך ניט געקאָנט מיט מײַן מוט מיך צעשיידן.
דו בענטשט מיך אַצינדער מיט לידער מיט נײַע,
האַרציקע מײַנע, קוקאַווקע געטרײַע!

1946

## דאָוויד בערגעלסאָנ

# צוויי וועלטנ*

1

דער גאָלדענער נעפּל אפ די צוויי שורעם געקייטלטע בערג, וואָס אינ ביידע זײַטנ האַרכאָוועדיקנ ווײַס־באַשנייטנ טאָל, האָט צו אָוונט צו ווינטערדיק־גיכ אויסגעלאָשנ זײַנ רויטלעכנ יאָמטעוו.

גרויע שניי־רויכלעכ, געקנוילט ווי וואָלקנס, האָבנ פונ דאָרט גענומענ יאָגנ בארג־אראָפּ, ארומטאנצנ זאווערוכעדיק־בייז אונ זיכ טראָגנ אלצ נענטער אונ נענטער צום לויפנדיקנ שליטנ — א שליטנ מיט א שוואכלעכ פערד פונעמ קאָלווירט, וואָס לעבנ דער טונגוסקע, אונ מיט א יונג באָכערל אנ אָנטרײַבער, וואָס האָט שוינ אָט דעמ דריטנ טאָג געפירט דעמ פּראָפעסאָר אפ באשנייטע וועגנ אונ אומוועגנ, אימ געשלעפּט אונ געשלעפּט אונ אימ נאָכ אלצ אינ ערגעצ ניט דערשלעפּט.

דעמ באָכערל וואָלט געוועזנ ניכע צו טאָנ א מער נוצלעכע ארבעט, ווי ארומפירנ דעמ פּראָפעסאָר — דאָס האָט די גאנצע צײַט זיכ געפילט אינ זײַנ אָנגעבלאָזענעמ אויסזענ, אינ זײַנ שווײַגנ אונ אינ זײַנ אָפּטנ אונטערלויפנ צופוס, קעדיי גרינגער צו מאכנ דעמ אויסגעמאטערטנ פערד. איצט האָט ער דאָס פערד שוינ גאָר אינגאנצנ אָפּגעשטעלט. אראָפּגעקראָכנ פונעמ שליטל, האָט ער א זוכ געגעבנ די פארשווונדענע טעלעפאָנ־סלופּעס, וואָס האָבנ די גאנצע צײַט זיכ געצויגנ דאָ רעכטס, אונ איז געקומענ צו א גאנצ טרויעריקנ אויספיר:

— מיר זײַנענ אראָפּ פונעמ וועג.

— מיר בלאָנדזשענ? — האָט ווי ניט געגליבט דער פּראָפעסאָר, אונ באלד דערופ האָט ער זיכ דערפילט אזוי מאָדנע, ווי גלײַכ לעבנ לעבט ער שוינ ניט מער אינ דער ווירקלעכקײַט, נאָר אינ א פארצײַטיק מײַסעלע. — וואָס זשע וועט זײַנ?

— וואָס זאָל זײַנ? — האָט ארײַנקריכנדיק צוריק אינ שליטנ, בייזלעכ געזאָגט דאָס באָכערל, — וויאָ! די סלופּעס דארפנ זײַנ ערגעצ דאָ רעכטס, מירנ פאָרנ ווײַטער.

צום אָרט, ווו כאוועלע וואָרטמאנ האָט געוווינט, איז געוועזנ דרײַ מאָל אזוי ווײַט, ווי דער פּראָפעסאָר האָט, מעסטנדיק אפ דער מאפּע, אויסגערעכנט, אונ דער דאָזיקער פאקט האָט ווי געהאלטנ אינ איינ אײַנקנעלנ מיט אימ:

— געדענקסט, צו כאוועלע וואָרטמאנ איז דיר טאָמיד, ווי אינ א מײַסעלע, געוועזנ ווײַטער, ווי דו האָסט געמיינט.

דאָס פּרעסטל — איינס פונ יענע פּרעסטלעכ, וואָס באטאָג אונטער דער אָרטיקער וואָרעמער זונ לאָזנ זיי זיכ קוימ־קוימ פילנ — האָט צו נאכט צו גענומענ ווערנ אלצ בײַסיקער אונ ברײַענדיקער. דער פּראָפעסאָר האָט ניט געדענקט, ער זאָל אפ זײַנ לעבנס־טאָג זיכ האָבנ אזוי אָנגעפרוירנ, ווי דאָס מאָל. אימ האָט, דעמ עמעס געזאָגט, זיכ שוינ געוואָלט אָנקומענ וווּהינ־ניט־איז, אבי ניט פילנ, ווי די בײַערע קעלט נעמט אימ אלצ מער דורכ אונ פארקריכט אימ מיט שטעכיקע שפּילקעס אונטער די נעגל פונ די הענט אונ פונ די פיס. טאקע דערפאר, אפּאָנעמ, האָבנ אימ אויסגעזענ אזוי פאנטאסטיש אונ יענוועלטיקנײַ די סילועטנ פונ די פיל גרעסערע אונ קלענערע ראטווירט־געבײַדעס מיט זייערע פריאָנגעצונדענע עלעקטרישע פײַערלעכ; ווענ דאָס באָכערל האָט אפ זיי א ווײַז געטאָנ מיט דער בײַטש בארג־ארופ אינ דער אקעגנדיקער ווײַט:

— אָט איז עס!

איז אָט גאָר וווּהינ כאוועלע וואָרטמאנ האָט זיכ פארקליבנ לעבנ אונ ארבעטנ דאָ אינמיטנ דער פוסטער טײַגע — אינ א ראטווירט, וואָס איז אינ קנאפּע פיר יאָר זיכ צעוואקסנ אינ א גאנצ פארצווײַגטער פּראָווינצסטאנציע. ארומגערינגלט מיט עטלעכע קליינע פילזאלנ־פערמעס אונ באשטאט מיט א גרויסנ סעלעקציע־פּאוויליאָנ, מיט לאבאָראטאָריעס פאר גענעטישע עקספּערימענטנ אונ מיט א

* קאפּיטלענ פונ א ראָמאנ. זע „הײמלאנד“ נומ. 1, 2.

שטאט געלערנטע אונ וויסנשאפטלעכע מיטארבעטער, האָבנ דאָרט איצט שוינ געלעבט אונ געארבעט ארומ הונדערט מיט פופציק מישפּאָכעס. זיי האָבנ געהאט לעבנ זיכ א שול פאר זייערע קינדער, א קלוב אפ צונויפקומענ זיכ, א פאָר קראָמענ אפ צו קריגנ אינ זיי דאָס נייטיקסטע, אונ דאָס אלצ — אפ אנ ארומגעצוימטנ פלאצ א קילאָמעטער אינ דער טיפ, באהיט מיט א סטרוזש, וואָס קוקט ארויס פונעמ וועכטער־שטיבל באמ ארייַנפאָר־טויער, פירט צו נאכט צו א כעשבנ, וועמענ לאָזט ער ארייַנ אונ וועמענ לאָזט ער ארויס אונ פרעגט זיכ נאָכ אויכ באמ אָנגעקומענעמ פראָפעסאָר:

— צו וועמענ דארפט איר דענ?

דער ווינט אונ די זאווערוכעדיק־טאנצנדיקע שניי־רויכלעכ האָבנ מאמעש ווי ארייַנגעבלאָזנ דעמ פארקלייסטערטנ פראָפעסאָר אינ טויער ארייַנ, נאָכ איידער ער האָט באוויזנ צו ענטפערנ. לינקס אקעגנ דעמ וועכטער־שטיבל האָבנ אינ גיכנ דרייעניש שטארק געטראסקעט אונ געטומלט די ווייַס־געפארבטע בלעכענע פליגל פונ דער קליינער מעטעאָראָלאָגישער סטאנציע, ווי זיי וואָלטנ אופגעכאפט אונ שוינ גאָר ניט אופגעהערט איבערצוכאזערנ דעמ סטרוזשס ווערטער:

— צו וועמענ דארפט איר?.. צו וועמענ דארפט איר?..

— צו וועמענ?..

פונ באשיידנקייַט האָט דער פראָפעסאָר זיכ ניט געקענט באשליסנ אָנצורופנ דאָ גלייַכ כאווערס ווארטמאנס נאָמענ.

— צומ אגראָנאָמ, — האָט ער געזאָגט,— צומ דירעקטאָר.

— ניטאָ אינ דער היימ.

— ניטאָ?..

— אוועקגעפאָרנ אָט נאָרוואָס אפ דער פערמע.

— אונ די מוטער זייַנע?

— וועלכע מוטער? די שוועסטער זייַנע מיינט איר. יעווע מאָיסייעוונע? נאָכ געוויס אינ סעלעקציע־פאווילִיאָנ. זי ארבעט שטענדיק ביז שפעט אינ אָוונט.

דער פראָפעסאָר איז געבליבנ שטיינ צעטומלט: זאָל עס הייסנ, אז דער בענ־איר זייַנער האָט אינ מאָסקווע געזאָגט ניט ריכטיק, זי וווינט גאָר דאָ אינייִנעמ מיט א ברודער. נו יאָ... ווי ווייַט ער, דער פראָפעסאָר, קענ אויסרעכענענ, דארפ זי אלט זייַנ א יאָר פערציק — אינ אונ פערציק, הייַנט פונוואנענ קענ שוינ בא איר זייַנ אזא דערוואקסענער זונ אונ נאָכ א דירעקטאָר?

— גייט דערווייַל ארייַנ אָט אהינ, אינ קאָנטאָר, — האָט אימ נאָכגעשריגנ דער סטרוזש.

די קאָנטאָר־געבייַדע, אפ וועלכער דער סטרוזש האָט אָנגעוויזנ, איז איצט, טכילעס אָוונט, געווענ עלעקטריש באלויכטנ סייַ אינווייניק סייַ פונ דרויסנ. איר פעדערשטע וואנט איז געווענ דורכויס באפוצט מיט רויטע לייַוונטנ אונ מיט פאָנענ. אלצ האָט דאָרט לעבעדיק צוגעקנאקט, זיכ געווינטלט אונ זיכ געקנייטשט מיט אלע אופשריפטנ, וואָס דערמאָנענ, אז מאָרגנ אינ אָוונט פאלט אויס דער אָקטיאבער־יאָמטעוו. רויטע טראנספאראנטנ אונ פאָנענ האָבנ אראָפגעקוקט אפנ פראָפעסאָר פונ אלע נאָענטע אונ ווייַטע געבייַדעס אונ מיט זייער פלאטערנ אונ ווינטלענ זיכ ווי געשריגנ צו דער טייַגע מיט די קוילעס פונ אלע אייַנוווינער אפ דער פרוּוו־סטאנציע:

— באצאָל אונדז פארנ אָפגעבידעוועטנ לעבנ פונ אונדזערע עלטערנ אונ פונ אונדזערע עלטערנס עלטערנ, באצאָל פאר דער מי, וואָס זיי האָבנ געפאטערט פאר יענעמ אונ ניט פאר זיכ אליינ, באצאָל אונדז פאר אלע דורעס אונ פאר אלע צייַטנ!..

. . . . . . . . . . . . . . . .

פארגליווערט פונ קעלט, פארווייט אונ פארבלאָזנ מיט שניי, ווי א סנאָפ אינ פוסטנ זאווערוכעדיקנ פעלד, איז אינ יענעמ זעלבנ אָוונט אָנגעקומענ אפ דער פרוּוו־סטאנציע דער מיטגליד פונ ראיִנער פארטיי־קאָמיטעט אונ רעדאקטאָר פונ דער בירָאָבידזשאנער צייַטונג רוּווּנ זעלמאנאָוויטש.

אראָפגעקומענ איז ער אפ צו האלטנ דאָ מאָרגנ אינ אָוונט דעמ פאָרטראָג אפ דער אָקטיאבערישער פייַערלעכער זיצונג אונ אפ דורכצוארבעטנ דאָ מיטנ אקטיוו איינִיקע פארטיי־באשלוסנ אינ שייַכעס מיטנ לויפנדיקנ פינפיאָר־פלאנ — גאנצ וויכטיקע באשלוסנ, וואָס האָבנ שוינ פונ פריִער געלאָזט וועגנ זיכ הערנ. אינייִנעמ מיט אָט דעמ גאסט אפ יאָמטעוו האָט אינ טויער פונ דער פרוּוו־סטאנציע ווי ארייַנגעיאָגט די בסורע:

זאלמענקע איז דאָ!

„זאלמענקע” — דאָס איז ניט מער ווי זייַנ פסעוודאָנימ אינ דער צייַטונג. נאָר רופנ רופט מענ אימ אזוי דורכויס אינ ראיאָנ אונ אפילע אינ כאבאראָווסקער קאנטקאָמ. יענע, וואָס קענענ אימ ניט אינ פּאָנעמ, מיינענ דעריבער, אז פונ דער נאטור איז ער זייער א קלייניִנקער, איינער פונ יענע שוואכינקע שרייַבערלעכ, וואָס אליינ זשיפענ זיי קוימ, נאָר אינ דער צייַטונג, אז זיי קריטיקירנ עמעצנ, טוענ זיי דאָס זייער בייַסיק אונ מיט אימפעט פונ א לעמפערט. אונ נאָכדעמ, אז מע באגעגנט זיכ מיט אימ, גלייבט מענ ניט, אז דאָס איז ער „זאלמענקע”. מע דערזעט פאר זיכ א הויכ־געוואקסענעמ, קרעפטיקנ אונ בליִענדיקנ מאנצבל, א העל־האָריקנ, מיט כיינ פונ א מענטשנ א באָטועכ אינעמ לענגלעכנ רייַנ־געגאָלטנ פאָנעמ אונ מיט א קלוגנ אויסדריִ אינ די היפשע גרינבלעכע, ברייט־צע־

שטעלטע מאנדל־אויגנ. ער איז בנײַ־ביי איינער פונ יענע, וואָס אז מע זעצט זיכ מיט זיי שפּילנ אינ א שאָכ, באקומט מענ א מאט. אינ פלוג איז ער ביז גאָר אנ ערנסטער אונ ווייניק בארעדעוודיקער, נאָר ווענ עס מאכט זיכ, ער ווערט ווייצלדיק, דערגייט עס צו אזא מאדרייגע, אז בא אלע ארומ אימ טרערנ שווימ די אויגנ פונ געלעכטער, אונ ער אליינ טוט נאָכ אלצ ניט קיינ מינדסטנ שמייכל אונ זעט גאָר אויס דערבײַ עפּעס ווי גאליק. עס טרעפט, ער צעזינגט זיכ פאָלקס־ניגונימ, קומט ער ארײַנ אינ יענעמ מינ היסלײַוועס, וואָס צווינגט אלע ארומיקע צו באקומענ מאָדנע שמייכלדיקע פּנעמער, זיכ א קאפּעלע שעמענ אונ אינ דער זעלבער צײַט האנאָע האָבנ פונ אָט דער היסלײַוועס זײַנער. ער איז, ווי אלע ווייסנ, פארעכנט אינ ראיאָנ פאר זייער אנ איבערגעגעבענעמ פלײַסיקנ אונ פּינקטלעכנ טוער. ווו ערגעצ א שווער אָרט, ווארפט מענ אימ אהינ אריבער. נאָר בא אָט די אלע מײַלעס זײַנע טרעפט, פונדעסטוועגנ, אז אינ ראיקאָמ אפּ א זיצונג נעמט מענ אימ אינ דער ארבעט, אז עס פליִענ אוש פונקענ, אונ דערמלט קומט ער ארויס פונ נאָכ דער זיצונג מיט זייער פּאמעלעכע טריט אונ שמייכלט פארקלערטערהייט מיט אזא אויסזענ, ווי ער, דער קריטיקירטער, וואָלט דאָכ כאפּנ היספּײַלעס: „אײַ, האָט מענ גוט ארײַנגעזאָגט!“

קוימ אראָפּגעקלעטערט פונ דער געבידעוועטער לאסט־מאשינ, אפּ וועלכער בלויז א מאזיק א שאָפער האָט בא אזא בלאָזעניש אונ דרייעניש געקענט זיכ אונטערנעמענ אימ ברענגענ אהער, קוימ זיכ ארײַנגעפּלאָנטערט אינ דער יאָמטעוודיק־באלויכטענער אונ ווארעמ־אויסגעהייצטער קאָנטאָר, איז ער דאָרט, ווי ער שטייט אונ גייט, געבליבנ זיצנ אפּנ נאָענטנ טאבורעט, קעדיי אָפּצוגיינ א ביסל פונ דער ביטערער קעלט אונ ריישיס־קאָל זיכ דערוויסנ, ווי האלט ער מיט זײַנ אייגנ ביסל באלעבאטישקײַט, וואָס באשטייט פונ הענט, פיס, נאָז, אויגנ, אויערנ.

אזוי איז ער אָפּגעזעסנ א מינוט צוויי אונ מער. אונ אינ אזא צושטאנד האָט אימ דאָרט געטראָפנ די אופּראמערנ, ווענ זי איז ארײַנגעקומענ מיט אנ אײַזערנ קאָטשערקעלע אינ די הענט, קעדיי איבערצושארנ אינ דער פײַערדיק־אָנגעהייצטער הרובע.

דערקענט דאָ באלד דעמ געקומענעמ אונ א טראכט געגעבנ וועגנ דעמ פרײַלעכנ טומל, וואָס דאָ ווערט טאָמיד, ווענ אָט דער גאסט קומט אהער אראָפּ, האָט דאָס יונגע ווײַבל — א קליינינקע, געפּאקטע אונ רויט־באקיקע ליטוועטשקע — געטאָנ אײַנצײַטיק א שמאָרע ארופּ מיטנ באבאָמעדיקנ נעזל אונ א שמייכל אראָפּ צו זיכ אינ בוזעמ ארײַנ. ניט אָנהייבנדיק צו באנעמענ, אינ וואָס באשטייט דאָס גוטע געפיל, וואָס אָט דער מענטש רופט שטענדיק בא איר ארויס, האָט זי אָנגעהויבנ אפּגיכ איבערבינדנ דאָס שאלעכל אפּ איר קאָפּ, נאָר ניט באוויזנ צו פארקניפּנ ווי געהעריק די עקנ אונ זיכ א לאָז געגעבנ צו דער ארײַנגאנג־טיר.

פונ די דרויסנ־טרעפּלעכ האָט זיכ געהערט, ווי עמעצער עפנט די טיר אינ קאָרידאָרל ארײַנ אונ פארהאלט זיכ דאָרט אינ מיטנ ריידנ מיט א צווייטנ, וואָס בלײַבט אינ גאס. דאָס ווײַבל איז בייז אוועק א קוק געבנ, ווער לאָזט עס אָנ אהער די קעלט, נאָר באלד האָט זי אנ אָפּגעלאָשענע זיכ אומגעקערט צוריק.

— דער אלטער לויפט שוינ זיכ קושנ מיט אײַכ... פערווי מעכוטנ! — האָט זי מיט א נײַעמ פיל־באטײַטנדיקנ שמאָר ארופּ געזאָגט צומ גאסט, אונ אָקאָרשט איצט האָט זי גענומענ איבערשארנ אינ הרובע.

„דער אלטער“ האָט מענ אפּ דער פּראָווסטאנציע גערופנ דעמ טיפ־באיאָרטנ פּראָפעסאָר לעוו איזראילעוויטש בעניומאָוויטשנ, וועלכער פירט דאָ אנ מיט אלע וויסנשאפטלעכע ארבעטנ באמ צונויפשטעלנ די באָדנ־קארטע פונ דער געגנט.

געראָטנ א ביסל אינ מענדעלע מויכער־ספאָרימ, נאָר קלענער אינ וווּקס, א גרײַז־גרויער מיט א פארויטלט־זשוואווע פּנעמל, איז אינ א נײַ שווארצ פּיטערל אונ אינ א הויכ קאָטיקאָווע מיצל א יאָלעמ ארײַנגעקומענ אינ קאָנטאָר דער אלטער אונ איז געבליבנ שטיינ קלוימערשט שטרענג, מײַסע זיידע:

— איז זאָג זשע נאָר דו, טאכשיט מײַנער, — האָט ער זיכ צעשריגנ, קוקנדיק מיט אָנקוועלנדיקע אויגנ אפּ זאלמענקענ, — ווי קענ עס גאָר א מענטשנ אײַנפאלנ זיכ לאָזנ אינ אזא וועג אפּ אנ אָפּענעמ גרוזאָוויק אונ אינ אזעלכע־אָ בגאָדימ?.. זע! — האָט דער אלטער מיט צונויפגעקנייטשטע אָנקוועלנדיקע אויגנ באטראכט זאלמענקעס הוילעכ, — אונ וו־ו־וואָס איז דאָס בא דיר פאר א רויטער גארטל אפּ די לענדנ? ווו האָסטו גאָר געפּאקט דעמ גארטל?

— א? — האָט טויבלעכ אונ כריפּענדיק זיכ אָפּגערופנ דער גאסט.

קוימ ארויסדערביוועט א האנט פונ אנ אלטער הענטשקע אונ פּאמעלעכ אראָפּגענומענ די צעגייענדיקע שטיקלעכ אײַז פריִער פונ איינ אויגנ־לעפּל, דערנאָכ פונעמ צווייטנ, האָט ער אָקאָרשט איצט א קוק געגעבנ אפּנ ארײַנגעקומענעמ אונ איז גלײַכ ארײַנגעפאלנ אינעמ אלטיטשקנס טאָנ:

— אָט לאָמיכ נאָר קומענ א קאפּעלע צו זיכ, לעוו איזראילעוויטש, וועל איכ אײַכ פארענטפערנ ביידע קאשעס.

די דערהערטע ווערטער האָבנ אָפּגעקלונגענ בא דער אופראמערנ אינ די אויערנ אזוי באקאנט אונ היימיש, ווי גלייכ זי — דאָס געגעטע ווייבל פונ הינטער מינסק, וואָס לערנט זיכ דאָ אפ טראקטאָר־קורסנ — וואָלט זיי דערהערט פונ אייגענע טאטע־מאמע, אונ דאָס האָט מעכאניש זי דערנענטערט צו זאלמענקענ אונ צומ אלטנ פּראָפעסאָר, ווי צו מענטשנ פונ איר אייגענער מישפּאָכע. שטייענדיק לעבנ דער אָפּענער הרובע אפ די קני, האָט זי אויסגעדרייט דעמ קאָפּ אונ זיכ פארקוקט אפ די שמועסנדיקע.

— ארויסגעפאָרנ, — האָט זאלמענקע אויסגעלייגט פארנ אלטנ, — בינ איכ, מאָלט אייכ אויס, פאָרטש מיטנ שאָפער אינ דער קאבינע. איכ בינ דאָכ ניט אזא אָפּגעריסענער נאר, איכ זאָל זיכ לאָזנ אפ אומקומענ. ווי נאָר אָבער איכ האָב זיכ אהינ ארייגעזעצט, אזוי באלד האָט זיכ פונ ערגעצ געיאָוועט אייער היגנ זאָטעכניקס ווייבל. וואָס איז? זי דאַרפ אויכ אפ דער פּרוווסטאנציע, אפ יאָמטעוו אהיימ, הייסט עס. „גוט, זאָג איכ צו איר, איז קריכט, זייט מויכל, אפנ גרוזאָוויק, נאָר מאכט עס גיכער, וואָרנ עס ווערט שפּעט". ניינ, מאכט זי צו מיר, אייב איר וועט מיכ לאָזנ זיצנ אפ דער אָפענער מאשינ, וועט אייכ זיינ דעמ גאנצנ וועג נעלאָוקע.

— אָ־אָ! מע קענ זי דאָ: די עמעסע נאבאלקע — האָט, אראָפּקלאפּנדיק די קוילנ פונ די צעפלאקערטע האָלעוועשקעס, זיכ ארייגעמישט די אופראמערנ.

— ט'האָב איכ אנ איידעס, — האָט אפ דער אופראמערנ אָנגעוויזנ זאלמענקע. ווייזט זיכ אָבער ארויס: העיווים די זאָטעכניטשקע איז אָפּגעלעגנ צוויי וואָכנ אינ ראיאָנעמ שפּיטאָל אונ העיווים דער דאָקטער האָט איר געזאָגט, אז זי איז שוינ אינגאנצנ געזונט: „האָלעווע אפ מיינ ווייב געזאָגט געוואָרנ" — אזוי האָט איר וואָרט אינ וואָרט געזאָגט דער דאָקטער אונ אזוי ווייטער אונ ווייטער.

— ט'עלעכ אויסגיינ, — האָט בלייבנדיק לעבנ דער הרובע אפ די קני זיכ א וואָרג געגעבנ פונ געלעכטער די אופראמערנ.

— איכ קוק זיכ צו, — האָט קאלטלעכ ראפּאָרטירט זאלמענקע, — א ביסל א כרופּקע איז דערצו נאָכ ערשט־אָ פונעמ שפּיטאָל, איז וואָס האָבנ איכ געקענט טאָנ?

— רעכט, — האָט קלוימערשט, ווי א שטרענגער גענעראל, צומאכנדיק די אויגנ אונ אויסגלייכנדיק די ברוסט, אופגענומענ דעמ ראפּאָרט דער אלטער, — האָסט מיר, פארענטפערט די ערשטע קאשע.

— דעמ גארטל מיינט איר? דאָס האָב איכ אימ שוינ אינ וועג בא לעס־ברייערע געבאָרגט באמ שאָפער. די קעלט האָט מיר אזוי דערלאנגט, אז איכ האָב זיכ דערמאָנט, ווי אונזערע באלעגאָלעס פלעגנ אינ די גרויסע פרעסט זיכ אוועקלאָזנ פונ דער היימ אינ גרינגע פעלצלעכ, נאָר ניט אנדערש, ווי ענג־פארצויגנ מיט אזא־אָ גארטל, אונ באלעגאָלעס, האָב איכ מיר געטראכט, האָבנ מינאסטאמ געוווסט, וואָס זיי טוענ.

— אונ ווי, — האָט אָנגעקוואָלנ דער אלטער, — האָט טאקע עפּעס געהאָלפנ דער גארטל?

— טאַ! — זאלמענקע האָט אָקאָרשט איצט גענומענ פאמעלעכ זיכ אויספעלצנ, — דאָס, לעוו איזראילעוויטש, זעט איר דאָכ שוינ אליינ...

פארקענדיק אינ קליינעמ שכיינישנ צימערל בא דער הרובע, האָט די אופראמערנ דערהערט, ווי לעוו איזראילעוויטש פרעגט זיכ נאָכ:

— וואוהינ איז פארשווונדנ פונדאנענ דער אראָפּגעקומענער אמעריקאנער גאסט?

— נאָר קווארטיראנטנ פעלנ מיר דאָ, — האָט, אוועקגייענדיק נאָכ א נייעמ אָבערעמ האָלצ, בייזלעכ זיכ אָפּגערופנ די אופראמערנ, — כ'האָב אימ אוועקגעפירט צומ בוכהאלטער אהיימ.

אונ דאפקע אינ אָט דער בייזקייט אירער איז געווענ עפּעס אזוינס, וואָס איז געפעלנ געוואָרנ אי דעמ אלטנ אי זאלמענקענ. צווישנ זיי האָט זיכ גלייכ אָנגעהויבנ א דינגעניש: דער אלטער האָט געוואָלט, אז זאלמענקע זאָל באלד, די רעגע, זיכ איבערפעקלענ צו אימ, לעוו איזראילעוויטשנ, אפ דער קווארטיר — דאָרט וועט אימ זיינ אי ווארעמ, אי ווייכ צו שלאָפנ, אי מע וועט כאפּנ א שמועס...

— וואָרנ אָט, — האָט ער זיכ געווערטלט וועגנ דער בייזלעכער אופראמערנ, — זי האָט דאָכ שוינ געגעבנ אָנ אָנצוהערעניש... זי איז דאָ בא אונדז א שטרענגע באלעבאָסטע, אָט די ריווע.

— מיט איר וועל איכ אויסקומענ, — האָט געזאָגט זאלמענקע, — זי איז פונ מיינע מענטשנ.

דער אלטער האָט ביכלאל זיכ אופגעפירט דאָ, ווי א גרויסער מאכניס־אורעכ אונ שטארק פאריבל געהאט אפ יעדערנ, וואָס קומט אראָפּ אפ דער פּרוווסטאנציע אונ מיידט אויס אימ, דעמ זאָקנ, וואָס האָט צוריק מיט דריי יאָר פארלאָזט אינ כארקאָוו אנ אוניווערסיטעט־קאטעדרע, קעדיי אָנצופירנ מיט דער וויכטיקער ארבעט, וואָס ווערט דאָ געמאָנ. מיט אזא איינעמ האָט ער באמ באגעגענענ זיכ ערגעצ־ווו אינ סעלעקציע־פּאוויליאָנ אָדער אינ די לאבאָראטאָריעס זיכ אופגעפירט זייער קאלט אונ אימ דערלאנגט ניט די גאנצע האנט, נאָר ניט מער, ווי די שפּיצנ פונ א פּאָר פינגער. דאָס האָט געהייסנ: „ווער עס שעצט מיכ ניט, דער שעצט דאָ ניט די גאנצע ארבעט". גאָר ניט גרינג איז אָנגעקומענ זאלמענקענ צו פועלנ באמ אלטנ, ער זאָל אפ אימ

קײנ פאריבל ניט האָבנ, װײַל אָט — דער שמועס װעט. װי אלעמאָל, זיכ אװעקציִענ בא זײ ביזנ װײַסנ טאָג, אונ ער, זאלמענקע, האָט פארנ אװעקפאָרנ ניט געהאט קײנ צײַט זיכ צוגרײטנ צו זײַנ פאָרטראָג אפ דער מאָרגנדיקער פײַערלעכער זיצונג, אונ מאָרגנ שטײט אימ דאָ פאָר דורכצופירנ עטלעכע זיצונגענ.

א ביסל שפּעטער, װענ ריװע איז אהער ארײַנגעקומענ פארמאכנ די הרובע אונ פארשטעקנ דעמ קוימענ, האָט זי שוינ געטראָפנ זאלמענקענ אײנעמ אלײנ, װי ער זיצט מיטנ רוקנ צו איר באמ באלױכטענעמ קאָנטאָר־טיש. באנאנד מיטנ געעפנטנ פאָרטפעל זײַנענ פאר אימ אויסגעלײגט אײניקע ארויסגענומענע פאפירנ, ער טונקט אײַנ די פעדער, פארקוקט זיכ אפ איר שפּיץ, פארטראכט זיכ אונ בלײַבט זיצנ צוריקגעבויגנ, אָנגעשפּארט מיט די פלײצעס אָנ אָנשפּאר פונ בענקל.

די אופּראמערנ איז געשטאנענ אפ די קניִ אקעגנ דער אָפענער הרובע אונ האָט זיכ ניט געאײַלט צומאכנ אונ פארשרויפנ דאָס טשוהונענע טירל. זיכ פארקוקט טיפ אינ דער הרובע ארײַנ צו די לויכטנדיקע קוילנ פונ די אויסגעברענטע צעפאלענע האָלעװעשקעס, האָט זי פארגעסנ װעגנ אלצ, אפילע װעגנ איר אײגענעמ אָטעמ, אונ מיט אלע כושים בלויז געפילט, אז דאָ דערבײַ זיצט פארטראכט א מענטש, װאָס רופנ רופט מענ אימ זאלמענקע — שיר ניט, װי מע רופט א קינד, נאָר פילנ פילט מענ זיכ לעבנ אימ, װי לעבנ אנ עלטערנ פונ זיכ, אונ שטענדיק, װענ דער ראיקאָמ שיקט אימ אהער אראָפּ, װײסט שוינ אפ פריִער זי, די אופּראמערנ, אז דאָ אינ קאָנטאָר װעלנ זיכ אָנהײבנ זיצונגענ מיט אימ, מע װעט זיכ פאר אימ קלאָגנ, זיכ פארענטפערנ, זיכ האלטנ אײצעס, מע װעט זיכ פילנ געטראָפנ פונ נאָכ זײַנ לעצטנ װאָרט אפ אָט די זיצונגענ אונ מע װעט דאָכ בלײַבנ קאָנטעט מיט אימ אונ מיט עפּעס עלטערס אונ װיכטיקערס פונ אימ, אונ מע װעט אימ װידער רופנ „זאלמענקע”, װי מע רופט אנ אײגענעמ.

די אופּראמערנ איז איצט געשטאנענ אפ די קניִ אקעגנ דער אָפענער הרובע, אפ איר פּאָנעמ איז געפאלנ דער אָפּשײַנ פונ די רויטלעכע קוילנ, די היצ זײערע האָט איר געבריט אינ די פארקלערטע אויגנ.

— כאװער זאלמענקע, — האָט זי שטיל זיכ נאָכגעפרעגט, — איר װעט מאָרגנ רײדנ בא אונדז?

— א?.. יאָ, ריװע, איכ װעל רײדנ.

ער האָט זיכ אָפּגערופנ פארשלאָפנ אונ װי פונ ערגעצ זײער װײַט. ער האָט געטראכט װעגנ דער פּרוװ־סטאנציע, װוּ ער געפינט זיכ איצט, ער האָט געטראכט װעגנ פופצנטנ יאָר פונ אָקטיאבער, װעגנ װעלכנ ער דארפ דאָ מאָרגנ רײדנ פאר מענטשנ, װאָס האָבנ װער פונװאנענ צוריק מיט פיר יאָר אָנגעהויבנ קומענ אהער אפ א פּוסט טײַגע־אָרט, רײדנ פאר זײ אזוי, אז זײ זאָלנ אינ זײער ארבעט זיכ פילנ באהעפט מיטנ גאנצנ נײַעמ לעבנ, צו װעלכנ דער אָקטיאבער האָט זײ געבראכט, אונ מיטנ לעבנ, צו װעלכנ ער דארפ דערפירנ. ער האָט געטראכט װעגנ זיכ, דעמ געװעזענעמ לערער אינ א ייִדישער שול אונ געװעזענעמ ריט־גװארדײיִער, רויטארמײיִער, רעדאקטאָר פונ א „פילטיראזשקע” אפ א גרויסנ זאװאָד, פארטײ־באפולמעכטיקטער, אונ נאָכ דעמ אלעמ — גענומענ מיט זיכ דאָס קראנקע װײַב מיט די צװײ קינדער אונ געקומענ אהער צו אָט דעמ נײַעמ אונ שװערנ לעבנ דאָ אינ דער טײַגע.

— ריװע, — האָט ער פּלוצעמ פונ פארטראכטקײַט ארויס א פרעג געגעבנ בא דער אופּראמערנ, — זאָג מיר, איכ בעט דיכ, װאָס אזוינס האָט דיכ געבראכט אהער אזש פונ הינטער מינסק, א?

— װאָס אזוינס? — ריװע האָט אלצ געקוקט צומ פּריסעק אינ דער הרובע, — איכ װײס? דער טאטע אונ די מאמע זײַנענ געפאָרנ, ער ארבעט דאָ אינ קוזניע, דער טאטע, נאָכ אנדערע זײַנענ געפאָרנ.

— אונ דאָס גאָר? — האָט, ניט אומקוקנדיק זיכ צו איר, געפרעגט זאלמענקע, — נו, אונ עפּעס בויענ א ייִדישע געגנט?

— הערסט! — האָט דערופ שיר ניט מיט א זיפצ געענטפערט ריװע, — דאָס איז עס דאָכ.

— אָ! — האָט, װי אופכאפנדיק זיכ מיטאמאָל פונ פארטראכטקײַט, געזאָגט זאלמענקע, — אזוי זשע רעד.

אונ ער האָט באנײַס זיכ א נעמ געטאָנ צו דער פעדער. איצט איז אימ שוינ געװענ אינגאנצ קלאָר, װאָס ער האָט צו טאָנ. דעמ פארטראָג דארפ ער מאָרגנ אינ אָװנט אויסלײגנ דאָ פאר די מענטשנ אפ אזא אויפנ, אז אלע זאָלנ זײַנ זיכער:

— דאָס איז עס דאָכ!

2

אינ דרויסנ איז נאָכ געװענ פינצטערלעכ, װענ ער איז אפנ אנדערנ טאָג גאנצפרי ארויסגעגאנגענ פונ דער קאָנטאָר.

דאָס שװערלעכע אונ ברײטלעכע פוטער — ער איז מיט אָט דעמ טכוירענעמ פעלצ נאָכ סאָפּ בירגער־קריג פרעמירט געװאָרנ ערגעצװוּ אינ אנ אנשטאלט — האָט אדהײַעמ ניט אופגעהערט אויסצוזענ אפ אימ, װי געיארשנט פונ א צעװאקסענעמ גװיר. דער צו גרויסער קװאדראט־דאשעק פונ דער שװארצװילױרענער קעפּקע האָט צוגעגעבנ א פירקאָמיקע פאָרמ זײַנ פארשלאָפענעמ לענגלעכנ פּאָנעמ. זײַנע הענט, פארוקט אינ די טאשנ פונעמ פוטער, האָבנ זיכ ניט געטאָנ קײנ מינדסטנ ריר. אויסגעקומענ איז, װי טיפ־פארטראכט

וואָלטנ איז אָט דער רעגנ געווענ טאַקע נאָר זיי, די הענט זײַנע, און אַנדער זאַכ איז ער, זאַלמענקע אַלײנ — דאָס סאַמע כאָשעווע, וואָס ער האָט בא זיכ אינ מויעכ געהאַט, האָט ער אויסגענוצט אינעמ פאָרטראָג, צו וועלכנ ער האָט זיכ געגרייט ביז שפּעט באַנאַכט. דער קאָפּ איז אימ איצט פרײַ, גרייט אויפצונעמענ און אַרומטראַכטנ אַלצ, וואָס זײַנע אויגנ וועלנ דאָ זענ.

די ווײַט־צעשפּרייטע פרווו־סטאַנציע האָט פונ פאַרטאָג אָנ נאָכ אַלצ געזונקענ אינ גרינג־פּראָסטיקנ נעפּל. געדאַכט האָט זיכ, אַז אַרומ און אַרומ ברענט און טליִעט די דורכווייס־פּוסטע טײַגע, און אַז דאָס דערגרייכט פונ דאָרט דער רויכ — א רויכ, וואָס האָט אפנ וועג אַהער שוינ אויסגעוועפּט פונ זיכ יעדנ מינדסטנ משאַד.

אינ דער אַרומיקער פּראָסטיקער לופט האָט זיכ געלאָזט פילנ די פרישקײַט פונעמ נײַ־אויסגעפאַלענעמ שניי, און אַרײַנאָטעמענדיק אינ זיכ אָט די קאַלטע פרישקײַט, האָט ער אַלע מאָל באַנײַס דערפילט, ווי געזונט עס זײַנענ זײַנע לונגענ. פונ ערגעצ ווײַט האָט ער אָנגעשמעקט א ווילדנ שאַרפנ רייעכ, ווי פונ אַנ אויסגעשטאַנענעמ בוהײַ. און ווײַל די אויגנ זײַנענ נאָכ געווענ בא אימ פאַרשלאָפנ, האָבנ אימ אויסגעזענ פאַרשלאָפנ אויכ די טיפע שפּורנ, וואָס זײַנענ אפנ פריש־אויסגעפאַלענעמ שניי פאַרבליבנ נאָכ אַנ איינציקנ דורכגעפאָרענעמ שליטנ און קוקנ אַרויס פונ דאָרט מיט אַזאַ טמימעס, ווי א שפּאָגל־נײַער וועג אינ לעבנ.

מיט אָט די שפּורנ איז ער געגאַנגענ לענגאויס דער פרווו־סטאַנציע און האָט געוואָרפנ בליקנ צו איינציקע הײַזער, וווּ מע הייבט אָנ זיכ אויפכאַפּנ און אײַלנ צו דער ערעוו־יאָמטעוודיקער אַרבעט. ער האָט דאָ געקענט יעדנ ביניענ, יעדנ אײַנגעגראָבענעמ סלופּ. ווערליק די מי, וואָס מע האָט אינ פאַרלויפ פונ פיר יאָר געפּאַטערט אפ אויפצובויענ אָט דעמ לאַנדווירטשאַפטלעכנ אינסטיטוט, איז דאָ יעדער שטיבעלע ווערט געווענ א מאַיאָנטעק. אַרומ אימ איז איצט ניט געווענ קיינער, צו וועמענ ער וואָלט בא אָט דעמ געדאַנק געקענט א שמייכל טאָנ.

אַרומ אימ האָבנ דאָ און דאָרט ערעוו־יאָמטעוודיק זיכ אויפגעכאַפּט רויט־פּאַראַדראַ־פירטע פאָרנטיקע ווענט פונ אַנשטאַלטנ און געזעלשאַפטלעכע געבײַדעס, און א ווײַסע רוימישע XV האָט פונ דאָרט אַראָפּגעקוקט אַזוי מונטער און לעבעדיק, ווי גלײַכ זי, דעמ אָקטיאַבערס פּופּצנ, וואָלט אינ גרויסנ שאָלעמ מיט אַלצ, וואָס דאָ איז אָפּגעטאָנ געוואָרנ, געהאַלטנ אינ איינ פּאַסקענענ:

— געוועזנ קעדײַ. געווענ קעדײַ.

און ער — א מיטבויער, אַנ איידעמ, ווי אַזוי דאָ אינ מיטנ דער טײַגע איז אויפגעקומענ אָט דאָס לעבנ — האָט ערגעצ טיפ אינ זיכ ווי געהאַלטנ אינ איינ מוידע זײַנ:

— עמעס. עמעס.

אי ער איז נאָכ אַלצ געווענ א ביסל פאַרשלאָפנ, אי ער האָט זיכ געפילט אינ א צושטאַנד פונ א מענטשנ, וואָס האָט נאָכ לאַנגע וואָגלענישנ זיכ אומגעקערט אפ יאָמטעוו אַהיימ, אי ער האָט ערגעצ טיפ אינ זיכ באַוווּנדערט, פונוואַנענ נעמט זיכ דאָ בא אימ אָט דער צושטאַנד.

עס איז נאָכ אַלצ געווענ פרימאָרגנדיק־גרוי. ווי אַנ אָפּשײַנ פונ הימלשנ יאָמטעוודיק־צעצונדענעמ ליכט־בענטשנ, האָט העכער דעמ נעפּל דערברענט די רויטקײַט צו מיזרעכ צו, וווּ די זונ דאַרפ אינגיכנ אויפגייג. די לופט איז פונ מאָל צו מאָל געוואָרנ מער דורכזיכטיק. ערגעצ נאָענט האָט מענ אויפגעמאַכט א טיר, און איידער מע האָט נאָכ באַוויזנ זי צוריק צוקלאַפּנ, האָבנ א פּאָר צענדליק ווילדע טויבנ זיכ אויפגעהויבנ פונ דאָרט מיט זייער גיכנ פליגל־פּאָכ און אינ א צעשראָקנ הירטל אַוועקגעיאָגט, ווי אפ אָנצוזאָגנ עמעצנ אינ דער טײַגע, אַז די מענטשנ האָבנ זיכ אויפגעכאַפּט. אויסטרעטנדיק פרישע שניי־סטעזשקעס, האָט מענ דאָ און דאָרט שוינ געאײַלט פונ די הײַזער צו דער אַרבעט אינ סעלעקציע־פּאַווילִיאָנ, אינ די לאַבאָראַטאָריעס, אינ די שטאַלנ, אינ דער קוזניע, אינ קאָנטאָר און אינ די ספּעציעלע פאַכוואַרשטאַטנ און אינ גיכנ גאַנג פריילעכ, ווי צו אַנ אָנגעלייגטנ גאַסט אפ יאָמטעוו, זיכ געגריסט צו אימ, זאַלמענקענ, בא וועמענ עס האָבנ איצט שוינ אויסגעזענ פאַרטראַכט ניט אַזוי די פּאַרוקטע הענט אינ די טאַשנ, ווי די אויגנ אינ דאָס פּאָנעמ. אינ זײַנ זיקאָרנ איז פונ נעכטנ אינ אָוונט געבליבנ פאַרהיט דער אויפראַמערנ ריוועס ווערטער:

— „הערט!.. דאָס איז עס דאָכ.”

און ניט אַזוי אָט די ווערטער זײַנענ געבליבנ אינ זײַנ זיקאָרנ, ווי דער זיניענ, מיט וועלכנ זיי זײַנענ דערגאַנגענ צו אימ, דעמ ייִדנ, באָלשעוויק און פּאַרטיי־טוער, פאַר וועמענ בירָאָבידזשאַנ איז א טראָט פאָרויס — אינאיינעמ מיטנ גאַנצנ סאָוועטישנ לאַנד צומ טיקנ פונ דער וועלט און ניט קיינ „האַשיוווּינו נאַזאַד” צו דעמ, וואָס אַמאָל איז געווענ — ווײַל ווי א באָלשעוויק שטרעבט ער ביכלאַל צומ מאָרגנ און ניט צומ נעכטנ. ווענ זיכ אַלײנ — דעמ פּאַרטיי־טוער רוּװנ זעלמאַנאָוויטשנ, וועלכער האָט צו פיר און פערציק יאָר נאָכ אַלצ פאַרהיט אינ זיכ דעמ גאַנצנ אימפּעט און אַלע זאַפטנ פונ א יונגנ קרעפטיקנ באָכער — האָט ער אָפּטמאָל געהאַט א פאָרשטעלונג, ווי וועגנ אַנ איבערגעריכטנ מענטשנ. אַזאַ באַציִונג האָט ער צו זיכ געפילט אויכ מיצאַד אַלע יענע, וואָס רופנ אימ דאָ זאַלמענקע און ווייסנ, אַז ער האָט אינ די יונגע יאָרנ אַרײַנגעזאַפּט אינ זיכ אַלע אַלט־ייִדישע קענטענישנ.

און זאָגן וועגן אים איינער צום אנדערנ:

— איי, איז ער א קענער אין די קליינע אויסיִלעכ!..

אין זיינ ארבעטנ דאָ צווישנ יידנ איז אים אָפטמאָל צוניץ געקומענ דאָס, וואָס קענענ קענ ער זיי אזוי גרינטלעכ. און אָט איז ער, זאָלמענקע, מיט זיי אינאיינעם געקומענ אהער צו די שיפּוזים פונ די כינגאַנער בערג. אפ איינעם פונ די פּאפּיר־זייטלעכ, וואָס ער האָט באשריבנ, גרייטנדיק זיכ באנאכט צום פּאַרטראָג, איז אָנ א זייט געבליבנ פארצייכנט:

„די אופראמערנ ריווע פונ הינטער מינסק לערנט זיכ אפ טראקטאָר־קורסנ. זי וועט אַקערנ די ערד דאָ אינ דער פאר יידנ אויסגעטיילטער געגנט, און מיט דעמ וועט זי שוינ בעמיילע טאָנ דאָס, וואָס פונ איר פאָדערט איר נאציאָנאל געפיל — א געפיל, וואָס אז מע טראָגט עס צו לאנג פארשפארט אינ זיכ, אפגעריסנ פונ שטענדיקער שעפערישנוצלעכער ארבעט, קענ עס קריגנ א שלעכטנ רייעכ. אפ ריוועס פאָשעטנ האָרעפּאשנעמ לאָשנ הייסט עס:

— „נו יאָ, דאָס איז עס דאָכ"...

ארומשפּאנענדיק דאָ איצט גאנצפרי ערעוו אָקטיאבער־יאָמטעוו, האָט ער צוגעקוקט, ווי פונעמ ארומיקנ צעגייענ ווערנדיקנ נעפּל שווימענ ארויס מענטשנ און גריסנ זיכ צו אימ מיט עפּעס א מינ ווונק, ווי פונ אופגעלייגטקייט. אפ וויפל ער קענ זיי, זיינענ זיי צופרידנ מיט דער ארבעט, וואָס זיי טוענ דאָ. ער באמערקט זי דאָ, אָט די באזונדערע צופרידנקייט, בא פיל ביראָבידזשאנער. און ווי זיינ טעווע איז, ביים ער נעמט אופ א פאקט, האָט ער בעמאכשאָווע דאָ באלד ווי געגעבנ עמעצנ צו פארשטיינ, עמעצנ א צווייטנ, פונוואנענ אָט דער פאקט נעמט זיכ:

— פארשטייסט צי נײנ?... זייער נאציאָנאל געפיל פלעכט זיכ דאָ אריינ טאָג־טעגלעכ אינ באפרייטער נוצלעכער מי פארנ גאנצנ לאנד. זיי דארפנ עס מער ניט ארומטראָגנ מיט זיכ אפ א באזונדער טעלערל. און זיי פארשפּאָרנ צו געדענקענ יעדער מינוט און יעדער רעגע, אז זיי זיינענ יידנ, און דאָס איז גילטיק סיי פאר דער אופראמערנ ריווענ, וואָס ווערט דאָ א טראקטאָריסטנ, סיי פארנ אלטנ פּראָפעסאָר ביניומאָוויטשנ, וואָס פירט דאָ אָנ מיט דער וויסנשאפטלעכער ארבעט, סיי פארנ ביזאָלאָג יעווע מאָיסייעווענע וואָרטמאנ, וואָס קריגט ארויס אינ סעלעקציע־פאווילזאָנ נייע סאָרטנ קאָרנ און ווייץ פארנ גאנצנ ווייטנ מיזרעכ... אָט איז זי — אָ...

— כאוועלע!

ער האָט זיכ געפונענ אינ סאמע ווייטסטנ עק פונ דער פּרווו־סטאנציע לעבנ די לעצטע אייניציקע שטיבלעכ, וואָס זיינענ אָפּגעטיילט מיט א פּלויט פונ די נאָענטע הויכ־באשנייטע פּרווו־פעלדער. אקעגנ אים, פונ איבערנ נידעריקנ געשלאָסענעמ טויער האָבנ זיכ באמיט אריבערצוקריכנ אהער א געפּאקט אונטערוואקסנדיק יינגל אינ א שווארצ פעלצל און א פרוי אינ א קורצ ציגייקנ קאָפּטל און אינ אויכ אזא ברוינעמ ציגייקענעמ היטל. געשטערט געוואָרנ זיינענ זיי דערביי ניט אזוי דורכ די ליזשעס, וואָס זיי האָבנ ניט געוואָלט אָדער זיכ געפוילט אראָפּנעמענ פונ די פיס, ווי דורכ דעמ, וואָס איבערנ טויער האָבנ זיי געקלעטערט ביידע אפ א מאָל. בא דער פרוי אינעמ קורצנ שווארצנ קאָרטענעמ קליידל זיינענ די קליינע אויערנ־לעפּלעכ געווענ אזוי שטארק רויט, אז געדאכט האָט זיכ: אונטער די שטראלנ פונ דער אופגייענדיקער זונ וועלנ זיי אָט־אָט זיכ אָנצינדנ, ווי שוועבעלעכ, און וועלנ אופלאמענ מיט א העליש פייער.

— מולי, הער אופ! — האָט זי מוטערלעכ־שטרענג זיכ אָנגעבייזערט אפנ יינגל, וואָס קייכט פונ געלעכטער, — לאָז מיכ, אָדער קריכ דו פריער.

נאָר דעמ געפּאקטנ כעווורעמאנ איז איצט נאָכנ געשמאקנ גאנצפריִעדיקנ שפּאציר אפ ליזשעס דאפּקע געווענ ביז גאָר געפעלנ די פרייִלעכע שפּיל מיט דער מוטער. פונ אונטער דעמ שווארצ־קאָרטענעמ שלעמ, וואָס האָט ארומגעברעמט זיינע פולע אָנגעבלאָזענע באקנ, האָבנ אָנקווועלנדיק ארויסגעקוקט זיינע בוילעטע גלאנציק־שווארצע אויגנ, און דער הירזשענדיקער געלעכטער האָט זיכ אלעמאָל באנייס ארויסגעריסנ פונ אים, ווי מיט א שלוקערצ.

— נו, גוט, — האָט ער קלוימערשט מאסקימ געווענ און האָט אָפּגעטראָטנ א פּאָר שפּאנ צוריק פונעמ טויער.

נאָר די מוטער האָט קוימ באוויזנ זיכ אָנוואלגערנ מיטנ בויכ אפנ טויער, ווי ער איז מיט א שפּרונג שוינ ווידער אויסגעוואקסנ לעבנ איר און, הירזשענדיק פונ געלעכטער, שוינ ווידער געפּלאָנטערט זיינע ליזשעס מיט אירע.

— מולי!

עלטער פונ איר פערצניאָריקנ יינגל אוואדע אפ א יאָר זעקס־זיבנ און צוואנציק, איז זי דאָכ געווענ פיל רירעווודיקער פונ אימ. א בערייִשקייט האָט זיכ געפילט אינ יעדנ בייג פונ איר מיטלזווקסיקנ דראָטיקנ קערפּער. אָט האָט זי אפ די ליזשעס געגעבנ א שווימ אָפּ צומ צווייטנ עק פונעמ טויער, ווי פונ זיכ איז דאָרט אירער א פּוס איבייִנעמ מיט דער ליזשע אריבערגעבויגנ געוואָרנ איבערנ העכסטנ טויער־דרענגל, א שלאנקער פּוס, וואָס שטעקט ארויס ביז דער שיינער קני פונ אונטערנ קורצנ שווארצנ קאָרטענעמ קליידל. דעמ קאָפּ האָט זי דערביי א וואָרפ געגעבנ ארופ. און פּלוצעמ האָבנ אינ דער־א רעגע זיכ באגעגנט צוויי פּאָר אויגנ: אירע — קוימ־קוימ פארגלאָצטע, ווי בא פארזוכנ א געשמאק מייכל, קויל־שווארצע, מיינ זייער

גרויסע ווײַסלעכער, וואָס האָבנ אנ אונ פאר זיכ די קראַפט פונ א פארשמאַכטנ קוק, אונ זײַנע, זאלמענקעס — מאנדל־לענגלעכע, ברייט־לעכ־צעשטעלטע, מיט גרינע אָפּלאַכנדיקע פּײַ־ערלעכ ערגעץ אינ זייער סאַמע טיפסטער טיפ.

— כאַוועלע?!..

— יאָ, כאַוועלע, — אינ איר קאָל האָט זיכ געלאָזט פילנ א טאָנ פונ נאָכקרימענ זיכ, ווי זי וואָלט זײַנ ניט צופרידנ, אלעמײַ האָט ער גאָר די האָזע צו רופנ זי באַ איר פארצווי־גענעמ נאָמענ. — א פײַנער מענטש זײַט איר, זאלמענקע!.. ,

ער האָט קוימ־קוימ געביסנ די אונטערשטע ליפּ, ווי שטענדיק, ביים ער קוקט אפ מענטשנ, וואָס געפעלנ אימ.

— כ'האָב איצט גראָד געטראַכט וועגנ דיר, כאַוועלע.

— אבי איר האָט כאָטש געטראַכט...

ווי עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, האָט זי גע־האַט פאַר וואָס צו זײַנ מיט אימ ניט קאָנטעט. ערשטנס: אראָפּגעקומענ אהער, ווייסט זי, איז ער נאָכ נעכטנ פארנאַכט אונ איז ניט ארײַנ־געקומענ זיכ זענ. צווייטנס: וועגנ אומקערנדיק זיכ נעכטנ שפּעט אינ אָוונט פונ דער ארבעט אינ סעלעקציע־פּאַווילִיאָנ, האָט זי געוואָלט ארײַנקומענ צו אימ אינ קאָנטאָר, האָט די אופ־ראַמערנ זי פּאָשעט אהינ ניט ארײַנגעלאָזט.

— ריווע? — האָט ער זיכ געוווּנדערט.

— אלצ הייסט ניט ארײַנגעלאָזט!.. „אָ! — מאַכט זי צו מיר זייער בייז, — די צווייטע טעג יאָמטעוו! ער זיצט אונ שרײַבט, לאָזט אימ צורו. ער איז קוימ פּאָטער געוואָרנ פונ לעוו איזראַילעוויטשנ“.

— מאַקע?.. הערט א מײַסע!

ער האָט פארטראַכטערהייט א שמייכל גע־טאָנ:

— אונ דו, כאַוועלע, — האָט ער געזאָגט, ווי האָבנדיק נאָכעס פונ איר, — אזוי פרי שוינ אפ די פיס?..

מיט די אראָפּגענומענע ליזשעס אינ די הענט האָט זי געשפּאַנט אינ איינ ריי מיט אימ אונ זיכ געזײַטלט צו זײַנ פּאָנעמ מיט א בליק, וואָס זאָגט איידעס, אז אינ איר הארצנ האלט זיכ עפּעס אינ איינ טאָנ. זי האָט זיכ אומגע־קוקט צו איר ייִנגל, וואָס שלעפּט זיכ נאָכ פונ הינטנ.

— ער ווערט דאָ באַ מיר צופיל געפּאַקט, — האָט זי געזאָגט, — איכ מוז אימ אלע גאַנצ־פרי אופהייבנ פונ בעט אונ מאַכנ מיט אימ אָט דעמ שפּאַציר, אליינ פוילט ער זיכ.

דערהערט, אז די רייד גייענ וועגנ אימ, האָט מולי, ווי אפ אָפּצולייקענענ דער מוטערס ווער־טער, זיכ פאַנאַנדערגעיאָגט אפ די ליזשעס אונ איז געשווינד אוועק צומ צענטער פונ דער פּרווו־סטאַנציע. זיי זײַנענ געגאַנגענ מיט די שפּורנ, וואָס זײַנע ליזשעס האָבנ געלאָזט אפנ שניי.

— וואַרט נאָר, — האָט זיכ דערמאָנט זאַל־מענקע, — דאָ איז דאָכ איצט פאַראַנ אָט דער... דער אמעריקאַנער פּראָפעסאָר.

— איר קענט אימ?

— ער איז אָסיענ־צײַט געווענ באַ אונדז אינ ראַיקאָמ.

זאלמענקע איז שטיינ געבליבנ.

— עפּעס האָט ער זיכ צו שטאַרק נאָכגע־פרעגט אפ דיר, כאַוועלע...

— קענ זײַנ... — זי האָט א שלעפּ געטאָנ זאלמענקענ פאַרנ ארבל, ער זאָל גיינ ווײַ־טער, — ער איז נעכטנ אינ אָוונט ארײַנגע־קומענ צו מיר אינ סעלעקציע־פּאַווילִיאָנ. עפּ־שער א מינוט פינפ איז ער דאָרט אָפּגעשטאַ־נענ אקעגנ מיר מיט א מאָנענדיקנ שמייכל אפ די ראָזעווע בעקלעכ, איכ זאָל אימ, הייסט עס, דערקענענ...

— אזוי?.. נו, מיסטאמ האָט ער דערופּ רעכט...

דאָס מאָל האָט אינ מיטנ גאַנג זיכ אָפּגע־שטעלט ניט ער, נאָר זי. זאלמענקעס פּאָנעמ האָט איר אויסגעזענ צו ערנסט. אירע אויגנ, א קאַפּעלע פארגלאָצט, האָבנ זיכ אײַנגעקוקט אינ זײַנ שטערנ סײַ מיט די שוואַרצאַפּל סײַ מיט די פארשמאַכטע גרויסע ווײַסלעכער. אָנ פּוצנ, קימאַט בייזלעכ האָט זי געפרעגט באַ זאלמענקענ:

— איר ווילט וויסנ, ווער ער איז?

— פארוואָס זאָל איכ ניט וועלנ ווימנ, — האָט קאַלטלעכ געזאָגט זאלמענקע, — א מענטש קומט אראָפּ אזש פונ משיקאַגאָ. ער וויל גאָר ווערנ א שטיקל שוטעפּ דאָ אינ דער ארבעט... אונ וועגנ א שוטעפּ, כאַוועלע, ווילט זיכ ווימנ מער געננוי. אזוי פירט זיכ די וועלט, יעווע מאָיסייעוונע, פארשטייסט אליינ ניט? נאָר אויב עס האַנדלט זיכ בלויז וועגנ דײַנעמ אַנ אלטנ ראָמאַנ, איז דאָס, פארשטייט זיכ, בלויז דײַנ זאַכ.

זיי האָבנ פּאַמעלעכ זיכ דערנענטערט צומ צענטער פונ דער פּרווו־סטאַנציע. זי האָט, אראָפּקוקנדיק צו אירע טריט, זיכ פארטראַכט. פּלוצעמ האָט ער דערהערט, ווי זי זאָגט:

— איכ בינ אלט געווענ זעכצנ יאָר... ער פלעגט קומענ צו מיר נאָכ ביכלעכ... א געזונ־טער באָכער... אינ שטוב האָט מענ זיכ גע־וווּרטלט: „ער מיינט ניט די האַגאָדע, נאָר די פּאַלירטשיקעס — ער איז דאָכ פארליבט אינ דיר, כאַוועלע!“... דערנאָכ האָט ער מיר איינ־מאָל צוגעשיקט א צעטעלע, אונ אליינ איז ער פארשוווּנדנ. אינ שטאָט האָט מענ געזאָגט: ער האָט זיכ גענומענ דאָס לעבנ. איכ בינ דעמאָלט געווענ אינ זעקסטנ קלאַס, אונ כאַווער־טעס גימנאַזיסטקעס האָבנ געקוקט אפ מיר, ווי אפ א העלדנ. שפּעטער האָט מענ זיכ דער־וווּסט, אז ער איז אינ אמעריקע.

זאלמענקע האָט געפרעגט:

— איז וואָס איז געווענ נאָכדעמ?

כאַוועלע האָט געענטפערט:

— מיט מיר?.. גאָרניט. בא די גימנאזיסטקעס אינ די אויגנ בינ איכ געוואָרנ אויס העלדינ.

זאלמענקע האָט זיכ צעלאכט:

— אונ מיט אימ וואָס איז געוועזנ?

— איכ ווייס ניט. נעכטנ איז ער ארײַנגעקומענ אונ האָט זיכ פאָרגעשטעלט: „פראָפעסאָר קאלמענס”. דאָס האָט מענ זײַנ פאָטער דעמ פאריקמאכער גערופנ קאלמענ. ער האָט ניט כאסענע געהאט, זאָגט ער...

— אלצ?

— יאָ, אויב ניט...

— וואָס?

— בא קיינ שומ פרוי איז ניט העפקער קיינ מענטש, וואָס איז געוועזנ אינ איר פארליבט.

— אונ שוינ?

— אונ שוינ.

— נו, איז קומ צו דיר אהיימ, וועסט מיר געבנ עפעס אָפעסנ. דערציילֿ, וואָס הערט זיכ בא דיר אפ דער ארבעט.

ניט געקוקט, וואָס עלטער איז ער געוועזנ פונ איר ניט מער, ווי אפ א יאָר פיר, איז צווישנ זיי געוועזנ אײַנגעשטעלט, אז ער זאָגט איר „דו” אונ זי זאָגט אימ „איר”.

— זאָג, וואָס האָסטו אופגעטאָנ? — האָט ער זי אופגעוועקט פונ איר פארטראכטקײַט, — איכ דארפ עס וויסנ, וואָס גיכער.

— וואָס גיכער?

— צו איינער א זיצונג, וואָס וועט נאָכ הײַנט פאָרקומענ.

באגײַס שטיינ געבליבנ, האָט זי זיכ אײַנגעקוקט אינ אימ מיט אזא בליק, ווי גלײַכ אָקאָרשט איצט דערוויסט זי זיכ, מיט וועמענ האָט זי צו טאָנ. זי האָט צוריק מיט א שטיקל צײַט אָנגעגעבנ, מע זאָל זי אופנעמענ אינ דער פארטיי, נאָר אז נאָכ הײַנט וועט די פראגע געשטעלט ווערנ אפ א זיצונג — דאָס איז געוועזנ פאר איר א נײַס.

— נו קומ, קומ, — האָט זאלמענקע זי אונטערגעאײַלט. — מיר איז געבליבנ ווייניק צײַט.

זי האָט שוינ גאָר אינגאנצנ ניט געהערט, וואָס מע רעדט צו איר.

אינ איר זיקאָרנ איז אופגעשוואומענ איר יוגנט. א יונגער זומער־טאָג אינ איר קליינער געבורט־שטאָט.

ווער איז עס דעמלט געוועזנ אזוי יונג: זי, כאוועלע, צי די גאנצע ארומיקע שטאָט? דעמ ווירציקנ גערוכ פונ יענעמ ערשטנ הייסנ זומער־טאָג געדענקט זי אינאיינעמ מיטנ רייעכ פונ לעווקאָיע־בייטנ אונ פרעמדע סעדלעכ מיט צוגעמאכטע טירלעכ לענגויס דער שטילער פוסטער גאס. פונ געדיכטע פארוואקסענע ווינקעלעכ, וואָס אפ יענער זײַט פארקנס אונ צוימענ, דערטראָגט זיכ אָט אנ אָפגעריסנ ברעקל פונ גליקלעכנ מיידלשנ געלעכטער, אָט עמעצנס א פרוּוו א זינג צו טאָנ. דאָס זומערדיקע גליק האָט דעמלט געהערט בלויז צו אייניקע, וואָס פלעגנ פראווענ מיט דעמ יעכידעס, אונ ניט צו אזעלכע, ווי זי, כאוועלע, א יעסוימע, וואָס שארט זיכ ארומ לעבנ פרעמדע צוגעמאכטע טירלעכ. נאָר גלייבנ האָט זי דאָכ געגלייבט, אז אויכ איר וועט נאָכ אמאָל זײַנ גוט. זייער גוט...

אונ אָט איז עס מעקויעמ געוואָרנ. איר, דער איינ־אונ־פערציק־יאָריקער, איז איצט גוט, זייער גוט. בא איר גיט אזש א ציטער דאָס הארצ, ווענ זי טראכט וועגנ דער פאָרשטייענדיקער זיצונג, וועגנ וועלכער איר האָט נאָרוואָס געזאָגט זאלמענקע. זי טראָגט זיכ איבער מיט אלע אירע געפילנ צו דעמ, וואָס מיט איר וועט זײַנ מאָרגנ. אונ יונג זעט אויס דאָס לעבנ ארומ איר: יונג איז דאָ אינמיטנ דער טײַגע די פרוּוו־סטאנציע מיטנ סעלעקציע־פאווילִיאָנ, ווו זי האָט זיכ דערשלאָגנ צו א נײַעמ סאָרט קאָרנ, יונג איז אָט דער ערשטער ווינטערדיקער פריש־אויסגעפאלענער שניי, וואָס שווינדלט פאר איר בליק, ביימ זי טראכט אינ מיטנ שפאנענ: „איז אָט גאָר פונוואנענ עס נעמט זיכ דאָס געפיל פונ יוגנט — ניט אזוי פונ די יאָרנ הענגט עס אָפ, ווי פונ דערפילנ אלצ נײַע אונ נײַע טאמענ אינ לעבנ”.

— וואָס איז מיט דיר, כאוועלע? — האָט, אָנרירנדיק זיכ אינ איר אקסל, געפרעגט זאלמענקע.

אופגעהויבנ אפ אימ די קויל־שווארצע אויגנ, וואָס מיט די גרויסע באזונדער ריינע אונ פארשמאכטע ווײַסלעכער, האָט זי א ווײַלע זיכ אײַנגעקוקט אינ זײַנ פאָנעמ. וואָס לענגער זי האָט זיכ געקענט מיט אָט דעמ מענטשנ, אלצ מער האָט זי בא אימ געלערנט ניט ארויסצוזאָגנ קיינ טיפע איבערלעבונגענ מיט ביליקע ווערטער. מיט איר גאנצנ קערפער האָט זי זיכ א וויג געגעבנ, ווי אפ אָנצושפארנ זיכ אינ אימ, נאָר פלוצעמ געקראָגנ צוריק גלײַכגעוויכט אונ האָט אראָפגעלאָזט די אויגנ צו אירע שפאנענדיקע פיס.

— וואָס מאכט אײַער פרוי? — האָט זי מיט א פארלאָשנ ווערנדיק קאָל געפרעגט אינ מיטנ גאנג.

— ניט גוט, — האָט שטיל געענטפערט זאלמענקע.

— אלצ קראנק?

— נו יאָ... מיט אירע לונגענ וואָלט איר איצט צו ווינטער צו באדארפט ווערנ בעסער.

א ביסל שפעטער, ווענ זי האָט געהאלטנ אינ מיטנ האָדעווענ זאלמענקעס איינעמ ווײַסווענטיקנ פירעקיקנ עסצימער, וואָס איינעמ נײַעמ דירעקטאָרשנ שטיבל, האָט פונ דער פיליִאלער פערמע זיכ אומגעקערט איר ברודער, דער דירעקטאָר פונ דער פרוּוו־סטאנציע מיכל וואָרטמאנ. אראָפ פונעמ שליטנ, איז ער

גלײַכ אוועק אינ קאָנטאָר אונ אהער אהײמ צוגעשיקט דעמ נאָכ גאָר יונגנ אגראָנאָמ פונ דער פערמע פּעטיע באָראָווסקינ, וועמענ ער האָט געבראַכט מיט זיכ אפ יאָמטעוו. אינ שטוב האָט מענ זיכ דערפרײט:

— אָט א גאַסט!

אונטער די אויגנ האָט מענ אימ דאָ גערופנ מיטנ נאָמענ, וואָס אימ האָט געגעבנ דער אלטער לעוו איזראַילעוויטש: „די לעבעדיקע סעלעקציע". דאָס איז געווענ א ריזיק־צעוואָקסענער רויט־באַקיקער באָכער, געזונט, ווי א בער, אונ אָנגעטאָנ, ווי א פּויער. געבוירנ געוואָרנ טיפ אינ סיביר בא פארשיקטע עלטערנ רעוואָליוציאָנערנ, האָט ער קינדווײַז ניט אָנגעהויבנ גאָר צו וויסנ, אז זײַנ געשטאָרבענער פאָטער איז געווענ א ייִד, אונ שפּעטער, ווענ ער האָט זיכ וועגנ דעמ דערוווּסט, איז ער גאַנצ פּאָשעט געקומענ צומ אויספיר, אז אויב ער איז א ייִד, איז קער ער, הײסט עס, צו ייִדנ, אונ אז ווײַבאלד אזוי, איז שוינ אלצ קלאָר ווי דער טאָג: אויב מע האָט פאר ייִדנ אויסגעטײלט די ערד, וואָס באמ אמור, דאַרפ ער נאָכנ ענדיקנ אפ אגראָנאָמ אוועקפאָרנ אהינ. אונ אזוי טאַקע האָט ער געטאָנ.

געאַרבעט האָט ער דאָ אינ דער סאמע פארוואָרפענער פערמע, באמ סאמע שווערסטנ סעקטאָר — בא וואסעריקע רײַז־פעלדער, געלעבט אינ א ביז גאָר קלײנ קאמערל, געשלאָפנ אפ א האַרטער באַנק, ווי א מאָנאַכ, נאָר געווענ קאָנטענט. אינ ווײַל פונ ייִדנ, צו וועמענ ער האָט זיכ באַהעפט, איז ער געווענ אָפּגעפרעמדט, האָט ער דעריבער געקוקט אפ זיכ, ווי אפנ סאמע ייִנגסטנ אינ זײער מישפּאָכע, אונ אפ יעדנ פונ זײ, ווי אפ עלטערס פונ זיכ, שיר ניט, ווי אפ זײַנעמ א לערער, אונ האָט ניט באמערקט, אז פארקערט — די ייִדנ, צווישנ וועלכע ער אַרבעט אונ לעבט, לערנענ זיכ אָפּ פונ אימ עפּעס געזונט־רוסישעס, אונ אינ קאָנטאָר שטעלט מענ אימ ארויס, ווי א מוסטער, אינ אלע פאַלנ, ווענ עמעצער פונ די נײַע איבערוואנדערער פּערעבענדיוועט מיט צוקלײַבנ זיכ דאָ א באשעפטיקונג. בעטעווע א האָרעפּאשנער אונ געדולדיקער, פּלעגט ער אלעמאָל, ווענ אימ האָט א רופ געגעבנ דער דירעקטאָר, זיכ א כאַפּ געגעבנ מיט א מינ „הינעיני" — איכ בינ דאָ! אזוי איז געווענ אויכ איצט, ווענ באמ ארײַנקומענ אינעמ דירעקטאָרשנ שטיבל, האָט ער דערהערט, ווי אימ רופט צו זיכ אינ עס־צימער ארײַנ דער אײַליק־קײַענדיקער זאַלמענקע:

— פּעטיא!

— אהא! — האָט ער גלײַכ זיכ געגעבנ א שטעל אוועק פאר זאַלמענקענ, ווי א סאָלדאַט פאר א גענעראַל.

— דערצײל נאָר, פּעטיא, וואָס איז די מײַסע מיט דײַנ קאָמיוגישנ בילעט?

באטראַכט א ווײַלע דעמ גוואַרעדיקנ פּעטיענ, ווי ער שטײט פארלוירנ מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ בליק, האָט זאַלמענקע גענומענ אימ צוגעבנ שטאַרקײַט:

— וואָרנ אלצ, אכוצ דעמ, איז, ווי ווײַט איכ ווײס, בא דיר אינ אָרדענונג.

אכ, יאָ, אפ פּעטיענ וואָלט מענ געקענט זאָגנ, אז ער איז א מינ „אָדאָמ־האַשאָלעמ", ווענ ניט דער פּלאָנטער מיט זײַנ קאָמיוג־בילעט. די מײַסע איז, וואָס אינ דער אנקעטע, בײס ער איז געוואָרנ א קאָמיוגיסט, האָט ער ניט אָנגעגעבנ, אז ער איז א ייִד, פּאָשעט: ער האָט עס דעמאָלט נאָכ ניט געוווּסט. אונ פארנ ענדיקנ דעמ אגראָנאָמישנ אינסטיטוט, ווענ ער האָט אָנגעגעבנ אנ אנקעטע אפ קאנדידאט, האָט ער עס שוינ יאָ געוווּסט, נו איז מײנענ זײ דאָרט, אז ער, פּעטיע, האָט אינ דער ערשטער אנקעטע ניט געשריבנ דעמ עמעס.

„לאָזט אימ אָפּ", — האָט כאַוועלע מיטנ ווונק געבעטנ זאַלמענקענ, ער זאָל ניט אָנטאָנ פּעטיענ קײנ יעסורימ.

— נישקאָשע, — האָט, אופשטײענדיק פונעמ טיש אונ נעמענדיק זיכ אָנטאָנ, געזאָגט צו פּעטיענ זאַלמענקע, — דאָס זײַנענ די ערשטע אונ די לעצטע צאָרעס דײַנע, וואָס דו לעבסט איבער אלס ייִד. מיר וועלנ זענ עפּעס טאָנ.

— אָט־אָט, — האָט צופרידנ א שמײכל געטאָנ פּעטיע. אונ ארויסגעגאנגענ צומ שלימנ, וואָס איז נאָכ אלצ געשטאַנענ לעבנ דער שטוב, האָט ער גענומענ ארויסשלעפּנ פונ דאָרט די מאטאָנע, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיכ אפ יאָמטעוו — א געשאָסענע קאָזוליע, דורכויס פארפרוירנ, ווי א שטיק אײַז.

כאַוועלע אונ זאַלמענקע, בײדע שוינ אָנגעטאָנ אפ אוועקצוגײנ, האָבנ א רעגע באַטראַכט אָט די מאטאָנע, וואָס איז געלעגנ אינמיטנ דער קלײנער קיכ אפ דער פּאָדלאָגע. כאַוועלע האָט דאָ באלד געמאַכט דעמ כעשבנ, וועמענ פונ די אָרטיקע אײַנוווינער דאַרפ מענ אויסטײלנ פונ דער ציג א כײלעק.

— שיר ניט פארגעסנ אָנעמ בוכהאלטער, — האָט זי זיכ דערמאָנט, — בא אימ אפ קוואַרטיר שטײט דאָכ אײַנ דער פּראָפעסאָר קאַלמענס.

— אזוי, אזוי, — האָט, אוועקגײענדיק צו זײַנע זיצונגענ, צוגעשאָקלט זאַלמענקע, אונ אײנעמ א פארשמעלערט אויג זײַנס האָט דערבײַ א קוק געגעבנ אפ כאַוועלענ, ווי זי האַלט פונדעסטוועגנ אינ קאָפּ דעמ אמעריקאנער פּראָפעסאָר: „נו יאָ, זי האָט דאָכ אלײנ געזאָגט: „בא קײנ שומ פרוי איז ניט העפקער קײנ מענטש, וואָס איז געווענ אינ איר פארליבט"...

צווישנ אײנ זיצונג אונ דער צווײטער האָט ער זיכ ארײַנגעכאַפּט צו לעוו איזראַילעוויטשנ, — ערשטנס, דער אלטער וועט, ווי

זײַנ טעווע, קלערנ, אז מע מײַדט אימ אויס, אונ ווערט מעסוקנ פּאריבל האָבנ. צווייטנס, צווישנ דעמ אלטנ אונ צווישנ אייניקע פונ די אָרטיקע וויסנשאפטלעכע טוער האָבנ אינ די לעצטע וואָכנ אָנגעהויבנ ארויסצושווימענ געוויסע כלוקע־דייעס. לעוו איזראַילעוויטש, ווי זאלמענקענ האָט דערציילט כאוועלע, וואָלט אלס געלערנטער וועלנ אוועקשלעפּנ דאָ די ארבעט אינ די לאבאָראטאָריעס מער צו אלגעמיינע טעאָרעטישע פּראָבלעמענ, ווי צו אָרטיק־פּראקטישע. אפ דער זיצונג, וואָס ער האָט נאָכ הײַנט דורכצופירנ, איז אימ פאָרגעשטאנענ מאכנ אנ עק צו אָט דעמ כלוקע־דייעס, אונ ער האָט געוואָלט פונ פריער דעמ אלטנ דערצו צוגרייטנ.

עס איז געווענ ארומ צוועלפ אזייגער באטאָג.

לעוו איזראַילעוויטשנ האָט ער געטראָפנ באַמ ארבעטס־טיש אינ קליינעמ מיט זונ פארגאָסענעמ קאבינעט. אינ די שטעקשיכ אונ אינעמ צופיל גראָמענ ווארעמענ שטוב־העקל האָט דער אלטער אויסגעזענ פיל קלענער, ווי נעכטנ, ווענ ער איז אינ זײַנ נײַעמ פוטער אונ אינעמ הויכ־אופגעשטעלטנ יאַלעמ ארײַנגעקומענ אינ קאָנטאָר. ווײַס־גרוי, מאָגערלעכ, נאָר יאָרעדיק־פארפראוועט, איז ער נאָכ אלצ געווענ פול אונ פול מיט אימפּעט איבערצוקערנ בערג, אונ אָט דער אימפּעט האָט אימ אפ דער עלטער שיר ניט אינאײנעמ מיט די סאמע ערשטע איבערוואנדערער געבראכט אהער צומ נײַעמ לעבנ אינ מיטנ דער טײַגע, אונ זע נאָר, זע, ווי ער רוט דאָ ניט, אָט דער אלטער — פונ זײַנע אויגנ זעצט נאָכ אלצ א גלאנצ, ווי בא א יונגנמאנ.

— נאָרוואָס אוועקגעגאנגענ פונדאנענ דער אמעריקאנער פּראָפעסאָר, — האָט ער דערציילט זאלמענקענ, — אויסגעלייגט פאר מיר זײַנ גאנצנ פּלאנ.

— אונ וואָס וויל ער?

— טא! — האָט אוועקגעמאכט דער אלטער אונ מיט פארלייגטע הענט ארונטער גענומענ ארומשפּאנענ הינ אונ צוריק לעבנ דעמ זיצנדיקנ זאלמענקענ — ארומשפּאנענ אזוי שווער, ווי ער וואָלט שלעפּנ נאָכ זיכ א טאטשקע. — מיר מיט דיר דרינגענ דאָכ, אז דאָ ווערט זײַנ איינס פונ די וויכטיקסטע אינדוסטריע־ערטער אינ סאָוועטנ-פארבאנד—מע דארפ נאָר צוגרייטנ וואָס גיכער די לאנדווירטשאפטלעכע באזע. אונ ער... זײַנ פּלאנ איז—דורכויס קליינע געמישטע ווירטשאפטנ צו פינפ טויזנט מענטשנ, וואָס זאָלנ אליינ באַארבעטנ די רויע שפּײַז־פּראָדוקטנ אונ זיכ אליינ באדינענ מיט אלעמ נייטיקנ, ווי קליינע מילנ, אלערליי קליינע ווארשטאטנ, נו, א קליינע מעבל־פאבריק לייגט ער פאָר... מיט אמעריקאנער ארבעטער. וואָס האָסטו זיכ אזוי פארטראכט, א?

— וואָס איז דענ?

— איכ זע אינ דײַנע אויגנ, אז דו טראכסט עפּעס.

— ניינ, גאָרניט.

שולדיק זײַנענ אלצ די אלט־יידישע קענטעניש, וואָס ער האָט אינ דער יוגנט ארײַנגעזאפּט. צווישנ איינ געדאנק אונ א צווייטנ איז בא אימ פּלוצעמ אופגעשווומענ די פראגע: וויפל טויזנט יאָר זײַנענ שוינ אוועק, זינט יידנ אלס פאָלק האָבנ זיכ אָפּגעוווינט פונ האָבנ צו טאָנ מיט באהערשנ די נאטור? דער מער מיט די יידנ, צווישנ וועלכע ער, זאלמענקע, ארבעט איצט, באשטייט אינ דעמ, וואָס זיי הייבנ אָנ פונ באהערשנ די ווילדע נאטור. מיט אָט דער שווערער מי וואָרצלענ זיי זיכ דאָ אײַנ, נאָר צי וועלנ דאָ זײַנ צוגעפּאסט יענע, וואָס וועלנ ארויפקומענ פונ אמעריקע? ער, זאלמענקע, קענ זיי ניט.

— ער קלערט פאָרנ מיט זײַנ פּלאנ קיינ מאָסקווע, — האָט, ווי א קאפּעלע אָפּשפּעטנדיק, געזאָגט לעוו איזראַילעוויטש.

— נו, — האָט דערופּ א מאכ געגעבנ זאלמענקע, ווי איינער זאָגט: מעכעטייסע, ווער קענ אימ שטערנ?

אונ געהיט, קעדיי ניט צערייצנ דעמ אלטנ, האָט ער צוערשט גענומענ זיכ דערפרעגנ בא אימ, ווי האלט ער פונעמ סאָרט קאָרנ, וואָס יעווע מאָיסייעווע האָט ארויסגעקראָגנ, אונ ערשט נאָכדעמ פּאמעלעכ איבערגעגאנגענ צו די כלוקע־דייעס דאָ אינ דער ארבעט. דאָס האָט ער אימ צוגעגרייט צו דער זיצונג, צו וועלכער זיי ביידע האָבנ באלד געדארפט פונדאנענ אוועקגיינ.

3

די אופראמערנ ריווע, וואָס לערנט זיכ זײַנ א טראקטאָריסטנ, האָט שוינ קימאט ווי געענדיקט דאָ די קורסנ. דאָס איז געווענ נאָכ אינ סאָפ אָסיענ אינ א כמארנעמ טאָג נאָכ א רעגנ. זיצנדיק אפ א טראקטאָר מיט א צוגעטשעפּעטנ דרײַ־לעמעשענעמ אקער, האָט זי דעמלט צו שטײַפ געהאלטנ דעמ רול אינ די הענט אונ אפ א ניט־גערירט פעלד אופגעהויבנ דעמ ערשטנ אקער־פּאס.

יענער אקער־פּאס ליגט איר נאָכ אדהײַעמ אינ טאמ. עס איז געווענ דער סאמע ערשטער שניט, וואָס זי האָט געמאכט דאָ אינ ניט־באַרירטנ פעלד, אונ ער איז פארבליבנ אינ איר זיקאָרנ ווי א מינ אָנדענק פונ איר פארקנאסנ זיכ צו דער היגער ערד: זייער א לאנגער אקער־פּאס, וואָס שווארצט זיכ אינ די אויגנ מיט זײַנע פריש־אופגעגראָבענע גרויסע הרודעס — ווי קענ מענ אימ גאָר פארגעסנ?

דערצו נאָכ זײַנענ דאָרט, ווי א מינ עקזאמענ־קאָמיסיע, געשטאנענ בא דער זײַט דער דירעקטאָר מיכל וואָרטמאנ, דער אגראָנאָמ פּעטיא באָראָווסקי מיט א פּאָר טראקטאָריסטנ, אונ ווענ, פארבײַפאָרנדיק לעבנ זיי, האלטנ־

דיק קאפ, אז דער אקער־פאם זאל זײַנ א שנור־גלײַכער, האט זי מיט אײנ אויג זיכ א זײַטל געטאנ צו זיי, איז איר פונ זייערע בליקנ קלאר געווארנ, אז געפעלנ געפעלט זי זיי ניט נאר מיט דער בערײשקײַט, מיט וועלכער זי פירט דעם טראקטאר. איבער דאס גאנצע בלוט האט איר דעמלט א שלאג געטאנ אינ פאנעם ארײַנ, איז דאס געקומענ דערפונ, וואס גראד אונטער זייערע בליקנ האט זי מיט אלע כושים דערפילט, אז זי, ריווע, איז קלאל ניט קיינ מיעסע.

פונ דעמלט אנ איז שוינ אוועק מער ווי א כוידעש. ביז פרילינג איז זי געבליבנ די אופּראמערנ אינ קאנטאר. נאר שווער איז צו זאגנ, צי האט זי פאר אט דעם כוידעש א טראכט געגעבנ וועגנ איר אויסערלעכ אויסזענ. זי האט פאשעט געהאט ווייניק צײַט אפ ארומצוקוקנ זיכ, אונ ווער שמועסט נאכ אט איצט, אינ די לעצטע הייסע פאראקטיאבער־טעג.

אינ מיטנ שלאפ אינ דער נאכט צו ערעוו אקטיאבער־יאמטעוו האט ריווע זיכ געגעבנ א כאפ אופ אפ איר געלעגער אינעם קליינעם זײַטיקנ קאנטאר־צימערל אונ איז געבליבנ זיצנ פארוואונדערט אפ זיכ אליינ:

— וואס זיצ איכ?

באלד דערופ, נאכ איידער זי האט באוויזנ זיכ אנצוטאנ, האט זי דערפילט, אז דער עמער מיטנ שטריק, וואס שטייט אקעגנ אינ ווינקל, ציט זי צו זיכ מאמעש, ווי א מאגנעט — מע האט ריישים-קאל באדארפט אנטראגנ א פול דייזשקעלע מיט וואסער, קעדיי ניט צו לויפנ נאכדעם אינ מיטנ אופראמענ אלע מאל באנײַס צום ברונעם.

די ערשטע פאר עמער וואסער האט ריווע אנגעטראגנ עפעס ווי אינ א מינ הינערפלעט, ניט האבנדיק נאכ רעכט אויסגעטשוכעט זיכ פונעם שלאפ. ערשט באם פערטנ צי באם פינפטנ עמער האט זי דערהערט, ווי מע וואזגעט זיכ אינ דער נאענטער פינצטער לעבנ דער קליינער הילצערנער מאשינעריע, וואס מע האט דא אקארשט נעכטנ פארנאכט אײַנגעפעסטיקט אינ דער ערד — א מאשינעריע מיט א רעדל אפ צו דרייענ א פעל. דעם מענטשנ, וואס פארעט זיכ דארט אינ דער פינצטער, האט ריווע גלײַכ דערקענט אינ קאל. ווארטשענ מיט אזוי פיל בייזע פרעטענזיעס אונ אזוי טיפ פונ ברוסט ארויס, אז מע זאל דערהערנ איבער דער גאנצער פרוווסטאנציע, האט געקענט נאר איינ עליק בארשט, דער יונגער אונ שיינער רימער, וואס ווארפט דא אלעמאל דעם געט פאר די פים — ער איז קוירעמקאל א זעלטנ גוטער באלמעלאכע אונ דערצו נאכ זינגט ער, אז עס עקט זיכ די וועלט, אונ פירט זיכ ביכלאל, ווי אנ אקטיאר.

— שטיי! א כאליערע!.. — האט ער אינ דער פינצטער געשריגנ אפנ פערד, וואס ער שפאנט אײַנ, עס זאל אים דארט דרייענ די קליינע הילצערנע מאשינעריע, אונ פונ צעפיקעניש, אפאנעם, געגעבנ דעם פערד מיטנ שטיוול אינ בויכ ארײַנ.

ריוועס טאג־טעגלעכע ארבעט אינ קאנטאר האט בעמיילע געבראכט דערצו, זי זאל וויסנ, וואס עס טוט זיכ אפ דער נעשאמע בא אלע מענטשנ, וואס ווארפנ זיכ דארט אדורכ. איר אינ די אויגנ איז צוריק מיט עטלעכע טעג פארגעקומענ א ברויגעזלעכע באגעגעניש פונ אט דעם יונגנ מעיוכעסדיקנ רימער מיטנ דירעקטאר ווארטמאנענ. דער ביז גאר מעיושעוודיקער דירעקטאר — ער איז זייער א וווקסיקער, אנ אנגענעמ־רויטלעכער אונ דאכ זייער געראטנ אינ זײַנ שוועסטער יעוועמאיסייעוונע — האט, זיצנדיק בא זײַנ קאנטאר־טיש, ווי זײַנ טעווע, גאנצ שטיל געפרעגט בא עליקנ, פארוואס גייט ער ארומ ליידיק:

— גראד איצט... פאר די נײַ־געבראכטע פערד דארפ מענ צײַמלעכ, שלייעס אונ לאביחריקעס.

עליק האט גאנצ הילכיק אפגעקנאקט:

— די אויסגעארבעטע פעלנ, וואס מע האט געבראכט פונ כאבאראווסק, זײַנענ אויסגעגאנגענ, אונ קיינ נײַע ברענגט מענ ניט. מאכנ איפריאזש פונ די אייגענע פינגער קענ איכ ניט.

נאר דער דירעקטאר האט, ווײַזט אויס, מער ניט געהאט בעדייע אויסצוקליאנטשענ אינ כאבאראווסק באארבעטע פעלנ:

— ווער שמועסט נאכ, אז רויע פעל האבנ מיר דא אונ מע קענ זיי אליינ אויסארבעטנ, ווי עס פלעגנ שטענדיק טאנ רימער.

דאס האט ער געזאגט שוינ גאר, גאר שטיל, אונ אז דער דירעקטאר רעדט גאר, גאר שטיל, איז שוינ א קלאל, אז אזוי בלײַבט עס.

— אהא, — האט איצט וועגנ עליקנ א טראכט געגעבנ ריווע, — ער האט שוינ מוירע, אז מע וועט אים צו יאמטעוו צו נאכאמאל אופרופנ אינ דער וואנט־צײַטונג, אונ כאפט זיכ דרייענ אליינ א פעל.

אויב זי איז דערבײַ אפ א רעגע געבליבנ שטיינ פארטראכט מיטנ פולנ עמער אינ דער האנט, איז דאס געווענ דערפאר, וואס, ווי אפ דער פרווו־סטאנציע האט זיכ געלאזט הערנ, האט אויכ אט דער מעיוכעסדיקער עליק באלד נאכ דער כאסענע זיכ געגעט מיט זײַנ ווײַבל, פונקט ווי זי, ריווע, האט פארנ אפפארנ פונ הינטער מינסק באלד נאכ דער כאסענע זיכ געגעט מיט איר מאנ, אונ שוינ דאס אליינ האט זיי ביידנ דערנעענטערט, ווי מענטשנ פונ איינ גוירל. זי האט שוינ געהאלטנ בא אומקערנ זיכ פונעם ברונעם מיטנ לעצטנ עמער וואסער, ווענ ער האט זיכ דא אומגעקוקט אפ איר אונ זי דערקענט בא דער בלאסער שײַנ פונ טאג ווערנ.

— זע!.. ריווע, — האט ער געזאגט פאר־

ווונדערט, — פארוואָס עפּעס אזוי פרי אופגעשטאנענ?

מיטנ עמער וואסער אינ האנט איז ריווע געבליבנ שטיינ אונ האָט פונ אונטער די ברעמענ א ווײַלע געקוקט אפ אימ, ווי ער שטייט אקעגנ איר — א געזונטער, שיינער יונג מיט א טעפל דזעגעכצ אינ איינ האנט אונ מיט א קוואטש אינ דער אנדערער האנט, ער איז אָנגעטאָנ אינ א מינ מאָדנע כאלאטל, אונ האלטנ האלט ער אָט די קיילימ אינ די הענט עפּעס טאקע גאנצ טשיקאווע, ווי אנ אקטיאָר אפ דער בינע.

— פארוואָס אזוי פרי? — האָט זי שטיל איבערגעפרעגט, — אומיסטנ.

— אומיסטנ?

— יאָ, — האָט, אוועקגייענדיק, א מאכ געטאָנ ריווע, — קעדיי אײַכ איבערצוגיינ מיט פולנ.

מיט דעמ האָט זי אימ ווי אָפּגעגעבנ מאזלטאָוו, וואָס ער האָט סאָפּקאָלסאָפּ אופגעהערט צו פערעבענדיווענ אונ גענומענ טאָנ, וואָס מע דארפ. קעדיי אימ זאָל זײַנ מער קלאָר, וואָס זי מיינט, האָט זי, ניט אומקוקנדיק זיכ, שוינ אינ וועג צוגעגעבנ אפ רוסיש:

— לוטשע פּאָדנאָ, טשעמ ניקאָגדא.

אונ אָט איז שוינ עפּשער דרײַ אָדער פיר שאָ, אז זיי ביידע — מענטשנ קימאט פונ איינ גיירל — טוענ דאָ זייער ערעוו־יאָמטעוודיקע ארבעט: עליק דרייט די פעל מיט אקשאָנעסדיקער פארביטערטקײַט פונ א מענטשנ, וואָס האָט זיכ אליינ באשטראָפט, אונ ריווע ראמט אינ קאָנטאָר מיט אזא געפיל, ווי גלײַכ עס צעשפּארט זי שיר ניט דער ערעוו־יאָמטעוודיקער אימפּעט.

אינ סאמע גרעסטנ קאָנטאָר־צימער האָט ריווע געמאכט ריינ, נאָכ איידער אהינ איז געקומענ דער בוכהאלטער סעמיאָנ גריגאָריעוויטש — ער קומט שטענדיק דער ערשטער פאר אלע אָנגעשטעלטע. די פּאָדלאָגע איז אויסגעוואשנ, ווי א שפּיגעלע, אונ איז נאָכ ערטערווײַז פײַכטלעכ, די אויסגעזייפטע טישנ אונ בענקלעכ זײַנענ ניט צו דערקענענ — זיי זײַנענ, דאכט זיכ, שוינ אפילע א קאפּעלע פארוויטלט, ווי לעהאוודל מענטשנ נאָכ א הייסער באָד, די אויסגעווישטע שויבנ מיט די ווײַס־געפארבטע פענצטער־שאליעוואניעס שימערנ. אפ אלע טישנ איז אופגעשפּרייט פריש פּאפּיר אונ די „שטשאָטעס” קלעפּנ זיכ מער ניט צו די הענט, אונ די שרײַב־געצײַגנ זײַנענ מער ניט פארפּאפּט — דער טינט, וואָס וועט ניט אזוי גיכ אראָפּ פונ ריוועס פינגער, איז אנ איידעס, אז מיט יעדנ טינטער האָט זי גוט אײַנגעקנעלט, ווי גרויס איז דער יאָמטעוו, וואָס פארגייט הײַנט אינ אָוונט. לעבנ דער שוועל האָט ריווע אויסגעשפּרייט אנ אלטנ פארלאטעטנ זאק, קעדיי מע זאָל אָפּווישנ אָנ אימ די פיס אונ ניט ארײַנטראָגנ קיינ בלאָטע אינעווייניק.

וואָס זשע אָבער איז די פּוליע? עס איז ערשט ארומ נײַנ אזייגער אינדערפרי. באגלייט מיט א כאָפּטע מענטשנ, האלטנדיק אינ מיטנ ריידנ, קומט אהער ארײַנ דער דירעקטאָר, אונ עס גייט ניט פארבײַ קיינ פינפ מינוט, ווי דער געלאטעטער זאק איז שוינ פארבלאָטיקט אונ אָפּגעשמיסנ אָנ א זײַט.

אינ דרויסנ אונטער דער צעהעלטער זונ האלט גראָד אינ איינ לאָזנ, אונ מענטשנ האלטנ איצט, ערעוו יאָמטעוו, גראָד אינ איינ גיינ אינ קאָנטאָר, אונ דער קויט, וואָס זיי טראָגנ אָנ אפ די שטיוול, האלט אינ איינ צעשמירט ווערנ. די שטיקלעכ בלאָטע, וואָס בלײַבנ דאָרט ליגנ אפ דער פּאָדלאָגע, וועלנ, דאכט זיכ, אָט־אָט, ווי קליינע שווארצע מײַזלעכ, אָנהייבנ ארופקריכנ אפ די בענקלעכ, אפ די טישנ, אפ די ווענט, אונ בא ריווענ, וואָס ראמט שוינ אינ א צווייטנ צימער, ווערט דאָס הארצ שיר ניט צעגאנגענ אלעמאָל, ווענ זי קוקט אהער ארײַנ. זי ווייסט, אז מע האלט זי דאָ פאר א בייזער. נאָר גיי באווײַז א קונצ, קוק צו דאָס אלצ אונ שמייכל נאָכ דערבײַ. ריווע ווייסט אליינ ניט, אפ וואָס זי איז גרייט אינ דער־אָ מינוט. עפּשער זאָל זי גאָר אײַנגאנצנ אוועקנעמענ די הענט, אונ זאָל דאָ בלײַבנ אפ יאָמטעוו אָט די בלאָטע, מיטנ ברוד אונ מיטנ העקדעש? יאָ, יאָ. אזוי וועט זי טאָנ. די ליפּנ זײַנענ בא איר צוגעמאכט זייער שטײַפ, ווי אפ ניט אופצומאכנ מער קיינמאָל דאָס מויל. איר ברוסט פּאכט הינ אונ צוריק, עס הערט זיכ, ווי שווער זי אָטעמט דורכ דער נאָז.

נאָר ריווע האָט דאָ נאָכ דערווײַל ניט קיינ אייגענע שטוב, וווּ זי וואָלט געקענט אויסגעבנ איר ערעוו־יאָמטעוודיקנ אימפּעט, אונ ביז זי וועט אינ פרילינג זיכ אופזעצנ אפנ טראקטאָר, איז איר היימ אונ איר ארבעט אינ קאָנטאָר. דערלאָזנ, אז דאָ זאָל בלײַבנ די בלאָטע, הייסט דערלאָזנ, אז בא אלע אפ דער פּראָווסטאנציע זאָל הײַנט אינ אָוונט זײַנ יאָמטעוו אונ בלויז בא איר איינער זאָל זײַנ וואָכ. אונ ריווע באשליסט, אז זי וועט דערווײַל נאָכאמאָל אָנטראָגנ א פול דייזשקעלע וואסער — אינעמ איבערײַס צווישנ צוויי אונ דרײַ באטאָג, ווענ דאָס גרויסע קאָנטאָר־צימער בלײַבט פּוסט, וועט זי דאָרט באנײַס א קאָנ אופראמענ.

הינטער דער קאָנטאָר, אפ דער זונ, וואָס צעשטראלט זיכ צו צוועלפ אזייגער צו ביז בלינד מאכנ, וואָזגעט זיכ אלצ עליק בארשט מיט דרייענ די פעל. אונ ריווע, צי זי וויל יאָ, צי זי וויל ניט, נאָר אז זי קומט צו מיטנ עמער צומ ברונעמ, מוז זי דאָרט פונ מאָל צו מאָל זיכ באגעגענענ מיט זײַנ בליק — א בליק פונ א מענטשנ, וועמענ עס גייט הײַנט ניט אינ דער ארבעט.

— ווי אפ צולאָכעס, — וואָרטשעט ער,

אָפּשטעלנדיק אַלעמאָל באַנײַס דאָס פֿערד אינ זיפֿצנדיק זייער הילכיק, ווי ער וואָלט שפּילנ אַפֿ דער סצענע, — עכ־עכ־עכ־עכ!

דאָס האַלטנ זיכ איינ איינ ברעכנ די פּלאַנקעס בײַ דער הילצערנער מאַשינעריע — זיי זײַנענ געמאַכט געוואָרנ כאַפּ־לאַפּ פֿונ פֿײַכט האָלצ אונ האָבנ ניט באַוויזנ אויסצוטריקענענ.

— איכ וועל גאָר הײַנט ניט פֿאַרטיק ווערנ מיט אָט דער פֿעל, דער רוח זאָל זי נעמענ! — קלאָגט ער זיכ פֿאַר ריווענ אונ פֿאַרקוקט זיכ מיט בענקשאַפֿט אַפֿנ געדיכטנ קוימענ־רויכ, וואָס זיצט ערשט־יאָמטעוודיק־פֿרײַלעכ פֿונעם נאָענטנ בעדל, — זעסט צי ניינ? מע שטייט דאָרט שוינ אינ אָטשערעד...

נאָר ריווע, ווי שווער איר איז ניט דער הײַנטיקער טאָג, ווערט איר דאָכ א ביסל ווייניקער אָנגעזאָלצנ אַפֿנ האַרצנ שוינ פֿונ דעמ אַליינ, וואָס אָט, פֿאַראַנ דאָ אַרומ איר אינעמ אַרומיקנ לעבנ יווישער, — ער האָט געמאַכט פֿוילע שטיק, דער־אָ קנאַקער, איז זאָל ער איצט פֿאַרדייענ זײַנ פּאָרציע. עס מאַכט ניט אויס, וואָס אָט דער עליק באַרשט געפֿעלט איר זייער אַפֿ דער צורע — אַז מע וועט דאָ אַפֿ דער פּרווו־כמאַנציע אַרויסשלאָגנ פֿונ אימ אַלע זײַנע מעשוגאַעסנ, וועט ער איר דעמאָלט נאָכ מער געפֿעלנ. שוינ אַליינ דער פֿאַקט, וואָס דער יווישער אַרומ איר איז אײַזנ־פֿעסט, גיט איר צו אימפּעט, זי זאָל אינ דער איבעררײַס־צײַט באַנײַס נעמענ וואַשנ אונ ראַמענ אינ גרויסנ קאָנטאָר־צימער. זי האָט שוינ ווידער אַרויפֿגעשטעלט אַלע שטולנ אונ מאַבורעטנ אַפֿ די טישנ, זי ראַטשקעט אַפֿ אַלע פֿיר, פֿילנדיק דאָס גאַנצע בלוט אינ פּנימ, אונ רײַבט אונ רײַבט מיט דער נאַסער שמאַטע די פּאָדלאָגע־ברעטער.

פּונקט דעמאָלט טראָגט עס אָנ אַהינ דעמ אַמעריקאַנער פּראָפֿעסאָר. עס זעט אויס, ווי גראָד הײַנט, ווענ אַפֿ דער פּרווו־סטאַנציע קאָכט מיט אַרבעט אונ מיט זיצונגענ, האָט ער דאָ ניט וווּ זיכ אַהינצוטאָנ, אָט דער בעקאָוועדיקער גאַסט. עפּשער האָט ער שוינ גאָר כאַראָטע, וואָס ער איז דאָ געבליבנ אַפֿ יאָמטעוו. בײַ ריוועס, וואָס וואַשט אונ רײַבט צומ צווייטנ מאָל די פּאָדלאָגע, פֿרעגט ער זיכ נאָכ אַפֿנ דירעקטאָר:

— אינ יעדנ פֿונ די אַנשטאַלטנ, שטאַלנ, לאַבאָראַטאָריעס אונ וואַרשטאַטנ זאָגט מענ: דער דירעקטאָר איז דאָ נאָרוואָס געווענ אונ איז אַוועקגעגאַנגענ.

— איז קענ איכ אײַכ זאָגנ דאָס אייגענע, — ענטפֿערט ריווע אַפּגיכ, סאָפּענדיק אינ מיטנ הייסנ פּאָדלאָגע וואַשנ, — ער איז דאָ נאָרוואָס געווענ אונ איז אַוועקגעגאַנגענ.

אונ ווי פּראָסט אונ אָנ שום מינ זי זאָגט ניט אָט די ווערטער, קלינגענ זיי, אַפֿאָנעמ, דאָכ אינ זײַנע אויערנ אַזוי, ווי גלײַכ מע זאָגט זיי אימ אַפֿ צעפּיקעניש. אַזוי, יעדנפֿאַלס, זעט ער אויס. ניט האָבנדיק מער וועגנ וואָס מיט ריוועס צו ריידנ, בלײַבט ער נאָכ אַפֿ א רגע, אונ זיי קוקנ זיכ דאָ אָנ באַנײַס א קאָנ, אָט די צוויי מענטשנ, וואָס, ווי נאָענט זיי זאָלנ ניט שטיינ איינער אַקעגנ אַנדערנ, לויערט דאָכ צווישנ זיי אַנ אומגעהייערער מעהאַלעכ — ער, דער אַראָפּגעקומענער פּראָפֿעסאָר, איז פֿונ דאָרט, וווּ אַלצ ווערט געטאָנ בלויז צוליב געלט, אונ זי, ריווע, איז פֿונדאַנענ, פֿונ הי, וווּ אַלצ, אַפֿילע וואַשנ די פּאָדלאָגע, ווערט געטאָנ צוליב אײַנפֿעסטיקנ דעמ יווישער.

אונ נאָכ אַלע מײַסעס האָט ריווע מיט צוויי מאָל וואַשנ די פּאָדלאָגע ניט יויצע געווענ. צומ דריטנ מאָל האָט זי זי א וואַש געגעבנ שוינ צו פֿאַרנאַכט צו, נאָכדעמ, ווי אינ קאָנטאָר צומ דירעקטאָר, וואָס האָט דאָרט אַפּגיכ אָפּגעפּראַוועט די לעצטע מענטשנ, איז געקומענ צו לויפֿנ כאַוועלע וואַרטמאַנס יאָמטעוו־פֿאַרפּוצט יינגל אונ האָט אימ געגעבנ צו וויסנ, אַז דער קלוב איז שוינ קימאַט פֿול אונ אַז די מוטער זײַנע אונ כאַווער זאַלמענקע זײַנענ שוינ אויכ אַהינ אַוועקגעגאַנגענ — זיי טאַקע האָבנ אימ, מולינ, געשיקט אַהער:

— גיי דערמאָנ דאָרט דעמ פֿעטער דײַנעמ, אַז ער דאַרפֿ עפֿענענ די פֿײַערלעכע זיצונג.

„פֿײַערלעכע זיצונג...” וויפֿל ריווע האָט זיכ שוינ מיט אָט די צוויי ווערטער ניט אָנגעהערט, פֿונדעסטוועגנ וואָלט זי עפּשער, עס זאָל איר צו קיינ ביזאָיענ ניט זײַנ, גאָר אינגאַנצנ אָפּגעשוויגנ, ווענ מע טוט זי ראַפּטאָמ א כאַפּ אַפֿנ צימבל, זי זאָל דאָ גלײַכ זאָגנ, וואָס איז די טײַטש „פֿײַערלעכ”. די סיבע פֿונ איר אָפּשווײַגנ וואָלט באַשטאַנענ אינ דעמ, וואָס די ווערטער „פֿײַערלעכע זיצונג”, ווײַל זי הערט זיי אַלע יאָר אינ פֿאַרבינדונג מיטנ אָקטיאַבער־יאָמטעוו, האָבנ זיי פֿאַר איר ניט בלויז איינ טײַטש, נאָר אָנ א שיר זייער וויכטיקע אונ זיפּ־האַרציקע טײַטשנ, גאָרניט אַרויסצוזאָגנ זיי.

צו דער פֿײַערלעכער זיצונג, שטעלט זי זיכ פֿאָר, מוז איצט אינ קלוב זײַנ שוינ איינמאָל ליכטיק. זי געדענקט נאָכ פֿונ אינדערפֿרי, ווי דער דירעקטאָר האָט אינ קאָנטאָר באַמ טיש גאָר פֿײַנ אײַנגעקנעלט מיטנ עלעקטראָ־טעכניק מישא סטאָליאַרעווסקינ, אַז הײַנט אינ אָוונט אונ א גאַנצע נאַכט זאָלנ בײַ אימ ניט זײַנ קיינ שום „פּערעסעטשקעס” מיט דער עלעקטראָ־דינאַמאָ אונ מיטנ טראַקטאָר, וואָס דרייט זי. „פֿײַערלעכ”, קענ מענ בײַ ריוועס פּויעלנ, איז די טײַטש, אַז באַמ אַרײַנקומענ איצט אינ אָוונט אינעמ איבערגעפֿולטנ, מיט שײַנ פֿאַרנאָסענעמ קלוב זאָל דיר זײַנ ליכטיק ניט בלויז אינ די אויגנ, נאָר אויכ אינ האַרצנ, אונ ניט עס זאָל דיכ דאָרט פּיקנ, אַלעמאָל האָסטו ניט אָפּגעטאָנ דײַנ יערלעכע אַרבעט, ווי עס דאַרפֿ צו זײַנ.

פֿײַערלעכ טוט ריווע באַנײַס זיכ א וואָרפֿ אויפֿראַמענ דאָס גרויסע קאָנטאָר־צימער, ווי נאָר כאַוועלע וואַרטמאַנס יינגל שלעפּט פֿונ דאָרט

ארומ זײַנ פעטער דעמ דירעקטאָר אינײנעמ מיט די פּאָר מענטשנ, וואָס גײענ אימ נאָכ אלצ נאָכ. איצט וועט זי די קאָנטאָר לאָזנ, זי זאָל אפּ א גאַנצנ אָוונט בלײַבנ „פײַערלעכ" אײנע אלײנ — אויג אפּ אויג מיטנ יאָמטעוו, וואָס זי האָט אינ איר ארײַנגעבראַכט — זי וועט אוועקלויפנ אינ נאָענטנ בערל.

פײַערלעכ פּליסט אינ איר דאָס בלוט, בײס זי טוט זיכ דאָרט געשווינד א פּארע אויס, א שווענק אָפּ, א וואַש און א צוואָג אויס. אינ דער נאָז שמעקט איר מיט דער זײפ, מיט וועלכער זי האָט זיכ אָקאָרשט־אָ געזײפט אינ בערל, און מיט די פּארשידענע זײפנ; מיט וועלכע עס האָבנ זיכ אָקאָרשט־אָ געזײפט די ארומיקע מענטשנ.

ווענ זי קומט נאָכדעמ אינ יאָמטעוודיק־פּאַר־פּוצטנ קלוב ארײַנ, איז איר שוינ ווײַט ניט גרינג זיכ אהינ ארײַנצושטופּנ — עס שוויצנ דאָרט די ווענט. עס שטופּנ זיכ אינײנעמ מיט איר מאַמעס מיט קינדער אפּ די הענט. די טירנ, וואָס פירנ אהינ גלײַכ פונעמ פּינצטערנ דרויסנ, בלײַבנ אלעמאָל אָפנ אפּ א מינוט און מער. ווי א דאַמפּ פּליסט דאַנ די פראָסטיקע לופט אהינ אינ דער סאַמע לויכטיקײַט ארײַנ, וואָס שטראָמט איבער קעפּ פונ דער רויט־אָנגעטאָנע־נער בינע, און ריווע, בײס זי שטופּט זיכ אהינ, זעט אויס אינ איר אײגענע אויגנ פּונקט אזוי גרינג, ווי אָט דער דאַמפּ. און אינ דער־אָ רעגע ווערנ בא איר די געדאַנקענ און די געפילנ עפּעס טיפער און קלאָרער, ווי אלעמאָל. און אלײנ גלייבט זי זיכ ניט, אז דאָס, וואָס זי זעט ארומ זיכ, קומט פאָר אפּ דער עמעסנ, — ווײַל ווי קענ עס דענ געמאָלט זײַנ, אז אלצ, וואָס אפּ דער גאַנצער וועלט איז פאַראַנ ליבס און וויכטיקס און פרײַנט־לעכס, זאָל זיכ עס איצט אינײנעמ מיט איר האָבנ ארײַנגעקוועטשט אהער אינעמ נײַעמ קלוב, וואָס מע האָט אויסגעבויט דאָ אפּ דער פּראָווינצגאַנציע אינ מיטנ דער פּוסטער טײַגע? און אינ דער זעלבער צײַט איז איר קלאָר, אז עס איז פּאָרט אפּ דער עמעסנ — די פּאָר־טרעטנ ארומ דער רויט־באַהאַנגענער טריבונע, צו וועלכע זי קוקט מיט אויסגעגלאָזט־גלאַנציקע אויגנ פונ א קאַלע אונטער דער כופּע, זײַנענ פּאָרט לענינס און סטאַלינס פּאָרטרעטנ, און זי, ריווע פונ הינטער מינסק, פילט פּאָרט, אז מיט איר אָפּגעטאָנענער ארבעט קער זי זיכ אָנ מיט זײ עפּעס, ווי קרויווימ, און עס ווערט איר פונ דעמ אזוי גוט און אזוי לײַכט, ווי זי וואָלט ניט געוווינ גאָרניט און וואָלט דאָכ פאַרפולט מיט זיכ דעמ גאַנצנ קלוב. זי הערט, ווי אפּ דער טריבונע — זאַלמענקע האָט דאָרט נאָרוואָס פאַרענדיקט דעמ פּאָרטראָג — לײענט מענ דאָס צעטל פונ די פּרעמירטע אודאַרניקעס: מע רופט דאָרט אויכ אָנ איר נאָמענ און דעמ נאָמענ פונ איר טאַטנ דעמ שמיד. איצט פילט זי שוינ אינגאַנצנ קלאָר, אז זי געפינט זיכ אפּ דער פײַערלעכער זיצונג, און ווענ עמעצער זאָל בא איר אינ דער־אָ רעגע א פרעג טאָנ מעווי־נעס אפּ אָט דער פײַערלעכער זיצונג, וואָלט זי געוויס גלײַכ געענטפערט:

— נו יאָ, דאָס איז עס דאָכ.

## אַרנ ווערגעליס

# דאָס געזאנג וועגנ יוסעפ בומאגינ

דער געוועזענער בויער פונעם בירָאבידזשאנער וועגענער־זאוואָד יוסעפ בומאגינ האָט אינ שלאכט פארנ היימלאנד, באַם איַינעמענ די דיַיטשישע שטאָט ברעסלאו, איבער־געכאזערט דעמ אומשטערבלעכנ העלדנטאט פונ אלעקסאנדר מאטראָסאָוו. בומאגינ האָט מיטנ אייגענעמ קערפער צוגעדעקט די אמבראזור פונ א דיַיטשישנ דאָט אונ האָט דערמיט געלייזט דעמ דערפאָלג פונ א וויכטיקער קריגס־אָפעראציע פונ אונ־דזער מיליטער. יוסעפ בומאגינ איז נאָכנ טויט באערט געוואָרנ מיטנ טיטל העלד פונ סאָוועטנ־פארבאנד.

### ערשטער טייל

1

נעקומענ איז דער פרילינג אונ פארנומענ
דאָס שלאכט־פעלד, די פאָזיציע, די טראנשייִ:
דער בארג־ארופ צומ ברוסטווער — שוינ אינ בלומענ;
דער בארג־אראָפ פונ ברוסטווער — נאָכ אינ שנייִ.
וווּהינ איז, לייטענאנט, דיַינ טרוימ פארפלויגנ —
דו בענקסט נאָכ זומער צי דערמאָנסט די פרעסט?
א שטריעלע פארלירט לעמ דיר דער פויגל,
וואָס פליט פאַרבַיַ צו בויענ זיכ א נעסט.
צי ווַיל ער פליט, אונ דו האָסט זיכ פארגראָבנ,
צי ווַיל דעמ פויגלס מי איז אזוי דרייסט —
עס גלוסט זיכ דיר א גלעט טאָנ אימ דעמ שנאָבל
אונ אָפווישנ פונ פליגל אימ דעמ שווייס,
זיכ אופהייבנ, ארויסגיינ פונ דער גרוב,
אונ ווי א גוטנ פריַינט דעמ פויגל זאָגנ,
אז דו האָסט אויכ אמאָל פונ וואלד געטראָגנ
א בערוועגע אפ בויענ זיכ א שטוב.

2

דער פריילעכער, דער פויגלשער נעווימל
דעמ לייטענאנט האָט אזש געטאָנ א שטויס...
ניט שוינ זשע האָט ער אויכ געכאפט א דרימל?
א הייב געטאָנ זיכ... אונ דער כאָלעמ — אויס.
ער האָט זיכ אומגעקוקט. די זעלנער שלאָפנ
ווי פאסטעכער באטאָג אונטער דער זונ:
די הענט צעוואָרפנ, אונ די מַילער אָפנ,

דער אָטעמ פונ דער פולער ברוסט — געזונט.
א האלבע שאָ וועט דויערנ די רו נאָכ,
א האלבע שאָ וועט שלאָפנ נאָכ דאָס פעלד,
דערנאָכ וועלנ מיט אויסגעקנאל פונ דונער
הארמאטנ אָפגעבנ צומ אָנגריפ א באפעל:
— עס וויל דער יוישער, אונ דאָס היימלאנד וויל,
דעמ סוינעס שטאָט ברעסלאו זאָל הײַנט פאלנ!

כ'איז פרילינג, לייטענאנט. פארפולט מיט שטראלנ
דאָס מידע אויג. אונ אפ דעמ פעלד איז — שטיל...

3

ער האָט א גראָב־אײַזנ בא א סאפיאָר גענומענ,
א קוק געטאָנ פארבענקט אפ דער טראנשיי:
דער בארג־ארופ צומ ברוסטווער — שוינ אינ בלומענ,
דער בארג־אראָפ פונ ברוסטווער — נאָכ אינ שניי.
דאָס הארצ האָט אימ א צי געטאָנ צו ארבעט,
צו האָרעוואניע האָט א צי געטאָנ די הענט.
יאָ, יאָ, די מי אינ קריג — זי איז א הארבע,
נאָר פונ דער מי ניט וואקסנ אויס קיינ וונט.
עס גייענ פונ דער מי ניט אופ קיינ ברויטנ,
אינ הײַזער ווערט ניט ליכטיק פונ דער מי,
דו פויזעסט אויס די ערד דורכ זיבנ טויטנ,
דורכ שוויס אונ בלוט — צו יענעמ אינדערפרי,
ווענ ס'וועט דײַנ שטרענגע, דײַנ גערעכטע שווערד
פארדאמענ דעמ פארדאָרבענעמ פארדארבער,
אונ ווידער וועט באשערט זײַנ דיר דײַנ ארבעט
אונ האָרעווענ וועט דיר ניט זײַנ פארווערט.

4

דאָס וואסער הייבט זיכ אופ אונ וויל פארפלייצנ
דעמ זעלנערס נעסט באמ פײַערדיקנ ראנד.
ס'זאָל טרוקנ זײַנ די ערד אונטער די פלייצעס
בא די, וואָס רוענ, האָט דער לייטענאנט
א ריטשקע אויסגעגראָבנ אונ דאָס וואסער
פונ דער טראנשיי אראָפגעלאָזט אינ פעלד,
געארבעט, ביז אפ אימ געוואָרנ נאס איז
דאָס העמד דאָס הייסע אונטער דעמ שינעל.
ער וואָלט פארקאטשעט זיכ אצינד די ארבל
אפ אויסקאָרטשענ א וואלד צו דעמ פארזיי,
דאָרט אינ טײַגא איז איצט אזויפיל ארבעט —
אינ אָנהייב פרילינג, ווענ ס'צעגייט דער שניי!
צוריק מיט צוועלפ פרילינגנ אוואדע
איז ער געקומענ אינ דעמ ווײַטנ לאנד
אפ אײַנעמענ אונ צוימענ די בירא דאָרט,
אפ אײַנעמענ אונ צוימענ דעמ בידזשאנ.

5

דער אלטער וואלד, דאָס טײַגע־לאנד דאָס גרויסע
אפ זײַנ באצווינגער האָט געקוקט געהיימ.
א פויגל האָט געפרעגט: — וואָס בויסטו, יויסעפ?
אונ יויסעפ האָט געענטפערט: — כ'בוי א היימ!
— ס'וועט זײַנ א קריג, אונ דו אינ קריג וועסט שטארבנ...
נאָר רויִק איז געבליבנ יויסעפס בליק:
— די היימ כ'וועל אויסבויענ אינ שווערער ארבעט,
אונ בויענ כ'וועל זי אויכ אינ שווערנ קריג.
די שטוב, וואָס איכ שטעל אופ איצט בא דער בירע,
וועט בײַשטיינ אינ מילכאָמע אונ אינ צאר,
ווײַל איכ, דער בויער אונ דער היטער אירע,
וועל היטנ אירע טירנ פונ געפאר.

6

ווענ ס'ציילט דער קריג שוינ זײַנע לעצטע שאָענ —
וואָס קלאפט אזוי דאָס הארצ בא דעמ סאָלדאט?
דײַנ זיג — ער איז אזוי שוינ נאָענט,
געפינ אימ אפ דעמ זייגערס ציפערבלאט.
אָט ביסטו צו דעמ סוינעס שטאָט געקומענ,
דײַנ שטאָט איז איצט באוואָרנט שוינ פונ ווײ,
דער בארג־ארופ צומ ברוסטוועער — שוינ אינ בלומענ,
דער בארג־אראָפ פונ ברוסטוועער — נאָכ אינ שניי.
די שאָ פונ רו איז דורכ, אונ איצטער — וואגנ
אונ דרייסט זײַנ אינ דער שלאכט איז דײַנ געבאָט:
— וועקט אופ פונ שלאָפ דעמ לייטענאנט בומאגינ!
— דער לייטענאנט בומאגינ איז באמ דראָט!
— דו רוסט ניט, יאָסיפ? — פרעגט אינ טעלעפאָנ
דער קאָמאנדיר, אונ יויסעפס שטימ ווערט הארבער:
— מײַנ ווזוואָד אונ איכ — מיר בענקענ שוינ נאָכ ארבעט!
— נאָכ ארבעט בענקסטו? — הייב דעמ אָנגריפ אָנ!

7

די זעלנער כאפנ אופ זיכ אונ באווײַזנ
פאר צוויי מינוט שוינ גרייט זײַנ צו דער שלאכט,
אונ יויסעפ הערט זיכ אײַנ אינ קלונג פונ אײַזנ,
אינ אָטעמ פונ די זעלנער — אונ ער טראכט:
„דאָס גאנצע לאנד אונ אויכ מײַנ ווײַטע געגנט
איז אפ דער פאָדערליניע אינ אָט דעמ גאנצפרי.
ס'וועט זײַנ א צײַט — מע וועט דעמ בויער וועקנ
צו פראָסטער האָרעוואניע, צו מי...״
געראמ אונ שטיל אונ ווארעמ אינ דער ברוסט ווערט,
אונ פול מיט שײַנ דאָס הארצ ווערט אונ דער בליק.
ער לייגט די הענט אנידער אפ דעמ ברוסטוועער
צומ קוילנווארפער — אונ דערפילט דאָס גליק,
גלײַכ ער וואָלט צוגערירט צו ניט־דערבויטע ווענט,
צו פעלדער אונ צו לאָנקעס אונ צו פאסעקעס
די קנאָביקע, די ביינערדיקע האָרעפאשניקעס,
די אָדערדיקע, די מאָזאָליעדיקע הענט.

פונ לאנדס דערוואכטער טיפ, פונ לאנדס באוואכטע ראנדנ
עס זאמלט זיכ צונויפ דאָס מעכטיקע געזינד
פונ ווייטע אונ פונ נאָענטע געגנטנ אונ קאנטנ —
א בליק טאָנ צו דעם פראָנט, א מאָנ טאָנ בא די זינ,
זיי זאָלנ גיכער מעגאַציייעכ זיינ דעם סוינע,
א הילכ געבנ אפ הונדערטער לעשויִנעס:
— דו רויבער־פלאמ, דו קוילער־שטאמ, פארשווינד!

דער רוסישער אוראל, דאָס סטעפּישע קאזאכ־לאנד,
ווייסרוסלאנד, אוקראינע אונ קובאנ,
קאווקאז, דאָס הויכע לאנד, אונ דאָס ריאזאנער פלאכלאנד
אונ גרוזיע, אונ אזערבייִדזשאנ —
זיי קומענ זיכ צונויפ. זיי האָבנ זיכ באגעגנט.
אונ צווישנ זיי איז אויכ די סאמע יינגסטע געגנט,
דער קאנט בא דעם אמור, דאָס לאנד ביראָבידזשאנ.

די געגנט גייט צום פראָנט. סיביר שפּרייט אויס די ווענג.
אפ אקסל פונ די בערג אוראל טראָגט זי אהינ,
אונ ס'בידעשט זיכ די וועלט: זי איז נאָכ יונג, די געגנט —
זי האָט שוינ אינ געפעכט געשיקט אויכ אירע זינ?
אונ ס'ענטפערט אפ דאָס לאנד, אנ ענטפער גיט דער ראכוועס:
— די יונגפרוי האָט שוינ זינ! די יונגפרוי קלייבט שוינ נאכעס!
זי האָט פארדינט שוינ רום אינ אונדזער גרויס געזינד!

די געגנט קומט צום פראָנט. עס קלאפט אינ בלוטנ אירע
א צאָרנדיקער ווילנ: אָפּצאָלנ פאר אלצ,
פארקלאמערנ די שטייפע פינגער פונ דער בירע
מיט קויעכ אונ מיט האס אפ שפּרייעס טרייפנ האלדז.
פאר דעם, וואָס זי האָט וועלטנ אויסגעווייקט אינ טרערנ,
פאר ווילדנ לוסט צו טויט, צו בלוט אונ צו צעשטערונג,
פאר אומגליק אונ פאר וויי — פאר אלצ, פאר אלצ, פאר אלצ —
א סאָפּקע, ווי א שטיינ, א וואָרפ טאָנ איר אינ פּאָנעם!

עס רופט זיכ אָנ דער פראָנט: „ביראָבידזשאנ, באוויי,
וואָס האָסטו היינט געבראכט די זעלנער, דיינע באָנים?
פונ טייגע א באפעל? פונ הינטערלאנד א נייעס?"
„אָ, גרויסער פראָנט, — די געגנט ענטפערט ווייליק, —
דו ווייסט, אז איכ האָב זינ אינ לאנד, וווּ ס'איז איצט פרילינג,
אונ זינ האָב איכ אויכ דאָרט, וווּ ס'איז איצינד נאָכ אייז,
נאָר דער, וואָס לעמ ברעסלאו גייט איצט אינ אטאקע,
ער איז בא מיר דער בכאָר. די ביקס איז אים פארטרויט.
איז פיר זשע מיכ אהינ, וווּ דאָס געפעכט איצט פלאקערט,
וווּ ס'צינדט זיכ אָנ דאָס ליכט, וווּ ס'לעשט זיכ אויס דער טויט.
איכ וויל דערמונטערנ מיינ העלד אונ אים באדאנקענ,
איכ האָב געבראכט אים פונ דער היימשטאָט א טאטשאנקע
פונ דעמ זאוואָד, וואָס ער אליינ האָט אים געבויט."

אונ פונקט ווי אינ טײַגא זי פלעג באגלייטנ טרײַ אימ,
באגלייט זי אימ אינ שלאכט אונ גיט אימ מיט אינ וועג
א שארפשטיינ פונ כינגאנ — אפ שלײַפנ דעמ קלייזײַענ,
די כאָכמע פונעמ וואלד — די טוירע פונ געיעג.
זי גיסט אימ אָנ אינ פליאגע הייל־וואסער קולדורער,
די האנט זי גורט אימ אָנ מיט גיבער־קראפט אמורער:
— גיי, יויסעפ, אינ דײַנ לעצטנ גרויזאמענ געשלעגנ!

## ד ר י ט ע ר   ט י י ל

די צוועלעפ קוילנווארפערס פונ בומאגינס ווזוואָד,
זיי שטעפנ אויס א שטיקל פרײַע ערד — א טראָט
פאר דער פעכאָטע אינ די פאָרשטאָטישע ליקנ.
די טאנקנ זײַנענ שוינ ארײַנ אינ שטאָט,
אינ פלאמ אונ רויכ דעמ סוינעמ לײַט זיכ שטיקנ.

עס נעמט די שלאכט צעפירנ זיכ די הענט —
זי אײַלט, זי רוישט, זי וואלגערט אונ פארברענט
אונ טריקנט אויס די ערשטע פרילינג־טויענ.
די מענטשנ האָרעווענ ארומ פארקוילטע ווענט,
גלײַכ ווי די שטאָט אפסנײַ זיי וואָלטנ בויענ.

ארופ־אראָפ פונ שטאָק צו שטאָק מע לויפט,
אפ דעכער שארט מענ קופעס שטיינ צונויפ —
אוועקלייגנ אפ זיי די ביקסנ־רערנ.
אונ דעמ, וועמענ ס'געהער איצט נאָר אינ הויפ —
די גאנצע שטאָט וועט הײַנט צו אימ געהערנ.

בומאגינס קוילנווארפער רײַסט זיכ צו דעמ קריג
מיט פײַקל־גלעקעלעכ, וואָס ציטערנ צעוויגט
אינ קוילנ־לעגמעס פולע מיט נעקאָמע,
צי עפשער איז עס גאָר א גלאָק פונ זיג,
וואָס זאָגט שוינ אָנ דעמ סאָפ פונ דער מילכאָמע.

די פאָרשטאָט ברענט ווי אויסגעטריקנט גראָז,
זי פלאצט אונ פאלט אונ קרישלט זיכ ווי גלאָז
אונטערנ טראָט פונ זיגער אונ באפרײַער.
אונ יויסעפ ליגט באמ אָנגעגליטנ שלאָס
אונ טוט א וויקל אָפ דאָס שנירעלע פונ פײַער.

אזוי איז ער געשטיגנ איבער ווענט:
דעמ קוילנווארפער אופגעהויבנ אפ די הענט,
דאָס אײַזנ האָט אפ דלאָניעס זיכ צעקלונגענ.
א טראָט. אונ ווידער ליגט ער צו דעמ שלאָס געלענט —
אונ טוט א וויקל אָפ דאָס שנירל שארפע פונקענ.

בומאגינ זעט: דער רויכ איז שווארצ ווי פעכ,
דערמאָנט ער זיכ א סרייפע אינ זײַנ צעכ

אינ װעגענער־זאַװאָד. דעמ פלאַמ געלאָשנ
עס האָבנ זײַנע הענט, װאָס הײַנט מיט רעכט
א העלנ פלאַמ אינ סױנעס שטאָט צעבלאָזנ.

ניט װײַל אַנ אײגנ הױז נאָר איז געזאַלבט,
ניט װײַל צו פרעמדס דאָס הארצ איז װילד אונ קאַלט
אונ אַפ א פרעמדער ערד איז ליב דעמ אױג א גענעמ,
נאָר װײַל דעמ אונטערציִנדערס נעסט ניט אײַנעמענ מיט געװאַלד —
הײסט לאָזנ אימ די גאַנצע װעלט פאַרברענענ.

א הױפ אונ נאָכ א הױפ. דער פײַנט טרעט אָפּ אינ שטאָט.
אונ פּלוצעמ זעט בומאַגינ: שטעכיק דראָט
אינ פינעפ רײענ. ריװנ. טיפע גריבער.
בא דעמ אַרײַנגאַנג שטײט א פּוסטער דאָט —
א שױמער פונעמ טױט־לאַגער געבליבנ.

בא גריבער ליגנ די הארוגימ ענג:
א זאָקנ — אײַנגעקאָרטשעט, װי פונ א געדרענג,
א יונג — די הענט באַמ הארצנ, װי ער װאָלט געשװױרנ,
אונ צװישנ זײ א פרױ — דאָס פּאָנעמ שטרענג,
גלײַכ בא דער גרוב זי װאָלט דער װעלט א קינד געבױרנ.

— אָ, דײַטשלאַנד, דײַטשלאַנד! — שרײַט בומאַגינ אױס,
אונ אַפ ברעסלאַו הײבט ער אױפ א פױסט,
װאָס הארט איז װי דאָס לעדער פונ זײַנ ראַנצ.
אונ ער דערזעט: פונ גרוב א מענטש װאַקסט אױס.
ער שעפּטשעט שטיל: „Ты русский чи германец?“

דער לעצטער מענטש. דער אײנציקער. ער גײט.
אינ אױג בא אימ איז נאָכ מיט שנײ פאַרװײט,
אינ צװײטנ אױג א זונ־שמראַל שױנ פאַראַנ איצט.
ער גלײבט נאָכ ניט דער לױכטנדיקער פרײד,
ער פרעגט בא יױסעפנ: „Ты русский чи германец?“

— איכ בינ א רוסישער סאָלדאַט, א ײִד פונ יענער זײַט סיביר! —
שרײַט יױסעפ אױס, אונ דער אוקראַיִנער פירט
אימ דורכ די דראָט־פאַרצױמונגענ אַריבער.
— געװענ אױכ ײִדנ דאָ... ניט זוכ זײ, זאָג איכ דיר,
שטעל זיכ א רעגע אָפּ נאָר בא די גריבער.

א בליק געטאָנ האָט נאָר בומאַגינס װזװאָד...
אונ פרישער צאָרנ אױפגערודערט האָט
די הערצער בא די זיגער אונ באַפרײַער.
ברעסלאַו ברענט! זי ברענט, די דײַטשע שטאָט!
דער סױנע לױפט! — דערלאַנג, דערלאַנג אימ! פײַער!

— איכ בינ א רוסישער סאָלדאַט, א ײִד פונ יענער זײַט סיביר,
עס האָבנ די כינגאַנער בערג מיכ אױפגעהױבנ איבער צײַטנ הארבע.
די כיבירױאַקעס כידעשנ זיכ, קוקנדיק אָפּ מיר,
װי איכ בינ הײמיש מיטנ קריג אונ מיט דער אַרבעט.

מײַנ דאָר איז אויסגעוואקסנ אפ א רוסיש פעלד
מיט שטאַרקע אָדערנ, מיט ברייטער ברוסט — איכ מי דערוואָרבנ.
אונ ווי א ברודער בינ איכ ענלעכ אפ מאטראָסאָוונ דעם העלד.
אונ ווי א זונ בינ איכ געראָטנ אינ באר־קאָכבענ.

כ'בינ סטאליגס א סאָלדאט. אפ פלעצער פונ אייראָפּע כ'קום
ווי א באפרײַער, ווי א ייִד אונ ווי א ריכטער,
איכ קום מיט די, וואָס היטנ אָפ די שײַנ פונ רוסלאנדס ייִנ
אונ דאָס סאָוועטיש גליק זיי לאָזנ ניט פארניכטנ.

דער פײַנט האָט אויסראָטנ געוואָלט מײַנ שטאם,
אונ איכ לאָד אויס אפ אים מײַנ הארצ, ווי א גראנאטע.
איכ בינ א רוסישער סאָלדאט. געשיקט האָט מיכ בירא־בידזשאנ.
איכ קום מיט די, וואָס גייענ וועלטנ ראטעווענ!

פערטער טײל

1

זע, געגנט ייִדישע, דײַנ בכאָר איז שוינ דערגאנגענ
צו פלעצער פונ ברעסלאו. דאָ וועט ער
דאָס לעצטע מאָל ארויסגיינ אינ געראנגל
פאר דעם, וואָס איז אים טײַער אפ דער ערד.
קוק, געגנט ייִדישע, אונ זײַ אנ אײדעס,
ווי שיינ עס איז אינ דער מינוט דײַנ בכאָר,
נײַנ, ניט פארפלעקט דעם רום פונ זײַנע זיידעס
אונ אָפּגעהיט דעם קאָוועד פונ זײַנ דאָר.

2

ס'איז ענג אונ נאס אונ שטויביק אינ דעם קעלער,
ווו ס'כאפט דעם אָטעם איבער יונקעפּס ווזוואָד,
אונ באלד וועלנ די אויסגעווייקטע זעלנער
ארויסגיינ אפ צו שטורעמענ א דאָט.
זיי ווייסנ נאָכ ניט, ווער עס וועט דאָרט פאלנ,
זיי זיצנ אינ א קרײַז אונ ריידנ שטיל,
סערזשאנט גאשווילי זאָגט: — איכ בינ א באלנ
נאָכ לעבנ אכציק יאָר.
— אונ איכ, איכ וויל, —
זאָגט דער פּאָלטאווער פויער קאָלאָדי, —
דערלעבנ ביזנ זיג... אונ גלייבט, סאָלדאטנ,
אז טרוימענ איצט פונ אכציק יאָר איז פרי,
מע דארפ, דער זיג זאָל עס אפרי'ר באשטאטנ...''

3

מע גיסט די פליאגעס אָנ, מע טרינקט „לעכאיִם",
בומאגינ צום ארויסגאנג שטעלט א טראָט:
— סאָלדאטעלעכ, די סעכערעס צעקײַעט —
אנימ וועט איר ניט אײַנבײַסנ דעם דאָט...
אזוי — מיט גרינגע הערצער, ווי אפ ארבעט,

מע גייט אינ פייער רויק אונ באַדאַכט.
אָ, ווער פונ אייך וועט יונגערהייט היינט שטאַרבנ,
סאָלדאַטנ, האָרעפּאַשניקעס פונ שלאַכט?
אָ, ווער פונ אייך — געזונט אונ שטאַרק אונ שיינ,
מיט ליכטיקע טרוימענ אונ באַגערנ,
וועט אפנ ראַנד פונ אונדזער זיג פאַרגיינ,
ווי אפנ ראַנד פונ טאָג ס'פאַרגייט א שטערנ?..

4

בירָאבידזשאַנ! פונ ווייטע שטשוק־פאַקטוי־בערג [1]
צו גרוזיע דיינ וויי־געשריי שריי אויס:
דעם ערשטנ האָט צעפּיקט דער דאָט דער רויבער
נאַשווילינ, וועמענס לעבנ ס'האָט געבראַוזט
ווי ווינ צעשוימטער אינ אַנ ענגנ לאָגל.
בומאַגינ האָט פאַרקריצט פונ ווייי די ציינ:
— א סאָפּקע וואָלט ער איצט אַהער דערטראָגנ —
אינ סוינע זי א וואָרפ טאָנ ווי א שטיינ!
צום דאָט עס פויזעט צו דער לייטענאַנט
אונ די גראַנאַטעס נעמט אַראָפּ פונ גאַרטל,
אונ ביז ער וועט א ריס געבנ די האַנט,
וואָלט ער א ווילדע ליגנ נאָכ אונ טראַכטנ.

5

נאָר ס'שלאָגט די שאָ. קוק, בירָאבידזשאַנ, מיט כידעש,
אונ דעם געוואַגטנ זונ דיינעם דערקענ.
ווער האָט מיט קראַפט געבענטשט דאָס האַרצ דאָס יידיש?
ווער האָט באַם העלד דיינעם געשטאַרקט די הענט?
דער רוסישער אוראַל, דאָס סטעפּישע קאַזאַכ־לאַנד,
ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע אונ קובאַנ,
קאַווקאַז — דאָס הויכע לאַנד אונ דאָס ריאַזאַנער פלאַכלאַנד,
אונ גרוזיע, אונ אַזערבײַדזשאַנ,
דו, יידישער, באַזונטער, שיינער קאַנט —
באַוואָרנט אים, געבענטשט אים אונ געכאָוועט,
אַז מיט דעם יונגנ וואָרט „בירָאבידזשאַנ"
זאָל ער אינ שלאַכט איצט הייליקנ דיינ קאָוועד.

6

ער האָט מיט צוויי גראַנאַטעס אופגעריסנ
אינ קוילנוואַרפער אינעם דייטשנ דאָט,
נאָר ס'האָט א צווייטער באַלד געגומענ שיסנ.
א צווייטער, וואָס ביז איצט געשוויגנ האָט.
אונ יויסעפ האָט ניט קיינ גראַנאַטעס שוינ באַם גאַרטל.
איז וואָס זשע בלייבט דיר טאָנ איצט, לייטענאַנט?
— איכ האָב א ברוסט א ברייטע אונ א האַרטע
אונ אויכ א האַרצ א יונגס בא מיר פאַראַנ...

---

[1] א באַרג־רוקנ אינ בירָאבידזשאַנ.

7

און איג דער לופט שוועבט דורכ א רוסיש פּאָנעמ,
א שלאכט־מאנ אינ א פּעלצ, פּארשנייט, פּארווייט —
בומאגינ, דוכט זיכ, בא דער האנט נעמט אָנ אימ:
— מאטראָסאָוו! — האָט בומאגינ זיכ דערפרייט, —
דעמ וועג, וואָס דו האָסט איינמאָל שוינ באטראָטנ,
ער שטייט מיר פאָר איצט, אָט דער וועג פונ מוט.
כ'בינ סטאלינס א סאָלדאָט, איג דיר געראָטנ,
ס'פאלט אפ איינ וואָגשאָל אונדזער ביידנס בלוט...
מאטראָסאָוו גייט. זיינ לויכטנדיקער שפּור
פירט יויסעפנ ארויס צומ דאָט צומ שווארצנ,
אונ יויסעפ ווארפט זיכ אפ דער אמבראזור
אונ דעקט זי צו מיט צאפּל פונ זיינ הארצנ.

8

נעקומענ איז דער פרילינג אונ פארנומענ
ברעסלאו, דייטשלאנדס אייזערנע טראנשיי.
דער בארג־ארופ באמ אָדער — שוינ אינ בלומענ,
דער בארג־אראָפּ צומ רייג איז נאָכ אינ שניי.
די רויבער־נעסט — צעקרישלט אונ צעבראָכנ,
אונ ווי א יעגער נאָכ א שווער געיעג,
בומאגינ ליגט באמ טויער פונ ניצאָכנ
די הענט אויסגעלייגט אפ דעמ באפרייטנ וועג —
גלייכ ער וואָלט טראָגנ צו די ביט־דערבויטע ווענט,
צו פעלדער אונ צו לאָנקעס אונ צו פּאסעקעס
די אָדערדיקע, די מאָזאָליעדיקע הענט —
די קנאָכיקע, די ביינערדיקע האָרעפּאשניקעס.

9

— נעמ, געגנט יידישע, בומאגינס רומ אונ פיר אימ
ארייג מיט קאָוועד אינ לעגענדעס פונ דיינ שטאמ,
ס'זאָל יויסעפ זיינ דער יונגער שיר־האשירימ
פונ אלטנ פאָלק זייגעמ אינ לאנד ביראָבידזשאנ.
קער אומ זיכ צומ אמור. סיביר שפּרייט אויס די וועגנ,
אפ אקסל פונ די בערג אוראל דיכ טראָגט אהינ,
אונ ס'בידעשט זיכ די וועלט: זי איז נאָכ יונג, די געגנט,
נאָר זי האָט שוינ געבראכט דעמ לאנד גיבוירימ זינ.
די יונגפרוי האָט פארדינט שוינ רומ אינ גרויסנ קריג,
די יונגפרוי האָט גענומענ פאר איר פאָלק נעקאָמע.
אפ ראכוועסנ פונ לאנד עס קלינגט דער גלאָק פונ זיג —
אונ זאָגט שוינ אָנ דעמ סאָפ פונ דער מילכאָמע.

העלד פונ סאוועטנ־פארבאנד פאלקאווניק

## דמיטרי מעדוועדיעוו

---

# אונדזער פארטיזאנישער דאקטער

(זיכרוינעס)

1

ער איז געקומענ צו מיר נאכ דעם, ווי ער האט מיר אנגעקלונגענ אינ טעלעפאנ. אונדזער געשפרעכ איז געווענ א קורצער.

— איר זײַט זייער יונג פאר א דאקטער, — האב איכ געזאגט, אויסהערנדיק זײַנ פארלאנג צו פליִענ אינ הינטערלאנד פונ סוינע.

— איכ האב געענדיקט דעם מאסקווער מעדיצינישנ אינסטיטוט. אלס סטודענט האב איכ פראקטיקירט אינעם שפיטאל אפ סקליפאסאווסקיס נאמענ.

— איר זײַט א כירורג?

— יא. איכ האב אנ אנונג אינ פעלד־כירורגיע.

— דעם אטריאד איז נייטיק א דאקטער פאר אלע קראנקײַטנ. אונ דערצו אזוינער, וואס די שלאכט־לײַט זאלנ אימ גלייבנ...

— איכ פארשטיי... זיכ אליינ לויבנ איז שווער... פרעגט ווענ מיר די כאווייריִמ פונעם אטריאד, מענ קאנ מיכ דארט.

— ווער?

— שמוילאווסקי, סעלעסקירידי, באזאנאוו! פונ זיי האב איכ זיכ טאקע דערוווּסט, אז איר פארמירט אנ אטריאד.

איכ האב אופמערקזאמ באטראכט מײַנ גאסט. א הויכער, שטאלטנער באכער פונ א יאר צוויי אונ צוואנציק, א ברונעט מיט געקרויזלטע האר, געטאקטע אונ אפילע שיינע געזיכט־שטריכנ. זײַנע ערנסטע טונקעלע אויגנ, זײַנ האלטנ זיכ פאשעט, אנ אנשטעל איז מיר געפעלנ געווארנ. איכ האב גלײַכ דערפילט, אז דער דאזיקער מענטש רעדט מיט מיר אפנהערציק אונ זײַנ פארלאנג צו געפינענ זיכ אפנ געפערלעכסטנ ארט אינ קאמפ קעגנ סוינע פונעם היימלאנד — איז אופריכטיק.

איכ בינ שוינ גרייט געווענ צו געבנ מײַנ צושטימונג, ווי איכ האב פלוצלינג דערזענ, אז מײַנ גאסט איז אנגעטאנ אינ א שינעל אונ אינ א פילאטקע, צו וועלכער עס איז צוגעפעסטיקט א רויטארמייִשער שטערנ.

— איר דינט שוינ אינ דער ארמיי? — האב איכ געפרעגט אונ דערבײַ א טראכט געטאנ, אז אט בינ איכ אויווער געווענ אפנ באוווּסטנ גלײַכווערטל: לויט די מאלבושימ באגעגענענ, לויטנ סייכל געזעגענענ.

— יא. אינ די ערשטע טעג פונ דער מילכאמע האב איכ דערלאנגט א מעלדונג אינ שטאטישנ קאמיטעט פונ קאמיוג. געבעטנ, מע זאל מיכ שיקנ אפנ פראנט. האט מענ גאר גענומענ אונ מיכ פארשפארט אינ די אינווייניקסטע מיליטער־טיילנ.

— אבער איצט וועט מענ אײַכ פונ דארט ניט אפלאזנ!

— לויט אײַער הישטאדלעס... איכ קאנ מער ניט זיצנ אינ הינטערלאנד... איכ בעט אײַכ זייער זיכ דערשלאגנ...

אינ א האלבער שא ארומ בינ איכ שוינ געווענ אינ קאבינעט פונעם קאמאנדיר פונעמ אינערלעכנ מיליטער מיט א ראפארט אפ זײַנ נאמענ.

— דער דאקטער צעסארסקי פונ אײַער דיוויזיע בעט זיכ אינ פאלקאווניק מעדוועדיעווס אטריאד. ווי קוקט איר אפ דעמ? — האט עמעצנ געפרעגט דורכנ טעלעפאנ דער קאמאנדיר. אויסהערנדיק דעם ענטפער, האט ער צוגעגעבנ:

— דא קאנ מענ מאכנ אנ אויסנאמ.

ער האט אופגעהאנגענ דאס טרײַבל אונ אנגעשריבנ אפ מײַנ ראפארט: „אפקאמאנדירנ דעם כאווער צעסארסקי אינ כ' מעדוועדיעווס רעשומ."

ווענ איכ האב זיכ אומגעקערט אינ מײַנ קאבינעט, האט דארט צעסארסקי אומגעדולדיק ארומגעשפאצירט, ווײַזט אויס, ווארטנדיק אפ אנ ענטפער.

— איַכ האָט ניט אָפּגעגליקט: אנטזאגט! — האָב איכ געזאָגט אינ א „שפּאס.

— וואָס זאָל איכ איצט טאָנ?!

— אָט וואָס... . אלבערט בעניאמינאָוויטש... — האָב איכ געזאָגט, ליִיענדיק זײַנ נאָמענ אפּנ ראפּאָרט, — נעמט אײַער ראפּאָרט אונ גיט אימ איבער אינ אײַער דיוויזיע. ווענ איר וועט באקומענ אנ אויסצוג פונ באפעל, קומט צו מיר, וועלנ מיר רייִדנ מער געניִיער.

דער ראפּאָרט איז אינ צעסארסקיס הענט. ער לייענט די רעזאָליוציע. קוקנדיק אפ אימ, לייענ איכ זײַנע איבערלעבונגענ. זײַנ פּאָנעמ איז ערנסט, פארזאָרגט. אונטערנ אײַנדרוק פונעמ „אָפּזאָג" קענ ער ניט גלײַכ באנעמענ, וואָס דאָרט איז אָנגעשריבנ. מיכ זעט ער דאָס ערשטע מאָל, אונ, פארשטייט זיכ, אז ער האָט אפ קיינ שפּאס פונ מײַנ זײַט ניט דערוואַרט. ער לייענט נאָכאמאָל. די ברעמענ הייבנ זיכ ביסלעכווײַז אופ, פארב באווײַזט זיכ אינ זײַנ פּאָנעמ. ער קוקט אפ מיר מיט דאנקבארקײַט.

אינ עטלעכע טעג ארומ איז צעסארסקי שוינ געווענ דער דאָקטער פונ אונדזער אָטריאד. אינ די געציילטע טעג, וועלכע זײַנענ געבליבנ ביזנ אָפּפליִענ אינ סוינעס הינטערלאנד, האָט אלבערט בעניאמינאָוויטש ניט פארלאָרנ קיינ איינ רעגע. ער האָט באקומענ אלערליי פּרעפּא־ראטנ, מעדיקאמענטנ, כירורגישע אינסטרו־מענטנ, פארשיידענע מאטעריאלנ, וועלכע זײַנענ נייטיק פאר דער ארבעט אינ דעמ סוינעס הינטערלאנד. ער איז דורכגעגאנגענ א צוגרייטונג צוזאמענ מיט זײַנע שלאכט־לײַט, געגרייט סאנ־אינסטרוקטאָרס, געגאנגענ אפ כירורגישער פּראקטיק, זיכ באראטנ מיט דערפארענע דאָקטוירימ, דורכגעפירט שמועסנ וועגנ סאניטאריע אונ היגיענע.

די צוגרייטונגענ זײַנענ געגאנגענ צו ענדע. דער אָטריאד איז צעטיילט געוואָרנ אפ ריינגענ, אונ די ערשטע פונ זיי זײַנענ שוינ אריבער־געוואָרפנ געוואָרנ אריבער דער פראָנט־ליניע. לויטנ אָנגעמערקטנ פּלאנ האָט צעסארסקי גע־דארפט פליִענ צוזאמענ מיט מיר. נאָר איינ סיבע האָט צעשטערט דעמ פּלאנ. דער פּארטי־זאנ קאלאשניקאָוו, א מענטש א ווונקסיקער, איז ארויסגעוואָרפנ געוואָרנ באַ דער סטאנציע „טאָלסטי לעס", טשערניגאָווער געגנט. דער פּאראשוט האָט זיכ פארטשעפּעט פאר די קרוינענ פונ די הויכע ביימער, אונ קאלאשניקאָוו איז געבליבנ הענגענ אינ דער לופטנ, זעקס מעטער ביז דער ערד. די כאווײרימ האָבנ אימ שוינ געפונענ, נאָר ער האָט ניט געוואָלט וואַרטנ, ביז מע וועט אימ אראָפּנעמענ. מיט א מעסער האָט ער איבערגעשניטנ די שנורנ פונ זײַנ פּאראשוט אונ איז געפאלנ אפ דער ערד. אופ־הייבנ זיכ האָט ער ניט געקענט: בײדע פיס זײַנענ געווענ איבערגעבראָכנ.

— איר קענט הײַנט ארויספליִענ? — האָב איכ געפרעגט צעסארסקינ נאָכ דעמ, ווי איכ האָב אימ איבערגעלייענט די ראדיאָגראמע.

— צו יעדער מינוט! — האָט געענטפערט צעסארסקי.

— אינ צוויי שעה ארומ פליט איר ארויס.

— רעכט.

אלבערט בעניאמינאָוויטש האָט נימ לאנג צוריק כאסענע געהאט. ער איז אוועקגעלאָפנ אהיימ זיכ געזעגענענ מיט דער פרוי, נאָר ער האָט זי אינ שטוב ניט געטראָפנ. ער איז אוועק־געפלויגנ ניט געזעגנטערהייט.

2

אינ יונ 1942 יאָר בינ איכ געקומענ צו פליִענ צו מײַנ אָטריאד. די כאווײרימ האָבנ שוינ באוויזנ דורכצומאכנ א שטיקל פּארטי־זאניש לעבנ. אייניקע האָבנ געבויט בײַדלעכ, אנדערע זײַנענ געגאנגענ אינ אויספירונג אונ געבראכט יעדיִעס וועגנ די נאָענטע יישו־וימ, דריטע האָבנ געטראָגנ קאראול־דינסט. אייניקע האָבנ זיכ געפּאָרעט באַ די שײַ־טערס — געגרייט עסנ.

אלבערט בעניאמינאָוויטש צעסארסקי האָט שוינ פולקומ באהערשט זײַנע פליכטנ. ער האָט גענוי דערציילט וועגנ דעמ געזונט־צו־שטאנד פונ קאלאשניקאָוו, וועמענ ער האָט פארגיפּסעוועט בײדע פיס, וועגנ דעמ געזונט פונ די איבעריקע שלאכט־לײַט. דערנאָכ האָט ער אוועקגעײַלט צו זײַנע איניאָנימ.

די שטימונג איז באַ אלעמענ געווענ א פרייִ־לעכע, די נײַקײַט פונ די אומשטענדנ האָט אלע־מענ ארײַנגעצויגנ, אלע האָבנ ווי פארגעסנ, ווו זיי געפינענ זיכ אונ נאָכ וואָס זיי האָבנ זיכ אהער צונויפגעקליבנ. זיי האָבנ דערווײַל קיינ איינ שאָס נאָכ ניט געהערט.

„טאָלסטי לעס" — איז ניט אומזיסט געווענ דער נאָמענ פונ דער נאָענטער אײַזנבאנ־סטאנציע. דער דאָזיקער אײַזנבאנ־וועג איז ניט געווענ טעטיק, אונ דעריבער פלעגט מענ דאָ פאנאנדערלייגנ סיגנאל־שײַטערס אפ אופצונע־מענ פּאראשוטיסטנ. דער וואלד ארומ איז ווירקלעכ געווענ א מעכטיקער. אלטע דעמבנ, סאָסנעס, יאָדלעס אונ בערעזעס האָבנ געשאפנ א דורכויסיקנ גרינעמ מאסיוו, דורכ וועלכנ עס פלעגנ זיכ נאָר וועננ־ניט־ווענ דורכרײַסנ העלע זונ־שטראלנ. צווישנ די אוראלטע ביימער זײַנענ געדיכט געוואקסנ יונגע קוסטעס אונ ביימלעכ, וועלכע האָבנ געשאפנ דעמ אײַנדרוק, אז דעמ ביימער־מאסיוו איז ניט דורכצוגיינ.

פאר א פּארטיזאנישנ לאגער איז דאָס אָרט געווענ ווי אָנגעמאָסטנ. נאָר אינ עטלעכע טעג ארומ האָבנ מיר געמוזט דאָס אָרט פארלאָזנ. די אויספירער האָבנ פעסטגעשטעלט, אז אינ אלע ארומיקע דערפער גייענ ארומ קלאנגענ וועגנ דעמ, אז „אלע נאכט וואַרפט מענ דאָ אראָפּ הונדערטער פּאראשוטיסטנ." די דײַטשנ זײַנענ געוואָרנ אומרויִק. מע האָט געקענט

דערוואַרטנ, אַז אינ די נאָענטסטע טעג וועלנ זיי צו אונדז אַרויסשיקנ אַ שטראָפ־עקספּעדיציע.

דעמ 28 יול פאַרטאָג, אינ צוויי טעג אַרומ נאָכ דעמ, ווי מיר האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט אַ צוואַנציק קילאָמעטער צאָפנדיקער פונ דער סטאַנציע „טאָלסטי לעס”, האָט זיכ ניט ווײַט פונ אונדז דערהערט אַ שיסערײַ פונ אַווטאָמאַטנ אונ קוילנוואַרפער. אינ צוויי מינוט אַרומ איז דער דעזשורנער וויזוואָד אונטער דער אָנפירונג פונ מײַנ פאַרטרעטער סערגיי סטעכאָוו אַוועקגעלאָפנ אינ דער זײַט פונ דער שיסערײַ. איכ בינ געבליבנ אינ לאַגער אונ אַוועקגעשטעלט צוגאָב־פּאָסטנס, דער סוינע זאָל ניט אַרומגיינ פונ אַנ אַנדער זײַט.

— רוס, גיב זיכ אונטער! — האָבנ געשריגנ די דײַטשנ.

— הורא, הורא, פאָרויס! — האָבנ הויכ געשריגנ אונדזערע. עס איז געגאַנגענ אַנ עכטער בלוטיקער שלאַכט. דער וואַלד־עכאָ האָט פאַרפילפאַכיקט יעדנ געשריי, יעדנ שאָס.

ווײַבאַלד עס איז אַ שלאַכט, דאַרפנ אויכ זײַנ פאַרוווּנדעטע, — האָב איכ אַ טראַכט געטאָנ אונ באַפוילנ אַרויסרופנ צו מיר צעסאַרסקינ.

— דער דאָקטער איז אַוועקגעלאָפנ אַהינ, ווו עס גייט די שלאַכט.

פונ סטעכאָוונ איז געקומענ צו לויפנ אַ פאַרבינדלער אונ איבערגעגעבנ, אַז דער סוינע איז שטילערהייט צוגעגאַנגענ צו אונדזער לאַגער, ער האָט אָבער זיכ אומגעריכט אָנגעשטויסנ אָפּ אונדזער אויסשפּירונג. דעמ סוינעס ערשטע גרופּע איז אָפּגעטראָטנ. קיינ הילפ דאַרפ מענ דערווײַל ניט.

— דאָרט בײַ אײַכ געפינט זיכ דאָקטער צעסאַרסקי. גיט איבער, אַז איכ האָב באַפוילנ אימ טיקעפּ זיכ אומקערנ אינ לאַגער.

אינ צענ מינוט אַרומ איז צעסאַרסקי געשטאַנענ פאַר מיר אונ געמאָלדנ:

— לויט אײַער באַפעל געקומענ!

— ווער האָט אײַכ דערלויבט גיינ צומ אָרט פונעמ שלאַכט?

— כ'האָב גערעכנט, אַז מײַנ אָרט איז דאָרט.

אינ צעסאַרסקיס מאָוזער איז דער שלאָס געווענ טיפּ פאַרוקט אָפּ צוריק. הייסט עס, ער האָט אַרויסגעלאָזט אַלע קוילנ.

— שיסנ האָט זיכ אײַכ פאַרוואָלט? די פאַרוווּנדעטע וועט מענ ברענגענ אַהער. גרייט צו אַ בײַדל אונ אינסטרומענטנ. אָפּ ווײַטער ווייסט, אַז אָנ מײַנ באַפעל האָט איר ניט קיינ רעכט אַוועקגיינ פונ לאַגער.

— רעכט!

די שיסערײַענ אונ די קוילעס זײַנענ געוואָרנ אָט שטילער אונ אָט שטאַרקער. זיי האָבנ זיכ דערווײַטערט פונ דעמ לאַגער. הייסט עס, אַז אונדזערע שלאָגנ. אינ אַ האַלבער שאָ אַרומ האָט מענ געבראַכט דעמ ערשטנ פאַרוווּנדעטנ. דאָס איז געווענ דער שפּאַניער פלאָרעזשאַקס. ער איז שווער פאַרוווּנדעט פונ אַנ אופרײַס־קויל. דערנאָכ האָט מענ געבראַכט נאָכ צוויי פאַרוווּנדעטע. אינ דער זעלבער צײַט האָט מענ אָנגעהויבנ צו באַשיסנ אונדזער לאַגער פונ דער צווייטער זײַט. צעסאַרסקי האָט קיינ שומ אַכט ניט געלייגט אָפּ די שיסערײַענ, מיט געניטע אונ זיכערע הענט האָט ער גערייניקט די ווונדנ, איבערגעבונדנ אונ רויִק צוגעגעבנ:

— ניט געפערלעכ. אַלצ וועט זײַנ אינ אָרדענונג.

אָנ קיינעמס הילפ, אַ פאַרגאָסענער מיט בלוט, איז געקומענ דער אויסשפּירער קאָסטיע פּאָסטאָנאָגאָוו. זײַנ האַנט איז געווענ אומנאַטירלעכ אויסגעדרייט. מיט אַנ אָפּגעשוואַכטער שטימ האָט ער געזאָגט:

— זיי דערלאַנגט, די אויסוווּרפנ! — אונ איז דאָ אויפנ אָרט געפאַלנ.

אַלבערט בעניאַמינאָוויטש האָט אימ אונטערגעכאַפּט אונ אַוועקגעלייגט אָפּ דער אויסגעשפּרייטער פלאַשטש־פּאַלאַטקע. זײַנ האַנט איז געווענ צעקרישלט, די מוסקולנ צעריסנ, די האַנט האָט זיכ געהאַלטנ בלויז אָפּ די טרוקענע אָדערנ.

די שלאַכט האָט געדויערט צוויי שאָ. דער סוינע איז אָפּגעטראָטנ אונ איבערגעלאָזט אָפּנ שלאַכט־פעלד העכער פערציק טויטע קערפּערס.

מיר האָבנ אָבער געמוזט טיקעפּ פונ דעמ אָרט אַוועקגיינ, ווײַל די געפאַנגענע האָבנ דערציילט, אַז פונעמ ראַיאָנ־צענטער כאַבנע האָט מענ אַרויסגערופנ נײַע קויכעס פונ די דײַטשישע שטראָפ־אָטריאַדנ.

פיר טעג האָבנ זיכ די דײַטשנ נאָכ אונדז געיאָגט אָפּ דרײַסיק פּראַכט־אַווטאָמאָבילנ. זיי זײַנענ געווענ זיכער, אַז מיר זײַנענ דאָ אַ גאַנצע דיוויזיע. מיר זײַנענ געגאַנגענ מיט אַזויִנע שטעגעלעכ, ווו זיי האָבנ ניט געקענט דורכפאָרנ. מיר זײַנענ געגאַנגענ בײַנאַכט, אונ די דײַטשנ האָבנ מוירע געהאַט זיכ באַוועגנ בײַנאַכט דורכנ וואַלד.

אונדזער וועג איז געלעגנ אָפּ מײַרעוו — אינ די סאַרנער וואַלד־מאַסיוונ.

3

פונ דער סטאַנציע „טאָלסטי לעס” ביז די סאַרנער וועלדער איז אַ מעהאַלעכ פונ העכער צוויי הונדערט קילאָמעטער. דער וועג איז עפּשער ניט קיינ לאַנגער, נאָר די פּאַרטיזאַנישע קילאָמעטערס זײַנענ לאַנגע אונ שווערע.

מיר זײַנענ געגאַנגענ ניט מיט קיינ אײַנגעאָרדנטע וועגנ, נאָר דורכ באַהאַלטענע וואַלד־שטעגנ אונ בלאָטעס. מיר האָבנ אָפּגערוט ניט אינ קיינ הײַזער, נאָר אינ די וועלדער אונ זומפּנ. מיר האָבנ אויסגעמיטנ די דערפער, קעדיי די הינט אַפילע זאָלנ ניט דערשמעקנ אונ זאָלנ ניט אויפהייבנ קיינ בילערײַ. אונדז האָט געווייקט דער רעגנ. די קאָמאַרעס האָבנ ניט געלאָזט צורו. זיי

פלעגנ זיכ פארקלײַבנ אפילע אונטער די „באקאָמארניקעס", וועלכע מיר האָבנ ספּעציעל גענייט לויטנ בײַשפּיל פונ די יעגער אינ אורואלטע וועלדער, זיי האָבנ זיכ אײַנגעביסנ אינ פּאָנעמ, אינ האלדז, זיי זײַנענ פארקראָכנ אינ די אויערנ, אינ נאָז, אינ די אויגנ.

מיר האָבנ ניט געהאט קיינ ברויט, קיינ קארטאָפל, גאנצע מעסלעסנ זײַנענ מיר געגאנגענ הונגעריקע.

אונדזער וועג האָט געהאט א סאכ שטערונגענ, אונ די צוויי הונדערט קילאָמעטער לויט דער קארטע האָבנ זיכ פארוואנדלט אינ פינפ הונדערט אונ עפשער אינ מער.

באזונדערס שווער איז געווענ די פארוואונדעטע. מיר האָבנ זיי אוועקגעלייגט אפ די דרײַ פורנ, וועלכע מיר האָבנ פארמאָגט. יעדער פּניאָק, יעדער גריבל אונ יעדעס בערגעלע האָט זיכ מיט א שארפנ ווייטעק אָפּגערופנ אפ די פרישע וואונדנ פונ די קראנקע.

אינ די בלאָטיקע ערטער האָבנ די אויסגעמאטערטע פערד ניט געקענט ארויסציענ די אײַנגעזונקענע פורנ. עס איז אויסגעקומענ אויסצושפּאנענ די פערד אונ ארויסשלעפּנ די וועגענער אפ זיכ. אינ אזוינע פאלנ פלעגט אלבערט בעניאמינאָוויטש זיכ דער ערשטער „אײַנשפּאנענ" אינ א וואָגנ, ער פלעגט אָנזאָגנ, מע זאָל דאָס טאָנ וואָס פארזיכטיקער, קעדיי ניט פארשאפנ קיינ ווייטעק די פארוואונדעטע. מיט דער הילפ פונ די שלאכט־לײַט פלעגט ער ארויסשלעפּנ די פורנ.

אונדזער וועג האָט געדויערט מער ווי א כוידעש. צעסארסקי איז אפ א טראָט ניט אָפּגעגאנגענ פונ די פארוואונדעטע. אפ יעדנ אָפּשטעל פלעגט ער זיי באקוקנ אונ אכטונג געבנ, צי אלצ איז בא זיי אינ אָרדענונג.

אינ וועג האָבנ זיכ צו אונדזער אָטריאד פארייניקט נײַע פארטיזאנער. דאָס זײַנענ געווענ, אינ גרעסטנ טייל, סאָוועטישע געפאנגענע, וועלכע זײַנענ געלאָפנ פונ די היטלערישע לאגערנ. אייניקע פונ זיי זײַנענ געווענ באוואָפנט אונ האָבנ זיכ געגרייט צו אנ אקטיוונ קאמפ קעגנ די אָקופּאנטנ. אנדערע האָבנ זיכ באזעצט אינ די דערפער אונ געווארט, ווענ עס וועט קומענ די צײַט פאר אזא קאמפ.

סײַ די, סײַ יענע האָבנ שטענדיק געהאט א פארבינדונג מיט דער אָרטיקער באפעלקערונג, צווישנ וועלכער עס זײַנענ ארומגעגאנגענ פארשיידענע אָנשטעקנדיקע קראנקײַטנ. מיט דער באפעלקערונג זײַנענ אויכ געווענ פארבונדנ אונדזערע אויסשפּירער. אלבערט בעניאמינאָוויטש האָט אפ קיינ פאל ניט געוואָלט דערלאָזנ, אז די עפּידעמיע זאָל ארײַנדרינגענ אינ אונדזער לאגער. ער האָט דורכגעפירט שמועסנ מיט די שלאכט־לײַט, ער האָט געשריבנ ארטיקלענ אינ אונדזער וואנט־צײַטונג „מיר וועלנ זיגנ". צוליב פּראָפילאקטיק האָט אלבערט בעניאמינאָוויטש אײַנגעפירט די אָרדענונג, וועלכע איז טאָג־טעגלעכ אָפּגעהיט געוואָרנ אינ אונדזער אָטריאד ביז די סאמע לעצטע טעג פונ דער מילכאָמע. אלע אינדערפרי, ניט געקוקט אפנ וועטער אונ אפ דער מידקײַט, פלעגט ער אויסשטעלנ לויט דער ריי אלע גרופּנ פונ אָטריאד אונ פלעגט באפוילנ די שלאכט־לײַט אויסטאָנ די העמדער. ער פלעגט יעדנ באטראכטנ, באקוקנ די הענט, די העלדזער, די אויערנ. אויב ער האָט בא עמעצנ געפונענ שמוצ, האָט ער יענעמ געמאכט אנ אויסרייד אונ געשיקט זיכ וואשנ.

פרילינג, זומער אונ הארבסט האָט מענ זיכ געוואשנ אינ די טײַכנ אָדער בא די ספּעציעל אויסגעגראָבענע ברונעמס. דאָרט האָט מענ אויכ געוואשנ וועש. ווינטער האָט מענ געבויט בעדער. דאָס זײַנענ געווענ געוויינלעכע קאָנוסארטיקע בײַדלעכ מיט א גרויסער לאָכ פונ אויבנ — פונ דאָרט גייט ארויס דער רויכ. אינמיטנ לייגט מענ אויס א שײַטער, אפ וועלכנ מע ווארעמט וואסער. אפ שטעקנס האָט מענ ארומ דעמ שײַטער „געבראָטנ" אונ געטריקנט די וועש אונ די זאכנ. וואשנ זיכ אינ אזוינע „בעדער" אינ א פראָסטיקנ טאָג איז ניט געווענ קיינ פארגעניגנ: פונ דעמ שײַטער האָט געבאקט, אז מע האָט ניט געקאָנט אײַנשטיינ, פונ דער צווייטער זײַט — א שטארקע קעלט. קעדיי ניט פארברענט ווערנ אונ זיכ ניט צוקילנ, פלעגט אויסקומענ ווי א דריידל זיכ דרייענ אפ איינ אָרט.

ניט ווינציק זאָרג האָט דער דאָקטער געהאט אינ לאגער. ער פלעגט באשטימענ די קוואליטעט פונעמ וואסער, אײַנגעאָרדנט א ספּעציעל סאניטאר־בײַדל, אכטונג געגעבנ, עס זאָל אָפּגעהיט ווערנ די ריינקײַט. אונ אומעטומ פלעגט ער באוויזנ. דערפאר זײַנענ בא אונדז אינ אָטריאד ניט געווענ קיינ עפּידעמיעס, קיינ טיפוס, קיינ דיזענטעריע. זיי האָבנ אפ אונדז קיינ שליטע ניט געהאט.

אינ א קורצער צײַט האָט צעסארסקי זיכ דערוואָרבנ צווישנ די פארטיזאנער א גרויסנ אויטאָריטעט. די שלאכט־לײַט האָבנ אימ געליבט, אימ געפאָלגט. אפילע פלאָרעזשאקסנ האָט ער באווירקט אונ יענער האָט אָנגעהויבנ גלייבנ, אז ער וועט געזונט ווערנ. צעסארסקי האָט אימ דערוויזנ, אז ער וועט ניט נאָר געזונט ווערנ, נאָר וועט נאָכ אויכ קאָנענ שלאָגנ די פאשיסטנ.

פאר קאָסטיע פּאָסטאָנאָגאָווס האנט האָט אלבערט בעניאמינאָוויטש אויסגעשניצט ספּעציעלע ברעטלעכ. די האנט האָט זיכ גענומענ צונויפוואקסנ. אינ א כוידעש ארומ איז שוינ פּאָסטאָנאָגאָוו מיט א פארבונדענער האנט

גענאנגענ מיט קליינע גרופּעס אינ אויסשפּירונג.

אינ אווגוסט איז אונדזער אָטריאד אָנגעקומענ אינ די סארנער וועלדער. די דאָזיקע וואלד־מאסיווג האָבנ פארנומענ א גרויסע טעריטאָריע צווישנ סארנע, ראקיטנע, ליודוויפּאָל און בערעזניע אינ ראָווגער געגנט. די גאנצע געגנט האָט פריער זיכ געפונענ אונטער דער הערשאפט פונ פוילנ און איז אינ יאָר 1939 פאראייניקט געוואָרנ צו דער סאָוועטישער אוקראינע.

נאָכ ביז דער מילכאָמע האָט די געסטאפּאָ אריבערגעשיקט אהער אירע אגענטנ — אוקראינישע נאציאָנאליסטנ — מיטנ ציל צו מאכנ דיווערסיעס און אופשטאנדנ. אינ די ערשטע טעג פונ דער מילכאָמע האָבנ די דאָזיקע היטלעראָווצעס אָרגאניזירט באנדעס פונ פארשיידענע פארברעכער און באנדיטנ, וואָס האָבנ אָנגעהויבנ אָנצופאלנ אפ די דאָרפסראטנ, אפ די פארוואלטונגענ פונ די קאָלווירטנ, ראבעווענ און הארגענענ סאָוועטישע און קאָלווירטישע אקטיוויסטנ, קאָמוניסטנ, קאָמיוגיסטנ און יידנ. אינ דער שפּיץ פונ די דאָזיקע באנדעס האָט די געסטאפּאָ אוועקגעשטעלט דעמ אויסוווּרפּ טאראס באָראָוועצ. א געוועזענער אייגנטימער פונ שטיינ־גרובנס אינ ליודוויפּאָלער ראיאָנ, איז באָראָוועצ אינ יאָר 1939 אנטלאָפנ קיינ דייטשלאנד. דאָרט האָט ער זיכ געלערנט אינ דער געסטאפּאָ־שער שול פאר דיווערסאנטנ און איז דערנאָכ צוריקגעשיקט געוואָרנ צו זיכ אהיימ. דער דאָזיקער באנדיט פארעטער האָט זיינע באוואָפנטע באנדעס אָנגערופנ „פּאָליעסיער סעטש", און זיכ אליינ, ווי דעמ אטאמאנ, האָט ער אָנגערופנ מיטנ נאָמענ פונ גאָגאָלס העלד — טאראס בולבא.

די היטלערישע מיליטער־מאכט האָט ניט געהאט קיינ מעגלעכקייט אליינ צו „באהערשנ" יענע אָקופּירטע פונקטנ, וועלכע זיינענ געלעגנ ווייט פונ דער אייזנבאנ און פונ שאָסיי־וועגנ. די ערשטע צייט האָבנ זיי באוויזנ צו ראבעווענ נאָר די שטעט און די דערפער, וועלכע זיינענ געלעגנ אפנ וועג פונ זייער מארש.

איינצופירנ די „נייע אָרדענונג" אינ די ווייטע פונקטנ האָבנ די היטלעראָווצעס מאָביליזירט צו הילפ זייערע געטרייע דינער — די דייטשיש־אוקראינישע נאציאָנאליסטנ.

— די דייטשנ האָבנ גערויבט און געמאָרדעט, — האָבנ אונדז אָפט געזאָגט די אוקראינישע פויערימ, — איצט באלעבאטעווענ דאָ אויכ די „סיטשעוויקעס". די פויערימ האָבנ אונדז דערציילט, ווי, אונטערנ אויסרייד פונ קאמפ קעגנ קאָמוניסטנ און יידנ, טעראָריזירנ די דאָזיקע פארעטער די אָרטיקע אוקראינישע באפעלקערונג.

אינעמ פאשיסטישנ בלעטל „הײדאמאק" האָבנ מיר געלייענט: „די „פּאָליסקא סיטש" האָט גענומענ אפ זיכ א שווערע, נאָר א בעקאָוועדיקע ארבעט צו ליקווידירנ די פּארטיזאנער — אינ די וועלדער פונ צאָפנ־אוקראינע און דאָרעמ־ווייסרוסלאנד, און האָט איר אופגאבע אויסגעפילט מיט קאָוועד".

— סוואָלאָטשעס! מיר וועלנ זיי ווייזנ, ווי זיי וועלנ ליקווידירנ די פארטיזאנער! — האָבנ אופגערעגטע געשריענ אונדזערע שלאכטלייט.

די היטלערישע פאשיסטנ האָבנ זיכ נעכאפּט, אז עס לוינט זיי ניט, וואָס דאָס גאנצע רויב וועט אריינפאלנ אינ די הענט פונ זייערע לאקייענ. מע דארפ זיכ אליינ פארנעמענ מיט „באהערשנ" די אָקופּירטע טעריטאָריע. די דייטשנ האָבנ פאנאנדערגעלאָזט די „פּאָליעסיער סעטש" און פונ אירע „קאדרענ" אָרגאניזירט די פּאָליציי.

ניט אלע „סיטשעוויקעס" זיינענ אוועק אונטער דער דייטשער קאָמאנדשאפט, א סאכ פונ זיי זיינענ פארבליבנ אינ באזונדערע באוואָפנטע באנדעס.

4

בא די דייטשנ איז געווענ א געזעצ: ווי נאָר זיי פארנעמענ נייע שטעט און דערפער, גלייכ הייבנ זיי אָנ ארויסכאפּנ די גאנצע יידישע באפעלקערונג, ראבעווענ זייער גוטס און די מענטשנ אוועקשיקנ אינ די שטיינ־קאריערנ. דעמ 26—27־טנ אווגוסט 1942 יאָר האָבנ זיי דורכגעפירט איבער דער יידישער באפעלקערונג א מערדערישע אקציע. מע האָט פארניכטעט די יידנ סײַ אינ דער שטאָט ראָווגע, סײַ אינ דער ראָווגער געגנט. גרויסע גרופּעס יידנ האָט מענ ארויסגעפירט הינטער דער שטאָט, געהייסנ גראָבנ גריבער און זיי דאָרטנ דערשאָסנ. די טויטע מיט די לעבעדיקע האָט מענ געוואָרפנ אינ די גריבער און פארשאָטנ. קיינעמ ניט געשוינט — ניט קיינ אלטע, ניט קיינ קינדער.

אייניקע יידנ האָט זיכ איינגעגעבנ צו ראטעווענ. די פּאָליציי און די היטלעריסטנ האָבנ געזוכט די דאָזיקע אנטלאָפענע. די אָרטיקע אוקראינישע באפעלקערונג, וועלכע האָט אויסבאהאלטנ די אנטלאָפענע, האָבנ זיי אפ אָנ אָרט געשאָסנ.

צו אונדזער אָטריאד האָבנ זיכ גענומענ ציענ די אלע, וועמענ עס האָט זיכ איינגעגעבנ צו ראטעווענ. מענטשנ זיינענ געווענ הונגעריקע, נאקעטע און באָרוועסע. אפ די הענט האָבנ זיי געטראָגנ זייערע הונגעריקע קינדער. סאָפ סענטיאבער כוידעש האָט אונדזער אָטריאד אריינגענומענ העכער 200 דערוואקסענע יידנ און ביז דרייסיק קינדער. אלע שלאכטפעיקע מאנצבלענ האָבנ מיר באוואָפנט, די פרויענ האָבנ זיכ גענומענ העלפנ אונדזער אָטריאד אינ דער ווירטשאפטלעכער ארבעט.

לויט זייער צאָל האָבנ זיי אריבערגעשטיגנ די פּאַרטיזאַנער. פּראָדוקטנ איז בא אונדז געווענ וויניק, נאָר מיר האָבנ זיך געטיילט מיט אַלצ, וואָס מיר האָבנ געהאַט. אַלבערט בעניאַמינאָוויטש צעסאַרסקי איז ארומגעגאַנגענ ארומ די קראַנקע, אכטונג געגעבנ אפ דער ריינקײַט אונ לאַנגע שאָענ מיט זיי געשמועסט.

— פאַרוואָס זײַנענ זיי געווענ אזוי הילפלאָז? — האָט מיר צעסאַרסקי אײנמאָל געזאָגט, — פאַרוואָס האָבנ זיי גלײַכ ניט גענומענ קיינ געווער? בא אונדז אינ סאָוועטנ־פאַרבאַנד וועט מענ שוינ אזוינע ייִדנ ניט געפינענ. קוקסט אפ אָט די דאָזיקע מענטשנ אונ טראַכסט: דאָס איז דער נעכטיקער טאָג פונ מײַנ פאָלק. יאָ, יאָ, דער נעכטיקער טאָג!

אײניקע האָבנ מיר פונ די ייִדנ אָרגאַנעזירט א זעלבשטענדיקנ אָטריאַד, אימ באַוואָפנט, געגעבנ אפ צוויי וואָכנ דערנערונג אונ מיט אונדזערע מענטשנ אָפּגעשיקט אינ די ווײַסרוסישע וועלדער.

צוזאַמענשטויסנ מיט די היטלעריסטנ אונ פּאָליציייענ זײַנענ געוואָרנ אָפטע דערשײַנונגענ. די דאָזיקע „העלדנ”, וועלכע האָבנ געהארגעט אומבאַוואָפנטע מענטשנ, פלעגנ בא דעמ ערשטנ שאָס פונ די פּאַרטיזאַנער אַנטלויפנ. עס זײַנענ געווענ בא אונדז קאָרבאָנעס. ניט וויניק פאַרווונדעטע. צעסאַרסקי האָט געהאַט א סאַכ ארבעט. דערצו נאָכ איז אונדזער אָטריאַד אויסגעוואַקסנ אפנ כעשבנ פונ דער אָרטיקער באַפעלקערונג. צעסאַרסקי האָט אָבער ניט געקענט אײַנזיצנ רויִק אפ אנ אָרט.

— כאַווער קאָמאַנדיר! דערלויבט מיר גײנ מיט א גרופּע אפ אנ אויפגאַבע. מע קענ דאָכ אזוי א גאַנצע מילכאָמע אָפּזיצנ אינ לאַגער אונ קיינ אײנ דײַטש ניט דערהארגענענ.

איכ פלעג מוזנ אַנטזאָגנ. קיינ אַנדער דאָקטער איז בא אונדז ניט געווענ אונ ריזיקירנ מיט צעסאַרסקינ האָב איכ ניט געקאָנט. אַלבערט בעניאַמינאָוויטש האָט עס פאַרשטאַנענ. ער האָט געזענ, ווי נייטיק ער איז. ער האָט פאַרשטאַנענ: די פּאַרטיזאַנער גייענ רויִקער אינ געפערלעכסטער שלאַכט, ווײַל יעדערער פונ זיי איז זיכער, אז אינ פאַל, אויב ער ווערט פאַרווונדעט, וועט ער באַקומענ די נייטיקע מעדיצינישע הילפ. נאָר צעסאַרסקיס סינע צומ סוינע איז געווענ שטאַרקער פונ זײַנ פאַרשטאַנד. צעסאַרסקי האָט געלעכצט נאָכ דירעקטער פיזישער נעקאָמע, ער האָט געלעכצט צו הארגענענ אונ פאַרניכטנ די פאַשיסטישע כײַע.

מע האָט געדאַרפט צוקוקנ, מיט וואָס פאַר א פלינקײַט ער איז געפלויגנ רײַטנדיק אפנ פערד, ווענ ער פלעגט באַקומענ א ידיִע, אז א פּאַרטיזאַנ איז פאַרווונדעט. איכ פלעג אימ דעמלט דערלויבנ ארויסצופאָרנ אפנ אָרט, ווו עס גייט די שלאַכט.

דעמ 12־טנ נאָיאַבער איז פונ מאָסקווע געקומענ צו פליִענ א „דוגלאַס”. דאָס איז געווענ א גרויסע געשעעניש פאַר אונדזער אָטריאַד. פאַר צעסאַרסקינ איז עס געווענ א צווייענדיקע געשעעניש: אַלע פאַרווונדעטע שיקנ מיר אָפּ קיינ מאָסקווע. אַלבערט בעניאַמינאָוויטש אַליינ האָט יעדערנ פונ זיי ארײַנגעזעצט אינ אַעראָפּלאַנ. ער האָט אכטונג געגעבנ, זיי זאָלנ זײַנ וואַרעמ אײַנגעטאָנ, זיי זאָלנ זיכ פילנ באַקוועמ. אפ קאָסטיע פּאָסטאָנאָגאָווס פאַרווונדעטער האַנט האָט ער אָנגעטאָנ זײַנ הענטשקע, אונ אפ פלאַרעזשאַקסנ האָט ער אָנגעטאָנ זײַנ פוטערנעמ רעקל. די פאַרווונדעטע האָבנ זיכ מיט אימ געזעגנט, ווי מיטנ בעסטנ גוטנ פרײַנט. צוויי אזייגער באַנאַכט איז דער אַעראָפּלאַנ אָפּגעפלויגנ. מיר האָבנ זיכ אומגעקערט צו זיכ אינ לאַגער. אַלע האָבנ זיכ געלייגט אָפּרוענ. נאָר צעסאַרסקי האָט ניט געקענט שלאָפנ. ער האָט זיכ אַלע ווײַלע געזעצט באַמ שײַטער, ארומגעגאַנגענ איבערנ לאַגער — זיכ קיינ אָרט ניט געפונענ. ער האָט זיכ באַרויִקט ערשט אינדערפרי, ווענ פונ מאָסקווע איז אָנגעקומענ א ראַדיאָגראַמע: „דער אַעראָפּלאַנ איז אָנגעקומענ בעשאָלעמ. די פאַרווונדעטע פילנ זיכ גוט. זיי שיקנ א גרוס.”

אַלבערט בעניאַמינאָוויטש איז געווענ ניט נאָר א דאָקטער. אַלעמאָל, ווענ ער האָט געהאַט א פרײַע שאָ, איז ער געגאַנגענ צומ שײַטער, ווו עס זײַנענ געזעסנ שלאַכטלײַט, אונ פלעגט אָנהייבנ א „קאָנצערט”. ער פלעגט פאַרציִענ אײנע פונ די באַליבטסטע לידער, אונ די פּאַרטיזאַנער פלעגנ אימ אונטערהעלפנ. צעסאַרסקי האָט געוווּסט אפ אויסווייניק א סאַכ לידער פונ פּושקינענ, נעקראַסאָווּנ, מאַיאַקאָווסקינ אונ האָט זיי אָפט דעקלאַמירט.

מיטנ אָפּשיקנ די פאַרווונדעטע איז בא צעסאַרסקינ געוואָרנ מער פרײַע צײַט. דעמלט האָבנ אונדזערע אויסשפּירער גענומענ אָפט ארײַנקוקנ אינ דער שטאָט ראָוונע, וועלכע די דײַטשישע „הערשער” האָבנ פאַרוואַנדלט אינ זייער הויפּטשטאָט פונ דער אָקופּירטער אוקראַינע. פונ ראָוונע האָבנ אָנגעהויבנ צו אונדז אָנקומענ דאָקטוירימ. אײניקע פונ זיי האָבנ באַצײַטנס ניט באַוויזנ זיכ צו עוואַקויִרנ. ווענ די פּאַרטיזאַנער האָבנ זיי פאַרגעלייגט גײנ אינ וואַלד, פלעגנ זיי עס טאָנ זייער גערנ. זיי פלעגנ מיט זיכ מיטנעמענ מעדיקאַמענטנ אונ אינסטרומענטנ. צווישנ די אָנגעקומענע דאָקטוירימ זײַנענ געווענ טעראַפּעווטנ, כירורגנ אונ, אפילע, גינעקאָלאָגנ. עס איז אָבער ניט געווענ קיינ צאָנ־דאָקטער. אַלבערט בעניאַמינאָוויטש האָט א צײַט אַליינ געהיילט די פּאַרטיזאַנער די ציינ. סאָפּקאָלסאָפּ איז אָנגעקומענ אויכ א צאָנ־דאָקטער. ער האָט מיט זיכ געבראַכט אַלע נייטיקע אינסטרומענטנ אונ אפילע א באָרמאַשינ.

צעסאַרסקי האָט פאַנאַנדערגעטיילט דעמ

מעדפערסאָנאַל איבער די גרופּנ פונעמ אָטריאַד אונ האָט אָנגעפירט מיט זייער ארבעט.

צו יענער צײַט זײַנענ די היטלעריסטנ אונ די פּאָליצײַענ ארויסגעשטויסנ געוואָרנ פונ די ארומיקע דערפער. צעסארסקי האָט גענומענ אָפט ארײַנקוקנ אינ די דערפער.

— די פארטיזאנער האָבנ געשיקט א דאָקטער, — פלעגט מענ ריידנ אינ דאָרפ, אונ די קראנקע פלעגנ גערנ גיינ צומ דאָקטער אָפּ אנ אופנאמ.

די פאשיסטנ האָבנ קיינ שומ מעדיצינישע הילפ דער באפעלקערונג ניט געגעבנ, אונ קראנקע זײַנענ געווענ א סאך. הונגער אונ עפּידעמיע האָט געשניטנ די מענטשנ. צו צעסארסקינ פלעגט מענ זיך ווענדנ מיט פארשיידענע קראנקײַטנ. ער פלעגט געבנ רעפועס, אייצעס, געמאכט אָפּעראציעס, אויסגעהערט די טרויעריקע געשיכטעס פונ די קראנקע: עלטערנ פלעגנ ברענגענ צומ דאָקטער זייערע קינדער. די באפעלקערונג האָט הארציק באגעגנט אונ באגלייט דעמ פארטיזאנישנ דאָקטער. די באפעלקערונג האָט אימ אופגענומענ ווי א פאָרשטייער פונ דער סאָוועטישער מאכט.

5

— ס'וועט זיך ענדיקנ די מילכאָמע, וועל איך אָנקומענ אינ טעאטער, כ'וויל זײַנ אנ אקטיאָר, — האָט איינמאָל געזאָגט צעסארסקי, זיצנדיק באמ שײַטער אונ שמועסנדיק מיט די פארטיזאנער וועגנ יענע טעג, ווענ מע וועט זיך אומקערנ צוריק אהיימ.

דאָס איז געווענ אומדערהוואַרט.

— פארוואָס זשע האָט איר זיך געלערנט אופ דאָקטער? — האָט געפרעגט איינער פונ די פארטיזאנער.

— דאָס, ברודערל, וועט ניט שטערנ. מע קענ זײַנ א גוטער דאָקטער אונ א גוטער אקטיאָר איינצײַטיק.

אזוינע הארציקע שמועסנ פלעגנ פארקומענ ניט זעלטנ. נאָר אופקומענ פלעגנ זיי געוויינלעך ניט דעמלט, ווענ ארומ איז געווענ שטיל, נאָר גראָד דעמלט, ווענ מע האָט דערווארט געוויסע געשעענישנ. אויך איצט איז דער געשפּרעך אופגעקומענ ניט אומזיסט. עס איז געווענ שפּעט נאָך האלבער נאכט, נאָר מיר זײַנענ געווענ וואך. מיר האָבנ געווארט, אז פונ ראָוונע זאָל זיך אומקערנ א גרופּע אויסשפּירער. זי האָט זיך געדארפט אומקערנ נאָך אָנהייב אָוונט. קיינער פונ אונדז האָט ניט ארויסגעוויזנ קיינ אומרו, נאָר דער אומרו איז געזעסנ טיפ בא יעדערנ פונ אונדז אינ הארצנ. יעדערער האָט געטראכט: „וואָס האָט געקענט געשענ? שוינ זשע זײַנענ זיי ארײַנגעפאלנ?“ גערעדט צווישנ זיך האָט מענ אָבער וועגנ עפּעס אנדערש, וועגנ דער צוקונפט. ערשט פארטאָג האָט דער דעזשורנער איבערגעגעבנ, אז די אויסשפּירער זײַנענ צוריק געקומענ

אונ געבראכט מיט זיך עטלעכע געפאנגענע. אלע האָבנ לײַכט אָפּגעעטעמט.

— פארוואונדעטע זײַנענ פאראנ? — האָט צעסארסקי געפרעגט.

— נאָר איינ סאשע באזאנאָוונ האָט פארטשעפּעט א קויל, — האָט געענטפערט דער קאָמאנדיר פונ דער צוריקגעקומענער אויסשפּירונג־גרופּע, — באמ בריק איבערנ טײַכ סלוטש האָבנ מיר אומגעריכט זיך אָנגעשטויסנ אופ א שטארקער זאסאדע. מיר האָבנ געגעבנ א שלאכט. ביז צוואנציק פאשיסטנ האָבנ מיר דערהארגעט, צוועלפ גענומענ אינ געפענקעניש.

באזאנאָוו איז אינ דער עמעסנ געווענ ניט פארוואונדעט, א קליינער ראַנ באמ אויער. דערפאר האָבנ די סאָנימ באקומענ, ווי עס באדארפ צו זײַנ. צעסארסקי האָט מיט גרויס פארגעניגנ געהערט, וואָס עס דערציילנ די אויסשפּירער. 25 סאָוועטישע פארטיזאנער האָבנ צעקלאפּט 300 פאשיסטישע כײַעס.

אינגיכנ איז די פרייד פארביטנ געוואָרנ אופ טרויער. אינ עטלעכע טעג ארומ, דעמ 5־טנ מארט 1943 יאָר, האָט זיך אונדזערע צווייטע אויסשפּירונג־גרופּע אָנגעשטויסנ ניט ווײַט פונעמ טײַכ סלוטש — לעבנ דאָרפ באָגושטשי — אופ א דײַטשישער זאסאדע. נאָך א האלב־שעהדיקער שלאכט האָט זיך אונדזערע אײַנגעגעבנ אָפּצוטרעטנ. זעקס פארטיזאנער זײַנענ געפאלנ טויט אונ עטלעכע פארוואונדעט. צעסארסקי איז געווענ אויסער זיך. ער האָט זיך דערוווּסט, אז איך האָב באפוילנ באזאנאָוונ צוצוגרייטנ א גרופּע אופ צו פארניכטנ די באנדע פונ דער זאסאדע. צעסארסקי איז צו מיר צוגעלאָפנ אונ געבעטנ:

— כאָווער קאָמאנדיר, לאָזט מיך גיינ צוזאמענ מיט באזאנאָוונ. דאָרט וועט זײַנ א גרויסע שלאכט, אונ עס וועלנ געוויס זײַנ פארוואונדעטע.

— ניינ, — האָב איך געענטפערט, ניט ווילנדיק דאָס מאָל מער אימ פארהאלטנ.

צווישנ סאשע באזאנאָוונ, דעמ געוועזענעמ היימלאָזנ, וואָס האָט פארענדיקט דעמ אינסטיטוט פונ פיזישער קולטור, אונ אלבערט בעניאמינאָוויטשנ איז די פרײַנטשאפט אופגעקומענ נאָך אינ מאָסקווע. אינ די קורצע שאָענ פונ אָפּרו האָבנ זיי זיך אָפט געטראָפנ, געשפּאסט, זיך געטיילט מיט געדאנקענ אונ געבויט פּלענער פאר דער צוקונפט. די מילכאָמע האָט צעשטערט אלע זייערע פּלענער, נאָר דערפאר פארפעסטיקט די פרײַנטשאפט צווישנ די כאווײרימ. אינ זייער פרײַנטשאפט איז צוגעקומענ נאָך איינ געמיינזאמ געפיל: גרענעצלאָזע סינע צו די פאשיסטנ.

— דאָס פאָטערלאנד איז אינ געפאר! מע דארפ זיך נעמענ פארנ געווער! — האָבנ זיי ביידע געזאָגט. ביידע האָבנ געוואָלט זײַנ אינ

איינ טייל. אונ אָט זייַנענ זיי ביידע צוזאמענ אינ איינ פּאַרטיזאַנישנ אָטריאַד.

פיל אָפּטיילונגענ פונ אָטריאַד האָבנ איינגעפירט בא זיכ אינדערפרי פיזקולטור־איבונגענ. נאָר צעסאַרסקי אונ באַזאַנאָוו האָבנ זיכ מיט דעמ ניט באַנוגנט. זיי האָבנ באַשלאָסנ זיכ טרענירנ אינ לויפנ. יעדנ אינדערפרי, זומער אינ טרוסנ, ווינטער אינ זומערדיקע קליידער, פלעגנ זיי דורכפירנ זייער טרענירונג.

— צי גרייט איר זיכ ניט אַנטלויפנ? — האָבנ כאַווייַרימ געפרעגט אינ א שפּאַס.

— פאַרוואָס עפּעס אַנטלויפנ אונ ניט אָניאָגנ? — פלעגט דערווידערנ צעסאַרסקי.

איינגיכנ האָבנ זיכ צו זיי פאַריניקט נאָכ כאַווייַרימ אונ די טרענירונג איז אַרייַנ אינ שטייגער.

...אונטער דער אָנפירונג פונ באַזאַנאָוונ זייַנענ הונדערט מאַנ פּאַרטיזאַנער דעמ 8־טנ מאַרט אינדערפרי אַרויס פונ לאַגער. צו נאַכט צו זייַנענ זיי אָנגעקומענ צומ דאָרפ באָגושטשי אונ זייַנענ צוגעטראָטנ צו דער אויספירונג. ס'איז קלאָר געוואָרנ, אז אַרומ דעמ דאָרפ איז א באַוואָפנטע וואַכ, אונ אינ דאָרפ גופע געפינענ זיכ ביז 300 גוט־באַוואָפנטע באַנדיטנ. ביזוואַנענ עס איז געפירט געוואָרנ די אויספאָרשונג, זייַנענ אינ דאָרפ אָנגעקומענ נאָכ 70 באַנדיטנ. דאָס דאָרפ באָגושטשי געפינט זיכ אויפנ מייַרעוודיקנ ברעג פונעמ טייַכ סלוטש. ביזנ 1939 יאָר איז דאָ דורכגעגאַנגענ די סאָוועטיש־פּוילישע מעלוכע־גרענעצ. אויפנ ברעג, באַמ סאַמע וואַסער, זייַנענ געווענ פאַנאַנדערגעוואָרפנ דאָטנ, דזאָטנ אונ אַנדערע מיליטערישע אייַנריכטונגענ. דער טייַכ האָט פאַרשווענקט די דאָזיקע אייַנריכטונגענ. באַזאַנאָוו האָט די קאָמאַנדירנ פונ די אָפּטיילונגענ פאַרגעבנ גענויע אויפגאַבנ אונ האָט געוואַרט, ביז ס'וועט ליכטיק ווערנ. לויט דער סיגנאַל־ראַקעטע האָבנ די פּאַרטיזאַנער זיכ שטיל צוגערוקט צו די ערשטע הייַזער פונעמ דאָרפ אונ מיט א הילכיקנ געשריי „הורא" זיכ געוואָרפנ אינ אַטאַקע.

די פאַרשלאָפענע באַנדיטנ האָבנ זיכ אויפגעכאַפּט אונ גענומענ דערשראָקנ אַרומלויפנ איבערנ דאָרפ, אונ אומעטומ האָט זיי באַגעגנט א קויל פונ די פּאַרטיזאַנער. פאַר זיי איז געבליבנ נאָר איינ אויסוועג: צו די דאָטנ, צומ טייַכ. אונטערנ אָנגריפ פונ די פּאַרטיזאַנער זייַנענ די באַנדיטנ אַהינ געלאָפנ. באַזאַנאָווס כעשבנ איז געווענ א ריכטיקער: העכער הונדערט פאַרעטער זייַנענ דאָרט דערטרונקענ געוואָרנ.

צעסאַרסקי איז אינ דאָרפ אַרייַנגעלאָפנ איינער פונ די ערשטע אונ זיכ געוואָרפנ מיט זייַנ מאַוזער אויפ די סאָנימ. ער האָט אַרייַנגעוואָרפנ אינ שטאַל צוויי גראַנאַטעס, אונ דעמ סוינעס קוילנוואַרפער איז אַנשוויגנ געוואָרנ. ווענ צעסאַרסקי האָט נאָכאַמאָל אָנגעלאָדנ זייַנ מאַוזער, האָט זיכ באַוויזנ אונדזוערער א פאַררוונדעטער. אייַנמיטנ דאָרפ האָט צעסאַרסקי אימ געגעבנ די ערשטע הילפ. נאָר דאָ האָט צעסאַרסקי באַמערקט, אז פונ א נאָענטער שטאַל באַשיסט מענ אימ אונ דעמ פאַרוונדעטנ. ער איז צוגעלאָפנ צו דער שטאַל אונ אויסגעשריענ:

— גיט זיכ אונטער, שלענג!

אַלס ענטפער איז צו זייַנע פיס געפאַלנ א שיפענדיקע גראַנאַטע. ער איז אָפּגעשפּרונגענ.

„א שאָד — ניט געבליבנ בא מיר קיינ גראַנאַטנ", — איז אימ אויפגעקומענ אינ געדאַנק. גלייַכ אָבער האָט ער זיכ דערמאָנט וועגנ דער פליאַגע ספּירט, וואָס איז צוגעבונדנ צו זייַנ גורט. ניט לאַנג טראַכטנדיק, האָט דער דאָקטער, דאָס ערשטע מאָל אינ זייַנ לעבנ, אויסגענוצט די דאָזיקע רעפועע ניט פאַר קראַנקע: ער האָט דעמ ספּירט אויסגעגאָסנ אויפ דער וואַנט פונ דער שטאַל אונ האָט אָנגעצונדנ א שוועבעלע. גלייַכ האָט א פייַער אַרומגעכאַפּט די שטרויענע סטריכע. אינ א פערטל שאָ אַרומ האָבנ די באַנדיטנ גענומענ שפּרינגענ פונ דער שטאַל. אויפ איינעמ פונ זיי האָט שוינ געברענט דאָס אָנטאָנ. אַלבערט בעניאַמינאָוויטש האָט דרייַ באַנדיטנ דערשאָסנ.

— מיר וואָלטנ זיי ניט דעריאָגט, קענ זייַנ, ווענ מיר טרענירנ זיכ ניט אינ לויפנ, — האָבנ געשפּאַסט צעסאַרסקי אונ באַזאַנאָוו, ווענ זיי האָבנ זיכ אומגעקערט אינ לאַגער.

6

פונ די כאַווייַרימ, וואָס צעסאַרסקי האָט אָנגערופנ, ווענ ער איז געקומענ צו מיר זיכ בעטנ אינ אָטריאַד, איז די ערשטע צייַט געווענ מיט אימ בלויז איינ באַזאַנאָוו. גרישע שמוילאָווסקי אונ מאַקס סעלעסקירידי האָבנ א לענגערע צייַט ניט געקענט אַרויספליענ פונ מאָסקווע: אָדער דער וועטער האָט געשטערט, אָדער קיינ עראָפּלאַנ איז ניט געווענ. זיי זייַנענ צו אונדז געקומענ צו פליענ ערשט אינ די ערשטע טעג פונ מאַרט 1943. שווער צו באַשרייַבנ די פרייד פונ זייער באַגעגעניש. צעסאַרסקי האָט זיכ אינטערעסירט מיטנ לעבנ אינ מאָסקווע, מיט דער פרוי, מיט נאָענטע. סעלעסקירידי אונ שמוילאָווסקי האָבנ ניט אויפגעהערט צו פאַנאַנדערפרעגנ, ווי לעבנ דאָ די פּאַרטיזאַנער.

— אַהאָ, גוטער־ברודער, ווי ווייַט דו ביסט אַוועק! — האָט אויסגעשריענ שמוילאָווסקי, ווענ ער האָט זיכ דערוווּסט, אז דעמ דאָקטער האָט מענ אויפגענומענ אַלס קאַנדידאַט אינ דער פּאַרטיי. — איכ באַגריס!

ביידע האָבנ אָפּנהערציק מעקאַנע געווענ צעסאַרסקינ. ער האָט שוינ אַזויפיל באַוויזנ: אינ שלאַכט שוינ אָנטייל גענומענ, האָט שוינ אויפ זייַנ כעשבנ א היפּשע צאָל דערהאַרגעטע

דײַטשנ אונ איז שוינ אויכ אינ דער פּאַרטיי.

— דאָס האָט מענ מיר דאָ אַזאַ קאָווער אָפּגעגעבנ, — האָט שטיל געזאָגט צעסאַרסקי, — דאָס איז צו אַ סאַכ מעכײַעו. איר ווייסט דאָכ, כאַווײַרימ, וואָס הייסט זײַנ אַ קאָמוניסט, באַזונדערס דאָ.

זיי האָבנ אימ גוט פֿאַרשטאַנענ: דאָס באַטײַט שטענדיק זײַנ פֿאָרויס. שטענדיק אונ אינ אַלצ.

צעסאַרסקי, ווי מיר אַלע, האָט געוואַרט, זיי זאָלנ דערציילנ גענוי וועגנ מאָסקווע, נאָכ וועלכער מיר האָבנ אַזוי געבענקט. נאָר דערציילט האָט מענ אונדז וועגנ מאָסקווע ערשט אינ עטלעכע טעג אַרומ, נאָכ דער באַשריבענער שלאַכט אינ באָגושטשי, אינ וועלכער עס האָבנ שוינ אָנטייל גענומענ אויכ בײַדע געסט. ערשט דעמאָלט האָבנ זיי אונדז דערציילט, ווי עס לעבט די הויפּטשטאָט, ווי סאָוועטישע מענטשנ מיט זייער העלדישער אַרבעט שמידנ דעמ זיג איבערנ סוינע.

— יאָ... פֿאַר דיר איז דאָכ פֿאַראַנ אַ מאַטאָנע, אַליק... פֿונ דער פֿרוי, — האָט זיכ דערמאָנט שמוילאָווסקי. ער האָט אַרויסגענומענ פֿונ זײַנ זעקל ניט קיינ גרויסנ פּאַקעט אונ איבערגעגעבנ צעסאַרסקינ. יענער איז רויט געוואָרנ, זיכ שטאַרק דערפֿרייט.

— וואָס זשע האָסטו אַזויפֿיל טעג געשוויגנ!

— אַז איר אַליינ האָט מיר פֿאַרדרייט דעמ קאָפּ מיט אײַערע פֿראַגנ!

די פֿרוי האָט צוגעשיקט אַלבערט בעניאַמינאָוויטשנ שעקספּירס „האַמלעט" אינ אַ נײַער אויפֿלאַגע אונ אַ וואָלענע קאַשנע, וואָס זי אַליינ האָט געשטריקט.

מיט די דאָזיקע טײַערע מאַטאָנעס האָט זיכ צעסאַרסקי מער ניט געשיידט. צו זײַנ רעפּערטואַר אַפֿ די אָוונטנ פֿונ זעלבסטטעטיקער קונסט זײַנענ איצט צוגעקומענ זײַנע פֿאָרלעזונגענ פֿונ שעקספּירס „האַמלעט".

מיטנ אָנקומ פֿונ זײַנע כאַווײַרימ איז אַלבערט בעניאַמינאָוויטש געוואָרנ פֿריילעכער. אָפֿט האָט מענ זיי געקענט זענ, ווי זיי זיצנ צוזאַמענ אינ דער זײַט אונ פֿירנ אַ שמועס וועגנ ליטעראַטור, לייענענ איינע די אַנדערע זייערע לידער. ס'איז געוואָרנ פֿריילעכער אינ אָטריאַד. מאַקס סעלעסקירידי האָט זיכ ביז דער מילכאָמע געלערנט אינ דער טעאַטראַלער סטודיע פֿונעמ טעאַטער אַפֿ וואַכטאַנגאָווס נאָמענ. ער האָט זיכ געגרייט ווערנ אַנ אַקטיאָר אַ קאָמיקער.

די מילכאָמע האָט איבערגעריסנ זײַנ לערנענ, אונ ער איז געוואָרנ אַ פּאַרטיזאַנ. מיכ האָט ניט איינ מאָל געוווּנדערט — וואָס פֿאַר אַ קאָמיקער קענ פֿונ אימ אַרויס? כ'האָב קיינ איינ מאָל ניט געזענ קיינ שמייכל בײַ אימ אַפֿנ פּנים. מיט גרויס מײַסטערשאַפֿט אונ אינווייניקסטנ קויעכ האָט ער געלייענט פֿאַר די פּאַרטיזאַנער סוועטלאָווס פּאָעמע וועגנ די 28 העלדנ פּאַנפֿילאָווצעס, סימאָנאָווס „ליעדאָוואַיע פּאָבאַזשטשע" אונ אַנדערע.

מיט ניט קיינ קלענערנ דערפֿאָלג איז אַרויסגעטראָטנ גרישע שמוילאָווסקי.

גרישע איז געווענ נאָכ גאָר אַ קינד, ווענ זײַנ טאַטע איז געשטאָרבנ. אימ האָט דערצויגנ די מאַמע, וואָס איז איר גאַנצ לעבנ געווענ אַ ביבליאָטעקערנ אינ ראָסטאָוו. נאָכנ ענדיקנ די מיטלשול איז גרישע אָנגעקומענ לערנענ אינ מאָסקווער ליטעראַרישנ אינסטיטוט. שמוילאָווסקינ איז ניט גרינג אָנגעקומענ, ביז מע האָט אימ אָנגענומענ אינ אונדזער אָטריאַד.

— נו, אונ ווי איז מיטנ אינסטיטוט? — האָב איכ אימ איינמאָל געפֿרעגט.

— נאָכ אונדזער זיג וועל איכ פֿאַרענדיקנ. ווער וועט דאַרפֿנ האָבנ מײַנ קענטעניש, אויב עס וועלנ זיגנ די פֿאַשיסטנ? — האָט ער געענטפֿערט.

שמוילאָווסקי האָט מיט זיכ געבראַכט אַ סאַכ נײַע לידער, וועלכע מיר האָבנ נאָכ ניט געהערט. אַ שטימ בײַ גרישענ איז געווענ אַנ אָנגענעמע, אונ די לידער האָט ער געזונגענ מיט אַ שטאַרקנ געפֿיל, דערפֿאַר האָבנ זיי זיכ גיכ פֿאַרגעדענקט. גרישע פֿלעגט זינגענ „די ליד פֿונ די סאַפּיאָרנ", „עס שלאָפֿט דאָס דערפֿל" אונ אַנדערע. מער פֿאַר אַלע לידער איז אונדז געווענ געפֿעלנ: „דער אָוונט אַפֿנ רעיד" אונ „מיר זײַנענ אָדעסער מאַטראָסנ." די לעצטע לידער האָט אינ עטלעכע טעג אַרומ נאָכ שמוילאָווסקיס אָנקומענ געזונגענ דער גאַנצער אָטריאַד. די פּאַטריאָטישע לידער, די ידיעס פֿונ סאָווינפֿאָרמבוראָ וועגנ נײַע זיגנ איבער די היטלעראָווצעס האָבנ אַרײַנגעגאָסנ אינ די פּאַרטיזאַנער נײַע קויכעס, נײַע ענערגיע אונ דעמ פֿאַרלאַנג וואָס גיכער דערשלאָגנ דעמ סוינע. פֿרישע ענערגיע אונ פֿרישע קויכעס האָט אויכ געבראַכט דער פֿרילינג. סאָפ מאַרט. שוינ ניט געווענ ניט קיינ פֿרעסט, ניט קיינ שניי. די שלעכט אָנגעטאָנענע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבנ אַ גאַנצנ ווינטער געפֿרווירנ, האָבנ איצט פֿרײַ אָפּגעאָטעמט. אַלע האָבנ זיכ געריסנ אינ שלאַכט. אונדזער הויפּט־אויפֿגאַבע איז געווענ אויסשפּירונגס־אַרבעט — דאָס איז געווענ אונדזער גרונט־טעטיקײַט. ווי מיט אַ סאַכ פֿינגער האָבנ מיר אָנגעטאַפּט, וואָס עס טוט זיכ אינ סאַרנע, ראָקיטנע אונ באַזונדערס — אינ ראָוונע. אונדזערע אויסשפּירער אונ אונטערערדישע טוער, מיט וועלכע מיר האָבנ זיכ פֿאַרבונדנ, האָבנ אונדז צוגעשטעלט פֿאַרשיידענע ידיעס אונ מיליטערישע סוידעס פֿונ די היטלעראָווצעס. קוריערנ זײַנענ געגאַנגענ הינ אונ צוריק צווישנ אָטריאַד אונ שטאָט. קעדיי מע זאָל פֿרײַ קאָנענ דורכגיינ, קעדיי מע זאָל קאָנענ וווינענ ניט ווײַט פֿונ געסטאַפּאָ, קעדיי מע זאָל קאָנענ דורכטראָגנ פֿאַרשיידענע ידיעס אונ בלעטלעכ פֿאַר די אונטערערדישע

טיער — זײַנענ נייטיק געווענ דאָקומענטנ. אונ מיר זײַנענ צוגעטראָטנ זיי צו מאכנ. אייניער פונ די פארטיזאנער האָט אויסגעשניטנ פונ גומי א שטאמפּ אונ א שטעמפּל, וואָס האָט זיכ מיט גאָרניט אונטערגעשיידט פונ די עמעסע שטאמפּנ אונ שטעמפּלעכ פונ די אָקופּאנטנ. צעסארסקי, וועלכער האָט באהערשט די דײַטשישע שפּראכ, האָט אפ א טראָפּייִמאשינקע קאָפּירט דעם טעקסט פונ דאָקומענטנ. די אונטערשריפטנ פלעגנ מאכנ אנדערע כאווײרים. די דאָזיקע ארבעט האָט זיכ פולקומ באַרעכטיקט. פאר דער גאנצער צײַט פונ אונדזער עקזיסטענצ אלס אָטריאד האָט קיינ איינ פיקטיווער דאָקומענט אונדזערער ניט ארויסגערופנ קיינ פארדאכט בא די דײַטשנ. נאָכ מער: איינעמ אונדזערנ אנ אויספירער, וועלכנ די דײַטשנ האָבנ פארהאלטנ, האָט מענ געשלאָגנ קימאט ביז טויט אונ געפאָדערט, ער זאָל דערציילנ, ווו איז אהינגעקומענ „גרעגאָר וואסיליעוויטש", אפ וועמענס נאָמענ ס'איז געווענ זײַנ דאָקומענט. אז דער דאָקומענט איז א פאלשער, האָבנ זיי זיכ ניט געכאפּט.

די דײַטשנ האָבנ גענומענ אקטיוו באוואכנ די וועגנ צו דער שטאָט אונ צו די ראיאָנצענטרענ. אלע וועגנ, וואָס האָבנ געפירט אריבער דעמ טײַכ סלוטש, מיט וועלכע אונדזערע אויספירער פלעגנ זיכ באנוצנ, האָבנ שוינ איצט ניט געטויגט. האלטנ פארבינדונג איז געוואָרנ א סאכ שווערער. מע האָט געדארפט זוכנ א נײַעמ אויסוועג.

סאָפ מארט בינ איכ מיט הונדערט שלאכטלײַט אוועק ווײַטער אפ מיזרעכ, קעדיי צו פירנ די ארבעט ארומ ראָוונע פונ א צווייטער זײַט. מיט מיר זײַנענ אוועק באזאנאָוו, שמוילאָווסקי אונ סעלעסקירידי. צוזאמענ מיט אונדז איז געווענ אויכ צעסארסקי. ער האָט זיכ אפ קיינ פאל ניט געוואָלט שיידנ מיט זײַנע כאווײרים. אינ וועג האָבנ מיר געהאט צוויי צוזאמענשטויסנ מיט די דײַטשנ. אינ צוויי שווערע שלאכטנ האָבנ מיר זיי צעקלאפּט. דער וועג איז איצט געווענ אָפנ, אונ מיר האָבנ זיכ אָנ איבעריקע שוועריקײַטנ דערקליבנ צו אונדזער ציל — צו די צומאנער וועלדער. מיר האָבנ נאָכ פריִער געוווּסט, אז די אָרטיקע באפעלקערונג לײַדט זייער שטארק פונ די באנדיטנ. פונ די באנדיטישע הענט זײַנענ געפאלנ א סאכ כאווײרים, וועלכע האָבנ אונדז געהאָלפנ אינ דער ארבעט, נאָר דאָס, וואָס מיר האָבנ דערזענ מיט אונדזערע אייגענע אויגנ — קאָנ מענ גאָר ניט באשרײַבנ. די באנדעס, באוואָפנט מיט דײַטשיש געווער, פאָרנ ארײַנ אינ די פוילישע דערפער אונ כוטאָרנ. זיי האָבנ מיט זיכ אויכ קעראָסינ אונ העק. זיי רינגלענ ארומ עטלעכע הײַזער. קאלטבלוטיק פארניכטנ זיי אלע אײַנוווינער פונ גרויס ביז קליינ. דערנאָכ באגיסנ זיי די הײַזער מיט קעראָסינ אונ צינדנ אונטער. מיטנ אָנגערויבטנ האָב־אונ־גוטס פאָרנ די באנדיטנ אוועק ווײַטער. אומגעריכט פלעגנ זיכ אמאָל דאָ, אמאָל דאָרט באווײַזנ זײַלנ רויכ. אונדזערע פארטיזאנער האָבנ ניט איינ מאָל געפּאקט די דאָזיקע באנדיטנ בא דער ארבעט אונ זיי גלײַכ אפ אָרט באשטראָפט. נאָכדעם, ווי די דײַטשנ האָבנ פארניכטעט די יִידנ, האָבנ זיי גענומענ צינדנ סינע צווישנ אנדערע נאציאָנאליטעטנ. אינעמ לעצטנ שלאכט מיט די סאָנימ האָבנ מיר פארלאָרנ צוויי געהארגעטע. צוויי זײַנענ געווענ שווער פארוווּנדעט. אנ אופרײַס־קויל האָט צעשעדיקט בא קאָליע פאדרייעוו דעמ ביינ פונ דעמ פוס נידעריקער פונעמ קנעכל.

— בא קאָליענ האָט זיכ אָנגעהויבנ א גאנגרענע, — האָט מיר דערציילט אלבערט בעניאמינאָוויטש, ווענ מיר זײַנענ אָנגעקומענ אפ א נײַ אָרט. — ס'איז נייטיק א דרינגענדע אָפּעראציע, אויב ניט... אויב ניט וועט פאדרייעוו שטארבנ.

אוועקגייענדיק פונעמ פריִערדיקנ לאגער, האָט צעסארסקי גענומענ מיט זיכ נאָר די נייטיקסטע מעדיקאמענטנ אונ אינסטרומענטנ.

— וואָס זשע זאָל מענ טאָנ? — האָב איכ געפרעגט.

— אויב איר וועט דערלויבנ, וועל איכ אמפּוטירנ פאדרייעווס פוס מיט א געוויינלעכער זעג.

— וואָס רעדט איר, אלבערט בעניאמינאָוויטש! דאָס איז דענ מעגלעכ? — האָב איכ דערווידערט.

— א געפאר א געוויסע איז פאראנ. נאָר קיינ אנדער אויסוועג איז דאָכ ניטאָ. כ'וועל אָנעמענ אלע נייטיקע מיטלענ פונ פאָרזיכטיקײַט. אָנ אנ אמפּוטאציע וועט ער געוויס ניט בלײַבנ לעבנ.

ס'איז אויסגעקומענ צו אײַנשטימענ.

צעסארסקי האָט צוגערופנ צו זיכ מײַנ רײַטער פּיאָטר פעטראָוויטש. האלטנדיק אינ דער האנט א פּראָסטע זעג, האָט ער אימ באוויזנ, וויאזוי ער זאָל אראָפּפײַלנ די ציינער פונ דער זעג אונ אפ זייער אָרט אָנשנײַדנ אנדערע, גאָר קליינינקע. אינ עטלעכע שאָ ארומ איז די זעג מיט קליינינקע צײַנדלעכ געווענ פארטיק. אויסערלעכ האָט זיכ צעסארסקי געהאלטנ זייער רויִק. ער איז צוגעטראָטנ דעזינפיצירנ די זעג. ער האָט זי דורכגעריבנ מיט ספּירט, געברענט אפנ פײַער אונ ווידער דורכגעריבנ. אינ דער דאָזיקער צײַט האָט מענ דערווײַל אינ סאנאָפּטייל אלצדינג צוגעגרייט צו דער אָפּעראציע.

עטלעכע מינוט פאר דער אָפּעראציע האָט קאָליע פאדרייעוו מיכ גערופנ צו זיכ. איכ בינ געקומענ. דער פריִערדיקער געזונטער, שטארקער אונ פריילעכער באָכער איז איצט געלעגנ אפנ וואָגנ, וואָס האָט געדינט פאר אנ

אָפּעראַציע־טיש — אַנ אויסגעדאַרטעטער, מיט אַ בלאָס־גרינער פאַרב אינ פּאָנעם.

— כאַווער קאָמאַנדיר! — האָט זיכ צו מיר געווענדעט פּאַדייעוו. — אויב אַלצ וועט דורכגיינ בעשאָלעמ, גיט מיר דעמלט אַ רעקאָמענדאַציע אפ אַרײַנטרעטנ אַלס קאַנדידאַט אינ דער פּאַרטיי.

איכ האָב זיכ שיר ניט פאַנאַנדערגעוויינט. קאָליע פּאַדייעוו איז געווענ אַ גוטער קאָמיוגיסט, אַ גוטער שלאַכט־מאַנ אונ כאַווער. פונ אַ געוויינלעכנ פּאַרטיזאַנ איז ער אויסגעוואַקסנ ביז אַ פאַרטרעטער פונ אַ ווזוואָד־קאָמאַנדיר.

— פאַרשטייט זיכ, איכ וועל געבנ אַ רעקאָמענדאַציע... אונ פאַר דער אָפּעראַציע באַמרויק זיכ נישט. דו קענסט דאָכ צעסאַרסקינ, באַ אים באַקומט זיכ אַלצ גוט.

וועגנ דעמ, מיט וואָס פאַר אַ זעג מע קלײַבט זיכ אים אַראָפּנעמענ דעמ פוס אונ וועגנ אַנדערע נערווירונג, האָט פּאַדייעוו ניט כוישעד געווענ. ער האָט אָבער פאַרשטאַנענ, אַז מאַכנ אַנ אָפּעראַציע אינ אַזוינע באַדינגונגענ — איז אַ ריזיקאַלע זאַכ. אויסער צעסאַרסקינ אונ זײַנע געהילפנ זײַנענ מיר אַלע אַוועק פונעמ אָפּעראַציע־טיש, דאָס הייסט פונעמ וואָגנ. אינ עטלעכע מינוט אַרומ האָבנ מיר דערהערט אַ שטאַרקע זידלערײַ. דאָס איז זיכ קאָליע פּאַדייעוו אַזוי צעגאַנגענ אונטערנ נאַרקאָז. אינ אונדזער אָטריאַד האָט זיכ קיינער קיינמאָל ניט געזידלט. אַלײנ די שלאַכט־לײַט האָבנ געהאַלטנ, אַז דאָס פּאַסט ניט פאַר אַ סאָוועטישנ מענטשנ, באַזונדערס פאַר אַ סאָוועטישנ קעמפער.

— אָט וועט אַ מענטש זיכ אַראָפּריידנ פונ הארצנ, אונ ס'וועט אים דערפאַר גאָרניט זײַנ, — האָט געזאָגט עמעצער, וואָס איז געזעסנ לעבנ מיר. מיט דעמ דאָזיקנ שפּאַס האָט ער אָפּנעמ געוואָלט אויסבאַהאַלטנ זײַנ נערוועזנ צושטאַנד.

נאָכ גוט, וואָס צעסאַרסקי האָט געהאַט אַ סאַכ כלאָראָפאָרם. אפ דער פרײַער לופט האָט עס קוימ געקלעקט ביזנ סאָפ פונ דער אָפּעראַציע, וואָס האָט געדויערט העכער אַ שאָ. צעסאַרסקי איז נאָכ דער אָפּעראַציע געקומענ צו מיר אַ בלאַסער, אַ מידער. זײַנ פּאָנעם איז געווענ באַדעקט מיט טראָפּנס שווייס.

— פאַרשטייט זיכ, די ריזיקע איז גרויס, נאָר די האָפענונג אפ ראַטעווענ איז נאָכ ניט פאַרלאָרנ. די אָפּעראַציע איז געמאַכט געוואָרנ צו דער צײַט.

אונ ער האָט קיינ טאָעס ניט געהאַט. שוינ אפ מאָרגנ איז די טעמפּעראַטור באַ פּאַדייעוונ געפאַלנ, אונ אַלצ איז אַוועק נאָרמאַל, ווי אינ אַנ ערשטראַנגיקנ שפּיטאָל. קאָליע האָט גיכ אָנגעהויבנ קומענ צו זיכ.

אינ עטלעכע טעג אַרומ האָט ער מיר דערמאָנט וועגנ זײַנ באַקאָשע — געבנ אים אַ רעקאָמענדאַציע. כ'האָב מײַנ צוזאָג אויסגעפילט.

7

פונקט אַזוי ווי אינ די סאַרנער וועלדער, האָבנ מיר אויכ איצט אינ דעמ נײַעמ ראַיאָנ פאַנאַנדערגעוויקלט אַנ אַרבעט קעגנ די אָקופּאַנטנ. מיר האָבנ כאַרעוו געמאַכט זייערע פּאָלוואַרקעס, דורכגעפירט דיווערסיעס אפ דער אײַזנבאַנ. מיט אונדזער אָנקומ האָבנ די אָקופּאַנטנ נאָכ מער פאַרלאָרנ די ווירקונג אינ ראַיאָנ. די באַפעלקערונג האָט אינ די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער דערפילט אַנ אָנשפּאַר אונ האָט מער ניט אָנערקענט די דײַטשנ. דערצו נאָכ האָבנ אינ שכיינעס מיט אונדז זיכ געפונענ אויכ אַנדערע פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדנ. די דײַטשנ האָבנ זיכ גענומענ שטאַרקער מיט אונדז אינטערעסירנ. זיי פלעגנ קומענ אינ די דערפער אונ פלעגנ זיכ אָפּרעכענענ דאָרט מיט די פּויערימ. מע האָט אַפילע געלאָזט אינ גאַנג אַוויאַציע. טאָג־טעגלעכ פלעגנ באָמבאַרדירער אַראָפּוואַרפנ איבער די דערפער הונדערטער באָמבעס.

אינ די פאָרגעקומענע צוזאַמענשטויסנ האָבנ מיר געהאַט אייניקע פאַרלוסטנ. דעמ 19־טנ יונ איז אומגעקומענ גרישע שמוילאָווסקי. אומקערנדיק זיכ צוריק פונ אַנ אופגאַבע, זאַלבעצווייט, מיט נאָכ איינ אויסשפּירער, האָט ער זיכ אָנגעשטויסנ אפ אַ פײַנטלעכער זאַסאַדע. ביז דער לעצטער קויל האָבנ זיי זיכ געהאַלטנ. גרישע איז אומגעקומענ ווי אַ העלד אפנ שלאַכט־פעלד. אינ אָטריאַד איז ער אָנגעקומענ שפּעטער פונ אַנדערע, אונ דעריבער האָט ער געוואָלט אָניאָגנ זײַנע כאַווײרימ. פאַר יעדער ערנסטער אַרבעט פלעגט גרישע שטענדיק בעטנ, אַז מע זאָל אים שיקנ אינ שלאַכט. ער האָט געטרוימט וועגנ אַ גרויסנ העלדנטאַט. איינמאָל האָט ער אינ אַ כאַווערישנ געשפּרעכ געזאָגט צו זײַנע כאַווײרימ צעסאַרסקי אונ סעלעסקירידי:

— אויב מיר וועט אויסקומענ שטאַרבנ, וויל איכ שטאַרבנ מיטנ פּאָנעמ אפ מײַרעוו.

אַזוי פּאָשעט אונ פּראָסט האָט ער אויסגעדריקט ביט נאָר זײַנע אייגענע פאַרלאַנגענ, נאָר די שטרעבונג פונ אַלע סאָוועטישע פּאַטריאָטנ: אָנגרײַפנ! וואָס גיכער אַרויסטרײַבנ די אָקופּאַנטנ פונ אונדזער ערד! צעסאַרסקי האָט זייער שווער איבערגעלעבט זײַנ כאַווערס אומקומ. ער איז פיל מאָל נעגאַנגענ צו אימ אפנ קייווער. איינמאָל האָב איכ אים געטראָפנ באַ שמוילאָווסקיס קייווער.

— ער האָט געשטרעבט צו אַ גרויסנ העלדנ־טאַט, אונ אומגעקומענ איז ער אינ אַ געוויינלעכער שלאַכט, — האָט געזאָגט צעסאַרסקי.

איכ האָב אַ טראַכט געטאָנ: וואָס איז אַזוינס העלדנ־טאַט?

— מיטנ פּאָנעמ אפ מײַרעוו, — האָב איכ געזאָגט צעסאַרסקינ, — צי דענ איז עס ניט קיינ העלדנ־טאַט?

צעסאַרסקי האָט מיט מיר אייַנגעשטימט. די צייַט איז געגאַנגענ. אומבאַמערקט איז דורכגעלאָפֿנ דער זומער, אונ ס'האָט זיך דערנענטערט דער האַרבסט. מע האָט געדאַרפֿט טראַכטנ וועגנ ווינטערדיקע וווינונגענ, כדיי מע זאָל ניט פֿרירנ אַזוי ווי פֿאַראַיאָרנ. דער וואַלד איז איצט געבליבנ הויל אונ האָט שוינ מער ניט געקענט מאַסקירנ אונדזער לאַגער פֿונ דעמ סוינעס אַוויאַציע. מיר האָבנ אופֿגעזוכט א מאַסיוו פֿונ כוואָיע־וואַלד אונ זיינענ צוגעטראָטנ בויענ וואַרעמע וווינונגענ. די בויונג איז געווענ א גרויסע. פֿאַרנ זומער איז אונדזער אָטריאַד אויסגעוואַקסנ ביז טויזנט מאַנ. אַלבערט בעניאַמינאָוויטש האָט גלייַך געשטעלט די פֿראַגע, אַז מע זאָל בויענ מיט א באַשטימטנ פּלאַנ. אינ דער ערשטער ריי האָט מענ אויסגעבויט א גערוימענ שפּיטאָל אַפֿ צוואַנציק בעטלעך. דאָרט איז געווענ א ווינקל פֿאַרנ דרעזשורנעמ דאָקטער. פֿונ דער צווייטער זייַט איז געווענ די אַמבולאַטאָריע אונ דער קאַבינעט פֿונעמ צאָנ־דאָקטער. אינ שכיינעס האָט מענ אויסגעבויט א ספּעציעלע אָפּעראַציע־געביידע מיט א ספּעציעלנ אָפּעראַציע־טיש. אויסער דעמ איז באַ יעדער ראָטע געווענ א סאַנאָפּטייל מיט א דאָקטער. קיינ דאָקטוירימ האָבנ שוינ אונדז איצט ניט געפֿעלט.

ס'האָבנ זיך דערנענטערט די אָקטיאַבער־יאָמטויוומ. מיט גיגאַנטישע טריט האָט זיך דערנענטערט די ליניע פֿונ פֿראָנט. אונדזער מיליטער האָט אָנ אופֿהער געיאָגט די דייַטשישע אַרמייענ. מע דאַרפֿ העלפֿנ דער רויטער אַרמיי אָנוואַרפֿנ א פּאַניק אַפֿ דער שטאָט ראָוונע. אונדזערע שטאָטישע אויסשפּירער אונ אונטערערדישע אַרבעטער האָבנ דורכגעפֿירט א גאַנצע ריי וויכטיקע אָפּעראַציעס אונ האָבנ זיך געגרייט צו נייַע. די דייַטשנ זיינענ געוואָרנ זייער אומרויִק אונ האָבנ באַשלאָסנ מיט איינ קלאַפּ א סאָפ מאַכנ צו אונדזער אָטריאַד. דעמ 7־טנ נאָיאַבער האָבנ מיר פֿאַרענדיקט די בויונג. פֿונ אינדערפֿרי זיינענ צו אונדז געקומענ געסט פֿונ שכיינישע פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדנ. זיי האָבנ באַטראַכט דעמ לאַגער, באַקוקט די בויונגענ אונ געלויבט.

— נאָכ דער מילכאָמע וועט מענ דאָ קענענ עפֿענענ א גוטנ אָפּרו־הויז, — האָבנ זיי געזאָגט. מער פֿאַר אַלצ איז זיי געפֿעלנ געוואָרנ דער שפּיטאָל. צעסאַרסקי האָט געלויכטנ פֿונ פֿרייד. נאָכנ אָפֿיציעלנ טייל — מע האָט דורכגעלייענט דעמ כאַווער סטאַלינס באַפֿעל — איז געווענ א כאַווערישער מיטיק. אינ אָוונט האָט זיך אָנגעהויבנ דער קאָנצערט פֿונ זעלבסטטעטיקייַט. דער קאָנצערט האָט זיך פֿאַרצויגנ ביז שפּעט אינ דער נאַכט.

ניט אַלע פּאַרטיזאַנער זיינענ געווענ אינ לאַגער. די שטאָטישע אויסשפּירער האָבנ זיך געפֿונענ אינ ראָוונע. עטלעכע טעג פֿאַר יאָמטעוו האָבנ מיר פֿונ זיי באַקומענ ידיעס, אַז די פֿאַשיסטנ גרייטנ אָנ אָנפֿאַל. אינ אָוונט האָבנ זיך אומגעקערט די מיליטערישע אויסשפּירער. זיי האָבנ דערציילט, אַז אינעמ דאָרפֿ בערעסטיאַני איז אָנגעקומענ א גרויסער אָטריאַד דייַטשנ מיט פּאַנצער־מאַשינעס, האַרמאַטנ אונ מינענוואַרפֿער. פֿאַרטאָג קלייַבנ זיי זיך אַרויסטרעטנ קעגנ די פּאַרטיזאַנער. דאָס דאָרפֿ בערעסטיאַני האָט זיך געפֿונענ פֿינפֿ קילאָמעטער פֿונ אונדזער לאַגער. ס'האָט ניט געקענט זייַנ קיינ שומ צווייפֿל, אַז די דאָזיקע שטראָפֿ־עקספּעדיציע קלייַבט זיך אָנפֿאַלנ אַפֿ אונדזער אָטריאַד.

די פֿייַערונג פֿונעמ 7־טנ נאָיאַבער, די אַרויסטרעטונג פֿונעמ כאַווער סטאַלינ אַפֿ דער זיצונג פֿונ מאָסקווער ראַט אונ זייַנ באַפֿעל, וואָס איז דורכגעלייענט געוואָרנ אַפֿנ פּאַראַד, האָט אַרויסגערופֿנ א גרויסנ אופֿשטייַג צווישנ די פּאַרטיזאַנער. יעדער שלאַכט־מאַנ איז געווענ גרייט שלאָגנ די היטלערישע אויסוואורפֿנ. כאָטש מיר האָבנ געהאַט פֿולע מעגלעכקייַט אַוועקגיינ אונ אויסמייַדנ די שלאַכט — האָבנ מיר באַשלאָסנ בלייַבנ.

— כאַווירימ! דער סוינע איז אינ בערעסטיאַני. מאָרגנ פֿאַרטאָג ווילנ זיי אַפֿ אונדז אָנפֿאַלנ. מיר גייענ ניט אַוועק. ס'איז באַשלאָסנ געבנ א שלאַכט.

אינ דער נאַכטיקער שטילקייַט האָט זיך דורכגעטראָגנ א שטורעמדיקער הורא.

פֿאַרטאָג האָט זיך די שטראָפֿ־עקספּעדיציע גענומענ רוקנ אַפֿ אונדזער לאַגער. א גאַנצנ טאָג האָט געדויערט די פֿאַרביטערטע שלאַכט. אַפֿנ צענטראַלנ באַצירק האָט אונדזער ראָטע אונטער דער אָנפֿירונג פֿונ באַזאַנאָוו זיבנ מאָל אָפּגעשלאָגנ די אַטאַקעס פֿונ סוינע אונ איז זיבנ מאָל אַליינ אַריבער אינ קאָנטער־אַטאַקע. אַפֿנ רעכטנ פֿלאַנג האָט מיט דערפֿאָלג אָפּגעשלאָגנ די היטלעראָווצעס מאַקס סעלעסקירידי מיט זייַנ ווזוואָד. דעמ סוינעס אַרטילעריע אונ מינענוואַרפֿער האָבנ קימאַט אָנ אופֿהער געשאָסנ איבער די פּאַרטיזאַנער אונ איבערנ לאַגער. ס'האָבנ זיך באַוויזנ די ערשטע פֿאַרוווּנדעטע. די סאַנ־אינסטרוקטאָרס פֿונ די אָפּטיילונגענ האָבנ זיי געבראַכט אינ אונדזער שפּיטאָל.

— דו קענסט זיך אומקערנ צוריק אינ שלאַכט, — האָט צעסאַרסקי געזאָגט צו אייניקע שלאַכט־לייַט נאָכנ איבערבינדנ זיי, — ניט קיינ געפֿערלעכע וווּנד. גיט איבער א גרוס באַזאַנאָוונ.

אַנדערע האָט ער איבערגעלאָזט אינ שפּיטאָל. אַזוינע האָבנ זיך אָנגעקליבנ א מאַנ דרייַסיק. צעסאַרסקי האָט געשטרעבט צו זייַנ אינ שלאַכט, נאָר ער האָט פֿאַרשטאַנענ, אַז זייַנ אָרט איז איצט ניט דאָרטנ. ער מוז זייַנ דאָ, וווּ מע נייטיקט זיך אינ זייַנ הילף. נאָר איינמאָל האָט ער געפֿרעגט באַ א פֿאַרוווּנדעטנ:

— ווי גייענ דאָרט די געשעפֿטנ?

— מיר שלאָגנ זיי. אונ זיי קריכנ אַלצ. צוליב דרייסטקייַט וועגנ האָבנ זיי פּעסט אויס־

געטרונקען. אַ שאָד נאָר, וואָס קוילן איז בײַ אונדז ווינציק.

און ווירקלעך: באַזאַנאָוו האָט שוין איבערגעגעבן, אַז די קוילן גייען אויס. „קיין קוילן זײַנען קימאַט ניט פֿאַראַן. מיר שרײַען מער „הוראַ״, ווי מיר שיסן,״ — האָט מיר צוגעשיקט אַ צעטעלע באַזאַנאָוו. עס איז געווען פֿינף אַזייגער פֿאַרנאַכט. מיר האָבן געוווּסט, אַז מיטן אָנקומען פֿון דער פֿינצטערניש וועט דער סוינע אָוועקגיין. אויפֿן לעצטן פֿאַל וועלן מיר זיך דערמיט קענען אַרויסדרייען און אָפּטרעטן. נאָר ווי דערהאַלט מען זיך נאָך עטלעכע שעה?

נאָך פֿאַרן אָנהייב פֿון דער שלאַכט, לויט אַן אָנגעמערקטן פּלאַן, איז איינע פֿון אונדזערע ראָטעס אַרויס פֿון לאַגער. זיי האָבן געדאַרפֿט אויספֿירן, ווו געפֿינט זיך דעם סוינעס קאָמאַנדע־פּונקט, זײַנע האַרמאַטן און מינעןוואַרפֿער, און, דורכמאַכנדיק אַן אַרומגאַנג־מאַנעוור, אָנפֿאַלן אויפֿן סוינע פֿון הינטן. דער טאָג איז שוין צו ענדע, און די ראָטע לאָזט זיך ניט הערן. אונדזערע אויספֿירער האָבן זי ניט אויפֿגעזוכט, און דער סוינע איז ערטערווײַז שוין צוגעגאַנגען דירעקט צום לאַגער.

— דאָקטער! הייסט אײַנשפּאַנען די פֿורן, לייגט אויף זיי אַרויף די פֿאַרוווּנדעטע און אונטער אַ וואַך פֿירט זיי אָפּ אויף צאָפּן־מיִרעוו, כ׳וועל האַלטן מיט אײַך פֿאַרבינדונג.

— מיר טרעטן אָפּ? — האָט געפֿרעגט צעסאַרסקי, און זײַן פּנים האָט זיך נערוועז איבערגעקרימט.

דער באַפֿעל איז אויסגעפֿילט געוואָרן. אין צען מינוט אַרום זײַנען די פֿורן מיט די פֿאַרוווּנדעטע אַרויס פֿון לאַגער.

— הוראַ! הוראַ! — האָט זיך פּלוצלינג דערטראָגן צו אונדז אַ געשריי פֿון יענער זײַט, פֿון וואַנען די האַרמאַטן און מינעןוואַרפֿער האָבן געקלאַפּט איבערן לאַגער.

עס האָט זיך אָפּגעזוכט אונדזער ראָטע. זי האָט פֿאַרכאַפּט די אַרטילעריע און מינעןוואַרפֿער פֿונעם סוינע און האָט צעקלאַפּט דעם קאָמאַנדע־פּונקט פֿון דער שטראָף־עקספּעדיציע. די שטראָפֿער זײַנען געלאָפֿן. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי נאָכגעיאָגט און פֿאַרניכטעט. די פֿורן מיט די פֿאַרוווּנדעטע האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין לאַגער. צוויי אַזייגער באַנאַכט זײַנען מיר אַוועק פֿון לאַגער, ווײַל אויף מאָרגן האָבן די דײַטשן אונדז געקאָנט באָמבירן פֿון דער לופֿט.

אונדזער וועג איז געלעגן אויף צאָפּן. און דער דאָזיקער וועג איז געווען אַ שווערער. באַזונדערס פֿאַר די פֿאַרוווּנדעטע. אינעם דאָרף צעלקאָוויטשי־וועלקע, ווו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אָפּרו, האָט דער דאָקטער ניט גערוט. טאָג און נאַכט איז ער געווען פֿאַרנומען מיט די פֿאַרוווּנדעטע. ער איז געווען שטאַרק מיד, נאָר פֿאַר די פֿאַרוווּנדעטע בײַ וויירים איז ער שטענדיק געווען וואַך.

## 8

דאָס נײַע 1944 יאָר האָט דער אָטריאַד באַגעגנט ווידער אין די צומאַכער וועלדער. קיין פֿאַרוווּנדעטע זײַנען ניט געווען. מיר האָבן זיי איבערגעלאָזט אין דער פּאַרטיזאַנישער פֿאַראייניקונג פֿון אַלעקסיי פֿיאָדאָראָוויטש פֿיאָדאָראָוו, וועלכער האָט אָפּעריִרט הינטער קאָוועל. צו יענער צײַט זײַנען אַ סאַך אונדזערע פּאַרטיזאַנער באַלוינט געוואָרן פֿון דער רעגירונג. אַלבערט בעניאַמינאָוויטש צעסאַרסקי האָט באַקומען דעם אָרדען פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילחמה פֿון דער ערשטער מדרייגע. מיטן זעלבן אָרדען איז נאָכן טויט באַלוינט געוואָרן זײַן פֿרײַנט גרישע שמוילאָווסקי.

די רויטע אַרמיי האָט פֿאָרסירט איר אָנגריף. די שטאָטישע אויספֿירער האָבן דערציילט, אַז אין ראָוונע הערשט צווישן די דײַטשן אַ גרויסע פּאַניק. די דיווערסיע־אַקטן פֿון די פּאַרטיזאַנישע גרופּן האָבן נאָך מער פֿאַרשטאַרקט די פּאַניק־שטימונג צווישן סוינע. דעם 10־טן יאַנואַר אינדערפֿרי איז צו מיר אַרײַנגעלאָפֿן צעסאַרסקי און אויסגעשריִען:

— פֿון מיזרעך הערט מען אַן אַרטילערישע קאַנאָנאַדע.

איך בין אַרויס אין דרויסן און זיך צוגעהערט. די אַרטילערישע זאַלפּן האָבן זיך דײַטלעך געהערט אין דער פֿאַרטאָגיקער שטילקײַט פֿון וואַלד.

הייסט עס, אַז מע דאַרף זיך קלײַבן אין וועג, אויב ניט וועלן מיר אַרײַנפֿאַלן אין דער „אַרומרינגלונג״ פֿון אונדזערע אייגענע, — האָב איך געזאָגט צעסאַרסקין.

— נאָר ניט פֿאַרשפּעטיקן! די דײַטשן לויפֿן אַזוי, אַז אונדזערע באַווײַזן קוים זיי אָניאָגן: מיט יעדן טאָג ווערט דער פֿראָנט נעענטער אויף דרײַסיק—פֿערציק קילאָמעטער.

עטלעכע מעסלעס נאָכאַנאַנד האָט אונדזער אָטריאַד, וואָס האָט איצט שוין געציילט 1400 מאַן, געבלאָנדזשעט לענגאויס דער באַן־ליניע ראָוונע—לוצק און ניט געקענט אַריבערגיין. די פֿעלד־זשאַנדאַרמעריע האָט פֿאַרשאָטן און פֿאַרצוימט אַלע דורכגענג, און מיר האָבן געהאַט מיט זיך האַרמאַטן, שווערע מינעןוואַרפֿער, סנאַריאַדן און מינעס. מיר האָבן ניט געקענט אַריבערגיין אויף דער צווייטער זײַט. דערצו איז נאָך אומעטום געשטאַנען אַ גרויסע דײַטשישע וואַך. איך בין געזעסן בײַ אַ שײַטער מיט מײַנע געהילפֿן און געזוכט אַן אויסוועג פֿון דער לאַגע. פּלוצלינג האָב איך דערהערט:

— כאַווער קאָמאַנדיר! דערלויבט מיר מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער צו ליקווידירן די דײַטשישע וואַך.

פֿאַר מיר איז געשטאַנען אַ הויכער דײַטש. זײַן שטאָלענער העלם האָט פֿאַרדעקט אַ העלפֿט פֿון זײַן פּנים. אויפֿן שינעל זײַנען

געווענ צייכנס פונ א לייטענאנט. אפ די פים — אָפיצערישע שטיוול. אפנ גורט — א פיסטאָלעט. כאָטש די שטים פונעם מענטשנ איז מיר געווענ באקאנט, דאָכ האָב איכ פונ אומדערוואַרטקייט אראָפגעלאָזט די האנט אינ קעשענע צו מיינ אייגענעם פיסטאָלעט. כ'האָב זיכ אָבער באלד געכאפט, אז דאָס איז צעסארסקי. ער האָט פאָרגעלייגט:

— דייטשישע מונדירנ האָבנ מיר א סאכ. פרייוויליקע האָבנ מיר אויכ גענוג. דערלויבט אונדז ריזיקירנ! איכ רייד ניט שלעכט דייטש...

ער האָט פאָרגעלייגט א דורכגעטראכטנ פלאנ, נאָר איכ האָב ניט איינגעשטימט. איכ האָב געזאָגט, אז מיר וועלנ נאָכ מאכנ עטלעכע פרווונ. אויב עס וועט זיכ ניט איינגעבנ, דעמלט וועלנ מיר ריזיקירנ. אפ מאָרגנ זיינענ מיר שוינ געווענ אפ יענער זייט פונ דער אייזנבאנ און האָבנ זיכ געלאָזט אינ דער ריכטונג פונ לוואָוו. אכט מעסלעס זיינענ מיר געווענ אינ וועג און די אלע אכט מעסלעס געפירט שלאכטנ.

דעם 27־טנ יאנוואר זיינענ מיר אָנגעקומענ אינעם דאָרפ ניוויצי, וואָס געפינט זיכ 60 קילאָמעטער פונ לוואָוו. ניוויצי איז געווענ דאָס איינציקע דאָרפ, ווו מיר זיינענ אריינ אָנ שלאכטנ. נאָר די שטילקייט האָט זיכ אויסגעלאָזט פאר א פארעטערישער. אכט אזייגער אינדערפרי האָט אינ דאָרפ זיכ באוויזנ דער סוינע. מיר האָבנ אים באמערקט אינ דער לעצטער רגע. די שלאכט האָט געדויערט ניט מער ווי צוואנציק מינוט. דער סוינע האָט געליטנ גרויסע פארלוסטנ און איז אָפגעטראָטנ.

— די באנדיטנ האָבנ פארוווּנדעט דעם דאָקטער צעסארסקי, — האָט מיר געמאָלדנ דער קאָמענדאנט פונ שטאב.

ווענ איכ בינ אריינ אינ סאנטייל, איז צעסארסקי געזעסנ אפנ דיל און האָט דערציילט וועגנ דעם, וואָס מיט אים איז געשענ. אינ דער האנט האָט ער געהאלטנ זיינ מאוזער, אפ איינ פוס איז געווענ א שטיוול, דער צווייטער פוס איז געווענ ארומגעבונדנ. די ווייסע מארליע איז געווענ דורכגענעצט מיט בלוט.

אינגיכנ האָב איכ באקומענ א באפעל ארויסצופירנ דעם אָטריאד אינ הינטערלאנד פונ דער רויטער ארמיי. דעם 27־טנ פעוורואל זיינענ מיר מיט צעסארסקינ שוינ געווענ אינ א סאניטאר־מאשינ. אונדזער וועג האָט געפירט קיינ מאָסקווע.

מאָסקווע, יאנוואר 1948.

כאַיִם מעלאַמוד

# מענטשן פון גרויסן גלויבן

1

דער באַרג־אַראָפּ איז אַ קרומער און אַ זאַמדיקער. נאָך אים אָבער גייט דער וועג אַ גלײַכער און אַ גלאַטער. ער ציט זיך לענגאויס דער קאַבילנער באַלקע און פאַרקערעוועט רעכטס אַרויף צום דאָרף סלאַדקאָוואָדניע, צום קאָלווירט „פּאַבריציוס".

פרילינג־צײַט רוישט די קאַבילנער באַלקע אַ פולע מיט וואַסערן. דאָס וואַסער צעשפּילט זיך און גיסט זיך פאַנאַנדער ווײַט איבער די אַרומיקע פעלדער און גערטנער. אויף אַ גאַנצן זומער טרינקט זיך דאַן אָן די ערד, אַ פעטע און אַ גערעטיקע. און זומער איז די היגע ערד שטענדיק אַ פריש־גרינע, זי טיילט זיך אויס מיט אירע זונרויזן, וואָס שטייען הויך און שטאָלץ מיט בליִענדיקע קרײַזן, ווי גרויסע היטלען, אַ ביסל פאַרנייגטע קעגן דער זון, מיט איר ווײַסן און עטוואָס בלוילעכן קאַרטאָפלצוויט און מיט געדיכט אָנגעזעצטן קרויט, וואָס באַזוימט דעם אַרום מיט אַ מאַטעווער, זילבער־גרוילעכער פאַרב. און איבער דעם אַלעמען — די דורכויסיק צעוואַקסענע סעדער פון עפּל און באַרן, פלוימען און ווײַנשל, וואָס האָבן צו דער צײַט שוין לאַנג אָפּגעבליט, און די פײַערדיק־רויטע עפּל שײַנען, ווי אין אַ גרויסן יאָמטעוו געדיכט אָנגעהאַנגענע ברענענדיקע לעמפּעלעך.

דאָס דאָרף סלאַדקאָוואָדניע ליגט האַרט צוגעשפּאַרט צו דער באַלקע. די אונטערשטע זײַט, די, וואָס צו דער באַלקע צו — אַ פאַרפלאַנצטע מיט סעדער, די אייבערשטע — אַן אַרומגעזוימטע מיט אַ שמאָל וועלדל, אונטער וועלכן ס'הייבט זיך אָן דער קאָלווירטישער ווײַנגאָרטן, און לענגאויס דער ברייטער און גלײַכער גאַס — צוויי רייען הויכע טאָפּאָלן. פאַרטונקען אין גרינס, פלעגט דאָס דאָרף מיט זײַנע ציכטיקע, ווײַסע הײַזער אַ גלאַנצ טאָן פאַר די אויגן ערשט דאַן, ווען מע פלעגט צו דעם צופאָרן גאָר נאָענט.

דער קאָלווירט „פּאַבריציוס" האָט פון אַלע יאָרן געשעמט איבער דער געגנט אַלס איינער פון די רײַכסטע און בעסטע קאָלווירטן. געשעמט מיט זײַנע הויכע גערעטענישן, הויכע געמעלקן, מיט זײַנע באַוווּסטע מענטשן — סטאַכאַנאָווצעס און סטאַכאַנאָווקעס. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג פאַר הויכע געמעלקן, און די צוויי סטאַכאַנאָווקעס מעלקערנס כײַע־סאָרע פײַקינע און ראָזע לוריע, וואָס האָבן אויסגעמאָלקן צו 5—4 טויזנט ליטער מילך פון אַ בהײמע, זײַנען געווען באַוווּסט ווײַט אויסער דער געגנט.

דאָס לעצטע מאָל בין איך געווען אין דעם דאָזיקן קאָלווירט דעם 22־טן יוני 1941־טן יאָר. דאָרט האָט מיך צופעליק פאַרכאַפּט דער אָנהייב פונעם קריג. דאָרט האָב איך דורכגעפירט דעם ערשטן מילכאָמע־מיטינג און אַרויסבאַגלייט די ערשטע גרופּע מאָביליזירטע אויפן פראָנט.

דער מיטינג איז געווען אַ קורצער און אַ ריִרנדיקער. און פון אַלץ, וואָס איז דאַן געזאָגט געוואָרן, האָב איך אויף לאַנג פאַרגעדענקט די אַרויסטרעטונג פון דער מעלקערן ראָזע לוריע, וואָס האָט אַרויסבאַגלייט איר זון שײַע אויפן פראָנט. אַ הויכע, אַ פולע, אַ ברייט־צעוואַקסענע, מיט פעסטע אָנגעצויגענע אָדערן אויף די אויסגעהאָרעוועטע הענט, איז זי געשטאַנען פאַרן עולם אַ שטרענגע און אַ צאָרנדיקע. און אירע ווערטער האָבן בײַ פיל מענטשן אַרויסגערופן אַ שטילע כליפּערײַ.

— הער זשע, זון מײַנער, וואָס איך זאָג דיר אָן, אָט דאָ־אָ פאַרן גאַנצן עולם. אַ סוינע איז אָנגעפאַלן אויף אונדז אַ מיִעסער און אַ פּאַסקודנער. שלאָג אים! איך וויל דיך זען צוריק אַ לעבעדיקן, נאָר — שאַנעווע זיך ניט. דעם סוינע שלאָג און פאַרניכט!

אין עטלעכע טעג ארום בין איך אליין אוועק אפן פראַנט. און ניט איינמאָל, אין פארשיידענע אָנגעשטרענגטע אומשטענדן, געטראַכט וועגן דעם אָנזאָג, וואָס ראָזע לוריע האָט געגעבן איר זון.

גאנצע זעקס יאָר זײַנען אריבער פון יענעם טאָג אָן. גרויסע און גרויזאמע זעקס יאָר! און אָט פאָר איך ווידער מיט דעם דאָזיקן וועג. אָט איז דער באַרג־אַראָפ א קרומער און א זאמדיקער. און אָט גייט דער וועג לעבן דער קאבילנער באלקע, א גלײַכער און א גלאַטער. ס'בליִען די זונרויזן. זיי פארבייגן זייערע גרויסע היטלען קעגן דער זון. ס'בליִען די קארטאָפל מיט זייער ווײַסן און עטוואָס בלוילעכן צוויט, און די קרויט האָט זיך צעוואקסן און פארדעקט די ערד מיט אירע זילבער־גרויע קוטשעראַווע קעפ. צו פרי, צו פרי הייבט זיך אָן ארויסזען דאָס דאָרף סלאדקאָוואָדניע...

פאר דער צײַט איז דער וועג אפ א נײַעם אויפן איבערגעשניטן געוואָרן. פריִער איז דער וועג געגאנגען לעבן דער באלקע און פארקערעוועט לינקס־ארויף שוין הארט נעבן די גערטנער פונעם דאָרף. איצט פארקערעוועט דער וועג ארויף א סאך פריִער, און דאָס דאָרף גיט א שווים ארויס נאָך פונדערווײַטנס מיט זײַנע נאקעטע געוואָרענע הײַזער.

ס'איז געווען האלבער טאָג. באַם וועג נעבן א גרויסן מאסיוו פון פריש אויפגעאקערטער ערד איז געשטאנען א טראַקטאָר. נעבן אים איז געשטאנען דער טראַקטאָריסט. איך האָב אים דערקענט אין די פלייצעס, דעם טראַקטאָריסט ארקע ליפמאַן. א פלייצע, וואָס הייבט זיך צו די אקסלען אלץ ברייטער. ער האָט זיך גלײַך אויסגעקערעוועט, און אפ זײַן פּאָנעם, וואָס איז געווען אויסגעשמירט מיט פעטס, האָט א שײַן געטאָן א צופרידענער שמייכל. ער האָט מיר אויסגעשטרעקט די האנט, א פארבויגענע צו זיך, איך זאָל, הייסט עס, זי אָנעמען באַם ארבל, צום עלנבויגן צו, ווײַל די האנט איז פארשמירט מיט נאפט.

— גיב אַהער די האנט, ארקע, דערצייל...

— וואָס איז דאָ צו דערציילן... ווי איר זעט, אָפגעקוויטעוועט זיך מיטן דײַטש, און איצט דארף מען אלץ אפסנײַ... — ער האָט א זיפץ געטאָן. דאָס האָט געדארפט איבערגעבן די גאנצע גרייס און די שווערקײַט פון דעם, וואָס ס'הייסט — אלץ אפסנײַ... מיטן ווונק האָט ער אָנגעוויזן אפ די הײַזער, וואָס קוקן ארויס נאקעטע, ווי ארומגעשונדענע, אפ דער הוילער, ברייטער געוואָרענער און פארענדערטער גאס.

ער האָט ווידער א שמייכל געטאָן, א ווײַז געטאָן מיט דער האנט צו דער זון. די צײַט, הייסט עס, שטייט ניט. און אונטער זײַן האנט האָט דער טראַקטאָר א שטארקן כריפע געטאָן און דערנאָך זיך צעהודעט מיט א גלײַכמעסיקן רויִקן אָטעם. ארקע האָט זיך ארופגעכאַפט אפן טראַקטאָר, זיך פארנייגט פאר מיר און גלײַך א יאָג געטאָן איבער דער לאנגער און טיפער באַראָזנע, אופהייבנדיק אונטער זיך גרויסע סקיבעס ערד.

2

זוכט איצט ניט אין סלאדקאָוואָדניע קיין סעדער, פרעגט זיך ניט נאָך אפ קיין עפל, אפ דעם קײַלעכיקן ראָזן ראנעט און אפ די לאנגע מיט רויטע בעקעלעך אַנטאָנאָווקעס, וואָס מע פלעגט אײַך דערלאנגען צום טיש אין יעדער שטיב אין אלע צײַטן פון יאָר. דאָס אלץ איז איצט ניטאָ. די דײַטשן האָבן דאָ אָפגעטאָן אלץ, וואָס זיי האָבן אָפגעטאָן אין פיל אנדערע טויזנטער דערפער אפ אוקראַינע. און עפשער נאָך מערער. דאָ איז געווען ניט בלויז א קאָלווירט א רײַכער, א פאָרגעשריטענער, ער איז דערצו נאָך געווען א ייִדישער.

נאָר גראָד ניט וועגן דעם וויל איך דאָ דערציילן. איך וויל דערציילן וועגן די מענטשן פון דעם דאָזיקן קאָלווירט, די מענטשן, וואָס האָבן דורך די אלע יאָרן פון מילכאָמע הויך געהאלטן די פאָן פון זייער קאָלווירט, טרײַ זײַן נאָמען און זײַנע טראדיציעס, דורכגעטראָגן זי מיט א פעסטן גלויבן אין דער גערעכטיקײַט פון זייער זאך, מיט א פעסטן גלויבן אינעם זיג. און טאקע דאָס האָט יעדערן געגעבן קויעך און מוט בײַצוקומען אלע שוועריקײַטן און אויספרווון. געגעבן קויעך און מוט זיך אומקערן אהיים אפ אָט די שרעקלעכע רויִנען און מיט דעם זעלבן גלויבן און פעסטן ווילן אָנהייבן אלץ אפסנײַ.

3

אין צענטער פון דאָרף, אונטער דער אייבערשטער ריי הײַזער, אהין נעענטער צום שמאָלן און געדיכטן וועלדל, האָבן זיך געפונען די פערמעס פונעם קאָלווירט. לאנגע געבײַדעס, שטענדיק פריש ארומגעווײַסטע, מיט אָן א שיר קליינינקע פענצטערלעך. דאָס זײַנען געווען באזונדערע שטאלן פאר מעלקנדיקע קי און פאר קי, וואָס האלטן באַם קעלבן זיך, פאר נײַ־געבוירענע קעלבלעך און יאָריקע טעלעצעס, שטאלן פאר שאָפ, כאזיירים און אויפעס. אז איר האָט געדארפט ארײַנגיין אין איינער פון די שטאלן, האָט איר פריִער געדארפט אײַנטונקען די פאָדעשוועס פון אײַערע שיך אין קעסטעלע מיט א דעזינפעקציע־פליסיקײַט, וואָס איז געשטאנען אפ דער שוועל פון דער טיר — איר זאָלט כאָלילע ניט ארײַנטראָגן אהער עפעס פון דער גאס. די הויכע קײַלעכיקע סילאָס־טורעמס מיט זייערע פארשפיצטע דעכלעך האָבן ארויסגעקוקט ווי עפעס א מין ארכיטעקטאָרישע באצירונג פון אָט דעם פרעכטיקן פיצוכט־שטעטל. איצט האָט דער דאָזיקער פלאץ מיטאמאָל ווייטעק־

לעבן א שווינדל געטאָן פאר די אויגן מיט זײַן הוילקײַט. א ביסל אין דער זײַט איז געשטאַנען א לאַנגע שטאל, אַן אָפּסנײַ־אויסגעבויטע פון די רוינען־רעשטלעך. נעבן איר — א הילצערנער זאַהאָן — אַ זומערדיקע וווינונג פארן פּי.

ס'איז געווען פריִער פארנאכט. די זון האָט אָפּגיך געשפּאַנט באַרג־אַראָפּ. און נאָך דער באַטאָגיקער היץ איז געוואָרן א ביסל קילער און פרישער. אַפן פלאַץ איז געווען פּוסט. בלויז אַרום זאַהאָן האָבן זיך געפּאָרעט א פּאָר עלטערע לײַט, און צווישן זיי האָב איך נאָך פונדערווײַטנס דערקענט מייער־לייבן, וואָס איז ביזן קריג געווען פאַרוואַלטער פון דער פערמע. אָט אַזאַ האָב איך אים פאַרגעדענקט: א נידעריקער, א ביסל א סוטולעוואַטער, מיט שטענדיק א ביסל צופינטלענדיקע אויגן, און דאָס פּנים, ווי אָפּט ער זאָל דאָס ניט גאָלן, איז שטענדיק באַדעקט מיט א געדיכטן זילבערנעם אויסשיט. איצט, אַז מע באַגעגנט זיך מיט א מענטשן צום ערשטן מאָל נאָכן קריג, ווילט זיך ניט אָנהייבן דעם שמועס מיט טרויעריקע דערמאָנונגען. אין דער מינוט האָב איך זיך גראָד דערמאָנט אין א זאַך, וואָס איז געשען מיט אים מיט א יאָר זיבעצן צוריק.

— נו, וואָס מאַכן עפּעס אײַערע „קאַשטאַנעס"? — האָב איך א פרעג געטאָן בײַ אים, אָפּגעבנדיק אים דעם ערשטן שאָלעם־אַלייכעם.

— וועלכע „קאַשטאַנעס"? — האָט ער פאַרוווּנדערט איבערגעפרעגט און דערנאָך, אָפּאָנעם, דערמאָנענדיק זיך, צופרידן א פינטל געטאָן מיט די אויגן און א שמייכל געטאָן ווי א ביסל פאַרשעמט. — זע, איר געדענקט אָבער, און איך האָב שוין פאַרגעסן.

ער איז אָפּגעלעבט געוואָרן פון דער דאָזיקער דערמאָנונג און גענומען עס איבערדערציילן פאר די איבעריקע. ער האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן דעם, וויאַזוי ער איז מיט זיבעצן יאָר צוריק אַרײַנגעטראָטן אין קאָלווירט. א פּאָר פערד האָט ער געהאַט, א פּאָר „קאַשטאַנעס", און ער האָט עפּעס ניט געקענט שיידן זיך מיט זיי. דרײַ מאָל האָט ער זיי געפירט אַפן קאָלווירטישן הויף און געפירט זיי צוריק אַהיים. ער האָט זיך ניט געקענט אויסגלײַכן מיט דער אָפּנאָם־קאָמיסיע פאר דער פרײַז. 300 רובל האָט מען אָפּגעשאַצט א פערד, און ער האָט ניט געוואָלט מאַסקים זײַן. וואָס הייסט 300 רובל? אַפן מאַרק קען מען דאָך נעמען פאר זיי א טויזנטער, — האָט ער געטײַנעט.

— איז אָט ער, — האָט ער אָנגעוויזן אַף מיר, — ער איז דאַן בײַ אונדז געווען פּאַרזיצער פון דאָרפראַט, האָט ער צו מיר דאַן געזאָגט: וואָס מאַכט איר זיך נאַריש, מייער־לייב? איר קלערט דען זיי אַמאָל אָפּנעמען צוריק? דאָס איז דאָך אַף שטענדיק! — און איך האָב זיי איבערגעלאָזט.

ער האָט דערציילט וועגן דעם געננוי און מיט האַנאָע, און ס'איז געווען צו זען, אַז ער איז ביז גאָר צופרידן, וואָס איך האָב אים דערמאָנט אין דעם דאָזיקן עפּיזאָד.

— און איר געדענקט עס אָבער, — האָט ער ניט אויפגעהערט צו וווּנדערן זיך. — איך האָב עס שוין לאַנג פאַרגעסן. אַזויפיל יאָרן. און א מילכאָמע אַזאַ. וואָס מיר האָבן עס פאַר די יאָרן איבערגעלעבט!..

4

מייער־לייבס דערמאָנונגען זײַנען ניט געווען פון די, וואָס ווערן דערציילט מיט א טרויעריקן טאָן. אין זיי איז געווען עפּעס אַנדערש. מיט א שטאָלץ האָט געקלונגען זײַן דערציילונג וועגן דעם, וויאַזוי דרײַסיק פאַמיליעס, אָפּגעריסענע פון זייער ערד און היים, האָבן מיט ווערדע דורכגעטראָגן איבערן לאַנד דעם נאָמען פון זייער קאָלווירט.

אָנהייב אָקטיאַבער 1941־טן יאָר האָט דער פראָנט אָנגעהויבן דערנעענטערן זיך צו די היגע קאַנטן, און דער קאָלווירט „פּאַבריציוס" האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער עוואַקואַציע. ס'איז שוין געווען נאָך דעם, ווי יעדן טאָג האָט מען א נײַע גרופּע מענער אַרויסבאַגלייט אַפן פראָנט, מיט יעדן טאָג איז דאָס לעבן אין דאָרף געוואָרן אומעטיקער, און די אַרבעט שווערער. יעדערער האָט געאַרבעט פאַר צוויי, פאַר דרײַ, פאַרבײַטנדיק די מענער, וואָס זײַנען אַוועק אַפן פראָנט.

און אָט האָט מען שוין געמוזט אײַנשפּאַנען אַלע פערד, וואָס זײַנען געבליבן אין קאָלווירט, אָנלאָדן די פורלעך מיט ברויט און פוראַזש און לאָזן זיך אין וועג.

ווער געדענקט ניט די וועגן פון אוקראַינע אין יענע טעג? לאַנגע רייען פורן, מאַשינעס, וואָס פײַפן אומופהערלעך, אַריבעריאָגנדיק די פורן. טאַבונעס מיט פּי, וואָס גייען ווער ווייסט פונוואַנען, פאַרמאַטערטע פוסגייער מיט גרויסע טאָרבעס אַף די פּלייצעס, פרויען מיט קינדער אַף די הענט, און אַלץ ציט זיך אין איין ריכטונג — אַף מיזרעך, אַף מיזרעך.

אין אָט דעם לאַנגן אומופהערלעכן שטראָם האָט זיך אַרײַנגעגאָסן דער אָבאָז פון קאָלווירט אַפן נאָמען פון פּאַבריציוס. מע האָט צווישן זיך גאָרניט אָפּגערעדט, ס'איז בלויז געווען איין גרויסער געפיל און ניט קיין אַרויסגערעדטע אײַנשטימיקײַט צווישן אָט די מענטשן, וואָס האָבן אַזויפיל יאָרן אָפּגעלעבט אין איין פעסטן קאָלעקטיוו, — האַלטן זיך אינאיינעם.

נאָר אין די ערשטע טעג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס אַליין איז ווייניק. עפּעס דאַרף מען אַזוינס, וואָס זאָל אַלעמען אָרגאַניזירן. און מייער־לייב כאַזאַנאָוו איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן עלטסטן איבערן אָבאָז.

מייער־לייב האָט זיכ ניט גערעכנט צווישנ די גרויסע אָרגאַניזאַטאָרס אינ קאָלווירט. ער איז געווענ ניט קיינ שלעכטער פאַרוואַלטער פונ דער פערמע, ער האָט גוט געוווּסט אונ ליב געהאַט די פיצוכט. געווענ, ווי מע זאָגט, א גוטער באַלעבאָס, האָט ליב געהאַט אָרדענונג. נאָר אינ אָבאָז זײַנענ געווענ זייער ווייניק מענער, אונ פונ די פריערדיקע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער איז ער געווענ דער איינציקער. אונ דערפאַר האָט מענ אימ געמאַכט פאַרנ עלטסטנ.

אפנ צווייטנ טאָג האָט מייער־לייב שוינ אַליינ דערפילט, אַז דער נאָמענ „עלטסטער" באַטײַט זייער פיל אינ די איצטיקע באַדינגונגענ; ווענ יעדנ טאָג פאַרלירט מענ אָנ אַנדער פורל אינ אָט דעמ אומופהערלעכנ שטראָמ. ווענ מע האָט זיכ אָפגעשטעלט אפ נאַכטלעגער, האָט ער אַלעמענ שטרענג געמאָלדנ:

— זײַט זשע וויסנ, מיר זײַנענ ניט גלאַט אַזוי אַנ אָבאָז. מיר זײַנענ דער קאָלווירט „פאַבריציוס". פאַרשטאַנענ?

דאָס איז געווענ א רופ צו דיסציפלינ, צו אָרגאַניזירטקײַט, צו קעגנזײַטיקער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, צו דעמ, מיט וואָס ס׳איז בא יעדנ געווענ פאַרבונדנ דער נאָמענ פונ זייער קאָלווירט.

אינ א כוידעש אַרומ האָט דער אָבאָז זיכ אָפגעשטעלט אינ א דאָרפ ערגעצ בא סטאַלינגראַד. דאָס דאָרפ איז געווענ פוסט. דאָ האָבנ געוווינט דײַטשנ, וועלכע מע האָט אַריבערגעפירט אינ טיפערנ הינטערלאַנד. ס׳זײַנענ געשטאַנענ גרויסע סקירדעס שטרוי, סקירדעס מיט ניט געדראָשנ ברויט, אינ הויפ איז געווענ פאַרשיידענער לאַנדווירטשאַפטלעכער אינווענטאַר.

— אָט דאָ בלײַבנ מיר, — האָט געמאָלדנ מייער־לייב אונ האָט שוינ אָנגעהויבנ זיכ פילנ ווי א פאָרזיצער פונעמ קאָלווירט „פאַבריציוס". וואָס מאַכט עס אויס, וואָס דער קאָלווירט האָט זיכ איבערגערוקט אפ טויזנט קילאָמעטער מיזרעכדיקער? די ערד איז די זעלבע, סאָוועטישע, קאָלווירטישע, ס׳וועט זײַנ, הייסט עס, דער זעלבער קאָלווירט „פאַבריציוס", בלויז דער אַדרעס וועט איצט זײַנ אַנ אַנדערער.

דעמ זעלבנ טאָג האָבנ שוינ מענטשנ געאַרבעט אפ דיסקאָנטירנ אַלצ, וואָס ס׳איז דאָ אינ יעדער שטוב אונ אפנ קאָלווירטישנ הויפ. אונ אפנ צווייטנ טאָג איז מענ אַרויס אינ פעלד אופצוהייבנ פריר־אַקער. ס׳איז געווענ שפּעטער האַרבסט, אונ מע האָט ניט געטאָרט פאַרטערנ קיינ טאָג. אונ מייער־לייב איז אַוועקגעפאָרנ אינ ראַיאָנ פאַרעגיסטרירנ זײַנ קאָלווירט.

ס׳האָט זיכ אָנגעהויבנ א געוויינטלעכע נאָרמאַלע אַרבעט פונ א קאָלווירט אינ שפּעטנ האַרבסט. מע האָט אופגעהויבנ פריר־אַקער אונ געדראָשנ ברויט, מע האָט געפירט ברויט צומ עלעוואַטאָר אונ געגרייט זריע פאַרנ פרילינג־פאַרזיי, מע האָט געטיילט ברויט לויט די אַרבעט־טעג אונ פאַנאַנדערגעפירט הייצונג צו די הײַזער פונ די קאָלווירטניקעס. מייער־לייב האָט מיט פאַרדראָס אונטערגערעכנט, אַז פיטער וואָלט געסטײַעט אפ אויסהאַלטנ אַלע פערמעס, אונ ס׳איז זייער א שאָד, וואָס זייער טשערעדע פי איז אַוועק מיט א צײַט פריער, איידער זיי האָבנ אָנגעהויבנ זיכ עוואַקוירנ. אונ ווער ווייסט, וווּהינ זייער טשערעדע איז פאַרגאַנגענ?

ער האָט אָנגעהויבנ זוכנ די פערמע, ער האָט אָנגעהויבנ זוכנ די קאָלווירטניקעס, וואָס זײַנענ פאַרלאָרנ געוואָרנ אָדער אָפגעשטאַנענ אינ וועג. מע האָט דאָכ געדאַרפט האָבנ מענטשנ, אַרבעטס־הענט פאַרנ קאָלווירט, מע האָט געדאַרפט האָבנ קאָניוכעס, טראַקטאָריסטנ, מע האָט שוינ געדאַרפט טראַכטנ וועגנ א קאָמבײַנער, ס׳איז דאָכ מילכאָמע־צײַט, אונ קיינער וועט איצט קיינ מענטשנ ניט צושיקנ.

מייער־לייב האָט געשריבנ בריוו אפ צענדליקער פאַרשיידענע אַדרעסנ, וווּהינ ס׳האָבנ, לויט זײַנ כעשבנ געקענט פאַרפאָרנ איינציקע קאָלווירטניקעס.

— זײַט וויסנ, — האָט ער יעדנ מיטגעטיילט, — אַז אונדזער קאָלווירט „פאַבריציוס" לעבט אונ אַרבעט. ס׳האָט נאָר דער אַדרעס זיכ געביטנ. קומט צו פאָרנ.

איינציקע בריוו זײַנענ דערגאַנגענ צו די אַדרעסאַטנ, אונ פרילינג 1942, ווענ מע האָט געדאַרפט אָנהייבנ דעמ פאַרזיי, זײַנענ צו די דרײַסיק פאַמיליעס, וואָס זײַנענ אינ האַרבסט אַהער אָנגעקומענ, צוגעקומענ נאָכ צענ. דאָס איז שוינ געווענ א קאָלווירט מיט אַלע אַטריבוטנ: מיט א פאַרוואַלטונג אונ מיט בריגאַדירנ, מיט א בוכהאַלטער אונ מיט א דיסקאָנטלער. ס׳זײַנענ געווענ טראַקטאָריסטנ, אונ א קאָמבײַנער האָט זיכ אויכ געפונענ. זומער 1942 האָט דער קאָלווירט אָנגעהויבנ אַראָפנעמענ דאָס ברויט, וואָס ער האָט געזייט אפ די ערדנ לעבנ סטאַלינגראַד. מע האָט שוינ אָנגעהויבנ צושטעלנ דער מעלוכע דאָס ברויט פונ דער נײַער גערעטעניש.

נאָר דאָ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די געשעענישנ הינטער סטאַלינגראַד. דער פראָנט האָט א שפאַר געטאָנ אַזש ביז זייער קאָלווירט. ס׳וואָלט עפשער דער קאָלווירט אַזוי געווענ זיכ אופגעהויבנ, געלאָזט אינ וועג, קעדיי אינ א פאָר כאָדאָשימ אַרומ, מיט די זעלבע מענטשנ, מיט דעמ זעלבנ נאָמענ אָנהייבנ שנײַדנ א באָראָזנע אפ די ערדנ פונ סיביר אָדער מיטל־אַזיע. נאָר מע האָט אַלע פערד געמוזט אָפגעבנ דער אַרמיי. די איצטיקע עוואַקואַציע איז געווענ א פלוצלינגדיקע, אַנ אומגעריכטע. ס׳האָט דאַנ יעדערער אפ א באַזונדערנ וועג אַוועקגעטראָגנ מיט זיכ די האָפענונג, אַז ס׳וועט גיכ קומענ די צײַט אונ

אַלע וועלנ זיכ ווידער צונויפּקומענ צו זייער אַלטער היימ אינ דאָרפ סלאַדקאָוואַרניע.

מיר האָבנ ניט באַמערקט, ווי ס'איז פאַרגאַנגענ די זונ און אַרומ איז מיטאַמאָל טונקל געוואָרנ. פונ סטעפּ האָט אַ צי געטאָנ אַ קיל ווינטל.

— די טשערעדע גייט, — האָט עמעצער אויסגערופנ, און מייער־לייב האָט זיכ אַ כאַפּ געטאָנ, באַמערקנדיק ערשט איצט די מיטאַמאָל אָנגעקומענע טונקלקייט. פונ סטעפּ איז מיט פאַמעלעכע טריט, טראָגנדיק די פול אָנגעגאָסענע אייטערס, אָנגעקומענ די טשערעדע, און אַלעמאָל איז אַנ אַנדער קו אַרויסגעלאָפנ פונ דער ריי, פאַרקערעווענדיק צו זיכ אינ הויפ. אַ גרויסע מאַכנע קי און קעלבער האָט מיט אַ דורשטיקנ מרוקענ פאַרקערעוועט אַהער צומ זאַהאָנ.

— אָהאָ! — האָב איכ צופרידנ זיכ אָנגערופנ צו מייער־לייבנ. — דאָס אַלצ איז שוינ אייערס?

— וואָדענ האָט איר געמיינט? — האָט ער מיט שטאָלצ אָפּגעענטפערט, — דאָס האָבנ מיר אונדזער ביילענ צו פאַרדאַנקענ.

— וועלכער ביילענ? — האָב איכ ניט פאַרשטאַנענ, וואָס ער מיינט.

— וואָס זשע? מע האָט אייַכ נאָכ ניט דערציילט וועגנ ביילע כאַזאַנאָווע? אַ פייַנע מייַסע. און איכ האָב געמיינט, אַז איר ווייסט שוינ. דאַרפ מענ דאָכ ווידער אָנהייבנ פונעמ אָנהייב! דאָס איז דאָכ אַ באַזונדערע געשיכטע!

## 5

אָט איז די געשיכטע וועגנ ביילע כאַזאַנאָווע.

ביילע כאַזאַנאָווע איז אינ סענטיאַבער 1941 אַוועק מיט דער טשערעדע קאָלווירטישע פי אַפּ אַ כוידעש פריִער, איידער דער קאָלווירט האָט זיכ אָנגעהויבנ עוואַקוירנ. זי איז געווענ דער זאָאָטעכניק פונ דער פערמע. אַ יונגע פרוי, אַנ איידלינקע, אַ שוואַרצכיינעוודיקע, אַ ביסל אַ צו קאַפּריזנע, האָט געקענט פאַר אַ קלייניקייט ווערנ בערויגעז, באַזונדערס, ווענ עמעצער האָט געפּרוּווט צווייפלענ אינ דער הייליקייט פונ אירע פונקציעס אַלס זאָאָטעכניק. מע האָט איר מויכל געווענ אירע קאַפּריזנ, ווייַל געאַרבעט האָט זי אָרנטלעכ, מיט יענעמ ברענ, וואָס זייַנענ אייגנטימלעכ פאַר אַזעלכע קריגערישע פרויענ. אינעמ לעצטנ יאָר פאַר דער מילכאָמע האָט די קאָלווירטישע פאַרטייאָרגאַניזאַציע זי אויסגעקליבנ אַלס סעקרעטאַר.

און אָט איז ביילענ אויסגעקומענ דער ערשטער אָנצוהייבנ דעמ וועג אַפּ מיזרעכ, און ניט אַליינ. איר האָט מענ פאַרטרויט ראַטעווענ דאָס, וואָס איז געווענ די שטאָלצ און די רייַכקייט פונ קאָלווירט — דאָס פי.

ס'איז געווענ אַ לויטערער באַגינענ אינ איינעמ פונ די פרי־האַרבסטיקע טעג. פעלדער אַרומ האָבנ שוינ ווידער געגרינט מיט די יונגע שפּראָצונגענ פונ די ווינטער־טווועס, און אַפּ די וועגנ האָט שוינ אינ יענע טעג ניט גערוט דער שטויב. דאָס געזעגענענ זיכ מיט ביילענ איז געווענ ניט ווייניקער טרויעריק, ווי דאָס אַרויסבאַגלייטנ אַלעמאָל אַנ אַנדער פאַרטיע מענער אַפּנ פראָנט. אַרויסבאַגלייטנ זי מיטנ פי איז אַרויס דער גאַנצער קאָלווירט.

— זע זשע, ביילע, — האָט מענ איר אָנגעזאָגט, — היט זיכ און היט אָפּ דאָס פי!

— פאַרשטייט זיכ, פאַרשטייט זיכ, — האָט זי מיט אַלע קויכעס געסטאַרעט זיכ אופּהאַלטנ מונטער און אַפילע געשמייכלט, ווענ אייניקע האָבנ באַמ געזעגענענ געלאָזט אַ טרער.

קיינער האָט קלאָר ניט געוווּסט, וואָס האָט איצט געקענט הייסנ היטנ זיכ און היטנ דאָס פי. ביילע כאַזאַנאָווע אַליינ האָט אויכ ניט געוווּסט וועגנ דעמ. זי האָט נאָר געוווּסט איינ זאַכ: אָט האָט זי באַקומענ אַפּ איר אַכרייַעס דאָס בעסטע, וואָס דער קאָלווירט פאַרמאָגט, די פּיצוכט־פערמע. פינפ קאָלווירטניקעס זייַנענ אינ איר רעשוס, אַ פּאָר פערד מיט אַ וואָגנ, און זי איז איבער דעמ אַלעמענ דער באַלעבאָס. זי איז איצט דער פאַרוואַלטער, און זי איז דער זאָאָטעכניקער, זי איז דער דיסקאָנטלער און וועט געוויס דאַרפנ זייַנ אויכ אַ מעלקערנ. ווי ס'זאָל ניט זייַנ, דאַרפ די אָרדענונג אַפּ דער פערמע בלייַבנ ווי פריִער.

זיי האָבנ זיכ באַוועגט אַפּ מיזרעכ איבער דעמ וועג, וואָס האָט שוינ ביז איצט דורכגעלאָזט אַפּ זיכ ניט ווייניק מענטשנ און פי פונ די מערער מערעוודיקע געגנטנ. יעדנ טאָג האָט זי געפירט אַ פּינקטלעכנ דיסקאָנט פונעמ געמעלק לויט יעדער בעהיימע באַזונדער, פּינקטלעכ איבערגעוויגנ די פּוטער, וואָס איז אינ וועג אַפּנ וואָגנ אויסגעשלאָגנ געוואָרנ, כאָטש זי האָט ניט געהאַט קיינ שומ פאַרשטעלונג: ווּעמענ וועט זי צושטעלנ די דאָזיקע כעשבוינעס און וווּהינ וועט זי אָפּגעבנ די פּראָדוקציע פונ דער פערמע.

מיט דער פּראָדוקציע האָט זיכ די זאַכ אייַנגעאָרדנט בעסער, ווי זי האָט געקלערט. די וועגנ זייַנענ געווענ פול מיט מיליטערישע טיילנ, וואָס זייַנענ געגאַנגענ צומ פראָנט, שפּיטאָלנ, וואָס האָבנ זיכ באַוועגט אַפּ מיזרעכ. און ביילע האָט ניט דורכגעלאָזט קיינ איינ מיליטערישנ טייל, זי זאָל ניט פאַרלייגנ איר פּראָדוקציע. זי האָט נאָר געפאָדערט אַ דאָקומענט, וואָס זאָל זייַנ אָנגעשריבנ לויט אַלע קלאָלימ, מיט אַ שטעמפּל און מיטנ נומער פונ דער פעלד־פּאָסט און מיט אַ גאַנצ קלאָרנ אונטערשריפט פונ דעמ נאַטשאַלניק פונ דעמ טייל.

אינ אַ אָנדערהאַלבנ כאַדאָשימ אַרומ האָט ביילע מיט איר פי זיכ אָפּגעשטעלט אינ איי־

נעמ א קאָלווירט פונ ראָסטאָווער געגנט. דאָ האָט זי גערעכנט ווינטערנ. ס'איז שוינ געווענ טיפ אינ הארבסט, און מע האָט געדאַרפט אָנהייבנ קלערנ וועגנ צוגרייטנ דאָס פי צו דער ווינטערונג: פאַרגרייטנ פיטער, צוגרייטנ וואַרעמע שטאַלנ און דעריקער — צוגרייטנ זיכ צום ווינטערדיקנ אָפּקעלבנ פונ דעמ פי. די פערמע איז געווענ אינגאַנצנ א ראַסעווע, פאַרשריבנ אינ מעלוכישנ ראַסנ־בוכ. און ווער ווייסט אַזוי גוט ווי ביילע דער זאָאָטעכניק, וואָס באַטײַט אָט דער דאָזיקער פעריאָד אינ אַזאַ פערמע? מע דאַרפ אָפּהיטנ יעדעס קעלבעלע און מע דאַרפ זענ, אַז זייער ראַסנ־ייכעס זאָל ניט פאַרפאַלנ ווערנ.

ווענ זי איז אָנהייב סענטיאַבער אַוועק מיטנ פי פונעמ קאָלווירט, איז זייער אופגאַבע געווענ אַנ ערעכ אַזאַ: דערקלײַבנ זיכ אינ טיפנ הינטערלאַנד, אויסקלײַבנ א קאָלווירט, וואָס זאָל זײַנ צוגעפאַסט אַפּ אופנעמענ און פאַרזיכערנ אַזאַ ווערטפולע פערמע, איבערגעבנ זי לויט אַנ אַקט, און דאַנ איז ביילע מיט איר גרופּע קאָלווירטניקעס פרײַ אײַנצואָרדענענ זיכ, ווי זיי וועלנ געפינענ פאַר נייטיק. אָט דאָס איז געווענ די פאַראָרדענונג, וועלכע זיי האָבנ באַקומענ פונ זייער קאָלווירט און פונ ראַיאָנעמ ערד־אָפּטייל. נאָר שוינ אינ די ערשטע טעג, ווענ ביילע איז מיט דער סטאַדע אַרויס אַפּנ גרויסנ שליאַכ, וואָס איז געווענ פאַרפלייצט מיט א דורכויסיקנ שטראָמ פונ מענטשנ און פי, איז בא איר אופגעקומענ, און וואָס א טאָג קלאָרער און פעסטער געוואָרנ, א נײַער געדאַנק: די פערמע וועט זי קיינעמ ניט איבערגעבנ. ווי קענ זי אינ אַזאַ צײַט איבערגעבנ דאָס פי אַפּ פרעמדע הענט? ווער ווייסט דענ, וואָס פאַר א קו איז „אַלפאַ“, „וועטלוגאַ“, „עלזאַ“? קי, וואָס האָבנ געגעבנ צו פינפ טויזנט ליטער מילכ און מערער! מיט אַזאַ פערמע דאַרפ מענ דאָכ וויסנ ווי זיכ צו באַגיינ!

און אָט, אָפּשטעלנדיק זיכ אינ א קאָלווירט, וואָס האָט אינ יענע טעג זיכ גערעכנט טיפער הינטערלאַנד, האָט זי אַפילע ניט געקלערט איבערצוגעבנ די פערמע. זי וועט דאָ אַליינ אָרגאַניזירנ די ווינטערונג. זי וועט זיכ פאַרבינדנ מיטנ קאָלווירט, זי וועט אַרויסרופנ נאָכ א גרופּע קאָלווירטניקעס, זי וועט טאָנ אַלצ, אַז דאָס פי זאָל זיכ פילנ ווי בא זיכ אינ דער היימ.

נאָר ווינטערנ איז דאָ ניט אויסגעקומענ. און אַרויסרופנ א גרופּע קאָלווירטניקעס אַוואַדע ניט. דאָס פי האָט זיכ באַוועגט לאַנגזאַמ. און דער פראָנט אינ יענער צײַט האָט זיכ באַוועגט א סאַכ גיכער. דער קאָלווירט „פּאַבריציוס“ איז שוינ אויכ געווענ פאַרנומענ דורכ די דײַטשנ. דער פראָנט האָט זיכ אָנגערוקט אַלצ נעענטער און נעענטער. פאַר צוויי וואָכנ צײַט האָט דאָס פי א ביסל אָפּגערוט. א צופרידענע, האָט ביילע אָפּגעצייכנט אינעמ דיסקאָנט־בוכ, אַז דאָס געמעלק האָט זיכ ווידער אָנגעהויבנ העכערנ. נאָר זיצנ דאָ האָט מענ ניט געטאָרט. מע האָט געדאַרפט גיינ ווײַטער, ווײַטער אַפּ מיזרעכ.

די צווייטע אַרויסוואַנדערונג איז שוינ געווענ פיל ערגער. ס'איז געווענ שפּעטער הארבסט. און דער הארבסט איז געווענ א קאַלטער, א רעגנדיקער און א בלאָטיקער. גיינ איז געוואָרנ וואָס אַמאָל שווערער, און באַוועגט האָט מענ זיכ מיט יעדנ טאָג לאַנגזאַמער, געווענ איז מענ פאַרמאַטערט, דורכגענעצט און פאַרפרוירנ. דאָס ערגסטע איז געווענ דאָס, וואָס די בעהיימעס האָבנ אָנגעהויבנ צושטיינ און די שוואַכערע האָבנ זיכ קוימ גערירט פונעמ אָרט. דאָס איז געווענ א שווערער און טרויעריקער וועג. מיט עטלעכע גוטע בעהיימעס, וואָס האָבנ ווײַטער ניט געקענט גיינ, האָט מענ געמוזט זיכ געזעגענענ. איינעקע געמוזט איבערלאָזנ אינ די קאָלווירטנ, דורכ וועלכע מע איז דורכגעגאַנגענ, און אַנדערע אָפּגעבנ רויטאַרמייִשע טיילנ.

געווינטערט האָבנ זיי אינ איינעמ א קאָלווירט אונטער סאַלסק. דאָס איז געווענ דער שווערסטער ווינטער פאַר דער גאַנצער צײַט. דאָס פי, ניט צוגעוווינט ניט צו דעמ היגנ קלימאַט און ניט צומ היגנ פיטער, איז זייער מאָגער געוואָרנ. שוינ אָפּגערעדט דערפונ, אַז דאָ איז געווענ ווײַט פונ יענע באַדינגונגענ, צו וועלכע זיי זײַנענ געוווינט בא זיכ אינ דער היימ, ווו מע האָט געפילנעוועט יעדער קימפעטאָרנ און געקעכלט יעדעס נײַ־געבוירנ קעלבעלע. נאָר בעהיימעס האָבנ זיכ געקעלבט, און קעלבעלעכ זײַנענ געבוירנ געוואָרנ. ביילע האָט זיי אופגענומענ און געכאָוועט לויט אַלע קלאָלימ פונ זאָאָטעכניק, און יעדעס נײַ־געבוירנ קעלבעלע איז פאַרשריבנ געוואָרנ אינעמ ראַסנ־בוכ, וואָס ביילע האָט מיט זיכ מיטגענומענ.

מענטשנ איז געווענ ביז גאָר ווייניק אַפּ באַדינענ די פערמע. צו אַלע אירע פליכטנ האָט ביילע טאַקע געמוזט ווערנ אויכ א מעלקערנ און א קעלבער־ציכטלערנ. אָפּזוכנ ערגעצ דעמ אייגענעמ קאָלווירט האָט זיכ אַרויסגעוויזנ פאַר אומעגלעכ, כאָטש געפונענ האָט ער זיכ גאָר ניט ווײַט פונדאַנענ. נאָר ווער ווייסט ניט, ווי שווער איז געווענ עמעצנ געפינענ אינ יענעמ ערשטנ מילכאָמע־ווינטער?

אָנהייב פרילינג האָט זי באַשטימט: מער בלײַבט זי דאָ ניט. די היגע באַדינגונגענ זײַנענ ניט פאַר איר פערמע. ווי נאָר אַפּ די פעלדער האָט זיכ באַוויזנ די ערשטע פאַשע, האָט זי אָנגעהויבנ זיכ גרייטנ צו א נײַער איבערוואַנדערונג.

אָבער דערשלאָגנ זיכ א דערלויבעניש אַפּ א נײַער עוואַקואַציע איז געווענ ניט לײַכט. אינ

ראיאָנישנ ערד־אָפּטייל האָט מענ איר געענטפערט גאָר פּאָשעט:

— אײַער קאָלווירט „פאַבריציוס" עקזיסטירט איצט ניט, אונ איר מוזט איבערגעבנ די פערמע אינ יענעמ קאָלווירט, וועלכנ מיר וועלנ אײַכ אָנווײַזנ.

— וואָס הייסט אונדזער קאָלווירט עקזיסטירט ניט? — האָט זי פּראָטעסטירט. — ער עקזיסטירט אונ וועט עקזיסטירנ. אָט!

אונ זי האָט באַוויזנ אַ גאַנצנ פּאַק מיט דאָקומענטנ אונ קוויטאַנציעס, ווו ס'איז בעפּיירעש אָנגעשריבנ, אַז דער קאָלווירט אינ נאָמענ פונ פאַבריציוס האָט פאַר דער גאַנצער צײַט ניט אויפגעהערט אָפּגעבנ דער מעלוכע־טיילנ פונ דער רויטער אַרמיי — מילכ, קעז, פּוטער, פלייש, גאַנצע שטיקער פי.— אונ אָט!— האָט זי געוויזנ דעמ ראַסנ־בוכ, — אינ קאָלווירט אינ נאָמענ פונ פאַבריציוס זײַנענ פאַרנ ווינטער 15 קעלבעלעכ געבוירנ געוואָרנ! ראַסעווע!

מע האָט מיט פאַרוווּנדערונג געקוקט אַפ אָט דער איידלינקער פרוי מיטנ היפש אָפּגעצויגענעמ פּנעמ, דער אײַנגעשפּאַרטער אונ קריגערישער, וואָס האָט אַפ יעדער וואָרט געענטפערט מיט צענ אונ מיט יעדנ מאָל געטײַנעט אַלצ העכער.

— וווּהינ זשע ווילט איר זיכ ווידער איבערקלײַבנ? — האָט מענ זי געפרעגט.

— אַרופ צו דער וואָלגע, צו סאַראַטאָוו צו וועט זי גיינ. דאָרטנ דאַרפנ זײַנ פרײַע געבײַדעס, גוטע פּאַשע, אונ דאָרט וועט זי געוויס געפינענ אויכ עמעצנ פונ זייער קאָלווירט.

זי האָט ניט געוווּסט, אַז גראָד דאָ ניט ווײַט, אַ קילאָמעטער 100 פונדאַנענ, אינ דער ריכטונג צו סטאַלינגראַד געפינענ זיכ פערציק פאַמיליעס, וואָס טראָגנ דעמ נאָמענ קאָלווירט „פאַבריציוס" אונ וואָס פירנ איצט דורכ דעמ פרילינג־פאַרזיי.

מע האָט איר דערלויבט. אונ ביילע איז אַוועק מיטנ פי אינ דער דריטער וואַנדערונג. ס'איז געווענ פריִער פרילינג. די פעלדער זײַנענ געווענ פול מיט יונגער זאַפטיקער פּאַשע, אונ מע האָט יעדנ טאָג געקענט אָפּקלײַבנ אַ גוטנ פּאַשע־פּלאַצ אַפ געבנ דעמ פי אַ זאַטנ אָפּרו. צוויי כאָדאָשימ האָט געדויערט דער וועג, ביז זי האָט זיכ דערקליבנ צו איינעמ פונ די געוועזענע דײַטשישע דערפער, וואָס איז איר מיט אַלעמענ געווענ צומ האַרצנ. פרײַע הײַזער, גרויסע פרײַע שטאַלנ אונ גוטע פּאַשע. דאָ האָט זיכ באַזעצט אַ נײַער קאָלווירט פונ אוקראַינע, וואָס האָט ניט פאַרנומענ אַפילע אַ העלפט פונ די הײַזער. דאָ האָט ביילע זיכ באַזעצט אונ גענומענ אײַנאָרדענענ איר פערמע.

— נו, — האָט זיכ געווענדעט צו איר דער קאָלווירט־פאַרזיצער, — איצט דאַרפ מענ טאָג, ווי ס'פירט זיכ אומעטומ. צונויפשטעלנ אַנ אַקט אונ איבערגעבנ די פערמע אינ קאָלווירט.

— יאָ. נאָר ניט ווי אומעטומ, — האָט ביילע אָפּגעענטפערט, — די פערמע דאַרפ בלײַבנ באַ איר נאָמענ.

— ווי קענ מענ דאָס פאַרשטיינ?

— גאָר פּאָשעט. די פערמע איז טאַקע אַ קאָלווירטישע, נאָר זי פירט אַ באַזונדערנ דיסקאָנט מיט אַ באַזונדערנ כעשבנ אַפנ נאָמענ פונ אונדזער קאָלווירט „פאַבריציוס".

— זאָל זײַנ אַזוי.

ס'איז דאַנ קיינ צײַט ניט געווענ שפּאַרנ זיכ וועגנ אַזעלכע זאַכנ. זאָל זײַנ אַ באַזונדערער כעשבנ. ניט ווײַט האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די שלאַכטנ פאַר סטאַלינגראַד. יעדער קאָלווירט האָט דאָ געהאַט זײַנ שלאַכט־אויפגאַבע. אַלצ פאַר סטאַלינגראַד, אַלצ פאַרנ זיג! פאַר סטאַלינגראַד אונ פאַרנ זיג האָט ביילע כאַזאַנאָווע טאָג־טעגלעכ אָפּגעליפערט די מילכ־פּראָדוקציע פונ דער פערמע פונ קאָלווירט „פאַבריציוס".

צוויי יאָר צײַט האָט ביילע דאָ אָפּגעבאַלעבאַטעוועט. זי איז געווענ דער פאַרוואַלטער אונ דער זאָאָטעכניקער, די מעלקערנ אונ די קעלבער־ציכטלערנ, אונ אינאיינעמ מיט דער אַלגעמיינער קאָלווירטישער בוכהאַלטעריע, האָט זי געפירט אַ באַזונדערנ אייגענעמ דיסקאָנט. דעמ דיסקאָנט פונעמ געמעלק, פונ דער אָפּגעגעבענער פּראָדוקציע, פונ די נײַ־געבוירענע קעלבלעכ, אַ דיסקאָנט, לויט וועלכנ — זי האָט געהאָפט אונ געגלייבט — זי וועט אָפּגעבנ אַ דינ־וועכעשבנ אַפ דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פונ קאָלווירט אינ סלאַדקאָוואָדניע.

אונ אינ האַרבסט 1943, ווענ זי האָט דערהערט אינ דער מיטיילונג פונ סאָווינפאָרמביוראָ, אַז סלאַדקאָוואָדניע איז באַפרײַט, האָט זי מיט זיגערישנ שטאָלצ אויסגערופנ:

— אַהאַ? ווער האָט עס געזאָגט, אַז „פאַבריציוס" עקזיסטירט מער ניט?

באַ איר איז געווענ אַ גרויסער אונ שטאַרקער פאַרלאַנג גלײַכ אויפהייבנ די פערמע אונ זיכ לאָזנ אינ צוריקוועג, ווי שווער דער וועג זאָל ניט זײַנ. באַ איר איז געווענ דער זעלבער געפיל ווי באַ אַלע אַנדערע זייערע קאָלווירטניקעס, וואָס האָבנ אינ יענעמ האַרבסטיקנ טאָג גלײַכ אָנגעהויבנ זיכ קלײַבנ אינ וועג. נאָר איר לאַגע איז געווענ אַנ אַנדערע. אינ איר רעשוס איז געווענ די קאָלווירטישע פערמע, אונ אינ אַזאַ שפּעטער צײַט האָט מענ ניט געטאָרט זיכ לאָזנ מיטנ פי אינ וועג. אונ ווער ווייסט, וואָס דאָרטנ טוט זיכ, ווער ווייסט, צי ס'איז פאַראַנ וווּהינ צו ברענגענ די פערמע? אונ מע האָט געדאַרפט בײַקומענ

דעם דאָזיקנ געפיל. מע האָט געדאַרפט בלײַבנ ווינטערנ, פאַרבינדנ זיכ פריִער מיטנ קאָלווירט, וואָס האָט שוינ זיכ אָנגעהויבנ צונויפקומענ פונ פאַרשיידענע עקנ לאַנד.

6

די מיטיילונג פונ סאָווינפאָרמביוראָ האָט דורכגעקלונגענ פאַר אַלע קאָלווירטניקעס ווי א מעכטיקער רופ:

— אהיים, אהיים!

ס׳האָט בא קיינעמ ניט געשטײַעט קיינ געדולד פריִער אָנצופרעגנ, צי איז עפעס געבליבנ פונ זייער דאָרפ, צי זײַנענ גאַנצ געבליבנ די שטיבער. פונ אַלע ווײַטע ווינקעלעכ פונעמ לאַנד זײַנענ געפאָרנ מענטשנ אינ איינ ריכטונג, אהינ צו דער אָפגעברענטער אונ רויִנירטער סטאַנציע מעגעדאַווע — 25 קילאָמעטער פונ סלאַדקאָוואָדניע. אונ פונדאַנענ האָבנ זיי שוינ דורכגעמאַכט דאָס לעצטע שטיקל וועג אהיימ צופוס. צופוס איבער דעם הייִמישנ אַזוי נאָענט־באַקאַנטנ וועג. דאָ האָט געשפאַנט דער 60־יאָריקער רגוונ דאָמבראָווסקי, דער 70־יאָריקער האַלב־בלינדער עליע ריוואַנעצ, די אַלמאָנע סימע ליבערמאַנ מיט אירע צוויי קינדערלעכ. די מעלקערנ אָרדענטרעגערנ כײַע־סאָרע פײַקינע מיט איר שנור אונ נאָכ אונ נאָכ פונ די, וואָס האָבנ די גאַנצע צײַט געלעבט מיט דער האָפענונג אפ אָט דעם גרויסנ גליקלעכנ טאָג.

דאָס דאָרפ איז געווענ ניט צו דערקענענ. ניט קיינ הײַזער, ניט קיינ פלויטנ, ניט קיינ פערמעס. הוילע נאַקעטע גאַסנ, האַלב־אײַנגעפאַלענע הײַזער, ווענט, פאַרוואַקסענע מיט גראָז, אונ פעלדער פוסטע אונ פאַרלאָזטע. ס׳האָט קיינעמ ניט פאַרוווּנדערט אונ ניט איבערגעשראָקנ, זיי האָבנ אפ קיינ בעסערס ניט געוואַרט. ס׳איז נאָר געווענ א גרויסער ווייטעק צו שפאַנענ איבערנ אייגענעמ דאָרפ, וואָס האָט איצט אויסגעזענ ווי א בעסוילעמ. ס׳איז געווענ נאָכ א גרעסערער ווייטעק צו דערוויסנ זיכ וועגנ דעמ שרעקלעכנ גוירל פונ די מענטשנ, וואָס זײַנענ דאָ פאַרבליבנ. אונ נאָכ א געפיל איז געווענ א שטאַרקער אונ ניט קיינ אַרויסגעזאָגטער: אָט דאָ־אָ וועלנ זיי בלײַבנ, ס׳איז זייער היימ, ס׳איז זייער אייגנס, אונ זיי ווילנ ווידער אַרײַנאָטעמענ לעבנ אינ זייער קאָלווירט.

אונ דער קאָלווירט אינ נאָמענ פונ פאַבריציִום האָט ווידער אָנגעהויבנ באַלעבאַטעווענ אפ דער אייגענער ערד. צו יענער צײַט איז די ווירטשאַפט פונ קאָלווירט באַשטאַנענ פונ צוויי אויסגעדאַרטע פערד מיט הינקעדיקע פיס אונ א קליינ צעבראָכנ וועגעלע. אָט מיט דעם אינווענטאַר האָט דער קאָלווירט „פאַבריציִום"אָנגעהויבנ גרייטנ זיכ צומ פרילינג־פאַרזייִ פונ 1944.

אינ יענע ווינטער־טעג איז אָנגעקומענ דער ערשטער בריוו פונ בײַלע כאַזאַנאָווע. דאָס איז געווענ די ערשטע דערפרייענדיקע ידיִע, וואָס האָט ווי א ליכטיקער שטראַל זיכ אַרײַנגעריסנ אינ יענעמ נעפלדיקנ אונ בלאָטיקנ ווינטער. מיט וואָס קענ מענ פאַרגלײַכנ די דאָזיקע פרייד? מיט דער פרייד פונ א מוטער, וואָס האָט באַקומענ א בריוו פונ איר שוינ באַווײַנטנ זונ. די פערמע לעבט, הייסט עס! זייער אייגענע פערמע! אונ ס׳איז געווענ ניט נאָר די פרייד איבער דעמ, וואָס א טייל פונ זייער גוטס האָט זיכ פאַרהיט, דאָ איז געווענ עפעס גרעסערס. דאָס פאַרוויסטע דאָרפ איז מיטאַמאָל אָנגעפילט געוואָרנ מיט א גרויסער אינערלעכער פרײַערלעכקײַט. יעדערער האָט מיט שטאָלצ איבערגעגעבנ די בסורע זײַנ שכנ.

— איר האָט געהערט? בײַלע כאַזאַנאָווע. די פערמע אונדזערע. הא? — אונ ס׳האָט זיכ אָנגעהויבנ א לאַנגער בריוו־אויסטויש איבער דער פראַגע, וויאַזוי קענ דאָס פי קומענ צוריק אהער. דאָס איז געווענ ניט אַזוי גרינג. דער ראַיאָנ, אינ וועלכנ ס׳האָט זיכ געפונענ בײַלע מיטנ פי, האָט אויכ ניט געוואָלט אָפלאָזנ: ניטאָ נאָכ קיינ שומ פאַראָרדענונגענ וועגנ רעעוואַקויִרנ פי. מע דאַרפ וואַרטנ.

— נאָכ וואָס וואַרטנ? אָט האָט איר דאָכ די פאָדערונג פונ אונדזער קאָלווירט!

געשיקט האָט אויכ זײַנ פאָדערונג דער נײַזלאַטאָפאָליער ראַיויספירקאָמ, דערנאָכ דער זאַפאָראָזשיער געגנטלעכער ערד־אָפטייל. אונ אינ פרילינג 1944 האָט בײַלע באַקומענ די דערלויבעניש אומקערנ זיכ מיטנ פי אהיימ. זי האָט טייקעפ וועגנ דעמ טעלעגראַפירט צו זיכ אינ קאָלווירט. זי האָט געפאָדערט נאָכ עטלעכע קאָלווירטניקעס אפ העלפנ טרײַבנ דאָס פי.

דאָ דאַרפ דערציילט ווערנ וועגנ דער מעלקערנ אָרדענטרעגערנ כײַע־סאָרע פײַקינע. ניט קיינ הויכע אונ ניט איבעריקס קרעפטיקע פרוי מיט א ווייכ קלינגענדיקער שטימ. א פרוי, וואָס האָט פיל יאָרנ געטראָגנ דעמ נאָמענ, די לאַסט אונ די נויט פונ אַנ אָרעמער אַלמאָנע, א מאַמע פונ דרײַ קליינע קינדער, ביז ס׳איז געגרינדעט געוואָרנ דער קאָלווירט, אונ כײַע־סאָרע איז מיטאַמאָל אויפגעריכט געוואָרנ. ס׳האָט זיכ אָנגעהויבנ פונעמ ערשטנ קאָלווירטישנ האַרבסט, ווענ כײַע־סאָרע האָט דאָס ערשטע מאָל דערזענ בא זיכ אינ שטוב 100 פוד ווייצ, פאַרדינטע אפ די אַרבעט־טעג. ווייצ, פאַר וועלכע זי איז קיינעמ קיינ קאָפעקע ניט שולדיק.

— קינדערלעכ, — האָט זי זיכ אָנגערופנ, — איצט וועלנ מיר אָנהייבנ לעבנ.

און כײַע־סאָרע איז געוואָרנ איינע פונ די בעסטע און אקטיווסטע קאָלווירטניקעס. זי איז איינגיכנ געוואָרנ די איניציאַטאָרנ פונ דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג פאר הויכע נעמעלקנ. זי איז געוואָרנ איינע פונ די באַוווּסטע און געאַכטעטע מענטשנ אינ ראַיאָנ און אינ געגנט. פאראנ בא כײַע־סאָרענ א פאָטאָ, וועלכע זי היט ווי די סאמע הייליקסטע זאַכ. כײַע־סאָרע זיצט רעכטס, לינקס נעבנ איר זיצט מיכאַיל איוואַנאָוויטש קאַלינינ, און ארום זיי א גאנצע גרופּע מעלקערנס פונ זאַפּאָראָזשיער געגנט. דאָס האָבנ זיי זיכ פאָטאָגראַפירט אינ פרילינג 1937 אינ קרעמל, ווענ מיכאַיל איוואַנאָוויטש האָט זיי איבערגעגעבנ די אָרדענס, מיט וועלכע די רעגירונג האָט זיי באַלוינט פאר זייער סטאַכאַנאָווישער ארבעט. אינ הארבסט 1941, ווענ די פערמע האָט זיכ געדארפט עוואַקוירנ, איז זי געווענ ניט געזונט, און דערפאר האָט זי זיכ געמוזט שיידנ מיט אירע קי.

ווענ מע האָט געלייענט די בריוו פונ בײַלע כאַזאַנאָווע, אינ וועלכע זי האָט אויסגערעכנט די נעמענ פונ די לעבנ געבליבענע קי, האָט כײַע־סאָרע ניט געקענט אײַנהאַלטנ איר פרייד.

— מײַנע בעהיימעס! — האָט זי אויסגעשריִענ און א פּליעסקע געטאָנ מיט די הענט. — „וועטלוגא", „אלפּא"! זיי לעבנ, הייסט עס!

איצט וועט זי שוינ אליינ פאָרנ נאָכ די בעהיימעס. איר „וועטלוגא" איז דאָרטנ. איר בעסטע בעהיימע!

נאָר פאָרנ האָט מענ זי ניט געלאָזט. דער וועג פונ דער וואָלגע אהער איז שוינ ניט געווענ פאר אירע יאָרנ און ניט פאר איר געזונט.

— וועט פאָרנ מײַנ שנור! — האָט כײַע־סאָרע געמאָלדנ דעם פאָרזיצער און ערשט דערנאָכ גענומענ איבעריידנ מיט דער שנור:

— ווייסט דאָכ אליינ, כײַקע, — האָט זי מיט איר אײַנגעטײַנעט, — ווענ איכ בינ בא די קויכעס, פאָר איכ אליינ. נאָר זעסט דאָכ, שוינ ניט דאָס געזונט. פאָר דו און זאָלסט גוט אכטונג געבנ אפ די פי. און „וועטלוגענ" זאָלסטו זענ אָפּהיטנ. דו ווייסט דאָכ, וואָס איז דאָס פאר א בעהיימע. בא זעקס טויזנט האָט זי שוינ געהאַלטנ.

זי האָט ניט געדארפט איבעריקס אײַנטײַנענ מיט איר שנור, וועלכע האָט גערנ דערופּ מאסקים געווענ און איז אײַנגעשלאָסנ געוואָרנ אינ דער גרופּע, וואָס איז אוועקגעפאָרנ צו בײַלענ.

אינ יונ כוידעש 1944 האָט בײַלע כאַזאַנאָווע אָנגעהויבנ דעם לעצטנ און ווײַטסטנ וועג פונ דער וואָלגע אהיים. די פערמע איז געווענ א סאכ א קלענערע ווי אינ הארבסט 1941, און דערפאר האָט מענ געדארפט באַוועגנ זיכ פיל לאַנגזאמער, פאָרזיכטיקער, אז דאָס פי זאָל אינ פולנ באַשטאַנד קומענ אהיים געזונט. בא פיר כאַדאָשים האָט געדויערט דער וועג. ער איז געווענ א שווערער און פאַרמאַטערנדיקער, נאָר וויפל קויעכ האָט צוגעגעבנ דאָס, וואָס פונ יעדנ גרעסערנ פונקט, וואָס זיי זײַנענ דורכגעגאַנגענ, האָט זי געשיקט אינ קאָלווירט א טעלעגראַמע. מיר קומענ, הייסט עס, און זײַנענ וואָס אמאָל נעענטער און נעענטער.

אינ קאָלווירט איז אינ דער צײַט געגאַנגענ א העפּטיקע צוגרייטונג אפ אופצונעמענ דאָס פי. פונ אלע שטאַלנ איז קיינ איינע ניט געבליבנ. בלויז קופּעס ציגל, ארומגעוואַקסענע מיט ווילדגראָז, האָבנ געסטאַרטשעט אפנ פּלאַץ פונ דעם פריערדיקנ פּרעכטיקנ פיצוכט־שטעטל. קינד־און־קייט האָבנ זיכ געפּאָרעט ארום די קופּעס, ארויסקריגנדיק פונ דאָרטנ א גאַנצ־געבליבענעמ ציגל. און א ביסל אינ א זײַט פונ די רויִנעס איז פאר א פּאָר כאַדאָשים צײַט אופגעשטעלט געוואָרנ א נײַע געבײַדע פאר דעם פי, וואָס האָט אינ יענע טעג מאַרשירט פונ דער וואָלגע אהיים. בײַלע האָט אלעמאָל אונטערגעמונטערט און אונטערגעיאָגט די בויער מיט א נײַער טעלעגראַמע פונ א מערער נעענטערנ פונקט.

און אָט איז ווידער געווענ סענטיאַבער. פעלדער האָבנ געגרינט מיט יונגע שפּראָצונגענ פונ די ווינטער־טוווּעס, און אומעטום, אפ אלע וועגנ האָבנ מענטשנ געשפּאַנט פונ מיזרעכ אפ מײַרעוו. ס'איז געווענ הארבסט 1944. ס'איז נאָכ געגאַנגענ דער קריג. נאָר אינ יעדער שפּאַנ פאָרויס האָבנ אָפּגעהילכט די טריט פונ זיגער. באַגעגענענ בײַלע כאַזאַנאָווע מיטנ פי איז ארויס דאָס גאַנצע דאָרפ. די סטאַדע איז געגאַנגענ פּאַמעלעכ, פאַרמאַטערט פונעם לאַנגנ און ווײַטנ וועג. די בעהיימעס זײַנענ געווענ א ביסל אויסגעמאָגערט. נאָכ פונדערווײַטנס האָבנ אלע דערקענט זייער אייגענע טשערעדע. און ווענ די טשערעדע איז צוגעקומענ א ביסל נעענטער, האָבנ שטימענ אָנגעהויבנ אויסרופנ די נעמענ פונ באַזונדערע בעהיימעס.

— אוי, אָט איז „אלפּא"!

— אָט איז „עלזא"!

— „וועטלוגא"! מײַנ, מײַנ, מײַנ!

דאָס האָט כײַע־סאָרע פונדערווײַטנס דערקענט איר בעסטע רעקאָרדיסטקע. לעבנ דער בעהיימע איז געגאַנגענ כײַע־סאָרעס שנור כײַקע.

בײַלע כאַזאַנאָווע איז געבליבנ שטיינ, ארומגערינגלט פונעם אוילעם — אַנ אָפּגעצערטע, מיט אַנ אָפּגעברענט און אויסגעצויגנ פּאָנעם און מיט פאַרטערטע שמייכלדיקע אויגנ. דאָ באַם דאָרפ האָט מענ זיכ געקושט. דאָ האָט מענ א טרער געלאָזט. און דאָ האָט מענ אָפּגעגעבנ איינער דעם אנדערנ א מאַזלטאָוו.

ס'איז געווענ א גרויסער יאָמטעוו, ווענ די טשערעדע, ארומגערינגלט פונ אלע זײַטנ מיט קאָלווירטניקעס, איז ארײַנגעקומענ אינ דאָרפ.

איר האָט געזען אמאָל, ווי א סטאַדע קערט זיכ אום פאַרנאַכט פונ דער פאַשע? זי גייט אַרײַנ אינ דאָרפ פאַמעלעכ, רויִק, אינ געדיכטע איבערגעמישטע רייענ, נאָר אַרײַנגעקומענדיק אינ דאָרפ, גיט זיכ מיטאַמאָל יעדע בעהיימע א יאָג, אינ אומגעדולדיקע און א דורשטיקע, און בלײַבט שטיינ מיט א מעקערײַ יעדערע בא איר הויפ. אזוי איז געווענ אויכ דאָס מאָל. די טשערעדע איז אַרײַנגעקומענ אינ דאָרפ מיט א רויִקנ פאַמעלעכנ שפּאַנ, ווי זי וואָלט זיכ אומגעקערט פונ דער פאַשע. נאָר מיטאַמאָל האָבנ די אַלטע קי פרייִלעכ זיכ צעמרוקעט, א צי געטאָנ מיט די נאָזלעכער, דערפילנדיק די היים, און געשווינד א יאָג געטאָנ איבער דער גאַס אינ דער ריכטונג צו די שטאַלנ. נאָכ זיי איז געלאָפנ דאָס יונגוואַרג.

— זיי דערקענענ, זיי דערקענענ! — האָבנ פרייִלעכ געשריִענ די קאָלווירטניקעס, לויפנדיק אינײַנעם מיטנ פי.

די טשערעדע האָט פאַרקערעוועט רעכטס אַרופ און מיטאַמאָל שטיינ געבליבנ איבער די רויִנעס, אַרומשמעקנדיק די קופּעס ציגל און אָנפילנדיק דעם אַרום מיט א טרויעריקנ רעווענ.

— אהער, אהער! — האָט מייער־לייב אַנ אופגערעגטער געוויזנ זיי מיט דער האַנט די נײַע שטאַל, און דערנאָכ, כאַפּנדיק זיכ, אַז די בעהיימעס פאַרשטייענ אים ניט, זיכ געווענדעט צום אוילעם:

— אהער־אָ, אינ זאָהאָנ פאַרטרײַבט זיי!

---

מע וואָלט געקענט אַפ דעמ פאַרענדיקנ די געשיכטע וועגנ ביילע כאַזאַנאָווע. מע מוז אָבער דאָ כאָטש אינקורצנ דערציילנ וועגנ ביילעס ברודער—דעמ סערזשאַנט, דעמ שאָפער אַלטער כאַזאַנאָוו. אינ יול 1941 איז ער אַוועק אָפנ פראָנט מיט דער אווטאָמאַשינ, וואָס האָט געהערט דעמ קעז־זאַוואָד. ער פלעגט פירנ אַפ דער מאַשינ קעז פונ סלאַדקאָוואָדניע אינ נײַ־זלאַטאָפאָל. אַפ דער זעלבער מאַשינ האָט ער גענומענ פירנ שלאַכט־מאַטעריאַלנ צו די פּאָזיציעס און איז דערפאָרנ אַפ איר ביז בערלינ. צוויי מאָל איז ער מיט דער מאַשינ געווענ אינ אַרומרינגלונג און זי אַרויסגעפירט פונ דאָרטנ. עטלעכע מאָל איז די מאַשינ אינ א סאַכ ערטער געווענ דורכגעלעכערט און דער שאָפער פאַרוואונדעט. אימ האָבנ געהיילט דאָקטוירים, און די מאַשינ האָט ער געהיילט אַליינ. אינ א יאָר אַרום, נאָכ דעמ ווי ביילע כאַזאַנאָווע האָט זיכ אומגעקערט מיטנ פי פונ יענער זײַט וואָלגע, איז איר ברודער דער דעמאָביליזירטער סערזשאַנט אַלטער כאַזאַנאָוו פאַרפאָרנ צו איר אַהיימ אַפ דער זעלבער מאַשינ, וואָס האָט איצט דורכגעמאַכט א גלײַכנ מאַרשרוט — בערלינ—סלאַדקאָוואָדניע.

אכוץ די עטלעכע שלאַכט־באַלױנונגענ, וואָס ער האָט באַקומענ אָפנ פראָנט, האָט ער ביים דער דעמאָביליזאַציע באַקומענ נאָכ א באַזונדערע באַלוינונג — אימ איז דערלויבט געוואָרנ אומקערנ זיכ אַהיימ אַפ דער זעלבער מאַשינ, מיט וועלכער ער איז מיט פיר יאָר צוריק אַוועק אָפנ פראָנט.

7

איכ געדענק פאַר דער מילכאָמע:

באַטאָג איז אינ דאָרפ פוסט און שטיל. א פור פאָרט אַמאָל דורכ, און דער גערויש פונ די רעדער הילכט אָפ לאַנג און ווײַט. א קינד אינ איינע הייזעלעכ לויפט דורכ די גאַס און פאַרשווינדט אינ א געדיכטנ סעדל, עס לאָזט זיכ בלויז הערנ דאָס וואָרקענ פונ די טויבנ ערגעץ אַפ א בוידעמל און דאָס אײַנשלעפערנדיקע קוואָקענ פונ די היגער אינ געדיכט צעוואַקסענעמ גראָז. עס כאַפּט אַרום אַזאַ היימלעכער און אַנגענעמער געפיל, ווענ דו גייסט איבערנ דאָרפ, וואָס איז אײַנגעהילט אינ געדיכטנ שאָטנ. די מענטשנ זײַנענ איצט אינ סאָד און אָפנ גאָרטנ, אינ די שטאַלנ און ווײַט אינ פעלד. נאָר אָט וועט אַראָפּ די זונ, און דאָס דאָרפ וועט מיטאַמאָל אָנגעפילט ווערנ מיט מענטשנ, וואָס וועלנ אָנקומענ פונ פעלד. א ביסל שפּעטער וועט פונ פאַרשיידענע עקנ דאָרפ זיכ צעגיסנ א געזאַנג, וואָס וועט ניט אײַנשטילנ ביז שפּעט אינ דער נאַכט.

איצט איז די באַטאָגיקע שטילקײַט געווענ א שווערע און דריקנדיקע. זעלטנ ווו א גאַנצ־געבליבענער בוימ האָט געשאַפנ א קלייִנעמ שאָטנדיקנ קרײַז, און אינ דאָרפ, וואָס איז איצט געשטאַנענ אומבאַשיצט פונ דער זונ, איז די לופט געווענ ווי אָנגעגליט.

— יאָ, אַלצ אַפּסנײַ, — האָב איכ זיכ דערמאָנט די ווערטער פונ אַרקע דעמ טראַקטאָריסט, — א סאַכ מי און שוויים וועט דאַרפנ קאָסטנ, ביז דאָס דאָרפ וועט באַקומענ זײַנ פריִערדיקנ אויסזענ.

בא איינער א שטוב, וואָס איר פאָדערשטע העלפט איז געווענ אינגאַנצנ אײַנגעוואַלגערט, האָב איכ געטראָפנ דעמ 60־יאָריקנ קאָלווירטניק רוווּנ דאָמבראָווסקי. אַרומ זײַנענ געלעגנ קופּעס לאַמפּאַטש. דער אַלטער רוווּנ האָט אָנגעהויבנ אופשטעלנ נײַע ווענט.

— אַלצ קײַנ צײַט ניט געווענ, — האָט ער זיכ ווי פאַרענטפערט, — מיר האָבנ די גאַנצע צײַט געוווינט אינ יענער העלפט. נו, איצט מוז מענ שוינ מאַכנ א טאָלק פונ דער שטוב. אַפ אַלצ קומט א צײַט.

אַפ אַלצ קומט א צײַט. באַמ אַלטנ רוווּנ איז די צײַט פאַר דער שטוב געקומענ נאָכ א סאַכ זייער וויכטיקע זאַכנ, וואָס ער האָט אָפּגעטאָנ אַפ אופצושטעלנ דעמ קאָלווירט. וואָרט אָבער ניט, אַז רוווּנ אַליינ זאָל וועגנ

דעמ דערציילנ. דערציילט וועגנ אימ האָבנ אנדערע.

ווענ מע האָט רוווענענ אויסגעטיילט אלס בריגאדיר איבערנ וויינגאָרטנ, האָבנ אייניקע געצווייפלט, צי וועט זיכ בא אימ עפּעס באקומענ. נאָר ס'האָט זיכ שוינ גראָדע יאָ באקומענ. דער קאָלווירטישער וויינגאָרטנ איז געוואָרנ אייגער פונ די בעסטע אינ ראיאָנ. ווענ רוווענ האָט זיכ אומגעקערט פונ דער עוואקואציע, איז ער גלייכ דעמ ערשטנ טאָג אוועק אפנ וויינגאָרטנ. ער האָט קיינ וויינגאָרטנ ניט געטראָפנ. ס'איז געווענ א גרויסער פּליכעוואטער שעטעכ ערד, אפ וועלכנ ס'האָבנ דאָ אונ דאָרט ארויסגעשטאַרטשעט האַלבפאַרווילדעוועטע פּארקרימטע קוסטעס. ער האָט זיכ אומגעקערט אינ דאָרפ אונ איז ארייִנ צומ פּאָרזיצער.

— איכ האָב צו אייכ אנ איניִענ. איכ וויל זיכ נעמענ צוריק פארנ וויינגאָרטנ.

— איר מיינט, ס'וועט זיכ עפּעס באקומענ? — האָט געפרעגט דער פּאָרזיצער. — איר האָט אימ געזענ, דעמ וויינגאָרטנ?

— כ'האָב אימ געזענ. ס'וועט זיכ באקומענ. — דאָס איז, דוכט זיכ, געווענ דער גרעסטער שמועס, וואָס דער אלטער רוווענ האָט אמאָל געפירט מיטנ פּאָרזיצער. אפ דעמ איז דער איניִענ וועגנ וויינגאָרטנ געווענ געענדיקט. אונ ס'איז טאקע ניטאָ וואָס צו דערציילנ וועגנ דעמ.

נאָר ווענ איר שפּאנט איצט איבערנ וויינגאָרטנ אונ זעט די גלייכע רייענ קוסטעס, וואָס האָבנ זיכ ארומגעפּלאָכטנ ארומ לאנגע אונ דינע סלופּעלעכ, די געדיכט־אראָפּהענגענדיקע הענגלעכ ווייִנטרויבנ, קענט איר זיכ נאָר פאָרשטעלנ, וויפל שווערע מי, שטילע אונ מעסירעסנעפּעשדיקע, האָט דער אלטער רוווענ געדארפט ארייִנלייגנ טאָג נאָכ טאָג, אינ משעכ פונ די אלע דריי יאָר, אז אָט דאָ אפ דעמ פּליכעוואטנ פּלאצ זאָל ווידער בליִענ א וויינגאָרטנ.

שטילע אונ מעסירעסנעפּעשדיקע מי. ס'האָט פאר דער צייט קיינער ניט געהערט, אז רוווענ זאָל ארויסשטעלנ באזונדערע פאָדערונגענ דעמ קאָלווירט, פּאָדערנ הילפ.

בלויז שפּעטער, אפנ צווייטנ יאָר, איז ער געקומענ צומ פּאָרזיצער מיט א נייִעמ פאָרשלאָג.

— די פּאסעקע, די בינענ־פערמע מיינ איכ. איכ קענ עס נעמענ אפ זיכ.

קיינ בינענ זייִנענ אייגנטלעכ ניט געווענ, ניט געווענ זייִנענ קיינ בינשטאָקנ. מע האָט טאקע געדארפט אלצ מאכנ. אונ ער האָט עס געמאכט, דער אלטער שטענדיק שווייִגנדיקער רוווענ.

דער קאָלווירט האָט שוינ איצט א פּאסעקע פונ 50 בינשטאָקנ, אונ די פּאסעקע וועט איצט וואקסנ פונ יאָר צו יאָר.

אָט איצט איז געקומענ די צייט פאר דער אייגענער שטוב.

— מיר וועלנ זי איצט איבערניצעווענ, — ווייזט ער אָנ אפ די געלע ווענטלעכ, וואָס וואקסנ אונטער זייִנע הענט, — אונ זי וועט ווידער ווערנ בא אונדז א נייִע. א נייִע שטוב!

— נו, אונ וועגנ א סעדל קלערט איר עפּעס?

— וואָס הייסט? — האָט ער אינ א ווייִלע ארומ געענטפערט. — אוודע וועט זייִנ א סאָד, נאָכ א מיינ סאָד!

אונ ס'האָט שוינ גאָר ניט אזוי דריקנדיק אויסגעזענ די באטאָגיקע שטילקייט. גייט זיכ דורכ נאָכ א ביסעלע נידעריקער מיט דער גאס, אונ איר וועט באגעגענענ דעמ אלטנ האלבבלינדנ 73־יאָריקנ קאָלווירטניק עליע ריוואנעצ. כאפּט מיט אימ א שמועס. ער האָט אָבער וועגנ וואָס צו דערציילנ, דער אלטער עליע.

ביזנ קריג איז ער געווענ א וועכטער אפ דער הינער־פערמע, וואָס האָט זיכ געפונענ אינ א ספּעציעל אויסגעבויט שטיבל אפנ ברעג פונ דאָרפ. ווענ ער האָט זיכ אומגעקערט פונ דער עוואקואציע, האָט ער ניט געטראָפנ ניט קיינ פערמע, ניט קיינ שטיבל. יעדערער פונ די אומגעקערטע האָט זיכ גענומענ פאר זייִנ זאכ.

— איכ וועל זיכ נעמענ פאר דער הינער־פערמע, — האָט דער אלטער עליע געמאָלדנ אינ דער פאַרוואלטונג פונ קאָלווירט.

— מע דארפ דאָכ אָבער פריִער האָבנ הינער!

— פארשטענדלעכ. וועל איכ זיכ טאקע נעמענ פאר אויסכאָוועג הינער.

— נו, אונ א געבייִדע?

— וועל איכ מאכנ א געבייִדע.

דער אלטער עליע איז אוועק איבערנ דאָרפ זאמלענ מאטעריאל פאר דער פערמע. קיינ אייגנ שטוב האָט ער ניט דורכגעלאָזט. דאָ האָט ער געקראָגנ עטלעכע אייער, דאָ א קוואָטשקע, אונ דאָ אנ אלטע צעריסענע זיפּ. זיפּנ — דאָס איז דאָכ דאָס וויכטיקסטע. אָנ זיפּנ קאָנ מענ דאָכ קיינ קוואָטשקע ניט זעצנ!

דאָס איז געווענ ווינטער. אונ אָנהייב פרילינג איז יעדנ טאָג פונ זייִנ שטוב ארויס אפ דער גאס א נייִע קוואָטשקע מיט הינדעלעכ.

— א גוט־מאָרגנ, רעב עליע, — האָט מענ דאנ יעדנ גאנצפרי זיכ אָפּגעשטעלט נעבנ זייִנ שטוב, — וויפל האָבנ מיר הייִנט?

— 12! — פלעגט ער אָנווייזנ אפ דער צוגעקומענער הינער־פאמיליע. אונ אמאָל פלעגט ער אפנ גוט־מאָרגנ אָפּענטפערנ א סאכ לענגער אונ מיט א סאכ א העכערער שטימ:

— 20 האָב איכ הייִנט! גאנצע 20 שטיק. שוינ געזענ אזוינס?

דער אלטער עליע איז נעכט ניט געשלאָפנ.

ער איז ארומגעגאנגענ פונ זיפּ צו זיפּ, וואָס זײַנענ געווענ אויסגעשטעלט אינ אלע ווינקעלעכ פונ זײַנ שטוב, אונ אלעמאָל צוגעלייגט אנ אויער צו אנ אנדער זיפּ. וועמענס רייד איז הײַנט? נעבנ יענער זיפּ האָט ער אָפּגעדערזשורעט די נאכט, ס'זאָל זיכ כאָלילע עפּעס ניט טרעפנ.

— איר זעט? — האָט מענ מיר געוויזנ אפ דער גרויסער מאכנע הינער, וואָס האָט זיכ צעשיט איבערנ פעלד, — דאָס אלצ איז פונ עליעס אינקובאטאָר.

דאָס וואָרט „אינקובאטאָר" רעדט מענ דאָ ארויס ניט מיט קיינ איראָניע. מע זאָגט עס ארויס מיט שטאָלצ. פונ דעמ הייבט זיכ שטענדיק אָנ די דערציילונג וועגנ דעמ, ווי אזוי דער אלטער עליע האָט אָנגעהויבנ אופשטעלנ די קאָלווירטישע הינער־פערמע.

ער האָט דערנאָכ אלײנ טאקע א שטיבל פאר זיי אויסגעבויט, האָדעוועט זיי אלײנ אונ איז טאקע אלײנ דער וועכטער. נאָר דער אלגעמײנער נאָמענ פונ זײַנ איצטיקער שטעלע איז א הויכער — פארוואלטער פונ דער הינער־פערמע.

8

ניינ, ס'איז שוינ גאָרניט אזוי דריקנדיק די באטאָניקע שטילקײַט. ס'ווערט דאָ אלעמאָל דערציילט אנ אנדער געשיכטע וועגנ דעמ, וויאזוי אונ פונ וואָס דער קאָלווירט האָט אָנגעהויבנ זײַנ ווידער־אופבוי. אונ וועגנ יעדער זאכ ווערט דערציילט ווי וועגנ א גרויסער שאפונג פונ א פּאָשעטנ מענטשנ, א קאָלווירטניק, וואָס האָט זיכ גענומענ פאר דער זאכ, ווי פאר זײַנער אנ אייגענער, גענומענ מיט פולנ פארשטאנד אונ אכרײַעס פאר זײַנ ביילעק, וואָס ער דארפ ארײַנטראָגנ אינ אָט דער גרויסער אונ שווערער ארבעט.

— איר ווייסט, פונ וואָס מיר האָבנ אָנגעהויבנ? פונ א פּאָר מאָגערע קליאטשעס אונ א צעבראָכנ וועגעלע.

דאָס הייבט אָנ דערציילנ וועגנ גאנצנ קאָלווירט דער פּאָרזיצער מאָטל גאמבורגאָוו. ער איז דאָ פונ די נײַע מענטשנ. ער איז דאָ ניט געווענ בײַזנ קריג, נאָר ער האָט שוינ מיט וואָס צו פארגלײַכנ אונ וואָס צו דערציילנ.

— מיר זײַנענ דאָכ שוינ איצט גאנצע באלעבאטימ! 24 פערד, 20 אָקסנ, 20 וועגענער.

אונ דאָ קומט ווידער א דערציילונג וועגנ קאָניוכ כאַימ־דאָוויד ליאמינ. וויאזוי, אומקערנדיק זיכ אהיימ, האָט ער די גאנצע מי זײַנע ארײַנגעלייגט אינ אופשטעלנ די קאָלווירטישע פערד־צוכט.

די פיצוכט־פערמע איז שוינ קימאַט פולשטענדיק אופגעשטעלט, דאָס נעמעלק וואקסט מיט יעדנ טאָג. ס'איז נאָכ ניט דער ביזמילכאָמעדיקער געמעלק פונ 5—6 טויזנט ליטער, נאָר די בעסטע בעהיימעס פונ קאָלווירט גיבנ שוינ 3000 ליטער. דאָס איז א גרויסע דערגרייכונג.

די פערמע איז ווידער געוואָרנ איינע פונ די וויכטיקסטע האכנאָסע־קוואלנ פונעמ קאָלווירט. בלויז פאר אכט ראסנ־ביקלעכ, וואָס זײַנענ צוגעשטעלט געוואָרנ האיאָר דער מעלוכע, האָט דער קאָלווירט באקומענ 24 טויזנט רובל.

דער שווערסטער עטאפּ איז שוינ דורכגעמאכט. זומער 1947 האָט דער קאָלווירט זיכ דערשלאָגנ ניט קיינ שלעכטע גערעטעניש, אונ איצט טראכט מענ שוינ אינ קאָלווירט איבער נײַע פּראָבלעמענ: מע דארפ אופשטעלנ דעמ קלוב, די עלעקטראָ־סטאנציע, מע דארפ אויסבויענ א מיל, מע דארפ פארפלאנצנ א נײַעמ קאָלווירטישנ סאָד, מע דארפ פארפלאנצנ סעדער אינ יעדער קאָלווירטישנ הויפ. דאָס אלצ זײַנענ אייניקע פונ די פיל צילנ, וואָס דער קאָלווירט האָט פאר זיכ געשטעלט אינ זײַנ פינפיאָריקנ פלאנ, וואָס איז אָנגענומענ געוואָרנ דורכ אלע קאָלווירטניקעס. דער קלוב איז שוינ אופגעשטעלט, אונ פאר דער עלעקטראָ־סטאנציע וועט מענ זיכ איבגיכנ נעמענ. די מיל וועט שוינ זײַנ א בײַזאכ לעבנ איר.

— מיר זײַנענ שוינ אפ א דערעכ, — פארסאכאקלט זײַנ דערציילונג דער פּאָרזיצער. — איר קוקט ניט, וואָס מיר זעענ דערווײַל אויס אזוי וואָכעדיק, א ביסל גרוילעכ. איר וועט זענ, וואָס דאָ וועט זיכ טאָנ אינ א יאָר ארומ. מיט אונדזערע מענטשנ, — ס'איז דאָכ גאָלד, ניט קיינ מענטשנ!

קעגנ דעמ לעצטנ האָב איכ געפּרוווט דערווידערנ. ס'איז טאקע מענטשנ! אונ גאָלד איז פאר זיי גאָר קיינ פארגלײַכ ניט.

אונ זאָל אײַכ ניט דריקנ די באטאָניקע שטילקײַט אפ דער הוילער, מיט זונ פארגאָסענער גאס. הערט זיכ אײַנ, וואָס מענטשנ דערציילנ, אונ פאר אײַכ וועט אופקומענ דאָס דאָרפ אינ זײַנ נאָענטער צוקונפט. בליענדיקע סעדער בא יעדער שטוב. ביימער, וואָס ציענ זיכ לענגאויס דער גאס, אונ זייערע צווײַגנ, וואָס גייענ זיכ צונויפ פונ אויבנ ווי א גרינער דאכ. עלעקטרישע לעמפּעלעכ, וואָס הענגענ אינ געדיכטע רייענ. ראדיאָ, וואָס הילכט ארויס פונ יעדער שטוב, אונ גרויסע שעפע, וואָס וואקסט מיט יעדנ טאָג אינ דעמ אלצ וואקסנדיקנ אונ ראכוועסדיקנ קאָלווירט.

אזוי וועט דאָס זײַנ, ווײַל דעמ קאָלווירט בויענ אופ מענטשנ מיט פעסטנ ווילנ אונ גרויסנ גלויבנ, מענטשנ, וואָס לעבנ אונ ארבעטנ לויט די געבאָטנ פונ דער גרויסער פארטיי פונ לענינ אונ סטאלינ.

קאָלווירט „פאבריציוס", ראָזאָווקער ראיאָנ, זאפּאָראָזשיער געגנט.



שלוימע מיכאָעלס

(1890 — 1948)

די לעצטע פאָטאָ, 11־טער יאַנוואר 1948, מינסק.

# דעמ אָנדענק פונ שלוימע מיכאָעלס

מאָנטיק דעמ 12־טנ יאנואר 1948 האָט דער טויט ארויסגעריסנ פונ אונדזערע רייענ דעמ גרויסנ פאטריאָט פונ אונדזער סאָציאליסטישנ היימלאנד, דעמ טרײַענ זונ פונעמ יידישנ פאָלק שלוימע מיכאָעלס. די יידישע סאָוועטישע קולטור האָט פארלוירנ איינעמ פונ אירע סאמע פאָרגעשריטענע טוער, שעפער אונ בויער. אינאיינעמ מיטנ גאנצנ פאָלק טרויערנ די יידישע סאָוועטישע שרײַבער אפ אונדזער גרויסער אווידע. די יידישע סאָוועטישע ליטעראטור וועט הייליק היטנ זײַנ אָנדענק.

## אלעקסאנדר פאדייעוו

---

### ער האָט געהערט צו יענע, וועלכע מע געדענקט יאָרהונדערטער!

עס איז אוועקגעגאנגענ פונ אונדז א פּרעכטיקער קינסטלער, א באהעלטער, א באַשטראלטער מיט רום, מיט יענעמ גרויסנ רום, וואָס קאָנ אויספאלנ בלויז אפנ גורל פונ א קינסטלער פונ אונדזער לאנד, — מיטנ רום פונ אלגעמיינער ליבע פונעמ סאָוועטישנ פאָלק אונ פונ אלע זײַנע כאווײרימ לויטנ פאכ.

וואָס קאָנ מענ זאָגנ וועגנ מיכאָעלסנ ווי וועגנ א קינסטלער? אלע ווייסנ, אז ער האָט געהערט צו יענע געציילטע, איינצלנע מײַסטערס, וועלכע טראָגנ זייער אייגנארטיקײַט, וואָס כאזערט זיכ ניט איבער, יענע מײַסטערס, וועלכע מע געדענקט יאָרהונדערטער, וועגנ וועלכע די קומענדיקע דורעס שרײַבנ ביכער. אינ לעבנ ווערט מענ א ביסל צוגעוווינט צו זיי, אונ ערשט נאָכ זייער טויט הייבט מענ אָנ פארשטיינ, אז אזעלכע זײַנענ קיינ סאכ ניטאָ. יאָ, ער איז געווענ איינער פונ אָט די אויסשליסלעכע מײַסטערס פונ אונדזער הארציקנ, שווערנ אונ באגײַסטערטנ פאכ — דעמ פאכ פונ קונסט. אונ ווי א מענטש האָט מיכאָעלס פאריינִיקט אינ זיכ יענע אייגנשאפטנ, וועלכע האָבנ געשאפנ זײַנ אומגעהייערע גאנצקײַט.

ער איז געווענ א מענטש פונ גרויסער נעשאָמעדיקער גאנצקײַט. אינ אימ האָבנ זיכ פאראייניקט לעבנסלוסטיקײַט — ליבע צומ לעבנ — מיט אומגעוויינלעכער נעשאָמעדיקער ריינקײַט בענוגייע צו אלע דערשײַנונגענ פונ לעבנ אונ קונסט. דערפאר טאקע איז ער געווענ איינער פונ די זעלטנסטע ניט באשטרײַטבארע אווטאָריטעטנ צווישנ די טוער פונ קונסט.

איכ קאָנ ניט ניט דערמאָנענ צוויי דעטאלנ, וואָס קומענ אפנ געדאנק אונ וועלכע כאראקטעריזירנ אימ טאקע פונ אָט דער זײַט.

אינ קאָמיטעט פאר סטאלינישע פּרעמיעס האָט מענ אנומלטנ פּרעמירט די טיער פונ קונסט פאר סאכאקלדיקער טעטיקײַט, אונ עס האָט זיכ געשטעלט די פראגע, אז מע דארפ אפ אזא אויפנ פּרעמירנ אויכ סאָלאָמאָנ מיכאָעלסנ. אונ ער איז ארויסגעטראָטנ אונ האָט געזאָגט: באלײדיקט מיכ ניט. איכ קאָנ ניט פּרעמירט ווערנ פאר סאכאקלדיקער טעטיקײַט — איכ בינ נאָכ א יונגער.

א צווייטע דעטאל. געפארנ זיינענ מיר אנומלטנ פונ לענינגראד צוזאמענ אינ איינ קופע. מע האט זיכ צערעדט אונ אנגעהויבנ אונטערזינגענ סימפאניעס. איכ האב געזאגט סאלאמאנ מיכײלאוויטשנ, אז איכ, צומ באדויערנ, קאנ אינ דעמ ארקעסטער פארשטעלנ בלויז די הילכנדיקע אונ קלאפנדיקע אינסטרומענטנ. אונ א שא פינפ־זעקס נאכאנאנד האט ער אליינ געזונגענ סימפאניעס, אריבערגייענדיק אפ פארשיידענע אינסטרומענטנ, אונ מיר איז אויסגעקומענ בלויז אינעמ אנטשפרעכנדיקנ ארט הילכנ אונ קלאפנ. ביז איצט איז פארבליבנ בא מיר אינ זיקארנ אט די נאכט, ווי א נאכט, וואס איז געווענ געווידמעט דער קונסט. דעמלט זיינענ מיר געפארנ בלויז אינצווייענ, אונ איכ האב פארשטאנענ, אז אינ אימ קלינגט די דאזיקע מוזיק, אינ אימ לעבט זי.

אט דאס איז מיכאעלס.

טײערע כאווײרימ, עס איז שווער מאסקימ צו זײנ מיט דעמ, אז מיכאעלס איז געשטארבנ. פונקט ווי אייגנארטיק עס איז געווענ זײנ אויסערלעכער אויסזענ, אזוי אייגנארטיק איז אויכ געווענ זײנ נעשאמע. נאר עס איז פאראנ א באדוף — אונדזער באדוף — די סאוועטישע קונסט, אינ אוואנגארד פונ וועלכער עס איז געגאנגענ, ווי איינער פונ די ווינציקע, מיכאעלס. אט איז די פאנ פונ דער דאזיקער קונסט. אט איצטער, ווענ מיר באגלייטנ אימ ארויס, דארפנ מיר זי אופהייבנ העכער, מיר דארפנ האבנ די זעלבע גרויסע ריינקײט בענעגייענ דער דאזיקער גרויסער זאכ, ווײל עס גייענ אוועק יענע מענטשנ, וועלכע האבנ געקענט אונדז ריכטנ אונ לערנענ. אויב מיר וועלנ פארלירנ אט דאס הייליקע פײער, קאנ ווײטער די קונסט זיכ ניט אנטוויקלענ.

איז אט דאס טאקע דארפנ מיר היטנ אונ טראגנ אינ אונדזער הארצ. זײנ ערלעכ, פעסט, ליב האבנ דאס פאלק, טרײ זײנ דעמ פאלק אונ אונדזער באדוף, ווי טרײ אונ איבערגעגעבנ עס איז געווענ מיכאעלס. אויב מיר וועלנ דאס אויספילנ, וועט ער אונדז זײנ דאנקבאר.

---

פאָלקס־ארטיסט פונ רספסר אונ אוזבעקישער ססר לאורעאט פונ סטאלינ־פרעמיע

## בינ'יאָמינ זוסקינ

---

# אונדזער מיכאָעלס

מיכאָעלס איז אוועק פונ אונדז אפ אייביק.

מיר האָבנ פארלאָרנ שלוימע מיכאָעלסנ — דעם גרויסנ בינע־מײַסטער, דעם פאָלקס־קינסטלער, דעם טיפנ דענקער, דעם פלאמיקנ בירגער טריבונ, דעם הארציקנ, אלעמענ אונדז נאָענטנ מענטשנ, דעם טרײַענ זונ פונ אונדזער פאָלק, דעם הייסנ פאטריאָט פונ אונדזער מעכטיקנ סאָציאליסטישנ פאָטערלאנד.

שלוימע מיכאָעלס איז געווענ נית נאָר אונדזער קינסטלערישער אָנפירער, נית נאָר אונדזער דערציִער, לערער, נית נאָר דער עלטסטער אונ איינציקער אינ קאָלעקטיוו פונעם מאָסקווער מעלוכישנ יידישנ טעאטער, — ער איז געווענ אונדזער העכסטער אווטאָריטעט, אונדזער שטאָלצ, אונדזער וועגווײַזער.

מיט אים, מיט שלוימע מיכאָעלסנ, האָבנ מיר נית מוירע געהאט פאר קיינ שום שוועריקײַטנ. מיר זײַנענ געווענ זיכער, אז צוזאמענ מיט אים וועלנ מיר זײַנ בעקויעכ מיט אונדזער אָנגעשטרענגטער שעפערישער מי ענטפערנ אפ די גרויסע אונ וויכטיקע אויפגאבעס, וואָס עס שטעלט פאר אונדז אונדזער לאנד, אונדזער צײַט.

אינ שווערע מאָמענטנ האָבנ מיר געוווּסט, אז מיט אונדז איז מיכאָעלס. זײַנ מעכטיק הייס הארצ איז געווענ אָפנ פאר יעדנ איינעם פונ אונדז. מיר פלעגנ גיינ צו אים מיט אונדזערע ספייקעס, סײַ וואָס האָבנ געהאט א דירעקטע שײַכעס צו אונדזער קאָמפליצירטער שעפערישער ארבעט, סײַ וואָס האָבנ באלאנגט אונדזערע פערזענלעכע לעבנס־אָנגעלעגנהײַטנ, אונ ער פלעגט פאר יעדנ איינעם פונ אונדז געפינענ דאָס נייטיקע, דאָס קלוגע, דאָס שטענדיק טיפע אונ שטענדיק אויסערגעוויינלעכ וואָרט, מיכאָעלסעס וואָרט. אָט אזא קויעכ האָט ער געהאט, אָט דער זעלטענער מענטש, אָט דער עכטער מענטש פונ דער גרויסער סטאלינישער עפאָכע.

„אונדזער קונסט איז אונדזער געווער, — פלעגט ער אונדז זאָגנ, — מיר דארפנ עס פײַלנ אונ שארפנ. מיט אונדזער מי, מיט אונדזער ארבעט מוזנ מיר העלפנ דעם סאָוועטישנ פאָלק בויענ דעם קאָמוניזמ. דעריבער זײַנענ מיר מעכויעוו גרינטלעכ דערלערנענ דעם סאָוועטישנ מענטשנ, די ארומיקע ווירקלעכקײַט, ארבעטנ איבער זיכ אומ־אויפהערלעכ, מעסירעסנעפעשדיק, קיינמאָל זיכ נית בארויקנ, שטענדיק זוכנ, אלעמאָל פאָרויס".

אונ ער אלײנ האָט טאקע א סאכ געארבעט איבער זיכ, זײַנ לעבנ איז א גרויס לעבנ פונ העראָישער מי: ער האָט אָפגעגעבנ אלע זײַנע גראנדיעזע שעפערישע קויכעס דער ארבעט, דעם טעאטער, דער סאָוועטישער קולטור, דעם פאָלק, דעם סאָציאליסטישנ היימלאנד.

זײַנ געזעלשאפטלעכע ארבעט אונ זײַנ טעטיקײַט אינ דער קונסט זײַנענ געווענ אזוי ענג איבערגעפלאָכטנ, אז עס איז פּשוט שווער אָפצוטיילנ איינס פונעם אנדערנ. אונדז, זײַנע טאלמידימ, האָט ער געלערנט ווי צו לעבנ, געלערנט ליב האָבנ דאָס לעבנ, ווײַל ער אלײנ איז געווענ אינגאנצנ — לעבנ.

טויזנטער אונ טויזנטער צושויער פונעם סאָוועטנ־פארבאנד אונ אויסער די גרענעצנ פונ אונדזער לאנד קענענ מיכאָעלסנ אלס פרעכטיקנ אקטיאָר — אלס דעם שעפער פונ א גרויסער צאָל גײַסטרײַכע מײַסטערהאפטע סצענישע געשטאלטנ, וועלכע וועלנ ארײַנ אינ דעם גאָלדענעמ פאָנד פונ דער סאָוועטישער טעאטראלער קולטור. מיליאָנענ מענטשנ אינ אונדזער סאָוועטיש לאנד, ווי אויכ אינ אנדערע לענדער, ווייסנ אים אלס פלאמיקנ טריבונ. מיר, זײַנע טאלמידימ אונ נאָענטע מיטארבעטער, וועלכע האָבנ געהאט די זכיע צו שפאנענ מיט אים האנט־בא־האנט אינ מעשעכ פונ קימאט דרײַ צענדליק יאָר, קענענ נאָכ א

מיכאָעלסן, אונדזער מיכאָעלסן, מיכאָעלסן דעם באַשיידענעם, האַרציקן, פּאַשעטן פאָלקס-מענטש.

אָט גראָדע וועגן דעם מיכאָעלסן, וועגן מײַן עלטערן כאַווער, לערער, אינטימען פרײַנט, נאָענטן און טײַערן, ווילט זיך מיר דאָ ריידן. איך פרעטענדיר ניט צו געבן א פולן פּאָרטרעט פון מיכאָעלסן. צו פריש איז די וווּנד, צו גרויס איז אונדזער ווייטעק, צו שוואַך זײַנען מײַנע מעגלעכקייטן, אַז איך זאָל קענען שילדערן די הערלעכע פערזענלעכקייט מיכאָעלסעס.

בלויז איניקע אײַנצלהייטן, וועלכע קומען אַפן זיקאָרן אין אָט די שווערסטע טעג פון מײַן לעבן.

* * *

שפּעט באַנאַכט... מיר זיצן ביידע אין זײַן צימער. ביכער, א סאַך ביכער, אומעטום: אַפ די פּאָליצעס, וואָס פאַרשטעלן די ווענט פון אויבן ביז אַראָפּ, אַפ די טישן, אַפ די פענצטער. שטיל אַרום... דער זייגער האָט שוין געשלאָגן צוויי, האַלב דרײַ. אַוועקגיין ווילט זיך ניט, כאָטש מיר זײַנען ביידע מיד: ער — נאָך א שווערן אָנגעשטרענגטן אַרבעטס-טאָג, איך — נאָך א פאָרשטעלונג. אָפט פלעגן מיר אַזוי זיצן. איך האָב געהאַט מײַן אָרט באַם טיש, רעכטס לעבן אים. מײַן גרעסטער פאַרגעניגן — אָט אַזוי זיצן מיט אים, קוקן אַפ אים און הערן. הערן אָן אַן אויפהער... כ'האָב ליב געהאַט קוקן אַפ זײַן זעלטענעם פּאָנעם, יעדעס קנייטשעלע, יעדער שטריך איז מיר אַזוי באַקאַנט: זײַן סאָקראַט-שטערן, א שטערן פון א טאַלמיד-כאָכעם. דער אויסדרוק פון פּאָנעם, אַפ וועלכן יעדער מוסקול איז באַזונדערס באַוועגלעך. מיכאָעלסעס אויגן! גרויסע, ליכטיקע, קלוגע. אָט צעעפענען זיי זיך ברייט, ווערן פאַרגליווערט, קוקן לאַנג-לאַנג אָנגעשטרענגט אין איין פּינטל. דאָס איז דאַן, ווען ער פאַרטראַכט זיך. און אָט בײַטן זיי זיך, זײַנע אויגן. א שאַרפן, זייער כאַראַקטעריסטישן פאַר אים קער מיטן קאָפּ, און די אויגן קוקן אַפ דיר, אַזוינע מילדע, וואַרעמע, דרינגענע מאַמעש אַרײַן אין דער נעשאָמע, און אַפן האַרצן ווערט דיר אַזוי לײַכט און גוט. און אָט שמייכלען זיי שוין, די אויגן זײַנע. דאַן באַקומען זיי א באַזונדערן גלאַנץ, זיי ווערן שטיפעריש קינדערשע.

און מיכאָעלסעס הענט! זײַנע וווּנדערבאַרע לעבעדיקע, קלוגע הענט, וועלכע ריידן, זינגען, טראַכטן. אינעם גרויסן אַרסענאַל קינסטלערישע מיטלען פון דעם גרויסן בינע-מײַסטער מיכאָעלס פאַרנעמען זײַנע הענט א ביז גאָר אָנגעזעענעם אָרט. מיך, זײַן נאָענטסטן פּאַרטניאָר, וועלכער האָט געהאַט דאָס גליק אין מעשעך פון 27 יאָר געפינען זיך אַפ דער בינע אַלעמאָל לעבן אים און מיט אים, פלעגן מיכאָעלסעס הענט רעגן, באַצויבערן, באַגײַסטערן. דערמאָנט זיך אין „קיניג ליר", אין „ביניאָמין האַשלישי", ווי זײַנע הענט פלעגן ריידן, וואָס פאַר א טיפע געדאַנקען זיי פלעגן אויסדריקן. איך געדענק זײַנע הענט, ווען דער אַלטער קיניג ליר זוכט אַפן קאָפּ די קרוין, וועלכע ער האָט שוין לאַנג פאַרלוירן, ווען ער ווײַזט אָן אַפ זײַן פאַרווונדעט האַרץ. דערמאָנט זיך די שפּיל פון מיכאָעלס — רעב אַלטערס הענט אין „מאַזלטאָוו", האָצמאַכס הענט אין גאָלדפאַדענס „קישעפמאַכערן", מענאַכעם-מענדלס — אין שאָלעם-אַלייכעמס „לופט-מענטש", די הענט פון טוביען אַרבעטער אין בערגעלסאָנס „טוביען", דעם באַדכנס — אין פּערעצעס „באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק".

אויך דאָ, אין צימער בא אים זיצנדיק, קאָנסטו ניט אָפּרײַסן די אויגן פון זײַנע הענט. שאָענווײַז קאָן איך אַזוי זיצן און הערן, הערן אים זשעדנע. אָט דאָ, אין דער אינטימער סוויווע, אַנטפּלעקט זיך מיכאָעלס אין זײַן גאַנצער פּראַכט, מיט זײַן גרויסן אינטעלעקט, פילזײַטיקער ערודיציע, שאַרפן מויעך, מיט זײַן הייס, אָפן האַרץ און פּאָעטישער נעשאָמע.

ניטאָ אַזא געביט פון קולטור, וויסנשאַפט, קונסט, צו וועלכן מיכאָעלס זאָל ניט געווען אַרויסווײַזן א באַזונדערן אינטערעס. די לעצטע דערפינדונג אין פיזיק, כעמיע, אַסטראָנאָמיע, מעדיצין, טעכניק — דאָס אַלץ האָט אים שטאַרק אינטערעסירט. ער פלעגט ניט נאָר איבערלייענען און פאַרגעדענקען, ער פלעגט דאָס דורכגעלייענטע דורכטראַכטן, פאַראַלגעמיינערן און אַפ זײַן אויפן איבערדיכטן אין טרעפלעכע פאָרמולירונגען.

פּראָפעסאָר אַלעקסאַנדר אַלעקסאַנדראָוויטש ווישנעווסקי האָט מיר דערציילט, אַז ער און זײַן פאָטער, דער באַוווּסטער כירורג אַקאַדעמיקער אַלעקסאַנדר וואַסיליעוויטש ווישנעווסקי, אַרבעטן שוין לאַנגע יאָרן איבער דער פּראָבלעם פון אַנעסטעזיע. זייער דערפינדונג, וואָס איז באַוווּסט אין דער סאָוועטישער מעדיצין אונטערן נאָמען „ווישנעווסקי-בלאָקאַדע", באַשטייט אין דעם, וואָס מע אַנטווייטיקט דאָס אָרט, וואָס מע דאַרף אָפּערירן, אויסמײַדנדיק דעם אַלגעמיינעם נאַרקאָז, וועלכער איז אָנגענומען אין דער כירורגיע. מיכאָעלס, וועמען די פּראָבלעם פון אַנטווייטיקן האָט זייער אינטערעסירט, איז בײַגעווען אַפ א גאַנצער ריי אָפּעראַציעס אין דער קליניק פון אַקאַדעמיקער ווישנעווסקי. איינמאָל האָט מען דאָרט אָפּערירט זייער א שווערן קראַנקן — אַן אַלטן ייִדן, א שנײַדער. מיכאָעלס איז בײַגעווען בא דער אָפּעראַציע. דער שנײַדער האָט זיך שטאַרק דערפרייט, ווען ער האָט דערזען זײַן ליבלינג מיכאָעלסן. די אָפּעראַציע האָט זיך אָנגעהויבן. פאַר דעם שנײַדערס פּאָנעם האָט מען אַוועקגעשטעלט אַן

עקראַנ, קעדיי ער, דער קראַנקער, וועלכער האָט זיכ געפונענ באַמ פולנ באַוווסטזײַנ, זאָל ניט זענ, ווי מע שנײַדט אים. מיכאָעלס איז געשטאַנענ אזוי, אַז ער האָט געזענ, ווי ס'קומט פאָר די אָפּעראַציע, און אינ דער זעלבער צײַט האָט ער פאַרפירט א שמועס מיטנ קראַנקנ.

— ניינ, כאַווער מיכאָעלס, איכ וועל ניט שטאַרבנ. איכ וועל איבערקומענ בעשאָלעם די אָפּעראַציע, — האָט געזאָגט דער שנײַדער, — איכ מוז דאָכ דערלעבנ היטלערס מאַפּאָלע (דאָס איז געווענ אינ דער צײַט פונ דער מילכאָמע). די אָפּעראַציע איז דורכ מיט די בעסטע רעזולטאַטנ. מיכאָעלס איז געווענ באַגײַסטערט.

— די גרויסקײַט פונ אײַער דערפינדונג, לויט מײַנ מיינונג, באַשטייט נאָכ אינ דעם, — האָט זיכ געווענדעט מיכאָעלס צו די געלערנטע, — וואָס, לאָזנדיק דעם קראַנקנ דעם באַוווסטזײַנ, גיט איר א מעגלעכקײַט דעם קראַנקנ מאָביליזירנ אַלע זײַנע איבערלעבנ קויכעס און אַקטיוו מיטהעלפנ זיכ אַלײנ איבערקומענ די אָפּעראַציע.

די געלערנטע זײַנענ נישטוימעם געוואָרנ.

— אזוי טיף באַנעמענ, אויספירלעכ און, אינ דער זעלבער צײַט, לאַקאָניש פאָרמולירנ אײנע פונ די אײגנשאַפטנ פונ אונדזער מעטאָד האָט געקאָנט נאָר אײנ מיכאָעלס, — האָט פאַרענדיקט א. א. ווישנעווסקי.

מיכאָעלסעס געזעלשאַפטלעכע טעטיקײַט איז געווענ זייער פּאָפּולער צווישנ אַלע שיכטנ פונעמ סאָוועטישנ פאָלק. זײַנע רעדעס און פאָרטראָגנ סײַ אַפ ספּעציעלע טעמעס פאַר אַקטיאָרנ, קונסט-טוער, בינע-מײַסטערס, יוגנט פונ טעאַטראַלע לערנ-אַנשטאַלטנ און קונסט-אינסטיטוציעס, סײַ וועגנ אַלגעמיינ-פּאָליטישע פראַגנ, וועלכע ער פלעגט גאַנצ אָפט לײענענ פאַר אַרבעטער, סטודענטנ, שרײַבער, געלערנטע, מיליטער-לײַט, — זײַנענ אַלעמאָל געווענ אינהאַלטרײַכע, קלוגע און שאַרפע, טיף דורכגעדרונגענע מיט דער לענינ-סטאַלינישער וועלט-אַנשויונג, אָריגינעלע לויט דער פאָרמ, אָנגעזאַפּטע מיט עכטנ פאָלקס-הומאָר, אַפאָריזמענ און גלײַכווערטלעכ. זײַנ גרויסע ערודיציע און ברייטע לעבנס-דערפאַרונג, זײַנ מעכטיקער אָראַטאָרישער טאַלאַנט (ביז זײַנ אָנקומענ אינ טעאַטער איז מיכאָעלס געווענ א יוריסט) פלעגנ פאַרוואַנדלענ זײַנע רעדעס אינ זעלבשטענדיקע קונסט-ווערק, אינ דערשײַנונגענ פונ א באַדײַטנדיקנ געזעלשאַפטלעכנ פאַרנעמ. מיט זײַנ שאַרפ אויג, צאַרטנ אויער, מיט זײַנ אַרטיסטיש-פּאָעטישנ כוש פלעגט ער אַרומכאַפּנ, דערפילנ יעדע אַודיטאָריע. דער קאָנטאַקט צווישנ אים און זײַנע צושויער און צוהערער פלעגט ווערנ גלײַכ אײַנגעשטעלט.

אַפ אײנער פונ זײַנע לעקציעס אַפ דער טעמע „פּסיכאָלאָגיע פונ אַקטיאָרישער מײַסטערשאַפט" אינ מאָסקווער אַקטיאָרנ-הויז איז בײַגעווענ דער גרויסער סאָוועטישער געלערנטער פיזיאָלאָג, פּאַוולאָווס א נאָכפאָלגער, אַקאַדעמיקער ל. א. אָרבעלי. דער גרײַז-גרויער אַקאַדעמיקער האָט זיכ פאַרינטערעסירט מיט א גאַנצער ריי מיכאָעלסעס אַרויסזאָגונגענ. צווישנ ל. א. אָרבעלי און שלוימע מיכאָעלסנ האָט זיכ גיכ געשלאָסנ א באַקאַנטשאַפט. לויט דעמ פאָרשלאָג פונעמ אַקאַדעמיקער ל. א. אָרבעלי, האָט מיכאָעלס אָנגעהויבנ שטודירנ בא אים פיזיאָלאָגיע. אונטער דער אָנפירונג פונעמ געלערנטנ פלעגט מיכאָעלס פונ צײַט צו צײַט אינ אַנ ענגנ קרײַז ספּעציאַליסטנ דערלערנענ פּראָבלעמענ, וועלכע האָבנ א שײַכעס צו רעפלעקסנ, טאָרמאָזנ און העכסטער נערוונ-טעטיקײַט פונ מענטשלעכנ אָרגאַניזמ. מיכאָעלס האָט געמאַכט גרויסע פאָרשריט, און אײנער פונ די בײַוועזנדע האָט אים אַמאָל אַפילע געזאָגט:

— איר ווייסט, סאָלאָמאָנ מיכײַלאָוויטש, איר האָט געמאַכט א טאָעס, וואָס איר זײַט געוואָרנ אַנ אַקטיאָר. איר וואָלט זיכ באַדאַרפט בעסער פאַרנעמענ מיט פיזיאָלאָגיע. פונ אײַכ וואָלט אַרויס א טאַלאַנטפולער פיזיאָלאָג.

אָט וועגנ די אַלע באַגעגעניש זײַנע, וועגנ זײַנ טעטיקײַט אויסער די ווענט פונ אונדזער טעאַטער, פלעגט מיכאָעלס מיר דערציילנ אינ די אינטימע שמועסנ אונדזערע, אינ די נאַכט-שאָענ בא אים אינ צימער.

— ווייסטו, ווער ס'איז געווענ אָט דער אַלטיטשקער, מיט וועלכנ איכ האָב דיכ הײַנט באַקאַנט אינ מײַנ קאַבינעט אינ טעאַטער? זייער אַנ אינטערעסאַנטער מענטש — א פּראָפעסאָר א ביבליאָפיל. זײַנ גאַנצ לעבנ קאָלעקציאָנירט ער אוניקאַלע ביכער, ער ווייסט מײַנ ליבע צו ביכער און ברענגט מיר, ווענ אים געלינגט צו געפינענ עפּעס אַנ אַנטיקל.

און מיכאָעלס נעמט מיט א באַזונדער צערטלעכקײַט פונ שרײַבטיש עטלעכע ביכער און ווײַזט מיר זיי. דאָס זײַנענ אַלטע אויסגאַבעס: יודאַיִק, עסטעטיק, פילאָסאָפיע, א זעלטענע אויסגאַבע פונ הענריכ הײַנע.

מיכאָעלס האָט אַמאָל געשפּאַסט:

— אַפ דער עלטער, אַז איכ וועל שוינ ניט זײַנ בעקויעכ אַרבעטנ אינ טעאַטער, וועל איכ ווערנ אַנ אײַנבינדער. איכ וועל זיכ זיצנ מיט מײַנע ביכער, און וואָס ווערט מיר פעלנ?

געלייענט, ריכטיקער געזאָגט, געאַרבעט איבער א בוכ האָט מיכאָעלס זייער א סאַכ אַלע זײַנע יאָרנ. די לעצטע צײַט פלעגט אים אויסקומענ גאָר א סאַכ צו לייענענ. א מיטגליד פונעמ קאָמיטעט איבער די סטאַלינ-פּרעמיעס (ער איז געווענ דער פאָרזיצער פונ דער טעאַטראַלער סעקציע באַמ קאָמיטעט), א מיטגליד פונעמ קינסטלערישנ ראַט פונעמ קונסט-קאָמיטעט באַמ מיניסטאָרנ-ראַט פונ פססר, א זשורי-מיטגליד פונ פאַרשיידענע קאָנקורסנ, דער

פאָרזיצער פונעם יידישנ אנטיפאשיסטישנ קאָמיטעט, א פּרעזידיום-מיטגליד פונ א גאנצער ריי פּראָפעסיאָנעלע אינסטיטוציעס, האָט מיכאָעלס געהאט צו לייענענ אָנ אָנ אופהער פּיעסנ, מאנוסקריפּטנ, מאטעריאלנ — ניט נאָר לייענענ, נאָר אריינטראָגנ זיינע קאָרעקטיוונ, געבנ אָנווייזונגענ, רעדאגירנ. בא אים אינ קאבינעט אינ טעאטער אונ אינ דער היימ פלעגט מענ קענענ טרעפנ א גרויסע צאָל מענטשנ — פּראָזאיקער, פּאָעטנ, דראמאטורגנ, קינסטלער, אקטיאָרנ, מוזיקער. אלע פלעגנ זיי אים ברענגענ זייערע ווערק, זיכ מעיאשעוו זיינ מיט אים, אויסהערנ זיינ מיינונג — פאר אלעמענ איז מיכאָעלס געווענ דער העכסטער אווטאָריטעט. אלעמענ פלעגט ער אויסהערנ. אונ וויפל פּאָשעטע מענטשנ פלעגנ גיינ צו אים מיט זייערע פּערזענלעכע איניאָנים! ווי א גרויסער פילבארער נעשאָמע-קענער, פלעגט מיכאָעלס גוט וויסנ וויאזוי צו וועמענ צוגיינ. מיט וואָס פאר א פרייד פלעגט מיכאָעלס אופנעמענ יעדע נייע דערשיינונג אינ דער סאָוועטישער ליטעראטור, קונסט, קולטור, וויסנשאפט! ווי טייער איז אים געווענ יעדעס ניי ווערק, יעדער נייער נאָמענ! כ׳געדענק, מיט וואָס פאר א באגייסטערונג ער האָט אופגענומענ אנע סטעלמאכס באָוועלנ, עמאנויל קאזאקעוויטשעס ווערק.

מיכאָעלס האָט ליב געהאט א ניגנ, א פאָלקס-ליד. מוזיק האָט ער באנומענ אונ געפילט מיט אלע זיינע כושים. זיינ מוזיקאלישקייט האָט דערגרייכט די העכסטע מאדרייגע. וועגנ אים קאָנ מענ טאקע זאָגנ — „קאָל אצמויסיי טוימאַרנאָ". אלצ אינ אים האָט געזונגענ. אלע זיינע אקטיאָרישע אונ רעזשיסערישע שאפונגענ זיינענ געווענ דורכגעדרונגענ אונ אָנגעזאפּט מיט נעגינע, מיט איבערלעכער מוזיק. ווי א רויטער פאָדעמ פלעגט דורכגיינ דורכ יעדער ארבעט זיינער א לייטמאָטיוו, וועלכער האָט בוילעטער אופגעדעקט די אידיי פונ זיינ יעדער ראָל אָדער פאָרשטעלונג. אינ יעדער ליד פלעגט ער אופדעקנ די נעשאָמע. איכ דערמאָנ זיכ, ווי מיכאָעלס האָט אונדז מאמעש באצויבערט שוינ אינ דער ערשטער ראָל זיינער — אָנ שומ ספּאָפעק איינע פונ די בעסטע אקטיאָרישע שאפונגענ מיכאָעלסעס — אינ דער ראָל פונ רעב אלטערנ אינ „מאזלטאָוו", מיט זיינ אויספילנ „איז געווענ אמאָל א פאסטעכל" (קעדיי צו באמערקנ, אז רעב אלטערנ, וועלכנ ער האָט צומ ערשטנ מאָל געשפּילט דעמ 1-טנ יאנוואר 1921 יאָר, האָט מיכאָעלס געשאפנ, ווענ ער איז געווענ אפ דער בינע אינגאנצנ דאָס צווייטע יאָר). שוינ דאַנ האָבנ מיר דערפילט, אז די נייע סאָוועטישע יידישע בינע האָט באקומענ א גרויסע אקטיאָרישע פערזענלעכקייט. זיינ בארימטע ליד אָנ ווערטער „טיי, טיי, טיי..." — אינ צווייטנ אקט פונ שאָלעמ-אליכעמס „צוויי הונדערט טויזנט", האָטמאכס לידער אינ „דער קישעפמאכערנ" אאַזוו. האָבנ באצויבערט דעמ צושויער.

הערנ מיכאָעלסנ זינגענ א ליד אָנ ווערטער האָט מענ באדארפט ניט אפ דער בינע, נאָר בא אים אינ צימער אינ אָנ ענגנ קרייז פונ נאָענטע פריינט. איכ האָב געהאט דאָס גליק ביי זיינ, ווענ אזא מינ ליד איז געבאָרנ געוואָרנ. זיצנדיק מיט מיר, פלעגט ער מיטאמאָל אָנהייבנ א ליד, איכ פלעג אונטערכאפּנ, אונ ס׳פלעגט אוועקגיינ צווישנ אונדז א לעבעדיקער שמועס אָנ ווערטער אפ שאָענ. מיכאָעלס האָט מיכ געלערנט, וויאזוי מע באדארפ פארשטיינ א ליד.

מיכאָעלסנ האָב איכ א סאכ, א סאכ צו פארדאנקענ. ער האָט געהאט דעמ גרעסטנ כיילעק אינ מיינ אקטיאָרישנ וועג. שוינ פונ אונדזער ערשטער באגעגעניש אינ אווגוסט 1920 האָט ער ארויסגעוויזנ א הארציקע, פאָטערלעכע באציונג צו מיר.

איכ דערמאָנ זיכ ווינטער 1922. איכ בינ שוינ א האלב יאָר אפ דער בינע. אפנ הארצנ איז מיר געווענ ניט גרינג. פונ ווייטנ אוראל בינ איכ געקומענ אינ מאָסקווע זיכ לערנענ אינ דער יידישער טעאטראלער סטודיע. אינ דער סטודיע האָב איכ געלערנט בלויז עטלעכע כאדאָשימ, מע האָט מיכ גלייכ צוגענומענ אינ טעאטער, געגעבנ א ראָל אינ דער שאָלעמ-אליכעמ-פאָרשטעלונג. איכ האָב געטאָנ אלצ, וואָס דער רעזשיסער האָט פונ מיר געפאָדערט, טאָג אונ נאכט געפּעטירט. דער רעזשיסער האָט מיר געהייסנ שרייענ — האָב איכ געשריענ ביז הייזעריק צו ווערנ, מ׳האָט געפאָדערט שארפע באוועגונגענ — האָב איכ פונ גאנצ פרי ביז שפּעט זיכ פארנומענ מיט פיזישע איבונגענ. נאָר איבערלעכ בינ איכ געווענ קאלט. איכ האָב ניט אָנגעהויבנ צו פארשטיינ, וויאזוי דארפ אָנ אקטיאָר צוגיינ צו א ראָל. אונ כ׳האָב באשלאָסנ, אז פונ מיר וועט שוינ קיינ אקטיאָר ניט זיינ אונ איכ מוז באצייטנס אוועק פונ טעאטער. אָט מיט די שווערע געדאנקענ האָב איכ זיכ ארומגעטראָגנ א היפּשע צייט. איינמאָל, אינ א ווינטער-נאכט, נאָכ דער פאָרשטעלונג האָב איכ זיכ פארקליבנ אינ פאָיע פונ טעאטער אינ א ווינקעלע ערגעצ. לאנג בינ איכ געזעסנ פארטיפט אינ מיינע געדאנקענ. עמעצער האָט ארופגעלייגט א האנט אפ מיינ קאָפּ, איכ האָב אופגעהויבנ די אויגנ — פאר מיר איז געשטאנענ מיכאָעלס:

— שוינ א לאנגע צייט שפּיר איכ נאָכ דיר, — האָט ער געזאָגט צו מיר, — זאָג מיר, וואָס קומט מיט דיר פאָר? דערציילֹ, וואָס באומרויקט דיכ?

איכ האָב ניט אויסגעהאלטנ אונ זיכ צעוויינט. מיינ ביטער הארצ האָב איכ אויסגעגאָסנ פאר אים.

מיכאָעלס האָט מיכ אופמערקזאמ אויסגעהערט. אָנגענומענ מיכ בא די הענט, זיכ

אוועקגעזעצט נעבנ מיר אונ לאנג מיט מיר געשמועסט. פאר אָט דער נאכט ביכ איכ דורכ מאמעש א גאנצנ אוניווערסיטעט פונ אקטיאָרישער מײַסטערשאפט. אפ קאָנקרעטע בײַשפילנ פונ מײַנ ארבעט האָט ער מיר דערוויזנ מײַנע פעלערנ, דערקלערט, וויאזוי זיי אויסמײַדנ, געגעבנ צו פארשטײנ די אלגעמיינע פרינציפנ פונ אקטיאָרישער שאפונג. צוגעזאָגט זײַנ האשגאָכע איבער מיר.

אונ פונ דעמ אָוונט אָנ (פונ דאנ אייגנטלעכ האָט זיכ מאקע אָנגעהויבנ מײַנ אקטיאָריש לעבנ) ביז דעמ שוידערהאפטנ טאָג פונ זײַנ אומקום האָט מיכאָעלס אָנגעפירט מיט מײַנ ארבעט, שטענדיק האָב איכ געפילט זײַנ צערטלעכע האנט, זײַנ הארציקע באציִונג. ער האָט מיר ניט נאָר געהאָלפנ מיט זײַנע וויכטיקע, אָלעמאָל טיפע, עכט מיכאָעלסישע, אָנווײַזונגענ, ער האָט מיכ ארײַנגעפירט אינ זײַנ אייגענער שעפערישער לאבאָראטאָריע. פאר מײַנע אויגנ זײַנענ דורכ אלע זײַנע געשטאלטנ אינ אלע סטאדיעס. ער פלעגט זיכ טײלנ מיט מיר מיט אלע זײַנע שעפערישע פלענער. אזוי האָט זיכ געשאפנ דער קאָנטאקט צווישנ אימ אונ מיר אפ דער בינע, אדאנק וועלכנ מיר האָבנ זיכ פארשטאנענ אפנ ווונק, דער שעפערישער קאָנטאקט, וועלכער האָט מיר פארשאפט אזויפיל פרייד, אזויפיל גליק, אזעלכע הערלעכע אומפארגעסלעכע מאָמענטנ...

האָצמאכ אונ די באָבע יאכנע („די קישעפמאכערנ”), אוריִעל אקאָסטא אונ בענ־אקיבא („אוריִעל אקאָסטא”), שימעלע סאָראָקער אונ פאָלאָווייטשיק („200.000”), די באדכאָנימ („באנאכט אפנ אלטנ מארק”), יעיצער־האָרע אונ יעיצער־טויוו („דאָס יצענטע געבאָט”), ביניאָמינ אונ סענדערל („מאסאָעס ביניאָמינ האשלישי”), מענאכעמ־מענדל אונ קאָפאָטע („לופט־מענטשנ”), דער טוביער אונ יאָסעלע באָבצעס („דער טוביער”), יולים אונ סטאניסלאוו („פיר טעג”), מעסיע גרעדאנ אונ אנאטאָל פאָטאס („מיליאָנער, דאנטיסט אונ אָרעמאנ”), קיניג ליר אונ דער לעצ („קיניג ליר”), זיִוול אָוואדים אונ זײַנ זונ מאָטקע („מישפאָכע אָוואדים”). כוץ די שטעלונגענ, וועלכע מיכאָעלס האָט רעזשיסירט אונ אינ וועלכע איכ האָב זיכ באטייליקט. אינ אָט די מײַנע ראָלנ האָב איכ געהאט די זכיִע זײַנ אפ דער בינע לעבנ דעמ גרויסנ שעפער פונ קלאסישע קינסטלערישע סצענישע געשטאלטנ, לעבנ מײַנ לערער אונ כאווער, וועמענס ליכטיקנ אָנדענק איכ וועל מיט דאנקבארקײַט אונ שטאָלצ טראָגנ אינ מײַנ הארצנ ביז מײַנ לעצטנ אָטעמ.

* * *

שוינ אזוי שפעט.

— וויפל א מענטש זאָל ניט זיצנ, מוז ער פאָרט אמאָל אוועקגיינ, — זאָג איכ צו מיכאָעלסנ, — שוינ באלד פיר אזייגער. איר זײַט מיד, לייגט זיכ שלאָפנ.

— אָט ווארט, זיצ נאָכ א ווײַלע. אָט וועל איכ אָנווארעמענ קאווע, מיר וועלנ אויסטרינקענ נאָכ צו גלעזלעכ. ווייסטו וואָס? דערצייל מיר עפעס וועגנ דײַנע קרויווימ, וועגנ דײַנ זיידנ רעב יודענ אונ דער באָבענ, אָדער דײַנ פעטער איצע־פיניענ אונ דער מומענ כאנע־דאָבענ, — בעט מיכ מיכאָעלס.

איכ וויים גאנצ גוט, או דאָס איז א מײַסע אפ לאנג. שוינ וויפל מאָל האָב איכ דערציילט אונ איבערדערציילט, שוינ וויפל מאָל האָב איכ דעמאָנסטרירט מײַנע קרויווימ, יעדערנ מיט זײַנע אָפשניצלעכ,—מײַנע קרויווימ, מיט וועלכע איכ האָב פארבראכט מײַנע קינדער־יאָרנ אינ מײַנ היימשטאָט אינ דער ליטע. מיכאָעלס געדענקט אלע מײַנע קרויווימ מיט זייערע נעמענ אונ צונעמענישנ פונקט אזוי, ווי איכ וויים אלע זײַנע קרויווימ לויט זײַנע דערציילונגענ. נאָר אָפזאָגנ מיכאָעלסנ קאָנ איכ ניט — איכ אלײנ האָב אויכ האנאָע דערפונ. אונ עס הייבט זיכ אָנ א פאָרשטעלונג פאר זיכ אליינ. איכ „שפיל” מײַנ זיידנ אונ מײַנ באָבענ, דערצייל פארשידענע געשעענישנ פונ זייער לעבנ. מיכאָעלס כאפט אונטער — ער איז שוינ דער זיידע, איכ — די באָבע... מיר ביידע אימפראָוויזירנ אונ קענענ זיכ שוינ ניט אָפשטעלנ. איצט „ווײַזט” שוינ מיכאָעלס זײַנ פעטער שימענענ מיט זײַנ פרײַנט, א ייִד א שאדכנ, וועלכער פלעגט קומענ צומ פעטער זיכ מעיאשעוו זײַנ וועגנ אנ איניענ. מיכאָעלס איז דער אָנגעברויגעזטער פעטער, אונ איכ — זײַנ מעקורעוו. ער — אפנ באס, איכ — אפנ דינסטנ טענאָר. אָט די אימפראָוויזירטע שפילנ — אזוינע אומפארגעסלעכע, פונ וועלכע עס האָט מאמעש געשפריצט מיט עמפינדלעכקײַט אונ קינדערישער אומיטלבארקײַט— איז געווענ פאר מיכאָעלסנ (אונ פאר מיר אוודע אונ אוודע) א מינ פארגעניגנ אונ אויכ א נויטווענדיקײַט, אינ די שפילנ פלעגט ער זיכ אויסלאָדנ, זיכ אָפרוענ.

פונ אָט די שפאסנ פלעגט אמאָל ארויסקומענ גאָר גוטע זאכנ. צומ בײַשפיל, רעפעטירנדיק „ביניאָמינ האשלישי”, די סצענע, ווענ ביניאָמינ אונ סענדערל לייגנ זיכ אויסגעמאטערטע אונ הונגעריקע שלאָפנ אפ די הארטע בענק אונ קרעכצנ דערבײַ, האָבנ מיר זיכ דערמאָנט, ווי מיר האָבנ אַנומלטנ געשפילט מײַנ זיידנ אונ מײַנ באָבענ, ווי זיי פלעגנ זיכ לייגנ שלאָפנ אפ זייערע סקריפענדיקע בעטנ... אויכ מיכאָעלסעס פעטערס ניגנ, וועלכנ ער פלעגט, צוזאמענ מיט זײַנ מעקורעוו, זינגענ אינ די יאָמטויווימ באמ טיש, האָבנ מיר אויסגענוצט אינ אונדזערע איטיקע ארויסטרעטונגענ. דער ניגנ איז אפילע דערגאנגענ ביז דער בינע פונעמ מאָסקווער גרויסנ אָפערע־טעאטער, ווו מיר זײַנענ ביידע ארויס־

געטראָטנ מיט א דיאַלאָג אָנ ווערטער, געווידמעט דעמ 15־טנ יאָרטאָג פונ דער סאָוועטישער קינעמאַטאָגראַפיע...

מיכאָעלס — אָט דער גרויסער קינסטלער, טיפער דענקער — איז געווענ א שטיפער. ער האָט ליב געהאַט קינדער, און צווישנ זיי האָט ער זיכ געפילט היימיש ווי א קינד. וויפל מאָל, שפּאַצירנדיק מיט אימ איבער דער גאַס אינ מאָסקווע אָדער אינ אַנדערע שטעט ביים די גאַסטראָלנ, פלעגט ער זיכ אָפּשטעלנ נעבנ א רעדל שפּילנדיקע קינדער און אָנטייל נעמענ אינ זייער שפּיל. אַפילו געבורטסטאָג פונ מיינ עלפיאָריקער טאָכטער האָט מיכאָעלס זיכ געשפּילט מיט די פאַרזאַמלטע קינדער, ער האָט געזונגענ, געטאַנצט, געליענט זיי לידער, פאַבולנ, זיכ פאַרשטעלט פאַר אַנ אַלטיטשקער — מיר אַלע האָבנ געקייכט פונ געלעכטער. די קינדער האָבנ אימ לאַנג ניט אָפּגעלאָזט.

* * *

און אָט איז אונדזער מיכאָעלס שוינ מער ניטאָ מיט אונדז. אַזוי פרי, אַזוי אומדערוואַרט פאַרשניטנ געוואָרנ...

צענדליקער, צענדליקער טויזנטער מענטשנ זיינענ געקומענ אַרויסבאַגלייטנ דעמ טייערנ, אַלעמענ נאָענטנ, דעמ גרויסנ מיכאָעלסנ.

ווענ דעמ אָרנ האָט מענ שוינ אַרויסגעטראָגנ פונ טעאַטער, זיינענ דערנאָכדעמ געקומענ צו אונדז אינ טעאַטער הונדערטער, הונדערטער מענטשנ בייגנ זייערע קעפּ פאַר דעמ אָרט, וווּ דער אָרנ איז געשטאַנענ.

הונדערטער, הונדערטער טעלעגראַמעס און בריוו פונ אַלע עקנ פונ אונדזער גרויסנ סאָוועטישנ היימלאַנד און פונ אַלע ווייטסטע ווינקעלעכ פונ דער וועלט זאָגנ איידעס, ווי דאָס סאָוועטישע פאָלק און די פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכקייט אויסער די גרענעצנ פונ אונדזער לאַנד האָבנ אויפגענומענ די טרויעריקע יעדיע וועגנ דעמ פריצייטיקנ טויט פונ דעמ טרייענ זונ פונ אונדזער פאָלק, דעמ פלאַמיקנ פּאַטריאָט פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ היימלאַנד, דעמ דרייסטנ קעמפער פאַרנ עמעס, דעמ פאַרביסענעמ סוינע פונ בלוטיקנ פאַשיזמ — שלוימע מיכאָעלסנ.

ביים דער לעווייע האָט איינער אַנ אַלטער ייד מיט א פידל אינ האַנט זיכ אוועקגעשטעלט נעבנ א פּלויט און מיט פאַרפראָרענע פינגער געשפּילט — אַזוי האָט ער אַרויסבאַגלייט מיכאָעלסנ...

* * *

מיכאָעלס איז געשטאָרבנ? ניינ. אַזעלכע ווי מיכאָעלס שטאַרבנ ניט. זייער אָנדענק בלייבט לעבנ אייביק.

נ. אויסלענדער

---

# עזראַ פינינבערג

1

עס איז אריבער א יאָר, זינט עזראַ פינינ־בערג איז געשטאָרבנ. אינ זײַנ געשטאַלט, ווי עס האָט זיכ געצייכנט פאַר אונדז פריִער, איז צוגעקומענ א נײַער שטריכ — דער שטריכ פונ אנ אוועקגעגאנגענעמ. אינ זײַנ ליד, ווי מיר האָבנ זי פאַרנומענ פריִער, איז צוגעקומענ א נײַער קלאַנג — דער קלאַנג פונ א לעצטנ אָנזאָג. אינ איינער פונ זײַנע ניט פאַרעפנט־לעכטע לידער שרײַבט עזראַ פינינבערג:

שטיי, דיכטער, אופ!
דעמ לאַנד דעמ העלד
דאָס וואָרט דאָס הייסטע
זאָלסטו שענקענ.
אינמיטנ וועלט א דענקמאָל שטעל,
קינדס־קינדער זאָלנ אַלצ געדענקענ...

פינינבערג האָט געטראָגנ אינ זיכ א מעכ־טיקנ גלויבנ אינ דעמ „לאַנד דעמ העלד", אונ פונקט אזוי מעכטיק איז געווענ זײַנ גלויבנ, אז אַלצ, מיט וואָס עס לעבט דאָס סאָוועטישע לאַנד, דאַרפ פאַרייביקט ווערנ, עס דאַרפ דער־גיינ צו קינדס־קינדער.

די צייכנס פונ בלוט, וואָס טריפט
אַפ טויזנט וועגנ ניט גלאַטע,
דער שמייכל פונ קינד פאַרליבטס —
ווײַטנ טײַערע, גאַט אײַכ,
פאַרפעסטיקט אינ שיינער שריפט...

עס איז ווירקלעכ גרויס דער פאַרנעמ פונ דעמ, וואָס עזראַ פינינבערג האָט „פאַרפעס־טיקט אינ שיינער שריפט", אָבער דאָכ איז ניט אינ דעמ בלויז באַשטאַנענ בא פינינ־בערגנ דער טאָכ פונעמ דיכטערישנ שאַפנ. ניט אינעמ בויענ א דענקמאָל דעמ לעבנ איז גע־ווענ זײַנ גרעסטע פרייד, נאָר אינעמ בויענ דאָס לעבנ גופע. ווו ער זאָל זיכ ניט געווענ געפי־נענ, האָט ער שטענדיק געפילט זיכ אינמיטנ דעמ לעבנ, וואָס האַלט אינ בויענ זיכ.

אונ ס'דאַכט זיכ מיר: אַלוועלט
אינ שלאַכט אונ אינ בויונג
מיט קוילעס מיט העלע
פונ מענער אונ פרויענ
צעקלינגט זיכ, צעזינגט זיכ
אַפ דר'ערד אונ אינ בלויענ:
— דעמ דיכטער אינמיטנ!
דעמ דיכטער אינמיטנ!..

„דעמ דיכטער אינמיטנ" — אינ דעמ איז געווענ פאַר פינינבערגנ דאָס העכסטע געבאָט פונ א סאָוועטישנ דיכטער. דערפאַר האָט ער שטאָלצירט דערמיט, וואָס „שטענדיק איז די ליד אינ מיט פונ די באַגערנ", דערפאַר האָט ער געשריבנ:

שעלטעניש אונ בענטשעניש,
ראַנגלעניש אונ צווית,
אונ דאָס האַרצ דעמ וועלט־מענטשנס
אינ דער סאַמע מיט...

דעמ דאָזיקנ דעוויז פונ זײַנ שאַפנ איז פי־נינבערג געבליבנ טרײַ ביז זײַנ לעצטנ לעבנס־טאָג. זײַנ לעבנס־דערפאַרונג האָט שטענדיק זיכ געריסנ צומ וואָרט, זי האָט געפאָדערט פאַר זיכ אַנ אָרט אינ פינינבערגס דיכטונג, אונ זי האָט דאָס אָרט באַקומענ. אָבער געשענ איז עס ניט מיטאַמאָל. געווענ אזא פעריִאָד — די פריִע שאַפונגס־יאָרנ — ווענ פינינבערג איז נאָכ ניט געווענ אימשטאַנד פולשטענדיק צו באַזינגענ דאָס אַרומיקע לעבנ. ס'איז יענער פעריִאָד, ווענ פינינבערג טרעט אָקאָרשט אַרײַנ אינ דער ליטעראַטור אונ עס דערהערט זיכ זײַנ אופריכטיקע שטימ, וואָס זאָגט: „איכ בינ נאָכ געפענטעט." די דאָזיקע שטימ קלינגט איצט ווײַט, זייער ווײַט, אָבער פאַרהערנ זי טאָרנ מיר ניט, אַנ דעמ לאָזט זיכ ניט באַנעמענ עזראַ פינינבערגס פאַרגאַנצטע געשטאַלט, אונ פונ דעמ גראַדע דאַרפנ מיר אָנהייבנ.

2

דער אָנהייב פונ פינינבערגס דיכטערישער טעטיקײַט צייכנט זיכ אומגעפער אזוי:

זײַנע פריִע לידער זײַנענ אנטשטאַנענ אינ דער צײַט פונ דער ערשטער וועלט־מילכאָמע אונ זײַנענ געווענ פונ איר באַווירקט.

אינ די שפּעטערדיקע יאָרנ האָט פינינ־בערג אינ זײַנ שאַפנ ניט איינ מאָל געוואָרפנ א בליק אָט אַפ יענער צײַט. אינ דער פאָעמע

„קינדהײַט אינ אוקראינע" האָט ער אזוי געשילדערט יענע מילכאָמע־צײַט:

אינ די טײַכנ בלוט,
אינ די איפּעשדיקע גריבער
געוואקסנ איז דער האס,
געוואקסנ איז דער מוט
באַם פאָלק דעמ גיבער,
ס'איז געפלאָסנ אונ געפלאָסנ
אונ אריבער, —
אונ ס'האָט צעלאָזט זיכ איבער פעלדער,
ס'האָט צעלאָזט זיכ איבער וועלדער,
אונ מיט שטימ פונ ריזנ אונ פונ העלדנ
ס'האָט דער וועלט געגומענ מעלדנ:
— זעט! זעט!
א י כ בינ געקומענ!
א י כ האָב די מאַכט גענומענ,
די מאַכט אפ מײַנע דערפער אונ אפ
מײַנע שטעט...

אָט אינ אזא פערספּעקטיוו האָט עזרא פינינבערג שפּעטער אופגענומענ די געשעענישנ פונ דעמ אימפּעריאליסטישנ קריג, וועלכנ דאָס אופגעוואכטע פאָלק האָט פארוואנדלט אינ א רעוואָליוציאָנערנ קריג, אינ א בירגער־קריג. אינ פינינבערגס לידער פונ זײַנ ערשטנ שאפונגס־פעריאָד איז אָט די פערספּעקטיוו ניט געווענ. ס'איז געגאנגענ א יאָר נאָכ א יאָר. די אימפּעריאליסטישע מילכאָמע איז שוינ לאנג געווענ פארבײַ, עס האָבנ שוינ געפלאקערט די שלאכטנ פונ דעמ בירגער־קריג. עזרא פינינבערגס ליד האָט אָנגעהויבנ קריגנ איניקע סימאָנימ פונ שפּעטער געקומענער רײַפקײַט, געפעלט האָט אָבער דעמ דיכטער דאָס קענענ זיכ אָריענטירנ אינ דעמ ווירבער פונ געשעענישנ, דאָס קענענ זענ אינ אלע געשעענישנ די צענטראלע היסטאָרישע פיגור — דאָס „פאָלק דעמ גיבער".

דורכ נעפל, דורכ דרימל קוק איכ דאָס
פאָלק אָנ.
ס'האָט דאָס פאָלק זיכ צעוויגט, ס'האָט דאָס
פאָלק זיכ צעשטורעמט.

אזוי האָט אינ יאָר 1921 געשריבנ וועגנ זיכ עזרא פינינבערג. אונ דאָס איז געווענ א טרעפלעכע אויטאָכאראקטעריסטיק: דורכ נעפל האָט ער דעמלט געזענ דאָס רעוואָליוציאָנערע פאָלק. האָט דעריבער אויכ דער גאנג פונ די רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ זיכ געצייכנט פאר פינינבערגנ אומקלאָר אונ נעפלדיק.

וועג־ניט־וועג פלעגט אינ פינינבערגס דיכטונג פונ יענער צײַט, וואָס איז פאר אימ געווענ א „נעפל"־צײַט, זיכ ארײַנרײַסנ א געוויסע אנטשלאָסנקײַט אונ אנטשיידנקײַט. דאָס האָט זיכ אויסגעדריקט אינ זײַנ באציִונג צו דעמ „זיידנס מיטוואָכ". מיט אָט דעמ „זיידנס מיטוואָכ" האָט פינינבערג באצייכנט די אינערציע פונ אלט־אָפּגעלעבטנ שטייגער, וועלכער האָט נאָכ געפרוווט זיכ פארוקנ אינ די באהאלטענע שפּעלטעלעכ פונעמ נײַעמ לעבנ. פינינבערג האָט מיט לײַדנשאפטלעכנ סארקאזמ אופגעריסנ דאָס אלעס, וואָס האָט געוואָלט גילטנ ווי א מינ טראדיציע פונ אלט־ייִדישקײַט, אלט־פּאָטערישקײַט, אלטפרענקישקײַט. ער האָט געריפנ די „געיארשנטע פענט". געפילט האָט זיכ אינ אזעלכע לידער, אז קיינ זאכ קאָנ ניט אָפּשטעלנ פינינבערגנ אינ זײַנ דראנג צומ נײַעמ לעבנ, אָבער פונקט אזוי האָט זיכ געפילט, אז דער באגריפ וועגנ נײַעמ לעבנ איז בא אימ נאָכ זייער פארנעפלט, אז עס פעלט אימ נאָכ די קלאָרע פאָרויספירנדיקע אידיי, די וועגווײַזערישע געשטאלט.

דערפאר טרעפנ מיר אינ פינינבערגס סטיל פונ יענער צײַט צוויי דורכויס־קעגנזעצלעכע טענדענצנ. מיר זעענ דאָ אי דאָס, וואָס שטויסט פינינבערגנ צו דער סימבאָליסטישער שרײַבמאניר, אי דאָס, וואָס שטויסט אימ אָפּ פונ איר. אָט איז פינינבערג דער דיכטער, וואָס זוכט (אונ געפינט אָפּטמאָל) דעמ וועג צו דער ווירקלעכקײַט. אונ אָט איז עס א דיכטער, וואָס פארבלאָנקעט אפ אנדערע וועגנ, וועלכע פארלויפנ ערגעצ אויסער צײַט אונ רוימ, אויסער דער ווירקלעכקײַט. אָט די טענדענצנ קאָנענ, פארשטייט זיכ, ניט צוזאמענלעבנ פרידלעכ, זיי געפינענ זיכ אינ א שארפנ געראנגל, אָבער אזוי לאנג ווי פינינבערגס באוווּסטזײַנ איז נאָכ געווענ באהערשט פונ אידעאליסטישנ נעפל, האָט דער געראנגל קיינ פּאָזיטיווע אנטשיידונג באקומענ ניט געקענט.

אָט דער „נעפל" אינ פינינבערגס שאפנ האָט פאָרט לאנג ניט געקענט דויערנ. צו גרויס איז געווענ פינינבערגס פילבארקײַט צו דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, האָט די דאָזיקע ווירקלעכקײַט אינגיכנ טאקע באוויזנ איר גרויסע דערציִערישע קראפט: זי האָט ארויסגעריסנ דעמ דיכטער פונעמ „נעפל".

ווי גרויס איז די אומוואנדלונג, וואָס קומט דעמלט פאָר אינ פינינבערגס דיכטונג! פאר זײַנע אויגנ שטייענ אלצ נאָכ די געשעענישנ פונ דעמ ניט לאנג פארענדיקטנ בירגער־קריג. אָבער דאָס מאָל איז דאָס שוינ פאר אימ ניט קיינ צײַט פונ מעהומע, נאָר א צײַט פונ שלאכט. אונ אזוי רופט ער מאקע אָנ זײַנ פּאָעמע וועגנ בירגער־קריג: „שלאכט בא מאכנאָווקע".

קיינ געשטאלטנ האָט אינ דער פּאָעמע פינינבערג ניט געצייכנט, ער האָט ניט אָנגערופנ באמ נאָמענ איינצלנע אָנטיילנעמער פונ דער שלאכט, דערפאר אָבער האָט ער דאָ צומ ערשטנ מאָל אָנגערופנ באמ נאָמענ די קלאסנ, וואָס באטייליקנ זיכ אינ דער שלאכט. אונ דאָס איז געווענ די פרוכטבארסטע ווענדונג אינ פינינבערגס שאפנ. דאָס האָט אימ געעפנט די אויגנ אפ דעמ עמעסנ גאנג פונ געשיכטלעכנ פּראָצעס, אפ דער עמעסער באוועג־קראפט פונ דעמ דאָזיקנ פּראָצעס.

אינ יאָר 1924 שרײַבט אָנ פינינבערג צוויי

קליינע פּאָעמענ, וואָס זײַנענ פֿאַרבונדנ מיט לענינס נאָמענ („טעלעגראַמעס", „זאַנגענ"). פינינבערג וואַגט נאָך דעמלט ניט צו שילדערנ לענינס געשטאַלט. עס פיגורירט בלויז לענינס נאָמענ, אָבער אויך אפֿ אַזאַ אופֿנ גיט זיך אײַנ דעם דיכטער צו ווײַזנ, ווי די לענינ-געשטאַלט לעבט אינ די ברייטע פֿאָלקס-מאַסנ, זי לעבט דאָ, די לענינ-געשטאַלט, ווי די פֿאַרקערפּערונג פֿונ דער קאָמוניסטישער אידיי, וואָס טראָגט באַפֿרײַונג פֿאַר אַלע אונטערדריקטע, זי לעבט דאָ אויך ווי די פֿאַרקערפּערונג פֿונ דער קאָמוניסטישער מאָראַל, אינ וועלכער דאָס פֿאָלק דערקענט זיך אַליינ, דערקענט דאָס שענסטע אונ בעסטע, נאָך וואָס ס'האָט אינ מענטשנ פֿונ דורות געגאַרט דאָס גרויסע פֿאָלקס-געוויסנ.

אינ עזרא פינינבערגס קליינע פּאָעמעס באַמערקט זיך, אַז אים ציט צו באַזונדערס שטאַרק אָט דער מאָראַליש-עטישער אַספּעקט פֿונ דער שילדערונג. אַזאַ איז ער אויך אינ אַנדערע ווערק פֿונ יענער צײַט. אומעטום שטעלט ער דעם טראָפּ אפֿ דעם עטישנ מאָמענט, שטענדיק איז זײַנ בליק געווענדט צו די שעפֿער פֿונ דער נײַער מאָראַל, וואָס פֿורעמט זיך אינ דער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט. פינינבערגס דיכטונג הייבט אָנ אַלצ מער זיך פֿאַרפֿעסטיקנ אפֿ דעם באָדנ פֿונ רעאַליזמ, אונ דאָס איז געווענ דער זיכערסטער באַווײַז, אַז די „נעפּל"-צײַט אינ פינינבערגס שאַפֿנ איז ענדגילטיק פֿאַרבײַ.

3

פינינבערג איז אַ לײַדנשאַפֿטלעכער באַזינגער פֿונ סאָוועטישע שטעט. מאָסקווע, לענינגראַד, קיִעוו — יעדע פֿונ אָט די שטעט טרעט דאָ אויפֿ ווי דער זאַמלפּונקט פֿונ אַ גאַנצער ריי מאָטיוונ, — די גרונט-מאָטיוונ פֿונ פינינבערגס שאַפֿנ.

מאָסקווע, די וועלט-שטאָט, ווו פינינבערג דערפֿילט דעם אָטעמ פֿונ וועלט-געשיכטע, אונ מאָסקווע, די לײַבלעכ-נאָענטע הויפּטשטאָט פֿונ דער סאָוועטישער ערד, אונ ווידער די מאָסקווע, וואָס איז אײַנגעקריצט אינ דער אייגענער לעבנס-געשיכטע פֿונעמ דיכטער — אָט דאָס אַלעס פֿלעכט זיך איבער אינ פינינבערגס שילדערונג פֿונ מאָסקווע. איינע פֿונ פינינבערגס לידער וועגנ מאָסקווע הייסט: „באַ די קוואַלנ". אינ דער ליד לייענענ מיר:

כ'גיי באַ די קוואַלנ אומ
אונ פֿאָרש דעמ באָדנ,
דעמ קראַפֿט-באַגינ,
דעמ ערשטנ טראָט.

דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַלע שטאָט-שילדערונגענ באַ פינינבערגנ. זעלטנווענ איז צו טרעפֿנ באַ אים אַ ליד וועגנ מאָסקווע, וועגנ לענינגראַד, וועגנ קיִעוו, ווו ער זאָל ניט „פֿאָרשנ דעמ באָדנ", ווו ער זאָל ניט ווענדנ זײַנע בליקנ צו די היסטאָרישע קוואַלנ פֿונ דער קראַפֿט, וואָס עס האָט אַנטפּלעקט אינ זיך דאָס סאָוועטישע פֿאָלק. ער מאַכט ברייטע היסטאָרישע סאַכאַקלענ, וואָס פּאַסנ אײַנ די שטאָט-שילדערונג אינ אַ רײַכנ היסטאָרישנ קאָלאָריט. אונ דאָך ליגט ניט אינ דעמ די קראַפֿט פֿונ די דאָזיקע שטאָט-שילדערונגענ. זייער הויפּט-קראַפֿט ליגט ניט אינ דער שטאָטס פֿאַרגאַנגענהײַט, נאָר אינ דער שטאָטס קעגנוואַרט.

זע איך גוט מײַנע שטעט:
בלוט אונ פֿלייש, ניט געשלייערט אינ שקיִעס,
ווער סע זאָגט, אַז ס'איז זייער שפּעט,
מײַנ איינציק האַרצ זאָגט: זייער פֿרי איז!
ס'איז זייער פֿרי, אונ לײַכט איז דער שפּאַנ
פֿונ נײַע שטאַמענ, יונגע שוואָטימ...

אַזוי קומט עס פֿאָר באַ פינינבערגנ שטענדיק: אינ צענטער פֿונ דער שטאָט-שילדערונג ווערט געשטעלט דער נײַער מענטש. עס באַווײַזט זיך אַ געשטאַלט נאָך אַ געשטאַלט, עס שטעלנ זיך אַוועק פֿאַר אונדזערע אויגנ די „נײַע שטאַמענ, יונגע שוואָטימ", אונ פֿונ דער שטאָט-שילדערונג גייט שוינ פינינבערג איבער צו לאַנד-שילדערונג.

פינינבערג האָט געשאַפֿנ זײַנ אייגנאַרטיקע פֿאָרמ פֿונ לאַנד-שילדערונג, אינ איר איז פֿאַראַנ אַ ברייט געמעל פֿונ שטאָט אונ אויסער-שטאָט, פֿאַראַנ דאָ קאָלאָריט פֿונ באַשטימטע געגנטנ, פֿאַראַנ אַ סאַכ נאַטור-שילדערונג, אונ דאָס אַלעס ווערט קאָנצענטרירט אַרומ אײנ הויפּט-מאָטיוו: לאַנד-באַפֿרײַונג. אי דאָס נאַטור-געמעל, אי דאָס מענטשנ-געמעל זינגענ דאָ דעמ טריומפֿ פֿונ דער לאַנד-באַפֿרײַונג.

אונ אַרומ אונ אַרומ איז די לענג אונ די ברייט,
די לענג אונ די ברייט אונ די פֿרײַהייט...

עס טרעפֿט: אינ אָט דעמ טריומפֿ-געזאַנג פֿונ דעמ באַפֿרײַטנ לאַנד רײַסט זיך מיטאַמאָל אַרײַנ די גרויזאַמע ליד וועגנ דער צײַט פֿונ בירגער-קריג, וועגנ די „גליִענדיקע פֿערקאָפּנ", ווו עס האָבנ אָפּגעגעבנ זייער לעבנ אַ סאַכ זינ פֿונ דעמ סאָוועטישנ פֿאָלק. דאָס איז אַלעמאָל דער מאָמענט פֿונ העכסטער שפּאַנונג אינ פינינבערגס לאַנד-שילדערונג. פֿאַרנ דיכטערס אויגנ באַווײַזנ זיך די געשטאַלטנ פֿונ די געפֿאַלענע.

פֿונ אַלע פֿעלדער, פֿונ ווײַט אונ נאָענט.
אַזויפֿיל אייגענע, אַזויפֿיל אירע,
אַזויפֿיל כאַווײרימ קומענ אָנ...

אינ אַזעלכע מאָמענטנ זעט מענ, אַז פינינבערג איז אַ דיכטער מיט אַ שאַרפֿנ זיקאָרנ פֿאַר טראַגישע סיטואַציעס. פינינבערגס זיקאָרנ באַרירט מיט אַנ אומגעוויינלעכער בולטקײַט דאָס בילד פֿונ מענטשנ-אומקומ: אי דעמ אומקומ פֿונ די „זעקס כאַווײרימ", וועמענ ער האָט געווידמעט אַ באַזונדערע ליד, אי דעמ אומקומ פֿונ דעמ העלד פֿונ קיִעווער אָקטיאַבער-אופֿשטאַנד, וועמענ די פּעטליוּרישע הײַדאַמאַ-

סעמ האָבנ „צעשטאָכנ אונ צעהאַקט", אי דעמ אומקומ פונ דעמ מיידל דעמ רויטנ קאָמאַנדיר, וועמענ „סאָנימ שווארצע" האָבנ

...געשלעפּט באַ די צעפּ,
אונ געהאַקט די הענט,
זי אַפּ אש פאַרברענט...

פּינינבערג פּילט די נאָענטקייט פונ אָט די נעפאַלענע קריגער, ער פּילט אַפּ זיכ זייער בליק, אינ וועלכנ עס לויכט די דערפאַרונג פונ דער גרויזאַמער שלאַכטנ־צייט. וועט אונטער דעמ בליק פונ די דאָזיקע אויגנ ניט אַנשווינגנ ווערנ פּינינבערגס טריומפ־געזאַנג פונ דער לאַנד־באַפרייונג? ניינ, דאָס געזאַנג ווערט ניט אַנשווינגנ. פּינינבערג נעמט אַריינ אינ זיינ געזאַנג די טראַגישע מאָטיוונ, אָבער אַלס העלדיש־טראַגישע מאָטיוונ. ער שילדערט ניט סתמ מענטשנ־אומקומ — ס'איז העלדנ־אומקומ.

אונ דאָס איז דער מאָמענט, ווענ עזראָ פּינינבערג, א דיכטער מיט אזא שאַרפנ זיקאָרנ פאַר דאָס טראַגישע, איז גויוועראינ זיכ אָט דאָס טראַגישע, ער באַלויכט עס מיט דער שיינ פונ דער העלדישקייט, ער באַהעפט עס מיט דער העראָיק.

אינ פּינינבערגס לידער וועגנ דער בירגער־קריג־צייט איז פאַראַנ ניט בלויז דער צוריקבליק, נאָר אויכ דער פאָרויסבליק, אינ פּינינבערגס ליד דערהערט זיכ דעמלט א נייער טאָנ. איר פאַרנעמט דאָ א מינ דיאַלאָג מיט דעמ כאַווער, וואָס האָט געלייגט זיינ קאָפּ באַ די „גליענדיקע פּערעקאָפּנ". בלייבנדיק אויג אַפּ אויג מיט אָט דעמ העלד פונ דער פאַרגאַנגענהייט, רעדט מיט אימ פּינינבערג וועגנ די העלדנ פונ דער צוקונפט:

מיר האָבנ ניט געוווסט קיינ פיבער אונ
קיינ פאָרכט,
מיר האָבנ שוינ געשאָנקענ, מיר וועלנ
שענקענ נאָכ.
אונדזער ליבשאַפט דויערט, אונדזער
טריישאַפט בלייבט.

אָט אזוי פירט עזראָ פּינינבערג זיינ דיאַלאָג מיט די העלדנ פונ דער בירגער־קריג־צייט, דער דאָזיקער דיאַלאָג האָט געשאַפנ דעמ גרונט־אינהאַלט פונ פּינינבערגס פּאָעמע וועגנ אָשער שוואַרצמאַנענ. אונ טאַקע דאָרט טרעט עס אַרויס אזוי בוילעט די עוואָליוציע, וואָס עס מאַכט דורכ באַ פּינינבערגנ דאָס געזאַנג וועגנ „לאַנד אונ ליבשאַפט", ליב האָבנ דאָס סאָוועטישע לאַנד הייסט היטנ דאָס לאַנד. היטנ דאָס לאַנד הייסט וואַכ זיינ, שטענדיק וואַכ זיינ — אָט מיט דעמ וועג גייט פּינינבערגס געדאַנקענ־גאַנג, אונ דאָס ברענגט אימ צו דער ליד וועגנ וואַכ זיינ.

די ליד וועגנ וואַכ זיינ איז ניט קיינ איינציקע ליד באַ פּינינבערגנ, דאָס איז, קאָנ מענ זאָגנ, א גאַנצער דיכטערישער זשאַנר. אינ דעמ זשאַנר גייענ אַריינ לידער אַפּ גאָר פאַרשיידענע מאָטיוונ. פאַראַנ דאָ לידער, וואָס אינ גרונט פונ זיי ליגט דער געפיל פונ „גרענעצ" אונ „כילעק צווישנ לענדער". אזא איז די ליד צומ דיכטער מוישע־לייב האַלפּערנ, אזא איז די ליד „אַנ ענטפער", געווענדעט צו א ייִדישער דיכטערנ אינ אויסלאַנד, אזא איז די ליד „וואָס האָט איר געבראַכט?", געווענדעט צו איינציקע געקומענע „פונ יענער זייט גרענעצ". אזא איז די ליד „אַנ ערד אַנ אַנדערע", ווו פּינינבערג שילדערט די „אַלט־אייראָפּע־ערד פונ אָסוואַלד שפּענגלערנ". אומעטומ טרעט דאָ פּינינבערג אויפ מיט דער שאַרפסטער דעמאַסקירונג, אומעטומ רייסט ער אַראָפּ די דעקטוכ פונ דעמ אזוי גערופענעמ „מיירעוו־גלאַנצ".

די סאַטירע, וואָס אַנטבלויזט דעמ „כילעק צווישנ לענדער", ווערט א גרונט־שטריכ פונ פּינינבערגס ליד וועגנ וואַכ זיינ. אָבער דערמיט ווערט נאָכ קלאַל ניט אויסגעשעפּט די כאַראַקטעריסטיק פונ דעמ זשאַנר. די ליד וועגנ וואַכ זיינ איז א ליד קעגנ שוואַכ זיינ: ס'איז א ליד קעגנ שוואַכמוטיקייט אונ שוואַכגלויביקייט.

מיינ נעכטיקע,
מיינ רעגנדיקע שוואַכקייט
איז אונטער וואַכ זיינ הייטיקנ
צעקלאַפּט.

אזוי הייבט זיכ אָנ באַ פּינינבערגנ די ליד, וואָס איז באַצייכנט מיט דעמ נאָמענ „ליד וועגנ וואַכ זיינ". דאָס קאָנ דינענ ווי אַנ אַריינפיר אינ דעמ גאַנצנ ציקל לידער אַפּ דער טעמע. אָנהייבנ הייבט אָנ עזראָ פּינינבערג פונ זיכ; אונ ערשט נאָכ דעמ, ווענ ער פּילט זיכ אינגאַנצנ פריי פונ יעטווידער „רעגנדיקער שוואַכקייט", דעמלט גלייבט ער, אז ער האָט דאָ רעכט זיכ ווענדנ צו אַנדערע מיט דער ליד וועגנ וואַכ זיינ. דאָס גיט צו זיינ ליד א אינערלעכע פעסטקייט אונ א גרויסע דערציִערישע קראַפט.

אינ פּינינבערגס שאַפנ איז פאַראַנ א גאַנצער פּעריאָד (אַנ ערעכ 1929—1939), ווענ די ליד וועגנ וואַכ זיינ ווערט דער גרונט־זשאַנר פונ זיינ דיכטונג. צו וואָס פאַר א טעמע פּינינבערג זאָל דעמלט זיכ ניט נעמענ, קומט אויפ דער לייטמאָטיוו: וואַכ זיינ. דאָ הערט זיכ דער אָפּקלאַנג פונ א פּראָצעס, וואָס קומט דעמלט פאָר אינ דער טיפעניש פונ די מאַסנ, אזא פּראָצעס, ווענ גאָר ברייטע מאַסנ באַ אונדז אינ לאַנד האָבנ גענומענ דערציִענ אינ זיכ די וואַכזאַמקייט, אַלס א פאָלקס־פליכט, א פאָלקס־אייגנשאַפט. דערפאַר האָט דער זשאַנר פונ דער ליד וועגנ וואַכ זיינ אזוי שטאַרק צוגעצויגנ עזראָ פּינינבערגנ. אַלע מיטלענ פונ זיינ רייכער וואָרט־קונסט איז ער גרייט געווענ צו פאַרווענדנ דערופ, אז די וואַכזאַמקייט זאָל ווירקלעכ ווערנ א פאָלקס־אייגנ־

שאַפט. דאָס מאָל רעדט שוינ פינינבערג ניט מיט דער שפּראַכ פונ סאַטירע, ער געפינט אינ דער לירישער שפּראַכ אַזעלכע טענער, וואָס קאָנענ מאָביליזירנ דעמ מענטשנ, פאַרשטאַרקנ זײַנ ווילנ, זײַנ ווידערשטאַנדס-קראַפט, זײַנ וואַכזאַמקײט.

פאַראַנ באַ פינינבערגנ א סעריע לידער, וואָס גרופּירנ זיכ ארומ דער טעמע „אײנציקע אײנע". דאָס זײַנענ אינטימ-לירישע לידער. אָבער אויכ אַזעלכע לידער גײענ אָפּטמאָל אַרײַנ אינ דעמ זשאַנר, וואָס הײסט באַ פינינבערגנ די ליד וועגנ וואַכ זײַנ. אויכ אינ דער אינטימ-לירישער ליד הערט זיכ דער רופ:

פאַרשטײַפ דאָס אויג,
פאַרשטײַפ דאָס הארצ,
פאַרשטײַפ דאָס פּאָנעמ:
די קריגנ דויערנ,
אונ ס'דרימלענ ניט די סאָנימ...

4

די פאָטערלענדישע מילכאָמע האָט געטראָפנ עזרא פינינבערגנ אינ יענעמ שאַפונגס-פעריאָד, ווענ דיכטער האַלטנ געווײנלעכ שוינ באַמ פאַרפעסטיקנ די פריער געפונענע אײגנאַרט זײערע, ווענ אָט דאָס פריער געפונענע הײבט אָנ גילטנ ווי די אײנציקע מאָס פונ אַלע זײערע דיכטערישע מעגלעכקײטנ. מיט עזרא פינינבערגנ האָט עס אַזוי ניט געטראָפנ. דאָס אַלעס, וואָס ס'האָט זיכ אָנגעזאַמלט אינ פינינבערגס דיכטערישער דערפאַרונג פונ די פריערדיקע יאָרנ, האָט געשאַפנ דעמ באָדנ, אויפ וועלכנ פינינבערג האָט געבויט זײַנ מילכאָמע-דיכטונג, אָבער געבויט האָט ער עס מיט גאָר נײַע קויכעס אונ נײַעמ שאַפונגס-ווילנ, איז קײנ וווּנדער ניט, וואָס דאָס געבײַ האָט זיכ דערהויבנ אַזוי הויכ, אַזוי נײַ...

דו טראָג מיכ, שלײַדער מיכ,
דו, שטורעמ פונ געשיכטע...

אַזוי האָט עזרא פינינבערג געשריבנ קורצ פאַרנ סאַמע אָנהײב פונ דער פאָטערלענדישער מילכאָמע. שפּעטער, ווענ דער „שטורעמ פונ געשיכטע" איז שוינ געווענ אינ פולנ גאַנג, האָט פינינבערג דעמ דאָזיקנ שטורעמ באַגעגנט „אינ סאַמע פײַער", אויפנ שלאַכט-פעלד, אונ טאַקע דעמלט נאָכ האָט ער גענומענ זוכנ דאָס נײַע דיכטערישע וואָרט, וואָס זאָל אַנטשפּרעכנ זײַנ נײַער לעבנס-דערפאַרונג. ער האָט דערבײַ אויפ קײנ רגע ניט פאַרגעסנ, אַז זײַנ דערפאַרונג איז די דערפאַרונג פונ מיליאָנענ סאָוועטישע מענטשנ, וואָס געפינענ זיכ אויפנ זעלבנ שלאַכט-פעלד.

א זעלטענע שטאַרקײט אונ קאָנצענטרירטקײט פילט זיכ אינ פינינבערגס מילכאָמע-דיכטונג. דאָסראָוו לידער זײַנענ קאָנצענטרירט ארומ פאַקטנ, גרויסע היסטאָרישע פאַקטנ. קײנמאָל, אינ פאַרלויפ פונ זײַנ גאַנצער דיכטערישער אַנטוויקלונג, איז פינינבערג ניט געווענ אַזוי טרײַ דעמ פאַקט. קײנמאָל איז ער ניט געווענ אַזוי פאַרגלײבט, אַז אינ דער טרײַהײט צומ היסטאָרישנ פאַקט ליגט די קראַפט פונעמ דיכטער. אָבער אינ פינינבערגס מילכאָמע-לידער שטײט פאַר אונדז ניט בלויז דער פאַקט, נאָר אויכ דער שעפער פונעמ פאַקט, מע זעט, ווי דער סאָוועטישער מענטש באַהערשט דעמ לויפ פונ די געשעענישנ. באַזונדערס קאָנטיק איז עס אינ דעמ באַדײַטנדיקסטנ פונ פינינבערגס מילכאָמע-ווערק — אינ דער פּאָעמע „אינ וואַלד".

קײנ סוזשעט אינ אײגנטלעכנ זינענ פונ וואָרט איז דאָ ניטאָ, ס'איז א פּאָעמע וועגנ דעמ, ווי א דיוויזיע האָט זיכ געגרײט צו שלאַכט, א פּאָעמע, ווו איר פאַרנעמט

די שטומעניש פונ פופצנ טויזנט קריגער-אירע
פאַר דער שלאַכט, אינ וואַלד, אינ ברענענדיקער קרירע...

פינינבערג איז דאָ ביז גאָר קאַרג אויפ ווערטער, ער ברענגט ניט אויס קײנ איבעריקנ זאַצ, אָבער דער גרונט-זאַצ איז דאָ פאַראַנ: איר האָט דאָ פאַר זיכ א געשטאַלט פונ „פופצנ טויזנט קריגער-אירע", אונ אינ דער מאַסנ-געשטאַלט איז פאַרקערפּערט דער שעפער פונ גרויסנ היסטאָרישנ פאַקט.

די אײגנאַרט פונ דער פּאָעמע באַשטײט דערינ, וואָס אויכ דאָס מאָל פאַרבלײַבט פינינבערג א ליריקער. ער גיט די ליריק פונ דעמ גרויסנ מאַסנ-געמיט, אונ אָט דער מאַסנ-געמיט שטעלט זיכ אַוועק אינ צענטער פונ פינינבערגס מילכאָמע-דיכטונג. פינינבערג יאָגט זיכ דערבײַ ניט נאָכ דער ספּעציעלער לעקסיק פונ דער מאַסנ-שפּראַכ, ער ווענדט ניט אָנ קײנ באַזונדערע מיטלענ, קעדײ אונטערצושטרײַכנ, אַז ער גיט איבער א מאַסנ-שטימונג, אָבער די שטימונג לעבט פּאָרט ווי א מאַסנ-שטימונג, אינ איר פילט זיכ די שטימ פונ גאַנצע פאָלקס-שיכטנ, וואָס האָבנ דעמ ווילנ צומ זיג אונ אויכ די נײטיקע קראַפט אויפ צו פאַרווירקלעכנ אָט דעמ ווילנ.

פינינבערגס מילכאָמע-דיכטונג רעדט צו אונדז ניט בלויז מיט דער שפּראַכ פונ די „פופצנ טויזנט קריגער-אירע", נאָר אויכ מיט דער שפּראַכ פונ דעמ אײנצלנעמ קריגער. פינינבערג, דער דיכטער, וואָס הערט שטענדיק: „מײַנ מאַכנע רופט!", באַשטײט דערויפ, אַז אינ דער שטימ פונ דער „מאַכנע" זאָל ניט פאַרלאָרנ גײנ די שטימ פונ דעמ אײנצלנעמ. אונ די דאָזיקע שטימ ווערט טאַקע ניט פאַרלאָרנ אינ פינינבערגס בוכ „פונ שלאַכט-פעלד". איר זעט דאָ דעמ אײנצלנעמ מענטשנ, דאָס לעבנ פונ זײַנ געמיט, וואָס רופט זיכ איבער מיט דעמ מאַסנ-געמיט. דער אײנצל-פּאָרטרעט, ווי דער מײַסטעריש-געצײכנטער פּאָרטרעט פונ א. גורשטײנ, מ. כאַשטשעוואַצקינ, ווערט א טײל פונ דעמ

גרויסן מאסן־פּאָרטרעט, וואָס פינינבערג צייכנט אין דעם בוך.

אָבער באַלד ווענדעט זיך ווידער פינינ־בערגס אופמערקזאַמקייט צו דער „גאַנצער מאַמע", אין זיין ליד דערהערט זיך ווידער די שטים פונעם גאַנצן סאָוועטישן לאַנד.

און עס צעקלינגט מיין לאַנד זיך מיט דער
העלסטער העלקייט,
און עס צעזינגען זיך אין לאַנד מיינעם
די פעלקער.
אוקראַינע זינגט, ס'זינגט טורקעסטאַן
און ס'זינגט קאַווקאַז.
זאָל, פיינט, דיך פעלטן אונדזער פרייד,
ווי אונדזער האַס.

צווישן די שטימען פון פאַרשיידענע סאָ־וועטישע פעלקער, וואָס לאָזן זיך הערן אין פינינבערגס מילכאָמע־ליד, קלינגט מיט א באַזונדערער דײַטלעכקייט — דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך — די שטים פון דעם ייִדישן פאָלק. די דאַזיקע שטים האָט איר אייג־קלאַנג מיט די שטימען פון אַנדערע סאָ־וועטישע פעלקער, זי טרעפט זיך צונויף מיט אַט די אַלע שטימען ניט בלויז אין דעם טרויער־קלאַנג נאָך די אומגעהייערע פאַר־לוסטן, נאָר אויך אין דעם קלאַנג פון דעם מעכטיקן אָפּטימיזם און גלויבן אין דער אומפאַרמיידלעכקייט פון אונדזער ניצחון. דער איבערוף פון פעלקער־שטימען גיט צו א באַזונדער קראַפט די לידער, ווו מיר הערן בא פינינבערגן די שטים פון ייִדישן פאָלק, די שטים, וואָס זאָגט:

דאָס פאָלק, וואָס קיינמאָל ווערט ניט אַלט,
דאָס פאָלק דאָס קיינמאָל ניט פאַרמאַטערטס—
צום שלאַכט־פעלד גייט אַוועק דאָס לאַנד
ראַסיי
און מיר אין דיי, אין סאַמע מיטן ריי...

אַט דער שטאָלץ פון גיין אין „סאַמע מיטן ריי" מיט די העראָישע פעלקער, וואָס קעמפן קעגן דעם וועלט־פאַשיזם, דרינגט אַריין אין די לידער, ווו עס ווערט געגעבן דאָס בילד פון די אומגעהייערע פאָלקס־ליידן — און אַזוי גייען זיי באַנאַנד: דער צאַר פון די פאָלקס־ליידן און דער שטאָלץ מיט דער פאָלקס־העלדישקייט.

פינינבערג האָט מיט גרויס אָנשטרענגונג געזוכט דאָס ריכטיקע וואָרט, קעדיי איבער־צוגעבן אַט־אָ די צוויי גרויסע געפילן, וואָס לעבן איצט אינעם געמיט פון אונדזער פאָלק.

5

עזרא פינינבערגס שאַפונגס־וועג ליגט איצט פאַר אונדזערע אויגן, פונקט ווי זיין לעבנס־וועג, א פאַרענדיקטער, א פאַרסאַכאַקלטער. זעען מיר: ס'איז געווען א וועג, וואָס האָט געפירט דורך א צייט פון גרויסע היסטאָרישע דערשיטערונגען. עזרא פינינבערג האָט גע־וווּסט, אז זיין א דיכטער פון אַזאַ שטרייט־פולער עפּאָכע הייסט קיינמאָל ניט אָפּוווענדן זיך פון אַט די שטרייטן, זיין א ריכטער אין דעם „שטורעמס פון געשיכטע" הייסט שאַפן דאָס שטורעם־וואָרט. און אַט דאָס וואָרט האָט עזרא פינינבערג געזוכט.

אין א ליד, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם 19־טן יאָרהונדערט, האָט פינינבערג געשריבן:

מיר זיינען אופגעגאַנגען
און קינדערש־ליכטיק זיך צעשמייכלט
אין א גרינעם קאַנט באַם אָפּפלאַמען
פון איינעם א יאָרהונדערט.
און אוועקגעשפּאַנט
אין גאָר דער וועלט
מיט דעם יאָרהונדערטס וווּנדן
און מיט זיינע וווּנדער.

פינינבערג האָט דאָ טרעפלעך באַצייכנט די שטענדיקע פאַרבן־שפּיל, וואָס מיר זעען אין זיינע לידער: „וווּנדן" און „וווּנדער". א דיכ־טער, וואָס איז אַזוי שטאַרק באַשטאַנען אַף זיין רעכט צו זען דעם „וווּנדער", האָט פינינבערג אין דער זעלבער צייט ניט אָפּגע־ווענדט זיינע בליקן פון די „וווּנדן".

„דעם יאָרהונדערטס וווּנדן" — דאָס איז בא פינינבערגן א דורכויס נעגאַטיווער באַ־גריף, ס'איז דאָס, וואָס מוז באַקעמפט ווערן, פאַרניכטעט ווערן, אויסגעראָטן ווערן. און פונדאַנען נעמט זיך די ערשטע פונקציע פון דעם שטורעם־וואָרט בא פינינבערגן: ס'איז דאָס פאַרניכטנדיקע וואָרט, און פינינבערג פאַרמאָגט אַזא סאַטיריש־פאַרשאַרפט עפּיגראַ־מאַטיש וואָרט.

דער איבערגאַנג בא פינינבערגן פון די „וווּנדן" צו די „וווּנדער" באַטייט דאָ קלאָר ניט קיין איבערגאַנג פון איין סטיל צו א צווייטן, דאָס זיינען עלעמענטן פון איין סטיל. אין דעם סטיל לעבן צוזאַמען, ווי פינינבערג האָט זיך אויסגעדריקט אין דער אויבן ציִ־טירטער ליד, „שעלטעניש און בענקעניש, ראַנגלעניש און צוויט", דאָ זיינען באַצייכנט די צוויי גרונט־עלעמענטן פון פינינבערגס סטיל, וועלכע לאָזן זיך ניט דענקען באַזונ־דער. און דאָך וואָלט זיין א טאָעס צו מיי־נען, אז אַט די גרונט־עלעמענטן זיינען גלייך־באַרעכטיקט אין פינינבערגס סטיל. ניין, פי־נינבערג באַשטייט דערויף, אז דער פּרימאַט אין זיין ליד געהערט דער „בענקשעניש", דאָס הויפּט־אָרט אין זיין שילדערונג פאַר־נעמען ניט די „וווּנדן", נאָר די „וווּנ־דער". דאָס פירנדיקע וואָרט איז בא אים דאָס פּאַטעטישע וואָרט. קיין שום גלייך־באַרעכטיקונג וויל פינינבערג אין דעם פּראַט ניט דערלויבן — דערויף איז ער דאָך א סאָוועטישער דיכטער, א דיכטער פון דעם לאַנד, ווו די ווירקלעכקייט ווערט פון טאָג צו טאָג באַשטראַלט מיט דעם וווּנדער פון דער סאָציאַליסטישער לעבנס־באַנייונג.

עזרא פינינבערג האָט געשאַפן א רייכע

פאטעטישע שפראכ. די אייגנארט פונ פינינבערגס שפראכ באשטייט דעריב, וואס זי באווייזט ניט בלויז די אנטשטייונג פונ א געפיל. פינינבערגס דיכטונג קומט מיט מעכטיקע געפילנ, וואס קאנענ דויערנ, אונ ער באווייזט, וויאזוי זיי דויערנ. דאס געפיל וואקסט, עס אנטוויקלט זיכ, אונ ווייל אט די אנטוויקלונג קומט פאר אפנ באדנ פונ דער קאנקרעטער ווירקלעכקייט, דערפאר לאזט זיכ ניט אויסמיידנ די „טויזנט וועגנ ניט גלאטע", ווי דער דיכטער דריקט זיכ אויס, אבער פינינבערג איז גארניט אויסנ עפעס אויסצומיידנ. פינינבערגס פאטעטיק גייט דורכ אלע אט די „טויזנט וועגנ ניט גלאטע", אונ זי פארלירט דאכ ניט איר שטאנדהאפטיקייט, זי בלייבט טריי זיכ אליינ.

נאכ אינ די 20-ער יארנ האט אינ פינינבערגס ליד זיכ דורכגעריסנ:

נו, דו, דער רועכ זאל נעמענ דיכ. זע: מיר
זיינענ אויבנ.
אנגעקומענ, דורכגעקומענ, בייגעקומענ אלע
שטויבנ.

עס גייט דורכ צענ יאר. אינ 1936 דערשיינט פינינבערגס בוכ „זינגעוודיק", אונ דא געפינענ מיר שוינ א גאנצנ ציקל לידער אונטערנ נאמענ „כ'האב עס בייגעקומענ". „אנגעקומענ, דורכגעקומענ, בייגעקומענ" ווערט דער גרונט-זאצ פונ פינינבערגס ליריק.

„בייגעקומענ" איז בא פינינבערגנ שטענדיק א פראצעס פונ זעלבסטבאפרייונג. דאס באטייט אראפווארפנ פונ דער נעשאמע א שווערנ באלאסט, אראפרייסנ פונ איר די „געיארשנטע פענט". ס'איז א פראצעס, וואס איז דורכגעדרונגענ מיט דעמ טיפסטנ גלויבנ אינ דעמ מענטשנ, וועלכער וואקסט אפ דעמ געבענטשטנ באדנ פונ דעמ סאוועטישנ לאנד. דערפאר איז פאראנ אזא פעסטקייט, אזא זיכערקייט אינ פינינבערגס שטימ, בייס ער רופט אויס:

אויגנ מיינע קאנענ, אויגנ מיינע ווייסנ
טויזנט סרייפעס אונ טויזנט מייסימ,
טויזנט פרזענ אונ טויזנט שטעט
וועל איכ געווינענ אינ דעמ געוועט...

אונ ער געווינט טאקע דעמ געוועט. א דיכטער מיט אזא שווערער דערפארונג, האט פינינבערג ניט געלאזט זיכ באהערשנ פונ די „טויזנט סרייפעס אונ טויזנט מייסימ", וואס שטייענ פאר זיינע אויגנ. אונ דא קומענ מיר צו נאכ צו איינעמ א פארדינסט פונ פינינבערגס דיכטונג: זוכנדיק דאס ווארט פאר דער שטרייטפולער עפאכע, האט פינינבערג ניט פארהערט דאס ווארט פונ מענטשלעכער צארטקייט, פונ מענטשלעכער הארציקייט. דורכ דעמ גאנצנ שטורעמ פונ געשיכטע האט דער דיכטער דורכגעטראגנ דעמ לויטערנ קלאנג פונ מענטשלעכער צארטקייט. דערביי דערמאנט אליינ פינינבערג, אז ער רעדט וועגנ דער צארטקייט, וואס לעבט אינ א צייט, ווענ „קריגנ דויערנ".

אונ אינ גערטנער נאכנ הודענ, פארנ הודענ
פונ קאנאנענ
אינ די טיפנ פונ די זומערס — ווייג אונ
זונ אונ האניק...

אט אזא איז זי, די צארטקייט בא פינינבערגנ: זי קומט צומ ווארט אינ דער צווישנצייט „נאכנ הודענ, פארנ הודענ פונ קאנאנענ", עס טרעפט אפילע, אז זי קומט צומ ווארט בייסנ הודענ פונ קאנאנענ. זי מוז קומענ צומ ווארט, ווארעמ אומעטומ אונ שטענדיק— אזוי גלייבט פינינבערג — ווו עס איז פאראנ דער סאוועטישער מענטש, איז פאראנ מענטשלעכקייט אונ הארצלעכקייט אונ צארטקייט.

דאס האט עס טאקע פינינבערג געמיינט, בייס ער האט געשריבנ:

פונ לאנד, פונ צייט,
ווו איכ געוואקסנ בינ,
האב איכ מיט זיכ פארשלעפט
אזא גרויסארטיקנ באגינ,
אזא מינ כיעס, אזא מינ ציר,
וואס אייביק וועט עס מיטגיינ
מיט מיר...

די שיינ פונ אט דעמ „גרויסארטיקנ באגינ", די שיינ פונ אונדזער נייער, סאוועטישער מענטשלעכקייט איז מיטגעגאנגענ מיט פינינבערגס דיכטונג בא זיינ לעבנ, זי וועט מיטגיינ מיט זיינ דיכטעריש ווארט אויכ ווייטער אונ ווייטער.

---

י. דאָברושינ

# אָפּ דאָרעמ־אוראַל*

1

איר ערשטע דערציילונג „א מאַשל־קאַפּאַשל" האָט אנע סטעלמאַכ אָפּגעדרוקט אינ 1946 יאָר. די דאָזיקע דערציילונג האָט גלײַכ צוגעצויגנ די אויפמערקזאַמקײַט פונ אונדזערע לייענער סײַ מיט דער נײַער טעמע סײַ מיטנ סטיל פונ דער נײַער שרײַבערנ. אינגיכנ איז געוואָרנ קלאָר, אַז אנע סטעלמאַכס שאַפונג איז אומיטלבאַר פאַרבונדנ מיט איינער א נײַ־בויונג אַפּ דאָרעמ־אוראַל, א בויונג, אַפּ וועלכער די שרײַבערנ האָט געאַרבעט צוזאַמענ מיט פיל אַנדערע עוואַקויִרטע ייִדנ, וועלכע האָבנ אינ דער צײַט פונ דער פאָטערלענדישער מילכאָמע זיכ עוואַקויִרט אַפּ דאָרעמ־אוראַל. האַנט־באַ־האַנט מיט גרויסע מאַסנ אַרבעטער און אינזשעניער־טעכנישער אינטעליגענצ פונ אַנדערע סאָוועטישע פעלקער האָבנ זיי, די עוואַקויִרטע ייִדנ, גענומענ א טיכטיקנ אָנטייל באַמ אויפשטעלנ א גרויסנ קאָמבינאַט, א ריי נײַע ייִשוווימ מיט א היפּשער צענטראַלער שטאָט.

איר בוכ דערציילונגענ, וואָס איז אַרויס אינ 1947 יאָר, האָט אנע סטעלמאַכ א נאָמענ געגעבנ „אַפּ דאָרעמ־אוראַל". וואָרעמ ס'איז טאַקע ניט אָפּצוטיילנ די דאָזיקע דערציילונגענ פונעמ אָרט, וווּ זיי זײַנענ געשאַפנ געוואָרנ, ווי ס'איז זיי ניט אָפּצוטיילנ אויכ פונ דער צײַט, ווענ זיי זײַנענ געשאַפנ געוואָרנ. דעריבער טראָגנ אָפּ זיכ אנע סטעלמאַכס דערציילונגענ אינ א געוויסער מאָס דעמ שטעמפּל פונ קינסטלערישע פאַרצייכענונגענ — אַזוי שטאַרק איז אינ זיי אויסגעשפּראָכנ די פאַרבינדונג מיט דער לעבעדיקער ווירקלעכקײַט. דער פאַקט, די כראָניק עטעמט מאַמעש אינ די דאָזיקע דערציילונגענ אַזוי, אַז אָפט איז שווער אָפּצוטיילנ דער שרײַבערנס געדאַכט, איר קינסטלערישע פאַנטאַזיע פונעמ איבערגעלעבטנ, געזעענעמ און געהערטנ.

און דאָ — אינעמ אָרגאַנישנ צוזאַמענוווּקס פונ דער פאַרצייכענונגסאַרטיקײַט מיטנ קינסטלערישנ אויסטראַכט — ליגט, דאַכט זיכ אונדז, דער נײַער אייגנאַרטיקער מעהוס פונ אנע סטעלמאַכס דערציילונגענ, וועלכע* זײַנענ, מײַנסטנס, געשריבנ אַפּילע אינ דער ערשטער פּערזאָנ. אינ פינפ דערציילונגענ פונ די זיבנ, וואָס זײַנענ אַרײַנ אינ בוכ, האָט סטעלמאַכ אַפּ דעמ אָדער יענעמ אויפנ אויסגענוצט די איכ־פאָרמ — אָדער דער שרײַבער דערציילט די געשיכטע אינ זײַנ אייגענעמ נאָמענ, אָדער עמיצער פונ די העלדנ דערציילט. דאָס איז אויכ, מיינענ מיר, א וואַרשײַנלעכער קאָמפּאָנענט פונ אנע סטעלמאַכס סטיל, וועלכער זאָגט אײדעס, אַז די שרײַבערנ געפינט ניט פאַר מעגלעכ צו דערציילנ „אומפּערזענלעכ" וועגנ דער האַנדלונג, וועגנ די איבערלעבונגענ, מיט וועלכע דער מענטש, דער דערציילער איז אָנטײלנעמעריש פאַרבונדנ מיט טאַט, מיט לעבנ.

און דאָ קומט נאָכ צו די איינהײַט פונ אָרט און אַפּילע פונ צײַט אינ אנע סטעלמאַכס דערציילונגענ, די איינהײַט, וואָס העלפט אויכ שטעלנ דעמ טראָפּ אַפּ דער פאַקטישער ווירקלעכקײַט. דאָ גייט א רייד וועגנ א דערציילער, וואָס האָט איבערצוגעבנ אַלצ, וואָס ער ווייסט וועגנ איינעמ און דעמ זעלבנ בויונגס־פּלאַצדאַרמ אינ פאַרלויפ פונ איינער און דער זעלבער טקופע. סטעלמאַכס דערציילונגענ וועגנ דער בויונג און וועגנ די מענטשנ פונ דער בויונג אַפּ דאָרעמ־אוראַל זײַנענ געוויס אַנ אומיטלבאַרער פּראָדוקט פונ צײַט און סוויווע. און אָט דער מאַטעריאַל, דער אָנטײלנעמערישער אויפנ צו שילדערנ דעמ דאָזיקנ מאַטעריאַל, האָבנ אויסגעבילדעט אנע סטעלמאַכס שרײַבנוסעכ אַזאַ, ווי ער האָט זיכ אַנטפּלעקט אינ איר בוכ, א נוסעכ עפּעס א צײַטווײַליקער פאַר איר, אָבער א נוסעכ בעפירעש א נאָוואַטאָרישער, אַנ אינטערעסאַנטער, מיט היפּשע סימאָנימ פונ יענער נעבענטשטער באַגאַבטקײַט, וואָס זוכט איר אייגענעמ אינהאַלט, סטיל און פאָרמ־אויסדרוק.

„איכ שיק אײַכ רוישטאָפּ, וועלכנ די שרײַ-

* אנע סטעלמאַכ — „אַפּ דאָרעמ־אוראַל". אָגיז, מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס", 1947.

בער וועלנ עפּישער אויסנוצנ", — אזוי האָט געשריבנ אנע סטעלמאַכ אינ א בריוו, וואָס איז געווענ בײַגעלייגט צו איר ערשטער דערציילונג „א מאַשל־קאַפּאַשל". אויסער באַשיידנקײַט רעדט די דאָזיקע באַצייכענונג נאָכ וועגנ עפּעס. זי רעדט וועגנ דעמ אומיטלבארנ לעבנסשטאָפּ, וועגנ דעמ נײַ־לעבנ, וואָס האָט אַרומגערינגלט אנע סטעלמאַכ אונ זי געצווונגענ זיכ נעמענ פאַר דער פּענ. אָט דער שטראָמ פונעמ בויערישנ נײַ־לעבנ איז געווענ אינ אנע סטעלמאַכס ערשטער דערציילונג, וועלכע האָט זי גלײַכ אַרײַנגעפירט אינ דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור.

2

צי קאָנ מענ זאָגנ, אַז גופע די נײַ־בויונג, די אומיטלבארע בוי־פּראָצעסנ זײַנענ די הויפּט־טעמע פונ סטעלמאַכס דערציילונגענ? ניינ. די טעמע פונ די דערציילונגענ איז דער מענטש אָפּ דער דאָזיקער בויונג. אָבער אזוי ווי דער מענטש, זײַנ עצעמ לעבנ אונ באַוווסטזײַנ איז פאַרבונדנ בא אנע סטעלמאַכ מיטנ גאַנצנ קאָמפּלעקס פונ דער בויונג, באַקומט זיכ, אַז די געשעענישנ פונ זײַנ אייגנ לעבנ שפּיגלענ אָפּ דעמ וווּקס פונ דער נײַ־בויונג, איר אַנטוויקלונג אונ אויפשטײַג. אונ דאָס, וואָס די בויונג קומט פאָר אָפּ א ווילד אָרט אינ דער מידבער; דאָס, וואָס דער קאַמפּ פונעמ מענטשנ קומט דאָ פאָר א צווייפאַכיקער — קאַמפּ מיט דער נאַטור אונ קאַמפּ פארנ סאָציאַליסטישנ באַוווסטזײַנ—דאָס פאַרשטאַרקט דעמ באַטײַט פונעמ מענטשנ אינ סטעלמאַכס דערציילונגענ, דעמ באַטײַט פונעמ סאָוועטישנ מענטשנ, פונ זײַנע נײַע סאָציאַליסטישע אייגנשאַפטנ, וואָס אַנטפּלעקנ זיכ בא דער אַרבעט אונ אינ די צווישנמענטשלעכע באַציִונגענ.

פאַראַנ איינער אַנ אינטערעסאַנטער שטריכ אינ סטעלמאַכס דערציילונגענ. אָפּ אַזאַ גרויסער בויונג, צווישנ אַזויפיל מענטשנ, בויער אונ אינזשעניער־טעכנישער אינטעליגענצ, געפינט איר ניט קיינ איינעמ, וואָס זאָל זײַנ געשילדערט מיט נעגאַטיווע שטריכנ פונ כאַראַקטער, מיט א נישט אָנגענעמער באַציִונג צו דער אַרבעט, צו די אַלגעמיינע פליכטנ. שטאַמט עס פונ א געוויסער בעקיוונדיקער איינזײַטיקײַט? פירט עס צו א געוויסער ניט־וואָרהאַפטיקײַט אינ דער שילדערונג פונ מענטשנ אונ כאַראַקטערנ אינ סטעלמאַכס דערציילונגענ? ניינ. באַמ לייענענ פילט זיכ עס בעשומ־אויפנ ניט. אונ דאָס איז דערפאַר, ווײַל דער פּאַטאָס פונ סטעלמאַכס שאַפונג איז: ליבע צומ סאָוועטישנ מענטשנ, ליבע צו דער פּאָזיטיווער געשטאַלט. אונ דאָס איז, אייגנטלעכ, איינע פונ די הויפּט־טעמעס אונ פּראָבלעמעס אינ אירע דערציילונגענ וועגנ דער נײַ־בויונג אָפּ דאָרעמ־אוראַל.

אינטערעסאַנט איז אָבער דאָס, וואָס דער שטראָמ פונ די דאָזיקע ליבע־געפילנ פאַרמאָגט ניט בא אנע סטעלמאַכ קיינ שפּור פונ דער סענטימענטאַליטעט. דער סענטימענט בא א שרײַבער קומט דעריקער דאַנ, ווענ דער שרײַבער באַדויערט די ליידנ פונ זײַנ געשילדערטנ טיפּ אונ זעט ניט קיינ מעגלעכקײַט וויאַזוי פּאָטער ווערנ פונ די דאָזיקע ליידנ. ער זעט ניט, ווײַל ער פּאַסט אָפּ די געשילדערטע געשטאַלט בלויז פונ זײַטלעכנ שטאַנדפּונקט אונ ניט אינ צוזאַמענהאַנג מיט סאָציאַלע סיבעס. איז ווי קאָנ קומענ סענטימענטאַליטעט בא אנע סטעלמאַכ מיט איר ברויזנדיקנ סאָציאַלנ וועלטבאַנעמ, מיט איר ליבע צומ טרעגער פונ דער נײַער לעבנס־אײַנאָרדענונג, דעמ ענדערער פונ וועלט אונ לעבנ? אנע סטעלמאַכס געפיל פונ ליבע, איר האַרציקײַט ברויזט מיט יענעמ געדאַנק, וואָס איז געווענדט אָפּ צו פאַרפעסטיקנ דעמ כאַראַקטער פונ די נײַע מענטשנ — שעפער אונ בויער.

די ליבע צו מענטשנ איז אינ סטעלמאַכס דערציילונגענ אויכ א צווייפאַכיקע: ליבע פונ דער שרײַבערנ צו איר אויפגעשטעלטנ טיפּאַזש אונ ליבע פונ די געשילדערטע מענטשנ איינער צומ צווייטנ. אינ דער דערציילונג „א געמעל אָפּ א בעכער" גיט איבער סטעלמאַכ די ליבע־פרײַנטשאַפט צווישנ די צוויי בויער: דעמ אינזשעניער ראָזענבערג אונ דעמ ערד־גרעבער דזשאַלמאַגאָמבעטאָוו. ראָזענבערג, שרײַבט סטעלמאַכ, האָט ליב געהאַט דעמ באַרימטנ ערד־גרעבער „אַהאַוואַס־נעפעש", אונ ער האָט געוווסט, אַז דזשאַלמאַגאָמבעטאָוו האָט אימ ליב ניט ווייניקער. דעריבער האָבנ זיי זיכ אָנגעקוקט, אונ ניט וויסנדיק וואָס צו זאָגנ, האָבנ זיי לאַכנדיק געשריִענ איינער צומ אַנדערנ איבערנ טיש:

— יאָסיפ אַבראַמאָוויטש!
— דזשאַלמאַגאָמבעטאָוו!

אונ אַזוי, דערציילט סטעלמאַכ, בא יעדער באַגעגעניש פונ די דאָזיקע צוויי מענטשנ. דער דאָזיקער לאַקאָנישער איבערוף איז גענוג איבערצוגעבנ די באַגײַסטערונג אונ די וואַרעמקײַט, וואָס פליסט פונ איינעמ צומ צווייטנ. וועגנ ראָזענבערגנ, דערציילט סטעלמאַכ, אַז פאַרנדיק אינ שטורעמ ליקווידירנ אַנ אַוואַריע, איז ער געזעסנ אינ מאַשינ „אינ דער פינצטער, ענג פאַרפּרעסט צווישנ פרײַנט אונ מיטאַרבעטער — ער איז געפאָרנ מיט זײַנע נאָענטע ליקווידירנ אַנ אַוואַריע, אונ קעגנ אַזאַ געשלאָסענעמ קאָלעקטיוו ווילנ האָט זיכ גאָרנישט ניט געקאָנט קעגנשטעלנ. אימ איז געוואָרנ וואַרעמ אונ געמיטלעכ."

דער סאָוועטישער, דער סאָציאַליסטישער מענטש — באַווײַזט אונדז סטעלמאַכ אינ אירע דערציילונגענ — פאַרמאָגט א פּרינציפּיעל נײַ געפיל פונ מענטשנ־פרײַנטשאַפט. די סאָוועטישע בויונג נערט זיכ מיט דער דאָזיקער פרײַנט־

שאפט אונ געבירט זי אליינ פונ טאָג אפ טאָג אינ פּראָצעס פונ דער סאָציאַליסטישער אַרבעט. אזוי אויכ נערט זי זיכ אונ געבירט די אַלע אַנדערע גײַסט־אייגנשאַפטנ פונעמ סאָציאַליסטישנ מענטשנ. „אינ מײַנ זיקאָרנ, — דערציילט סטעלמאַכ א העלד, — קלינגענ די ווערטער: די רײַכטימער פונעמ היגנ קאַנט קאָנ מענ פאַרגלײַכנ מיט די רײַכטימער, וואָס נעסטנ זיכ אינ דער אינערלעכער וועלט פונ די מענטשנ, וואָס בויענ דאָ...”

אַפ דער באַגעגעניש פונ די ביידע רײַכטימער בויט סטעלמאַכ אירע דערציילונגענ. די גײַסטיקע רײַכקײַט פונעמ סאָוועטישנ מענטשנ פאַרהיט אונ פאַרוואַנדלט אינ גרויסע מאַטעריעלע ווערטנ די רײַכקײַטנ פונ דער נאַטור, אונ דאָ קומט ווידעראַמאָל דאָס געפיל פונ ליבשאַפט באַמ מענטשנ צו די דאָזיקע רײַכקײַטנ, פאַר וועלכע אימ קומט אויס אָפטמאָל זיכ ראַנגלענ שווער אונ אומופהערלעכ מיט די סטיכייִשע קרעפטנ פונ דער מידבער־געגנט. אונ אָט דערציילט איינער פונ די בויער:

„אָ, דער צוועלפטער צעכ מיט זײַנע בעטאָנזײַלנ! וויפל איכ וועל לעבנ, וועל איכ ניט פאַרגעסנ. קיינמאָל האָט מענ ניט געקאָנט וויסנ, ווו מע האַלט מיט זיי אינ די דאָרטיקע שרעקלעכע פרעסט: אָט, דאַכט זיכ, וואַרעמענ זיי זיכ, אונ דער בעטאָנ וועט באַלד אָנהייבנ גליווערנ, אונ אָט ווערנ זיי פאַרפראָרנ, אונ פונ אַלצ ווערט אַש. מיר פלעגנ וואַרעמענ זיי מיט עלעקטרע, אונ מיר זײַנענ געווענ גרייט וואַרעמענ זיי מיט אונדזערע אייגענע קליידער, ווי מע פלעגט דערציילנ וועגנ אַנדערע בויונגענ. אונ דאָכ, וויפל מאָל פלעגנ מיר דורכפאַלנ, אונ וויפל מאָל פלעגנ מיר פונדעסטוועגנ זיגנ, וואָס ווײַטער — אַלצ אָפטער זיגנ...”

די בויער האָבנ די זײַלנ פונ דער בויונג געוואַרעמט ניט נאָר מיט זייערע קליידער, נאָר אויכ מיט לײַב־אונ־לעבנ, וויסנדיק, אַז ס׳איז א בויונג פאַרנ פראָנט, פאַרנ לאַנד, פאַר איצט אונ פאַר אַלע יאָרנ. אָט דאָס איז די אידיי אונ די טעמע פונ סטעלמאַכס ווערק, וואָס, אינ טאָכ גענומענ, שילדערנ זיי די אײַנגעליבטקײַט פונ די סאָוועטישע מענטשנ אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג. אונ דאָ איז וויכטיק צו באַמערקנ, וויאַזוי אַנע סטעלמאַכ פלעכט אַרײַנ די ריינ פּערזענלעכע ליניע: ליבע צו פרוי אונ קינד, ליבע צו דער אייגענער מישפּאָכע, פאַרליבטקײַט אינ א באָכער צי א מיידל ווי א קאָמפּאָנענט פונ דער ליבע צומ זאַוואָדישנ נײַ־לעבנ, א קאָמפּאָנענט פונ דער ליבע צומ היימלאַנד.

די דערציילונג „איכ אונ באַרעלע” ברויזט מיט דער דאָזיקער ליבע אונ דערבײַ מיט זאָרג פאַר א ברודער, פאַר א מוטער, פאַר א זונ אפנ פראָנט. די דאָזיקע לירישע דערציילונג האָט זיכ בא אַנע סטעלמאַכ אויסגעגאָסנ אפנ פּאַפּיר, ווי ס׳גיסט זיכ אויס א פּאָעמע בא א דיכטער— מיט הייסנ אָטעמ אונ לעבנס־אופברויז. אינ איינ פּאָעטישנ קנויל איז דאָ צוזאַמענגעגאָסנ בויונג אונ ליבשאַפט צו נאָענטע מענטשנ — מיטאַרבעטער, מיטשעפער, מיטגלידער פונ איינ מישפּאָכע אונ פונ איינ בויערישנ קאָלעקטיוו. עפּעס מיט א נײַ געמיט ווייט פונ דער דאָזיקער לירישער דערציילונג. א געמיט, וואָס האָט געקאָנט אופגיינ נאָר אינ די באַדינגונגענ פונ סאָוועטישער היימ, היימלעכקײַט אונ אַרבעטס־לעבנ.

אינ דער דערציילונג „דעמ זיידנס קינדער”, וואָס האָט איר אייגענע פּראָבלעמ (וועגנ דעמ ווײַטער), איז אויכ פאַראַנ דער איבערפלעכט פונעמ זאַוואָד־לעבנ מיטנ לעבנ פונ א צוזאַמענגעבונדענער מישפּאָכע. דער איבערגאַנג פונ איינ ליניע צו דער צווייטער איז געמאַכט ליריש־גרינג, ניט צו באַמערקנ. אינ דער אָריגינעלער דערציילונג „דער הונדערטסטער מעריִדיאַנ” האָבנ מיר אויכ א שטאַרקנ שטראָמ פונ ליבע צו א מוטער, וואָס איז ניט אָפּצוטיילנ פונ דער בויונגס־טעמע. אינ די דערציילונגענ „א מײַסע מיט א פאַרנייט האַרצ” אונ „דער באַשטעלער פונ אשטשע־בולאַק” ווערט דער פּערזענלעכער מאָטיוו, ליבע צו א קאַלע, צו א כאָסנ אַרײַנגעוועבט אינ דער האַנדלונג אַזוי, אַז ער ווערט דער טעמאַטישער באַוועגער פונ דער האַנדלונג, ווײַל אינ סטעלמאַכס שילדערונג איז ער דער פּסיכאָלאָגישער באַוועגער פונ סאָציִאַלע טאַטנ אונ איבערלעבונגענ. וועגנ די בריוו, וואָס די יונגע זאַוואָדישע לערערנ האָט באַקומענ פונ איר כאָסנ דעמ רויטאַרמייער, דערציילט סטעלמאַכ אינ דער דערציילונג „א פאַרנייט האַרצ”.

„מע האָט געזעענ, אַז די בריוו ווירקנ זייער גוט אפ מורענ אונ ענדערנ איר כאַראַקטער צו גוטנ. אונ מע האָט זיכ אָנגעשטויסנ, ווײַל אינ יעדער קלייניקײַט פלעגט זי אָפּגעבנ א באַריכט מישענ, זי פלעגט זיכ סטאַרענ, אַז יעדער קלייניקײַט זאָל זיכ באַקומענ בא איר וואָס בעסער.”

אויכ דער איבערבוי פונעמ פּוילישנ זייגערמאַכער לאַנדסבערג, וואָס ווערט א סטאַכאַנאָוועצ אפ דער בויונג, קומט דאָכ פאָר אינ צוזאַמענהאַנג מיט זײַנ איבערגעגעבנקײַט דעמ ווײַב, די קינדער, וועלכע ער האָט פאַרלאָרנ אינ דער עוואַקואַציע. אינ דער שטאַרקער דערציילונג „א מאָשל־קאַפּאָשל” שילדערט אַנע סטעלמאַכ, ווי דער דאָזיקער לאַנדסבערג שטעלט אײַנ א רעקאָרד: אינ א שרעקלעכנ בוראַנ הייבט ער זיכ אופ אפ א הייכ פונ פיפצנ מעטער, קעדיי אויסצובויענ א הילצערנע גאַלעריי אפ דערלאַנגענ די ציגל פאַר דער בויונג.

„ער איז געשטאַנענ מיטנ פּאָנעמ צו מײַרעוו, — דערציילט דער אינזשעניער וועגנ לאַנדסבערגס רעקאָרד, — אונ אַזוי איז ער געבליבנ אינ מײַנ אָנדענק: אינ דער הייכ אפנ

פאַרניכטנדיקנ ווינט, מיטנ פּאָנעמ געווענדט צו זײַנ היימ". לאַנדסבערג איז געווענ זיכער, אַז זײַנ ווײַב מיט די קינדער געפינענ זיכ שוינ אינ דער היימ ערגעצ אינ באַפרײַטנ פּוילנ. אַהינ האָט ער געקוקט, דער געוועזענער שטעטלשער זייגערמאַכער, דער איצטיקער מײַסטער פונ בוי־רעקאָרדנ אַפ דער אוראַלער נײַ־בויונג.

אינ זעקס דערציילונגענ פונ די זיבנ, וואָס זײַנענ אַרײַנ אינ בוכ, פלעכט סטעלמאַכ אַרײַנ די אינטימע פּערזענלעכע ליניע פונ ליבע צו אַ נאָענטנ מענטשנ, ווי אַ דאָמינירנדיקע סוזשעטישע ליניע, וועלכע העלפט איר אַרויסברענגענ די געזעלשאַפטלעכע אידיי פונ דער דערציילונג. וועגנ אָט דער געזעלשאַפטלעכער אידיי פונ אַנע סטעלמאַכס דערציילונגענ קאָנ מענ זאָגנ מיט די ווערטער פונ דעמ אינזשעניר, וועלכער דערציילט די געשיכטע וועגנ לאַנדסבערגנ:

„אַ סאַכ מענטשנ אַרומ מיר האָבנ געלעבט אונ געפילט, אַזוי ווי איכ. מיר זײַנענ געווענ שטאָלצ, אונ מיר זײַנענ געווענ קריגער. מיר זײַנענ געווענ באַהערשער פונ דער מידבער. מיר האָבנ באַפרוכפּערט די ערד מיט אונדזערע קרעפטנ, אונ מיר האָבנ געוווּסט: עס וועט קומענ אַ טאָג אינ עס וועט זיכ עפענענ די טראַכט פונ דער ערד אינ די גאַנצע וועלט וועט דערזענ אירע פּרעכטיקע רײַכטימער, וואָס זייער צעטל האָט שוינ איצט געפירט רער ערשטער אינ אונדזערע רייענ, דער אַלטער דאַרינקער געאָלאָג סמירנאָוו. דאָס צעטל האָט שוינ פונ פריער אַנטהאַלטנ: אײַזנ, קופּער, ניקל, מאַנגאַנ אונ אַצינד — וואָלפראַמ, כראָמיט, טיטאַנ אונ אַפילע שטיינקוילנ אונ נאַפט."

די פּובליציסטישע אינטאָנאַציעס, וואָס זײַנענ געווענ פאַראַנ אינ די דאָזיקע שורעס אונ אינ נאָכ אונ נאָכ שורעס, זײַנענ אַנ עלעמענט פונ סטעלמאַכס קינסטלערישנ סטיל. דער שטאַרקער קינסטלערישער שטייגער־שטראָמ אינ אַלע אירע דערציילונגענ ווערט באַפרוכפּערט דורכ דער דאָזיקער פאַקטישער פאַרצייכענונגסאַרטיקײַט. די פּובליציסטישע אינטאָנאַציע, ווי אַנ אָרגאַנישער קאָמפּאָנענט פונ סטיל, אַקצענטירט דעמ סאָוועטישנ פּאַטריאָטישנ פּאַטאָס, וואָס לעבט אונ ברויזט אינ אַנע סטעלמאַכס בוכ „אַפ דאָרעמ־אוראַל".

3

אינ דער דערציילונג „דעמ זיידנס קינדער" פיגורירט אַ פּלאַנ פונ איינער אַ געבײַדע, איבער וועלכער ס'קומט פאָר אַ קריג צווישנ דעמ אינזשעניר אונ דעמ אַרכיטעקטאָר פונ דער בויונג. לויט דעמ, ווי דער אינזשעניר דערקלערט דעמ דאָזיקנ פּלאַנ, פאַרמאָגט די דאָזיקע געבײַדע „אַ צווייענדיקע קורבאַטור".

„דו זעסט, — דערקלערט ער, — יעדער קליינ געוועלב שאַפט אַ קרומע ליניע — אַ קורבע. אונ אַלע אינאיינעמ שאַפנ זיי אַ צווייטע „קורבע" — דערפאַר האָבנ זיי אַזאַ נאָמענ."

אונ ס'דאַכט זיכ, אַז אויכ אַנע סטעלמאַכ האָט אינ אירע דערציילונגענ אָנגענומענ די דאָזיקע סיסטעמ פונ „צווייענדיקער קורבאַטור". אונ עפּעס ניט נאָר צווייענדיקער, נאָר די סיסטעמ פונ אַ סאַכ קורבאַטורנ, פונ אַ סאַכ קרומע ליניעס. די דאָזיקע פאַרשיידענע טעמאַטישע ליניעס פלעכטנ זיכ איבער אינ אירע דערציילונגענ אונ האַלטנ אונטער איינע די צווייטע, שאַפנדיק צוזאַמענ דעמ סכומ פונ די „געוועלבנ", פונ וועלכע די דערציילונג באַשטייט. סטעלמאַכ ברויכט די פאָרמ פונ אַ מײַסע אינ אַ מײַסע, זי פאַרינטריגירט מיט איר אָנהייב, אינ פאַרלייפ פונ דער האַנדלונג טוט זי אַ קער די הויפּט־ליניע אינ פאַרשיידענע טעמאַטישע זײַטנ אונ ענדיקט אומגעריכט מיט אַ סורפּריז.

„אַ מאָשל־קאַפּאָשל" — אַזוי האָט סטעלמאַכ אָנגערופנ איינע פונ אירע דערציילונגענ וועגנ דעמ איבערבוי פונעמ פּוילישנ זייגערמאַכער. דער דאָזיקער נאָמענ האָט אַ שײַכעס ניט נאָר צו דער מײַסע מיט די וועלפ, מיט וועלכע די דערציילונג הייבט זיכ אָנ, דער דאָזיקער „מאָשל־קאַפּאָשל" קאָנ דינענ ווי אַ באַצייכענונג פאַר דער פאָרמ פונ אַ סאַכ סטעלמאַכס דערציילונגענ. זיי אַלע הייבנ זיכ אָנ, קלוימערשט, מיט אַ זײַטיק וועגל, וואָס פאַרברייטערט זיכ, צעוואַקסט זיכ, נעמט אַרײַנ נאָכ אונ נאָכ טעמאַטישע אונ אידייִשע וועגנ אונ פלעכט זיכ אַרײַנ ווי אַ נימשל אינעמ מאָשל גופע.

דער סאָפ פונעמ „מאָשל־קאַפּאָשל" קערט זיכ דאָכ אומ צוריק צו דער מײַסע מיט די וועלפ, וועלכע מיר האָבנ שוינ שיר ניט פאַרגעסנ, צו דער מײַסע, וואָס האָט אַ גרײַלעכע שײַכעס צו דעמ כילעק צווישנ דער זאָאָלאָגישער טעווע אונ דער מענטשלעכער טעווע, וואָס ווערט איבערגעבוירנ אינ די סאָוועטישע באַדינגונגענ אונ ניצט אַפילע אויס די ביאָלאָגישע געזעצנ צוגונסטנ פונ דער געזעלשאַפט.

די פּרעכטיקע דערציילונג „איכ אונ באַרעלע" הייבט זיכ אויכ אָנ, אינ פלוג, מיט אַ זײַטיקער ליניע, מיט אַ געשיכטע, ווי די דערציילערנ גייט אַהיימ נאָכ אַ טאָג אַרבעט אַפנ זאַוואָד — אַ גאַנג, וואָס ווערט אָנגעפילט מיט אומגעריכטער האַנדלונג, וועלכע באַווײַזט די נײַע טעווע פונ די זאַוואָדישע בויער — זייער פּערזענלעכע אונ געזעלשאַפטלעכע לעבנ אינ דעמ איבערפלעכט פונ די ביידע, אונ ענדיקנ ענדיקט זיכ די דאָזיקע דערציילונג מיט גאָר אַ נײַער ליניע וועגנ אַ זונ אַ רויטאַרמייער, אַ ליניע אַ טיפּ לירישע, אַ ליניע, וואָס איז ניט אָפּצושיידנ פונעמ גאַנצנ כאַראַקטער פונ דער דערציילונג מיט איר לירישנ אָטעמ, פאַרברײ־

טערטער טעמאַטיק און אידייִשער פּילפּאַנישקייט.

די מישפּאָכע־ליניע אין אָנהייב פון דער דערציילונג „דעם זיידנס קינדער", די נעטיע צו די קרויווים, איז דאָך אויך נאָר א טראַמפּלין פאַר דער האנדלונג, וואָס ברייטערט זיך שפּעטער אויס און שטעלט אוועק די פּראָבלעם פון היים: נייַע היים און אַלטע היים פאַר די עוואַקוירטע בזיעה. די דאָזיקע פּראָבלעם אין דער דערציילונג וואַקסט ארויס פון דער שטייגער־שילדערונג און ווערט געלייזט אין גייסט פון עכטן סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם: זייער היים איז אומעטום, אין אלע שטעט פונעם סאָוועטן־פאַרבאנד, ווו כ׳ווערט געבויט די גרויסע היים פון סאָציאַליזם. פּאַראַלעל צו דעם שילדערט די שרייַבערן א „קריג" צווישן צוויי בויער קרויווים, וואָס ביידע גלייבן זיינען זיי אויסן די אינטערעסן פון דער בויונג. און גראָד אין דעם דאָזיקן „קריג" אַנטפּלעקט זיך דער פּרינציפּיעל נייַער מעהוס פונעם סאָוועטישן מענטשן, ווי ווייט ער איז אוועק פון דער אמאָליקער אייגנטימערישער קריגערייַ צווישן מישפּאָכע־לייַט, צווישן קרויווים, וואָס פלעגט אָפּטמאָל דאַפקע דערפאַר באַקומען א פאַרביטערטן כאַראַקטער.

דער נאָמען פון דער דערציילונג „א געמעל אָפּ א בעכער" האָט אויך א שייַכעס בלויז צו איינער א זייַטיקער ליניע פון דער דאָזיקער דערציילונג. אָבער די דאָזיקע ליניע טראָגט אַרייַן א געשיכטלעכן רעמיניסענץ וועגן די אַלטע הייַמישע שטעט, ווו ייִדן האָבן איבערגעלעבט רעדיפיס און פּאָגראָמען. דאָס דאָזיקע געמעל אָפּן בעכער שטייט אָפּ אזא אויפן אין קאָנטראַסט צו דער טעמע וועגן סאָוועטישער פעלקער־פרייַנטשאַפט.

די אָריגינעלע דערציילונג „דער הונדערטסטער מערידיאַן" — א נייַער מוסטער פון א נייַ־יאָר־נאָוועלע — פאַרמאָגט דאָך אויך א זיגזאַגאַרטיקע טעמאַטישע ליניע, ווו ס׳איז דאָ, ווי אין „איך און באַרעלע", אַן איבערפלעכט פון כאַלעם מיט וואָר. דער אָנהייב, די געשיכטע „פון א נייַ־יאָר־נאַכט, א פאַרלאָרענער שוך און א הונדערטסטער מערידיאַן" איז דאָך א מין זייַטיקער אַרייַנפיר, וואָס ווערט דערקלערט ערשט שפּעטער אין פאַרלויף פון דער האנדלונג, וואָרעם דער גוף פון דער געשיכטע איז די שילדערונג פון א פרוי א בויערן, א קרעפטיקע נייַע געשטאַלט, אַרייַנגעפּאַסט אין דער זאַפטיקער האנדלונגס־אַטמאָספער פון ווייַטן סיביר.

אויך די „מייַסע מיט א פאַרגייט האַרצ" הייבט זיך אָן מיט איינער, וואָס האָט „כאַסענע געהאַט דורך ראַדיאָ" — און סייַ דאָס „פאַרגייט האַרצ", סייַ „די ראַדיאָ" איז אין טאָך נאָר א מיטל אָפּ צו דערציילן א היפּש־אַנטוויקלטע געשיכטע וועגן מענטשן, שטייגער, זיטן, איבערלעבונגען אָפּ דער נייַ־בוי־

ונג — וועגן פּאַטריאָטישער איבערגעגעבנקייט פון פאַרשיידענע מענטשן, וואָס קומען מיט פאַרשיידענע ביאָגראַפיעס, קרייצן זיך איבער מיט זייערע גורלעס, מיט זייערע געדאַנקען, געפילן און שטרעבונגען.

די לעצטע דערציילונג פונעם בוך „דער באַנטעלער פון אשטשע־בולאַק" פאַרמאָגט אויך צוויי פּאַראַלעלע טעמאַטישע ליניעס: די ליבע־ליניע און די ליניע, וואָס באַווייַזט, ווי אַזוי די סאָוועטישע בויער פון דאַרעם־אוראַל העלפן ארוים מיט זייער עלעקטרישער ענערגיע איינעם א ראַטווירט מיטן נאָמען „אשטשע־בולאַק". „אשטשע־בולאַק" ווערט דער נאָמען פון א פריילינגדיקער דערציילונג, א דערציילונג וועגן א יוגנט־ליבע פון צוויי אויפגעברויזטע נעשאָמעס, וואָס זייערע אינטימע געפילן אַנטפּלעקן זיך אין דער באַהעפטונג מיט דער אַרומיקער נאַטור, אין באַהעפטונג מיטן גאַנצן קאָמפּלעקס פון זייער בויערישער אַרבעט.

פון דעם אַלעמען איז צו זען די געוויסע איינהייטלעכקייט, אויב ניט פון פאָרם, איז פון מאַניר, אין די אלע זיבן דערציילונגען פון אַנע סטעלמאַך. די דאָזיקע דערציילונגען ציִען צו איינע און די זעלבע קינסטלערישע גענג בא דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון געשטאַלטן, טעמע, סוזשעט און אינהאַלט. און עפּשער איז די דאָזיקע איינהייטלעכקייט א רעזולטאַט פון דעם, וואָס אין די אלע דערציילונגען האָט די שרייַבערן געשטרעבט צו געפינען די מיטלען ווי אַזוי קינסטלעריש אַרייַנשנייַדן זיך אין טעמע מיט פון אָט דער גרויסער מאַסע מענטשן מיט נייַע טאַטן, אויפירונגען און איבערלעבונגען. די „קורבע", דער איבערפלעכט פון טעמאַטישע ליניעס, האָט איר געגעבן די מעגלעכקייט צורירן זיך צו די צאַפּלדיקע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן פון א לעבן, וואָס ווערט אָקאָרשט אָפּ די אויגן פון דער שרייַבערן געבויט און פאַרפעסטיקט. זי באַהאַנדלט דאָך מענטשן פון פאַרשיידענע פעלקער, וואָס זייַנען געקומען פון פאַרשיידענע געגנטן, געבראַכט מיט זיך פאַרשיידענע געוווינהייטן, וועלכע ווערן דאָ איבערגעשמאָלצן, אויסגעגאָסן אין איין פורעם, דעם פורעם, וואָס געבירט דעם נייַעם אוראַלער בויער, דעם אייַנגעליבטן אין סאָוועטישן לאַנד און סאָוועטישער אַרבעט.

אַנע סטעלמאַך האָט א גרויסע לעבנס־דערפאַרונג. זי פאַרמאָגט אַן אויסגעצייכנטן זיקאָרן אָפּ דעטאַלן, אָפּ רעמיניסענצן אין געביט פון קולטור און ליטעראַטור, זי דענקט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, שרייַבנדיק וועגן הייַנט, האָבנדיק אין זינען דעם מאָרגן. זי אַרבעט מיט זייער א דינעם שטריכירנדיקן פּענדזל. אָפּטמאָל אָבער שרייַבט זי צו געייַלט, ניט גענוג אָפּקלייַבעריש אין געדאַנק און אין וואָרט, ניט גענוג אויפגעהויבן די געשטאַלט צו טיפּ, צו פאַראַלגעמיינערונג. בא א ניט־גענוגנדיקער געהיטקייט קאָנען די דאָזיקע אַרי־

גינעלע קינסטלערישע גענג פארוואנדלט ווערנ
אינ קלישע, פונ סטיל קאנ ווערנ סטיליזאציע,
פונ פארצייכענונגסארטיקײַט — בלויזע פאר-
צייכענונג. די אלע געפארפולע אייגנשאפטנ
טוענ זיכ דא אונ דארט א וואָרפ אינ די אויגנ.

אינ דער דערציילונג „א פארנייט הארצ"
איז די שרײַבערנ צופיל אינטימ-היימיש מיט
די געשילדערטע מענטשנ, מיטנ מאטעריאל.
זי כאפט אונטער א לאָקאלנ אויסדרוק, א
וואָרט, א ווערטל. אזא איז די מײַסע מיט
„יאנ יאונ יאל פערעצ", די באצייכענונג „ווו-
ליקולירטע" אנשטאט עוואקוירטע, דער טער-
מינ: מענטשנ „וועליקאדושנע" אונ „מאלא-
דושנע". דאס זײַנענ אלצ היימישע „כאָכ-
מעס" — קלייניקײַטנ אינ טאָג, אונ שטאמענ
שטאמענ זיי פונ צופיל איבערגעגעבנקײַט דער
פאקטישער פינקטלעכקײַט, פונ יענעמ „קאָנ-
קרעט", וואָס ווערט פאטאגראפיע, אונ אָפט-
מאל פראווינציאליזמ: לאָמיר האפנ, אז דאס
זײַנענ אלצ בײַהויצאָעס, וואָס זײַנענ פאר-
בונדנ מיטנ אימפעטדיק-האסטיקנ שטראָמ פונ
סטיל, וועלכער טראָגט אמאָל א שפענדל בא-
נאנד מיט א ווערטפולנ כייפעצ.

אנע סטעלמאכס דערציילונגענ — ווי זיי
זײַנענ ארויס פונ אונטער דער שרײַבערנס
פענ, אָט אזוי ווי זיי האבנ זיכ אויסגעפורעמט
אינ איר פורעמ, טראָגנ זיי ארײַנ די נײַע
טעמע, דעמ נײַעמ לעבנס-אינהאלט אינ אונ-
דזער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור. זיי
ברענגענ אונדז קינסטלעריש געשילדערטע
טיפנ אונ געשטאלטנ, שטייגער-שילדערונגענ
אונ נאָכ א סאכ נײַס, פונ וועלכע מיר האבנ
ניט געוווּסט. אינ דעמ איז דער גרויסער בא-
טײַט פונ אנע סטעלמאכס ערשטנ בוכ.

4

וועגנ דעמ יונגנ אינזשעניער מיישע גרינ-
בערג פונ דער דערציילונג „א מײַסע מיט א
פארנייט הארצ" דערציילט אנע סטעלמאכ, אז
„ער איז געווענ ענלעכ אפ א מיידל, ער איז
מיט עפעס געווענ ענלעכ אפנ ווילנ ליוו-
שיצ, נאָר מער פאר אלצ איז ער געווענ ענ-
לעכ אפ דעמ, וואָס ער אליינ איז געווענ."
אנע סטעלמאכ איז, קאָנטיק, שטארק באלעזנ,
זי האָט געשעפט ליטערארישנ סטיל בא פאר-
שיידענע ייִדישע אונ ניט-ייִדישע שרײַבער
דערציילער. אָבער קוידעמקאָל איז זי, ווי איר
מישע גרינבערג, „ענלעכ אפ דעמ, וואָס זי
אליינ איז." איר שאפונג איז אָרגאניש צוזא-
מענגעבאהעפט מיטנ מאטעריאל, מיט איר איי-
גענער וועלט-אָנשויונג, וואָס איז אינגאנצנ
אינ איינקלאנג מיט דער וועלט-אָנשויונג פונ
אירע געשילדערטע בויער.

די דאָזיקע פולסטע אייניקונג פונ דער שרײַ-
בערנ מיט איר טיפאזש האָט געמוזט ברענגענ
זייער גוטע רעזולטאטנ. ס'איז איר געראָטנ,
ווי ס'געראָט איר, בעשאס זי שרײַבט וועגנ זיכ
גופע, צו באווײַזנ, ווי דאָס נײַע לעבנ באשטימט
דעמ נײַעמ כאראקטער פונ די געשילדערטע
מענטשנ. ס'איז איר געראָטנ באווײַזנ דעריקער
דעמ געוועזענעמ אינטעליגענטישנ מיטל-שיכט,
„די מיטל-קלאסע", ווי ס'דריקט זיכ אויס
איר אינטערעסאנט געשילדערטע מוטער אינ
דער דערציילונג „איכ אונ בארעלע". דעמ דאָ-
זיקנ שיכט באווײַזט אונדז סטעלמאכ מיטנ
אָפענעמ פאָנעמ געווענדט צומ סאָוועטישנ
בויערישנ הײַנט אונ אויכ ניט אָפגעשיידט פונ
דער יערושע, אפילע פונ די נאציאָנאלע זיטנ
אונ כאראקטער-שטריכנ, וועלכע הענגענ אויס
אָפטמאָל קאָמיש, ווי בא דער נאָרוואָס דער-
מאָנטער אלטער מוטער (סטעלמאכס א געראָ-
טענע געשטאלט), וואָס טײַנעט, אז א
מענטש דארפ זײַנ „דיעלנע". אנע סטעלמאכ
האָט זיי אָבער ליב, די דאָזיקע שטריכנ, ווי
זי האָט ליב איר מוטער, ווײַל גראָד די דאָזי-
קע אלטמאָדישע אינטעליגענטישקײַט שטרײַבט
אונטער דעמ מעהאלעכ, וואָס די אינטעליגענצ
האָט דורכגעמאכט אינ די סאָוועטישע יאָרנ,
נעמענדיק אָנטייל אינ דער סאָציאליסטישער
בויונג.

ס'איז א גרויסע מײַלע, וואָס די שרײַבערנ
לעבט מיט דער פולער טאָג-טעגלעכקײַט פונ
איר טיפאזש. ניט נאָר מיט די מענטשנ, נאָר
אויכ מיט דער נאטור האָט זיכ די שרײַבערנ
פולשטענדיק צוזאמענגעלעבט. די שילדערונ-
גענ פונ די סיבירער קעלטנ אונ בוראנענ, די
שילדערונגענ פונ דער סיבירער זונ אונ לע-
וואָנע געהערנ צו די שענסטע זײַטלעכ אינ
סטעלמאכס בוכ. ס'איז דערפאר, ווײַל אנע
סטעלמאכ פילט אונ ווייסט די פונקציע אונ
ווירקונג פונ דער דאָזיקער נאטור אפנ לעבנ
פונ די נײַ-געקומענע בויער, וועלכע די נאטור
לערנט זײַנ שטרענג, פארהארטעוועט, פאר-
ביסנ אינ דער ארבעט. דער דאָזיקער ארבעט
דראָט דאָכ די נאטור אפ טריט אונ שריט
סײַ מיט איר וואָלקנדיקער „קאָוואָדלע", סײַ
מיט איר זונ „אינ מוטערפערלנעמ קרײַז", סײַ
מיט דער „ליכטיקער לעוואָנע מיט צוויי פאל-
שע לעוואָנעס פונ ביידע זײַטנ". די דאָזיקע
אלע מאמעש באלעבטע שילדערונגענ באווײַזנ,
ווי ענג אנע סטעלמאכ האָט זיכ צוזאמענגעבא-
העפט מיט די ארומיקע מענטשנ, מיט זייער
ערד אונ הימל, מיט אלצ אונ אלעמ, וואָס
האָט א שײַכעס צו זייערע אינטערעסנ אינ
לעבנ אונ אינ דער ארבעט.

פונ דעמ טיפנ ארײַנדרינגענ אינ טאָג אונ
וועזנ פונ די געשילדערטע מענטשנ שטאמט
אויכ סטעלמאכס פאָרטרעטנ-געמעל, וואָס
איז פול מיט נײַע בילדערישע שטריכנ פונ
כאראקטער אונ אויסזענ. אז סטעלמאכ שיל-
דערט די אויגנ פונ דער יונגער לערערנ מורענ
אינ דער דערציילונג „א פארנייט הארצ",
שרײַבט זי: „פלוצעמ האָט דער הויכער יונ-
גערמאנ זיכ באגעגנט מיט מורעס אויגנ אונ

איז מיטאמאָל געבליבנ שטײנ, גלײַכ ווי ער וואָלט זיכ אינ עפּעס אָנגעשטויסנ, אונ אָנגעשטויסנ האָט ער זיכ טאקע אינ אנ אופגערעגטער שפּיל פונ גרינע וואסערנ, וואָס רינענ, רינענ אינ איינ ריכטונג אונ אָפּווענדנ זיי אינ א זײַט איז אומעגלעכ". אונ וויכטיק איז, וואָס די דאָזיקע רעמארקע וועגנ מורעס איגנ האָט א גרײַלעכע שײַכעס צו מורעס געשילדערטנ כאראקטער: „אויכ זי, ווי די וואסערנ אינ אירע אויגנ, ציט פאראקשנט אינ איינ ריכטונג, אינ דער ריכטונג פונ איר פאראקשנטער אײַנגעליבטקײַט אינעם יונגנ רויטארמייער, מיט וועלכנ זי האָט זיכ שריפטלעכ באקאנט.

אזוינע אָריגינעלע כאראקטער־פּארבנ באגעגענענ מיר גאנצ אָפט אפ סטעלמאכס פּאליטרע, מיר באגעגענענ זיי באם שילדערנ מענטשנ איינציקווײַז אונ גרופּעסווײַז, ווי אשטייגער אינ די עטלעכע געמעלנ פונ מאסנטענצ, וועלכע באקומענ זיכ אזוי לעבעדיק־נײַ אינ סטעלמאכס דערציילונגענ. אונ אויב ס'גייט א רייד וועגנ סטעלמאכס שפּראכ אינ די דאָזיקע דערציילונגענ, דארפ מענ אויכ אָפּמערקנ אינ דער ערשטער ריי די שפּראכ־עלעמענטנ, וואָס קומענ פונ איר אָרגאנישער באהעפטונג מיטנ ארומיקנ נײַעמ לעבנס־אופבוי. סטעלמאכס שפּראכ איז אינ אלגעמיינ נאָכ הארבלעכ, ניט גענוג אינדיווידואליזירט. איר שפּראכ לעבט נאָכ ניט אנ אונ פאר זיכ ווי א לעבעדיקע מײַסטער־פארב, וואָס פארמאָגט איר פולנ אייגענעמ אונ אייגנארטיקנ כאיעס.

אָבער דאָ קומט ווידעראמאָל דער וווּנדער, וואָס שטאמט פונ דער שרײַבערנס באהעפטונג מיטנ גאנצנ קאָמפּלעקס פונעמ געשילדערטנ לעבנ. איר האָט זיכ דאָכ פאָרט אײַנגעגעבנ קינסטלעריש צו דערציילנ אינ יידיש וועגנ נײַע בוי־אָביעקטנ, וועגנ פּראָדוציר־פּראָצעסנ אונ וועגנ פּראָדוציר־מענטשנ, וועגנ נײַער נאטור אונ נײַע געשטאלטנ — אונ דערציילנ וועגנ דעמ אלעמענ בוילעט אונ זאפטיק. אנע סטעלמאכ ברויכט דערבײַ נײַע טערמינענ באגלײַכ מיט דער אלטער אונ נײַער פראזעאָלאָגיע סײַ פונעמ פּאָסעק, סײַ פונ דער עלטערער אונ נײַער יידישער ליטעראטור, פונעמ עלטערנ אונ נײַעמ רייד־שטייגער. אלע שפּראכ־אָנזאמלונגענ, וועלכע זי פארמאָגט, פּאסט זי צו אָנ איבעריקער אָנשטרענגונג אפ צו שילדערנ דאָס נײַע, דאָס געזעענע אונ איבערגעלעבטע.

צוליב סטעלמאכס איבערגעגעבנקײַט דעמ געלאָפ פונ די פּאסירונגענ האָט זי אינ אירע דערציילונגענ געלייגט מער אכט אפ די האָריזאָנטאלע ליניעס, איידער אפ די ווערטיקאלע. זי האָט, הייסט עס, ניט ארײַנגענומענ אינ קרײַז פונ אירע באאָבאכטונגענ די דראמאטיק, ניט גענוג ארײַנגעדרונגענ אינ דער טיפ, ווו ס'הייבט זיכ אָנ די דראמאטישע אונ אפילע די טראגישע איבערלעבונג. בלויז אינ דער דערציילונג „א מאָשל־קאפּאָשל" וואקסנ אויס עלעמענטנ פונ דראמאטיק אינ דער צייכענונג פונ לאנדסבערגס געשטאלט: די דאָזיקע עלעמענטנ ווערנ אָבער אײַנגעשלונגענ דורכ דער געשווינדער אנטוויקלונג פונ די פּאסירונגענ, אזוי אויכ אינ דער דערציילונג „א געשיכטע מיט א פארנייט הארצ". אויכ די פּראָבלעמ פונ עלטער אינ די סאָוועטישע לעבנס־באדינגונגענ, וואָס איז אָנגעמערקט אינ דער שיינער דערציילונג „דעמ זיידנס קינדער", איז פארטונקלט געוואָרנ אינ פארלויפ פונ דער האנדלונג.

די פּראָבלעמ פונ עלטער שטרײַכט דאָ אונטער סטעלמאכ אפ איר אייגענעמ איראָנישנ אויפנ אינעמ נאָמענ אפילע פונ דער דערציילונג: „דעמ זיידנס קינדער" — קינדערע, וואָס האָבנ אייניקלעכ.

פונ דעמ אלעמ באקומט זיכ דאָס, וואָס סטעלמאכס געשילדערטע פיגורנ פארמאָגנ פײַנע פּסיכאָלאָגישע פארבנ, פײַנע פּסיכאָלאָגישע שאטירונגענ, זיי זײַנענ אָבער ניט גענוג אפ אופצושטעלנ א געשטאלט אינ איר פולער אלזײַטיקער מענטשלעכער גרייס. אפ אזוינע פאראלגעמיינערנדיקע געשטאלטנ האָט אנע סטעלמאכ פולע רעכט צו פארמעסטנ זיכ, פונקט אזוי ווי זי האָט געהאט רעכט צו פארמעסטנ זיכ געבנ דעמ פּארטיי־מאנ, די געשטאלט פונעמ פּארטייִישנ אָנפירער, וועלכנ זי האָט דערווײַל אויסגעמיטנ צו שילדערנ. די אָדער יענע פארטאָרגנ, וואָס מיר טרעפנ אינ אנע סטעלמאכס דערציילונגענ, זײַנענ ניט אוועקגעשטעלט אונטער דער שײַנ, וואָס קלאָרט אויס די פירנדיקע ראָל פונ דער פּארטיי אפ דער נײַ־בויונג, ביפּראט אינ די שווערע באדינגונגענ פונ דער פּאָטערלענדישער מילכאָמע. אונ דאָס איז א גרויסער בלויז אינ אנע סטעלמאכס ערשטנ בוכ.

---

„פארנ גרונטיקנ העלד פונ אונדזערע ביכער, — האָט געזאָגט גאָרקי, — דארפנ מיר אויסוויילנ די מי, דאָס הייסט דעמ מענטש, וואָס ווערט אָרגאניזירט דורכ די פּראָצעסנ פונ מי. מיר דארפנ אויסלערנענ זיכ אופצופאסנ מי ווי שאפונג."

אנע סטעלמאכ איז געקומענ אינ דער סאָוועטישער יידישער ליטעראטור אינ דער צײַט פונ דער פּאָטערלענדישער מילכאָמע. זי האָט געשילדערט די מענטשנ פונ דער שעפערישער מי, פונ דער מי, וואָס איז בא אונדז געבענטשט אונ דערהויבנ. אנע סטעלמאכ פארמאָגט דעמ טאלאנט פונ א שרײַבער א נאָוואטאָר. זי האָט בעפייערעש אופגעבלעטערט א נײַ זײַטל, פארברייטערט די אופגאבנ אונ שטרעבונגענ פונ דער סאָוועטישער יידישער ליטעראטור. דער בוכ „אפ דאָרעמ־אוראל" איז אנע סטעלמאכס אָנהייב, אנ אָנהייב א וויכטיקער, א פיל צוזאָגנדיקער.

## יאנקעוו שטערנבערג

---

# „געזעגן וועגן מוט"*

פון אלע דײַנע מײַכן וואסער פארזוכט,
אין אלע דײַנע וועלדער געשלאָפן.
פון אלע דײַנע סעדער געגעסן פרוכט,
מיט אלע דײַנע זין זיך געטראָפן.

בא אלע דײַנע שײַטערס געוואַרעמט די הענט,
און אלע דײַנע טרערן געקליבן,
אין אלע דײַנע פײַערן מיט דיר געברענט,
ביז דעם ביטערסטן סוינע פארטריבן.

אפ אלע דײַנע וועגן דײַן פרייד געטיילט,
איבער אלע דײַנע טהאָמען געשפּרונגען,
מיט אלע דײַנע גראָזן די וווּנדן געהיילט,
ווײַסרוסישע, ייִדישע לידער געזונגען.

אין אָט דעם ליד, ווי ווײַן אין א דורכזיכטיק־פינקלנדיקער פלאַש, איז דער גאַנצער „געזאַנג וועגן מוט" פונעם דיכטער מ. גרוביאַן. אפן קלאָרסטן אויפן זײַנען דאָ פּאָעטיש דעפינירט אלע זײַנע טעמעס. נאָר בא א קינד כאַפּט זיך אמאָל ארויס אזא טרעפלעכע פאָרמולירונג. און גרוביאַן איז אָפּט אין זײַן דיכטונג א קינד — א פאָלקס־קינד, וואָס האָט נאָך ביידע סובסטאַנצן פון זײַן דיכטערישן מעהום („פאָלק" און „קינד") ניט אינגאַנצן דערזען. איז טאַקע פאַר אים ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש סײַ דאָס געראָטענע „ארויסכאַפּן זיך", וואָס פריידט אונדז, און סײַ א מאָל דאָס שטאַמלען, וואָס רופט ארויס אונדזער באַדויערונג, ווײַל אין ביידע פאַלן קאָן מען ניט ניט פילן גרוביאַנס היפּשע פּאָעטישע באַגאַבונג. אים דאַרף מען דעריבער זייער אופמערקזאַם לייענען. און לייענענדיק אים — ארײַנטראָגן א געוויסע אָרדענונג אין זײַן „פּאָעטישער אומאָרדענונג". קעדיי אין דעם צו העלפן דעם לייענער, האָבן מיר דאָס אויבן ציטירטע ליד ארויסגענומען אזש פונעם 68־טן זײַטל און שטעלן עס אוועק אלס אן ארײַנפיר צום גאַנצן ביכל.

אפן זײַטל 128 טרעפן מיר אונטערן נאָמען „פרילינג־צײַט" אויך א סאַכאַקלדיק ליד, אָבער שוין אין א געוויסער מאָס פארנעפּלט.

האָסט, צײַט, מיר אומגעקערט
מײַנע יוגנט־שריפטן,
הייל זשע מיר די ברוסט פון שווערן ווייטעק.
טײַכן צאר געדענקסטו,
ווי זיי האָבן זיך געשליפן.
פון סאָנעטן שענסטע געלאָזן מיר נאָר ווייטעק.

האָסט, צײַט, מיר אומגעקערט
מײַן יוגנט־כאָלעם —
די בלויע וועלטן פון פרילינג ליבן.
קער זשע אום מיר אויך
די דרעמלענדיקע טאָלן,
וווּ סטעזשקעס האָבן באַרג־ארוף זיך געשריבן.

מיט די „דרעמלענדיקע טאָלן" מיינט אוואַדע דער דיכטער די פרידלעכע פארמילכאָמעדיקע „אידילישקײַט". ווײַל די דאָזיקע ליד עפּשער דערקלערן דעם דיכטערס פארוואָלקנקײַט, זײַן סימבאָלישע פארשלייערטקײַט אלס רעזולטאַט פון „שווערן ווייטעק", וועלכן ער האָט נאָך ניט אינגאַנצן באַזיגט? צי מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אן אָרגאַנישן קינסטלערישן פעלער, וואָס איז געווען אייגנטימלעך אויך מ. גרוביאַנס פארמילכאָמעדיקער שאַפונג, אָדער, ווי ער רופט דאָס אָן, זײַנע יוגנט־שריפטן? מיר וועלן פרווון דערגרונטעווען זיך צום טאָך פון נעם דאָזיקן פעלער. נאָר צוליב דעם איז נויטיק — פריער אופדעקן די מײַלעס פונעם דיכטער.

ווען איך האָב אפ מילכאָמע געלאָזט זיך אין וועג,
האָסטו מיר א העמד אפ א שטיין אויסגעשלאָגן.
דאָס העמד אפן לײַב האָב איך צעטראָגן,
צי ליגט נאָך דער שטיין בא דעם ברעג?
ווען איך האָב אפ מילכאָמע געלאָזט זיך אין וועג,
האָסטו מיר א קוק געטאָן אין די אויגן,
האָט דער בליץ פון דײַן בליק מיך אזוי געוועקט,
אז בערג האָבן פאַר מיר זיך געבויגן.

אזוי גייט אפ מילכאָמע, דענקט, פילט און זינגט א פאָלקס־מענטש.

כאַראַקטעריסטיש פאַר גרוביאַנען דעם פאָלקס־מענטש און דעם פּאָעט איז דאָס, וואָס דער מוט, וועגן וועלכן עס איז די רייד אין זײַן מילכאָמע־געזאַנג, ווערט ניט געגעבן מיט פויקן און מיט טרומפּייטן, נאָר אומיטלבאַר, ווי דאָס שפּילן אפ א הילצערן פײַפל.

כ'האָב מוירע זיך קויפן א שטרויענע הוט,
דער סאָפּ זאָל דערפון זיך א קער טאָן ניט גוט.

---

* מ. גרוביאַן — „געזאַנג וועגן מוט". אָגיז, מעלוכע־פארלאַג „דער עמעס", 1947.

און אָט אזוי פראָסטהארציק-פילאָזאָפירנדיק, דערציילט דער דיכטער מיט א באהאלטענער שאטירונג פונ אייחעלנ פאָלקס-הומאָר וועגנ אזוינע טראגישע זאכנ, ווי די „שטוב מיט א שטרויענעמ דאכ", וואָס איז פארברענט געוואָרנ „אינ א גרויזאמער נאכט", אונ ווי דאָס פארברענטע שטרוי פארפאָלגט אימ סײַ „אינ דער וויג פונעמ קריג", ווו ער ליגט „אפ שטרוי אינ א גרוב", אונ סײַ ווענ „אפ בלענדנדיקנ פעלד איבער פראָסטיקער פלאכ" דערזעט ער אינ מיטנ דער נאכט א הײַפעלע שטרוי, וואָס „אונטער פראָסטיקער ליכט אינ ווירבל עס טראָגט זיכ אָנ וואָג, אָנ געוויכט".

און צוויי הויכע אקצענטנ רײַסנ זיכ ארויס, ניט צעשטערנדיק דעמ עפּישנ געמיט פונ דער לירישער שילדערונג.

אָ, רוסיישע ערד, ניט באַשער מיר אזוי,
אז בלײַבנ זאָל איכ, ווי דאָס קנײַלעכל שטרוי.

אונ דער צווייטער: —

וואָס טויג מיר איצט מײַנ שטרויענע הוט,
דער שטאָלענער העלמ זיצט אפ מיר גוט.

מיט זײַנ ליד „אינ פעלד" איז דער דיכטער דאפקע אויסנ גאנצ רעאלע צילנ—דערציילנ וועגנ פּאָשעטע מענטשלעכע געפילנ אונ וועגנ די „קליינינקײַטנ" פונעמ קריג:

קרויט פארלאָזנס נאָכ פונ זומער
איז געלעגנ אינעמ פעלד,
כ'האָב א בלויענ בלאט גענומענ,
האָט א ביקס זיכ אָנגעשטעלט.

נאָר פונ ניט קענענ פעסט בינדנ דאָס אי־נערלעכע מיטנ אויסערלעכנ, פּאסירט אינ גרוביאנס לידער, ווי עס טרעפט אמאָל אפ דער קינאָ-לײַוונט: די האנדלונג-לענטע רײַסט זיכ איבער אונ מיט איר — די לאָגישע גאנצקײַט. ווײַל גרוביאנענ איז נאָכ ניט טאָמיד קלאָר, אז זײַנ פאָלקסטימלעכע מוזע מאָנט פונ אימ אָפּהיטנ אָט דעמ, פאר איר איקערדיקנ, געזעצ: די נאטירלעכע נעטיזע צו מײַסעלעכ טאָר ניט פארטונקלענ די רעאליסטישע קלאָרקײַט, די הארמאָנישקײַט. אלס איליוסטראציע צו דעמ נאָר וואָס געזאָגטנ קאָנ דינענ גרוביאנס לי־רישע מיניאטור: „דאָס טעלערל זאלצ", וואָס פארמאָגט מאקע אָט די הארמאָנישקײַט.

אינ גרוביאנס „שטילע" מילכאָמע-לידער, וואָס, לײַדער, ניט אלע זײַנענ זיי לויט זייער מײַסטערשאפט גלײַכווערטיק, קומט צומ אויס־דרוק דאָס באשיידענע, אופריכטיקע, פראָסט־מענטשלעכע וואָרט פונעמ פראָסטנ סאָלדאט, וועמענ ס'איז אָרגאניש פרעמד די דעקלאראטי־ווע „העלדישקײַט". די מאָראלישע קראפט פונעמ פאָלקס-פאטריאָטיזמ אנטפלעקט זיכ דאָ ניט דורכ וואָרט-געשריי, נאָר דורכ אָביעק־טיוונ שילדערנ דאָס, וואָס ווערט אופגענומענ דירעקט מיט די חושימ. פונ דאנענ — דאָס ריינע, געצוימטע געזאנג, וואָס דארפ אָבער בע־שומ אופנ ניט אויסגעטײַטש ווערנ ווי מאנגל

אינ לײַדנשאפט. עס איז גראָדע א שאָד, וואָס דער דיכטער האָט דעמ דאָזיקנ ציקל ניט אויס־געברייטערט. שטאמט עס פונ ניט גענוגנדיקנ באזיניקנ די טעמע, צי דער דיכטער וועט זיכ נאָכ אומקערנ צו די מאָטיוונ? ער זאָגט דאָכ בעפיירעש אינ זײַנ ליד „פענצטער":

איכ לעב, אונ מיט פעלד-געוויקסנ
געקומענ זײַנענ שוועסטער מיכ היילנ...
פונ ראָדימצעווס סאָלדאטנ אונ זייערע
ביקסנ
טויזנט איינ נאכט צו דערציילנ.

מיר מאָנענ אָט די פּאָעטישע דערציילונג באמ דיכטער, וועלכער איז דאָכ אליינ איינער פונ „ראָדימצעווס סאָלדאטנ".

מיט הייליקער רוסישער ביקס
אונ מיט יידישע לידער.

אינ די איבעריקע ציקלענ פונ גרוביאנס בוכ קרייצנ זיכ שוינ איבער די מילכאָמע־לײַדנ מיט די צעבליטע פריידנ פונ ניצאָכנ.

שפּרינגט א זילבערנ העקעלע איבערנ דאכ,
מינסק איז ווידער געבאָרנ.
דאָ האָב איכ, ניט פאר קיינעמ געדאכט,
הונדערט טויזנט פרײַנט פארלאָרנ —

אויכ דאָ הערט זיכ אינ זײַנ געזאנג דער זעלבער צניעסדיק אויסגעהדיקטער פאָלקס-מוט. זײַנע פערזנ ווירקנ אפ אונדזער געהער, ווי פאָלקס-געזאנג, מיט דער מעלאָ־דישער פאָלקס-אינטאָנאציע, וואָס מיר אליינ כאפּנ אונטער אונ וועלכע איז שוינ פאראנ אינ טעקסט. מענ קאָנ דערפאר ניט זאָגנ, אז דאָס האָט צוטאָנ מיט „פאָלקלאָר-סטיליזאציע", ווי דאָס האָט געפּרווט אָפּשאצנ מ. נאָטאָוויטש. גרוביאנס הויפּט-מײַלע איז גראָד, וואָס ער „פאָלקסטימלעכעוועט" ניט, נאָר וואָס דאָס פאָלקסטימלעכע איז זײַנ אָרגאנישע אייגנשאפט. „פאָלקלאָר-סטיליזאציע" — דאָס איז טויטע פאפּירענע בלומענ. אונ גרוביאנס בעסערע לי־דער פארמאָגנ דעמ זעלבנ פרישנ אראָמאט פונ די „פעלד-געוויקסנ", מיט וועלכע „גע־קומענ זײַנענ שוועסטער אימ היילנ", ווי דער דיכטער דערציילט אינ זײַנ שוינ פריער צי־טירטער ליד. מיר האָבנ דאָ פאר זיכ גאָר אנ אנדערע קינסטלערישע קוואליטעט, וועלכע איז אויסגעוואקסנ אפנ באָדנ פונ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור: העמשעכ פונ אומיטלבא־רער פאָלקס-שאפונג.

אינ דער סאָוועטישער דיכטונג זײַנענ בא־ווּוסט ניט ווייניק פאָלקס-זינגער, וועלכע גייענ פונ פאָלקלאָר אונ פירנ ווײַטער די ליניע פונ פאָלקלאָר, פונ פאָלקלאָר, וואָס איז ניט קיינ פארגליווערטע שאפונגס-פאָרמ, נאָר וועלכע זעצט פאָר איינעמ מיטנ פאָלק א שטורמיש זיכ אלצ באנײַענדיק לעבנ.

בוילעטע אייגנשאפטנ פונ אָט דער קאטעגאָ־ריע דיכטער פארמאָגט, לויט אונדזער מיינונג, מ. גרוביאנ. ווענ גרוביאנ זאָגט:

איכ האָב א שײנעמ גאָלדענעמ רונג,
זינגענ קענ איכ, ווי אינ וואַלד דער פויגל.

גלויבנ מיר אימ, ווײַל טייקעפ קומענ שורעס, פונ וועלכע מיר זעענ, אז ער ווייסט, אז פאַרמאָגנ א גאָלדענעמ רונג איז ווייניק. מע דאַרפ נאָכ קאָנענ ריכטיק אָנווענדנ אימ.

אונ דער דיכטער, אפ זײַנ אויפנ, ווי יעדער מײַסטער פונ עכטער פאָלקס-ליד, פרווט איבערגײנ פונ זינגענ צו דערציילנ, אז ער האָט זײַנ „רונג" אפ דעמ פינגער אָנגעטאָנ, נאָר „קיינ וועסנע איז אָבער ניט געווענ אפ זײַנ צונג". געלאַכט האָט פונ מיר — זאָגט ער — א פישער א יונג". אונ ער פאַרענדיקט מיט אזא אומגעריכטנ עמעס־דיכטערישנ אויסרופ:

אויב אזוי האַק זיכ אָפ פונ די הענט די פינגער,
אינ יאַמ וואַרפ אַרײַנ דעמ רינג.
ווער פאַרנ ליכטיקנ וואַלד קענ ניט זינגענ,
זאָל ער זאָגנ צומ רינגעלע: זינק!"

אָט די קליינע ליד — א פּאָעטישע פערל אינ פולנ זינ פונ וואָרט — זאָגט איידעס, אז גרוביאַנענ איז גוט באַוווּסט, אז ניט טאָמיד שלאָגט ער ארויס פונ זײַנ „גאָלדענעמ רונג" זײַנ „וועסנע", ווי ער דריקט זיכ אזוי כיינעוודיק אויס. אָבער דער אָפּשײַנ פונ איר „בלוילעכ־ריינעמ בליק" איז איבער זײַנ גאַנצ ביכל צעוואָרפנ. אונ ניט נאָר ווענ ער שאַפט, נאָר אפילע ווענ ער טראַנספאָרמירט פאָלקלאָר: דירעקט, ווי אינ זײַנ „קאַלעניו, קאַלע", „אינ א טראָפנ פײַנ". אָדער אומדירעקט, ווי, לעמאָשל, אינ זײַנ ליד „באַמ דעקנ א דאַכ":

מײַנ רעגנבויגנ, מײַנ רעגנבויגנ,
הייב ווידער אופ מײַנ מאַמעס שטוב די אויגנ.

אָדער די פערזנ:

אונ צעמענט וועל איכ פירנ,
אונ ליימ וועל איכ קנעטנ,
אונ מיט באָרוועסע פיס אפ הייסע בלעכנ טרעטנ
באַמ דעקנ א דאַכ — — — — —

מײַנ רעגנבויגנ, מײַנ רעגנבויגנ,
איכ בעט דענ א סאַכ?

דאָ זײַנענ איבערגעטראָגנ די אינטאָנאַציעס פונעמ פאָלקלאָרישנ ליבע־זשאַנר אפ אזא טעמע, ווי בויונג. באַנאַנד אָבער מיט כיינ, ראַפינירטקײַט (עכטע פאָלקס־קונסט שליסט אוואַדע ניט אויס קיינ ראַפינירטקײַט) איז צו מערקנ בא גרוביאַנענ אינ א געוויסער מאָס רויקײַט אונ צעשויבערטקײַט. נאָכ מער: א געוויסע קאָמפּאָזיציאָנעלע אומלאָגישקײַט, וואָס דערמאָנט, אַגעוו, אויכ אינ יענע פאָלקלאָרישע טעקסטנ, אינ וועלכע די פאַרבינדונג צווישנ דעמ אָנהייב, דער מיט אונ דעמ סאָפ איז א גאַנצ צופעליקע. די לידער „דײַנ לעבנ", „אינ פעלד" אונ אנד., מאַכנ דעמ אײַנדרוק, ווי זיי וואָלטנ זײַנ צונויפקאָמפּאַנירט פונ פראַגמענטנ, פונ פאַרשיידענע לידער. דאָס שטאַמט, מיינענ מיר, פונ העמ, וואָס גרוביאַנס פּאָעטישע אקסעסוארנ גופע: פּאַראַלעליזמענ, מעטאַפאָרנ — סימבאָלישע אונ רעאַליסטישע — מײַסעדיקײַט, שטייגער, באַלאַדעאַרטיקײַט אונ הומאָר־עלעמענטנ — טוענ אימ אָפטמאָל אָפּ דאָס זעלבע שפּיצל, וואָס דעמ הירש — זײַנע אייגענע הערנער, מיט וועלכע ער פאַרפּלאָנטערט זיכ... אָט אינ וועלכער געפאַנגענשאַפט גרוביאַנ געפינט זיכ שוינ צופיל, אונ ניט אינ „קלעמ פונ קליינשטעטלדיקנ שטייגער", ווי דאָס האָט אײַנגעזעענ מ. נאָטאָוויטש, ניט אינ דער דאָמינירנדיקער פאָלקסטימלעכקײַט באַשטייט זײַנ „באַגרענעצטקײַט". עס גייט דאָ ניט אינ זשאַנר, נאָר אינ באַנוצנ אונ אויסברייטערנ סײַ די טעמע אונ סײַ דעמ זשאַנר. א פולע באַשטעטיקונג צו דעמ נאָרוואָס געזאָגטנ לייענענ מיר ארויס פונ גרוביאַנס פאָלגנדע שיינע, כאַראַקטעריסטישע פאַר אימ, פערזנ:

מײַנ ניט, איכ לעב אינ טעפּעלע פונ איי
אָנ בירגערלעכנ יאָכ, אָנ פּאַטערלעכע זאָרגנ:
א וווינונג אינ וואַלד, בעריאָזקעס אינ שניי
אונ איבער דער וועלט — א שטילער פרימאָרגנ.

די זונ איז אינ וואַלד אונ איכ — אינ איר ליכט,
אונ קיינמאָל איכ האָב זיכ פונ איר ניט באַהאַלטנ.
געפּלאַצט האָט דער טײַכ, די קריע — צעשפּאַלטנ,
אונ ס׳האָט זיכ מײַנ האַרצ צומ לעבנ גערירט.

אינײנעמ מיטנ געדאַנק איז דאָ אויכ די פאָרמ א סאַכ רײַפער. אינ אָט דער ליד לאָזט זיכ הערנ דער פּאָלעמישער אקצענט קעגנ די, וואָס פאַרקלענערנ דעמ דיכטערס דיאַפּאַזאָנ — קעגנ די, וואָס זעענ „באַגרענעצטקײַט" אינ זײַנ פאָלקסטימלעכנ „איכ". דער דיכטער זאָגט אונדז — אפ א דיכטערישנ אויפנ — אז עס איז א טאָעס צו האַלטנ, אז אזוינע ווי ער — ווײַל ער קענ זינגענ, ווי איכ וואַלד דער פויגל — לעבט „אָנ בירגערלעכנ יאָכ", „אָנ פּאַטערלעכע זאָרגנ" — אָנ פאַרטיפערטע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמענ, הייסט עס. נאָר כאָטש מיר ווערנ מיטגעריסנ פונעמ דיכטערס רייד אונ מיר שטעלנ זיכ אפ זײַנ זײַט, מוזנ מיר אימ אָבער וואָרענענ, אז אָט דער „טאָעס" וועגנ אימ וועט דויערנ ביז ער וועט פונ זײַנ „שיינעמ, גאָלדענעמ רינג" — פונ זײַנ שיינעמ פאָלקסטימלעכנ טאַלאַנט — ניט ארויסקריגנ די גאַנצע קראַפט, די גאַנצע קינסטלערישע ענערגיע, וואָס זאָל העלפנ פאַרשאַפנ אידייִש זײַנע לידער, וואָס זאָל אויסגלײַכנ זייער קינסטלערישנ ניוואָ. מוסטערנ פאַר דער דאָזיקער שליימעס קענ דער דיכטער געפינענ שוינ בא זיכ אַליינ — אינ זײַנ נײַעמ בוכ לידער „געזאַנג וועגנ מוט".

# אינהאלט



## איבערן סאָוועטן-פארבאנד



## דעם אָנדענק פון שלוימע מיכאָעלסן



## קריטיק און ביבליאָגראפיע

## СОДЕРЖАНИЕ



### По Советскому Союзу



### Памяти Соломона Михоэлса



### Критика и библиография

7 р.

# «ГЕЙМЛАНД» (РОДИНА)

ЛИТЕРАТУРНО-ХУДОЖЕСТВЕННЫЙ АЛЬМАНАХ

ОРГАН СОЮЗА СОВЕТСКИХ ПИСАТЕЛЕЙ СССР

№ 3

99

ОГИЗ
Государственное издательство „ДЕР ЭМЕС"
Москва 1948